# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

■

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון פססר

■

דערשײַנט פון 1961

■

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“

מאָסקווע

נאָיאַבער

11

1988

# אינהאַלט





■




שירה גאָרשמאַן

# דאָס ערשטע מאָל אין ביראָבידזשאַן

אין ביראָבידזשאַן קאָן מען ניט קויפן דעם ייִדישן אַלעפבייס. דאָס איז אַ סוווענירַ, נאָר וועגן דעם שפּעטער. דערווײַל פֿאָר איך נאָך. מײַנע מאָסקווער פֿרײַנט האָבן מיך געוואָרנט, כ׳זאָל ניט פֿאָרן אַזאַ מעהאַלעך, ווײַל איצט זײַנען אָפּט באַן־קאַטאַסטראָפֿעס.

איך בין געפֿאָרן מיטן שנעלצוג „ראָסיִא״. מײַן וואַגאָן איז נומער צען. איך גיי אַף אַן אײַזערנער בריק, ווײַל דעם בילעט האָט מיר געקראָגן די סעקרעטאַרן פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד״ עלווירע פֿאַגעל. כ׳בין אין איר זיכער הונדערט מאָל מער, ווי אין זיך אַליין, זי איז זייער אַ באַהאַוונטע פֿרוי, נאָר אויסגעלאָזט האָט זיך קאַפּויר. איך האָב די אייבערשטע באַנק. ווען עס איז דאָ אַ לייטערל, דראַפּעט מען זיך אַרויף, אָבער אָנשטאָט דעם לייגט מיר פֿאָר די שיינע יונגע באַן־באַגלייטערן, איך זאָל קויפֿן בײַ איר „דוכי״ פֿאַר זעכציק רובל. דערווײַל, זאָג איך, דאַרף איך ניט קיין דוכי...

איך זיץ מיר אַף דער אונטערשטער באַנק, אַנטקעגן זיצט אַ פֿרוי, אַלץ איז בײַ איר זייער אַ סאַך, נאָר אויגן גרײַלעך ווינציק. אויערינגלעך, אַ בראָש, אַ געל קייטעלע און קרעלן, און אַף דער לינקער האַנט אַ זייגער אין אַ געפֿלאָכטענעם געלן בראַסלעט, אָפּאָנעם אַ גאָלדענעם, אַף דער רעכטער האַנט — אויך אַ בראַסלעט, אויך, ווײַזט אויס, אַ גאָלדענער, ווי זי וואָלט אָקאָרשט געקומען פֿון נײַ־גווינייע. וואָס ווינציקער איך קוק אַף איר, אַלץ מער קוקט זי אַף מיר מיט אירע וואַסערדיקע גרויע אייגעלעך, קוקט און קוקט, און דערלאַנגט מיר, ווי מיט אַ דונער:

— איך זע, אַז איר זײַט אַ ייִדישקע.

זאָג איך:

— איר זעט ריכטיק.

דערלאַנגט זי זיך אַ הייב מיט איר גאַנצער וואָג און מאַכט צו מיר:

— אײַך קען איך ניט, נאָר ייִדן קען איך. דאָס איז אַזאַ כיטרע נידערטרעכטיק פֿאָלק, אַזעלכע פֿאַגאַנצעס!...

פֿאַל איך איר אַרײַן אין די רייד:

— איר זײַט גערעכט, — זאָג איך, — וואָרעם ווייניקער ווי פֿאַר פֿינף און צוואַנציק רובל וועט איר דאָך קיינעם ניט צולאָזן צו זיך, טײַערער וועט קיינער ניט געבן, ווער זשע וועט האָבן צו טאָן מיט אײַך? אַ ייִד, אַ רוסישער מענטש, אַפֿילע אַ ציגײַנער וועט לויפֿן פֿון אײַך.

טוט זי אַ געשריי:

— איך רוף אַרויס מיליציע!

און אַזוי ווי דאָס פֿאַרלויפֿט זיך, שטעלט זיך אַרײַן אין קופּע אַ באַיאָרטער מאַן און פֿרעגט זייער ווייך: „באַבוסיאַ, אַן אונטערשטע באַנק ווילסטו?״ איך וויל, נעמט ער מײַן טשעמאָדאַן, און מיר שפּאַנען אין עלפֿטן וואַגאָן. ער באַקאַנט מיך מיט זײַן ווײַב, וואָס האָט דאָרטן די אונטערשטע באַנק, נאָר זי איז קאַפּאַבל צו פֿאָרן אין צענטן וואַגאָן אַף דער אייבערשטער באַנק, אַבי מיטן מאַן אינאיינעם.

איך קוק זיך ארום אויף מײַן נײַעם מאָקעם. פון דער אייבערשטער פּאָלקע הענגט אַראָפּ א האנט, זאָל מען שוין באשירעמט זײַן, זי זאָל זיך צו עמעצן צורירן. אנטקעגן אויף דער אייבערשטער באנק ליגט עמעצער מיטן רוקן צום צושויער. איך לאָז אַראָפּ די אויגן נידעריקער. ס׳ליגט אנטקעגן מיר, אויף טאָרפּעס קאָן מען געבן, מער ווי הונדערט קילאָ. דערווײַל ליגט עס אָן שום באוועגונג, אָבער איך האָב געדולד, איז דאָס מיר צוניץ געקומען... זי האָט זיך אוועקגעזעצט גאַנץ ראַפּטום, אַרונטערגעשאַרט אונטער דער פּאַטשײלקע די גרויליכע האָר, א פּיר געטאָן מיט דער האנט פּו־נעם שטערן ביז דער אונטערשטער קין איבערן פּאָנעם, ווי צו ליכט־בענטשן, אומבאַצוווּנגען זיך אויסגעגענעצט עטליכע מאָל און אויסגעדריקט א פאַרלאַנג:

— כאָטש דו ביסט עלטער פון מיר, נאָר גיי ברענג מיר א טרונק וואַסער.

וואָס איז דאָ צו ריידן? א מענטש בעט א טרונק. ברענג איך. גיט זי א זופּ, שטעלט אוועק דאָס טעפּעלע אויפן וואַגאָן־טישל, פאַרשפּרייט דאָס קלאָרע טישטעכל מיט א צײַטונג, נעמט די שפּײַזטאָרבע, קריגט פון דאָרטן אַרויס א לאַבן ברויט פון טונקעלן מעל, מע קאָן אים שאַצן אין צוויי קילאָ, א פּירקאַנטיקן שטיק כאַזער, אָן אוגערקע, פון די איצטיקע אוגערקעס, א האַלבן מעטער די לענג, א צוגאָב — פיר־פינף האַרטע אייער, און טוט מיט דעם אַלץ, וואָס זי קען. די פאַריאַסעמטע שיראַיִם רוקט זי ווידער אַרײַן אין טאָרבע און שיקט מיך אַרויסוואַרפן די צײַטונג מיט די אייערשאָלעכץ, מיט די ברעקלעך אין מיסטקאַסטן, זעצט זיך באַקוועמער אוועק, קוקט מיך אָן און זאָגט ווידער:

— דו ביסט אַלט, דאַרפסטו געדענקען, ווי מע האָט עוואַקוירט אַלע ייִדן, אין אונדזער דאָרף זײַנען זיי אויך געקומען. איך בין דעמאָלט אַלט געווען, אין מילכאָמע־צײַט, מיסטאָמע א יאָר צוועלף. עס זײַנען געקומען צו אונדז אין דאָרף ווײַבער מיט קינדער, דורכויס ייִדן. מײַן מאַמע איז געווען א מענטש אָן א גאַל. ווען איך בין געווען נאָך גאָר א קליינינקע, פלעגט זי מיר לייענען וועגן די הייליקע מענטשן, וועגן דעם ייִדן מאָיסיי, וועלכער האָט אַרויסגעפירט די ייִדן פון עגיפּעט... איך האָב דיר געזאָגט, אַז די מאַמע מײַנע איז געווען זייער א גוטע, אָן ערליכע נעשאָמע, האָט מען זי אויסגעקליבן פאַרן פאָרזיצער פונעם קאָלווירט. נעמט זי און ברענגט א גאַנצע מישפּאָכע צו אונדז אין שטוב, א מוטער מיט צוויי קינדער. די מוטער האָט מען גערופן יעטע, האָבן מיר זי א נאָמען געגעבן אַליע. עס זײַנען אַרײַנגעלאָפן א צוויי־דרײַ ווײַבער מיט געשרייען:

— וואָס האָסטו געטאָן, אופימיא, דו זעסט ניט, ווי די לײַז קריכן איבער זיי? האָסט דאָך אַליין קינדער!

די מאַמע האָט די ווײַבער געהייסן גיין. מיך האָט זי געהייסן אָנשיילן קאַרטאָפליעס, אַליין האָט זי אײַנגעהייצט דאָס בעדל, זיי האָבן זיך אויסגעבאָדן, זייערע שמאַטעס האָט זי לעבן שטאַל פאַרברענט, געגעבן עפּעס־וואָס אָנצוטאָן פון אונדזערס, און אַזוי האָבן מיר געלעבט, ווי איין מישפּאָכע. דאָס איז געווען זומער. ווינטער האָט די מאַמע געקראָגן א פּאָכאַראָנקע, און די עוואַקוירטע האָט אויך אַזאַ צעטל געקראָגן. די מישפּאָכע איז געווען פון ניקאָלײַעוו. מײַן מאַמע האָט אײַנגעאָרדנט דאָס ייִנגל, מאָסיע האָט ער געהייסן, אין א טעכניקום אין ראַיצענטער, נאָר ווען די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט, איז ער מיט דער מאַמען און מיט זײַן שוועסטער, בראָניען, אויך אוועקגעפאָרן אַהיים. אַליע איז געשטאָרבן. וואָס מיט בראָניען, ווייס איך ניט, מאָסיע האָט פאַרענדיקט אויף אַן אינזשעניער און אַרבעט אין זאַפּאָראָזשיע. דאָס פאָר איך טאַקע פון אים. אַזאַ ווײַלער, איך קאָן אײַך גאָרניט זאָגן, און איך וועל אײַך זייער בעטן, כ׳האָב דאָ אוועקגעשטעלט לעבן אײַער פּאָלקע א קאַסטן, טשעפּעט אים ניט, ער איז שווער, ווי בלײַ, דאָס האָט מיר טאַקע מאָסיע געגעבן, אַרײַנגעהאַקט אין קאַסטן פיר סלאָיעס וואַרעניע, פינף ליטער אין יעדער באַנקע, טאָמער באַגעגנט מיך ניט מײַן איידעם, ווייס איך ניט, ווּהין איך זאָל זיך אַהינטאָן מיט דעם, זאָג איך: „מאָסיענקע, וואָס דאַרף איך אַזויפיל זיסקײַט?” איז דאָס אָן אַרבעס צו דער וואַנט. „ניטשעוואָ, מאַכט ער, מאַמאַשאַ, דער ווינטער וועט קומען, וועט אַלץ אוועקגיין”, — אַזוי רעדט זי, און אין א מינוט אַרום כראָפּעט זי שוין אונטער.

דער באַלעבאָס פון דער גרויסער האַנט, וואָס איז אַרויסגעהאַנגען פון דער אייבערשטער באַנק, האָט זיך אומדערוואַרט געשיקט אַראָפּגעלאָזט פון דער הויכקײַט, זיך אוועקגעזעצט קימאַט אויף מײַנע פיס, מיך אָנגעקוקט און זיך געוווּנדערט:

— איר זײַט גאָרניט פּאָכאָזשע, זי כראָפּעט שוין, כ׳האָב איר געוואָלט זאָגן: „פאַרמאַך דײַן האַרמאָשקע”, האָט זיך צעקודאַכטשעט: „מאָסיענקע און מאָסיענקע”, אַקוראַט ווי מיר ווייסן ניט, וואָס דאָס איז פאַר א פּאָר. איך, ליטשנע, בין א שאַכטיאָר, אַרבעט ניט ווײַט פון קעמעראָוואָ, כ׳וועל אײַך ניט גיין זאָגן, אַז אין שאַכטע זײַנען פאַראַן א סאַך ייִדן, אָבער אינזשעניערן — וויפל איר ווילט, זעלטענע באַרג־ספּעציאַליסטן. אײַך איז קיין כילעק ניט, ווי מע רופט זיי, אָבער איך קען יאַקאָוו אַראָנאָוויטש שטיינער און אַראָן דאַווידאָוויטש שאַפּיראָ, ווי זיך אַליין. מיט אַזעלכע מענטשן קאָן מען טאָן, וואָס איר ווילט. פרײַטיק פאַרנאַכט גייען זיי אוועק, ווי אויף א סטרונקע, מאָנטיק אינדערפרי קומען זיי דורכזיכטיק, ווי א גלעזל, א וואָרט — אײַזן, גייט זי דערציילן: „מאָסיע, מאָסיע!”

אַזוי האָב איך געקראָגן רעשט פֿאַרן צענטן וואַגאָן.

די רײַזע געדויערט. כ׳האָב מיר געוווּנטשן, אַז זי זאָל זײַן אַקוראַט אַזוי, ווי ס׳איז געווען בײַ די איבערוואַנדערער אין די דרײַסיקער יאָרן, ווען אַ סך ייִדן האָבן אַוועקגעשטראָמט קיין ביראָבידזשאַן. איך האָב אַפֿילו געטראַכט, אַז איך דאַרף עסן וואָס ווייניקער, ווי ס׳האָבן געגעסן די ייִדן אין יענער צײַט. ס׳איז טאַקע קימאַט אַזוי געווען, וואָרעם מיט זיך האָב איך גענומען ביז גאָר קנאַפּ, און דער יונגערמאַן פֿונעם רעסטאָראַן, וואָס פֿלעג האַלטן אין זײַנע געפּעסלעך די שפּײַז, האָט געפּאָדערט מוטיקײַט, קעדיי עס צו פֿאַרזוכן. גאַנץ בישקאָשעדיק האָט זיך די גאַנצע צײַט פֿון דער רײַזע דערנערט מאַסיעס באָבע. כ׳האָב בעעמעס האַנאָע געהאַט צו קוקן, ווי זי פּאַרטיקט זיך אָפּ מיט אַלץ, נאָר מיט אַ פּאָר סטאַנציעס הינטער פּערם איז זי אַראָפּגעגאַנגען, זי האָט פֿאַרגעסן אין צײַטונג אויפֿן וואַגאָן־טישל אַ שטיקל הון און אַ סך אויסגענאַגטע ביינדלעך. עס האָט מיר זייער געוווּנדערט אָט וואָס:

צו וואָס פֿאַר אַ שטאָט מיר זײַנען ניט צוגעפֿאָרן, האָב איך געזען מוירעדיקע אָנוואַלגערונג פֿון אײַזנברוך און בערג מיסט. אַזוי פֿאַר נאָוואָסיבירסק, פֿאַר קראַסנאָיאַרסק, אָמסק, פּערם. די פֿעלדער — פּוסט. כ׳האָב זיך דערמאָנט האָפּשטיינס שורעס: „אויף רוסישע פֿעלדער אין גרויע פֿאַרנאַכטן...“ פּוסטע פֿעלדער, ניט קיין בהמה, ניט קיין ציג, אַפֿילו פֿייגל זייער ווייניק. כ׳האָב זיך דערמאָנט, וואָס מײַן איידעם האָט דערציילט, ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט פֿון אַ סך לענדער און אויך פֿון שווייצאַריע: „כ׳בין שיר ניט אַרויסגעפֿלויגן פֿונעם וואַגאָן־פֿענצטער, כ׳האָב דערזען אַזוינע קי, וועלכע כ׳האָב נאָך אין מײַן לעבן ניט געזען, האָב איך זיי דערציילט האַמלעטס פֿראַזע: „זײַן אָדער ניט זײַן“. איר דאַרפֿט עס ניט וויסן, האָב איך געזאָגט צו די קי, איר זײַט דאָ און איר זעט אויס בעסער, ווי האַמלעט און איך“.

אָנשטאָט מאַסיעס באָבע האָט זיך אַרײַנגעזעצט אין מײַן וואַגאָן אַ קליינינקע, מאָגערע, אויסגעהאָרעוועטע פֿרוי מיט דרײַ קינדער, צוויי עלטערע און אַ פּיצל, וואָס האָט נאָך געזויגן די ברוסט. פֿאַר איר בין איך געגאַנגען אין רעסטאָראַן נאָך לימאָנאַד, און זי האָט קעסיידער געמוסערט די צוויי עלטערע קינדער, האַלעמײַ זיי טרינקען אַזויפֿיל. איך אַליין האָב שוין לאַנג ניט אַזעלכע קליינע קינדער, און איך האָב פֿאַרגעסן, וויפֿל זיי קאָנען אַרײַנפּיקן, כ׳האָב זיך מאַמעש געוווּנדערט, וויפֿל דאָס קליינוואַרג דאַרף, קיין אײַנהאָרע.

די פֿרוי האָט דערציילט:

— פֿאָרן פֿאָר איך פֿון אוקראַיִנע, דאָרטן בײַ מײַן מאַמען איז געווען גרינגער, אינדערהיים איז מיר שווערלעך, קיין בהמה און קיין ציג האָב איך ניט, אַלץ פֿון וואָג און פֿון מאָס, מײַן קליינער גאָרטן איז פֿאַר מײַן מישפּאָכע אויף איין צאָן, מײַן מאַן איז אַ שאָפֿער, טאַקע ער ניאַנטשעט דאָרטן אונדזער צווילינג — צוויי ייִנגלעך פּינפּיאָריקע, כ׳בין אַ גליקלעכער מענטש, ניט ער טרינקט, ניט ער רייכערט.

כ׳האָב זייער — באַדויערט אינדערפֿרי, וואָס כ׳האָב ניט געהערט, ווי זי איז אַרויסגעגאַנגען, כ׳האָב ניט געהערט, ווײַל דאָס איז געווען בײַנאַכט.

די לעצטע צוויי טעג פֿון מײַן רײַזע בין איך געבליבן איין־אַליין אין קופּע, ווײַל דער שאַכטיאָר, וואָס האָט אַזוי געלויבט די אינזשעניערן, איז אַרויס. עמעס, ס׳איז נאָך פֿון קראַסנאָיאַרסק געווען אַ יונגער מיטפֿאָרער, אַ מאַטראָס, לעכאַטכילע איז ער געווען באַרעדעוודיק, האָט אַרויסגענומען אַ היפּש בלעכן שאַכטעלע און אויסגעשאָטן אויף מײַן געלעגער אָן אַ שיר „זנאַטשקי“, נאָר דערנאָך האָט ער דערזען די יונגע באַן־באַגלייטערן, וואָס האָט מיר אין אָנהייב פֿון מײַן רײַזע פֿאַרגעלייגט קויפֿן דוכי פֿאַר זעכציק רובל, און ער איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן. איינמאָל בין איך געגאַנגען אַ קוק טאָן, צי די טיי האָט שוין אויפֿגעזאָטן, האָב איך אים דערזען, ער איז געלעגן אויפֿן געלעגער אין דער קליינער קופּע בײַ דער יונגער באַן־באַגלייטערן, און זי איז געזעסן לעבן אים.

רעב יוזעפֿל בײַ שאָלעם־אַליכעמען זאָגט: „אַלץ אויף דער וועלט האָט אַ סאָף“. מײַן רײַזע איז אויך געקומען צום סאָף. ס׳איז דאָ אַ ווערטל: מע זאָל ניט געפּרוּווט ווערן, צו וואָס מע קאָן געוווינט ווערן. איבער אַ וואָך געטרייסלט זיך אין וואַגאָן, און דאָ דאַרף מען גאָר אַרויסגיין, גייט מען אַרויס. ס׳איז נאָך פֿינצטערלעך, אַ ביסעלע פֿרעמדלעך, כ׳ווייס ניט, מע וועט מיך באַגעגענען, צי ניט. אויף דער פּלאַטפֿאָרמע געציילטע מענטשן, אַ ווילער הילף־גרייטער, וואָס איז אַרויפֿגעשפּרונגען אויפֿן וואַגאָן, דערלאַנגט אַ כאַפּ מײַן טשעמאָדאַן, שטעלט אים אַוועק אויף דער פּלאַטפֿאָרמע. דער צוג „ראָסיִאַ“ רירט. צו מיר גייט צו אַ קליינוואוקסיק באָכערל, אַפֿילו איצט, בײַ דער קאַרגער שײַן, זע איך, ווי זײַנע שוואַרצע אויגן שווינדלען אַהין און אַהער, ביז זיי שטעלן זיך אָפּ אויף מײַן פּאָנעם, און ער וווּנדערט זיך אַזוי בענימעסדיק:

— איר זײַט טאַקע געקומען, כ׳האָב אײַך נעכטן אויך באַגעגנט, איר האָט אָפּגעטעלעגראַפֿירט, אַז איר פֿאָרט אין צענטן וואַגאָן, האָב איך אײַך דאָרטן געזוכט, און עס האָט זיך אויסגעלאָזט אַ פּשיק, אָבער לעאָניד באָריסאָוויטש שקאָלניק איז דאָך טאַקע שקאָלניק, טוט ער אַ זאָג: — „אַליק, גיי מאָרגן ווידער“, בין איך געגאַנגען, און איר זעט דאָך, כ׳האָב אײַך גלײַך דערקענט. אַ נומער אין גאָסטיניצע „וואָסטאָק“ האָט איר, ווילט איר, קאָן איך נעמען אַ טאַקסי, נאָר ס׳איז זייער נאָענט.

מיר גייען צו א טאַקסי, נאָר גערעכט איז געווען אַליק — איינס, צוויי זײַנען מיר געווען אין האָטעל. ווײַבאַלד מײַן נומער איז אַפֿן דריטן שטאָק, איז קלאָר, אַז די ווינדע אַרבעט ניט. נו, מילא. דאָס צימערל איז דרײַ שפּאַן, ס׳איז דאָ א טעלעוויזאָר און א כאָלאָדילניק, איך דאַרף דאָס אַף קאַפּאָרעס, נאָר אַז עס שטייט — שטייט. אַליק גייט אַוועק, איך בלײַב אַליין, ווילסטו — שלאָף, ווילסטו — קוק אין פֿענצטער, בעסער איז קוקן.

אַף די ביימער, אַפֿילע אַף די טעלעגראַף־סלופּעס, קרענץ, שטערנס, אַפֿילע בלומען פֿון פֿאַרשיידענע קאָלירן — עלעקטרישע לעמפּלעך. ס׳איז דאָך נאָרוואָס געווען דער ערשטער מײַ. איצט איז ערעוו דעם טאָג פֿון זיג, הענגט די באַפּוצונג, אַקוראַט אַזויווי אומעטום. איך וואָלט גאָרניט אַוועקגעפֿאָרן אין ערגעץ און געקומען.

ענדלעך האָט אויסגעטאָגט. דער אַזויגערופֿענער קלוימערשטער פֿרישטיק אין בופֿעט אַפֿן צווייטן שטאָק האָט געלאָזט ווערן עפּעס בעסערס, ווײַל די דאַמע, וואָס איז דאָרטן געשטאַנען, האָט געדײַגעט מער וועגן זיך, ווי וועגן אַלע הונגעריקע. אַזאַ האַצלאָכע האָב איך שוין. די דאַמע האָט געהאַט קימאַט אַזאַ וואָג, ווי יענע פֿונעם וואַגאָן נומער צען. געאַרבעט האָט זי זייער גיך, אַלץ געטאָן קימאַט אַף אויסווייניק, אַף קיינעם ניט געקוקט, א שטעל אַוועק די האַלבע גלאָז סמעטענע, א כאַפּ אַראָפּ, אַוועקגעלייגט די צוויי פֿענעצלעך ווורשט, אַראָפּגעכאַפּט, א קלאַפּ געטאָן מיט די רעכן־ביינדלעך, געזאָגט א מעקעך ניט געשטויגן, ניט געפֿלויגן, און פֿאַרטיק. גייענדיק פֿונעם צווייטן שטאָק אַפֿן דריטן צו מײַן נומער, האָב איך געוואָלט פֿאַרשטיין, וואָס איז דער מער מיט דער בופֿעט־דאַמע, פֿאַרוואָס איז זי אַזוי אומצוטריטלעך, וואָס האַלט זי זיך אַזוי גרויס? זי באַגאַנוועט דאָך אַלעמען, קאָן זי שוין זײַן א ביסל ווייכער.

נאָכן אָנבײַסן גיי איך מיר אין רעדאַקציע „ביראָבידזשאַנער שטערן". ווו דען זאָל איך גיין? דער רעדאַקטאָר לעאָניד באָריסאָוויטש שקאָלניק איז זייער העפֿלעך, זייער איידל, ער רופֿט אַרויס זײַן שאָפֿער פֿון דער קאָרעספּאָנדענץ־מאַשין, מיר פֿאָרן צו בוזי מילערס אַלמאָנע, צו אַנע אַבראַמאָוונען, זי שטייט שוין מיט איר טאָכטער לעבן איר שטוב, און מיר פֿאָרן צום הייליקן אָרט.

מיר שטייען באַם דורכגאַנג, ס׳איז אָנגעזעצט מיט בלומען. פֿון דער מאַצייווע קוקט בוזי מילערס שמייכלדיקע פּאָטאָ. דאָס איז איימעדיק, אָט דער שמייכל מיט די בלומען און דאָס ווינטל, וואָס מאַכט פֿלאַטערדיק די בלומען־לעפּלעך. דאָס בערגל?.. דאָרטן ליגט בוזי, אַזוי איז דאָס. די אַלמאָנע וויינט, די טאָכטער ווינציקער. ס׳לויפֿט אַרויס פֿון זינען „מעמענטאָ מאָרי!".

קאָלזמאַן די אויגן זײַנען אָפֿן, דאַרף מען זײַן א מענטש, וואָס פֿילט דעם ווייטיק פֿון אַנדערע מענטשן. ס׳איז געוווּנטשן, מע זאָל זיך ניט באַנאַרישן...

שפּעטער בין איך בא אַנע אַבראַמאָוונען געווען ניט איין מאָל, דאָס איז זייער א ליבע, א גאַסטפֿרײַנטלעכע פֿרוי, זי האָט נאָר געהאַט טײַנעס צו מיר, וואָס איך עס אַזוי ווינציק, און נאָכאַנאַנד געפֿרעגט: „ווי לעבסטו, מיט וואָס לעבסטו?" זי איז געווען פֿאַרנומען, ווײַל זי האָט אויפֿגעקוקט בוזיס יערושע, זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי דאַרף דורכקוקן צענדליקער פּאַפּקעס, כ׳האָב איר טאַקע יעדעס מאָל געטראָפֿן א פֿאַרטערטע, א זיצנדיקע לעבן א פּאַפּקע...

אָבער איך בין דאָך ניט דער ריבוינעשעלוילעם, ניט איך האָב אָפּגעטיילט די יאַבאָשע פֿון דער וואַסער, מע דאַרף עפּעס טאָן. לעאָניד באָריסאָוויטש שקאָלניק פֿאַרגעסט מיך ניט, ער איז מײַן פּראָדיוסער, און אין איינעם א טאָג זאָגט ער צו מיר:

— הײַנט איז אָן אוראָק פֿון ייִדיש, נאָכעם קראַוועץ וועט לערנען מאַמע־לאָשן מיט זײַנע טאַלמידים, גייט צו, שירע גריגאָריעוונע, טוט א קוק, הערט זיך צו.

גיי איך.

נאָכעם קראַוועץ זיצט אַף א באַזונדערן שטול, אַף די אַנדערע שטולן זיצן יונגע מיידלעך און ייִנגלעך, אַלע האַלטן ביידערס אַלעפֿבייס אין די הענט. איך בין מאַלע־סימכע, וואָס עס זיצט אויך די פֿרוי, וועלכע זיצט אין פֿאָדער־צימערל, איידער מע גייט אַרײַן צו שקאָלניקן. דאָס איז א רוסישע פֿרוי, זייער א העפֿלעכע, זי זאָגט אַלעמאָל זייער שטיל, ווער ס׳איז געקומען. זי האַלט אויך דעם געוויסן אַלעפֿבייס, וואָס איז געוואָרן א סוווועניר. קראַוועץ הייסט לייענען אין דער הויך דעם אָדער אָן אַנדער זאַץ, דעהײַנע: „מיר לערנען ייִדיש", אָדער „מיר אַלע ווילן שאָלעם". דאָס געדויערט בא א פֿופֿציק מינוט, דערנאָך זאָגט נאָכעם קראַוועץ, איך זאָל עפּעס ריידן פֿאַר די שילער.

רייד איך:

— טײַערע קינדער מײַנע, ס׳איז מיר שווער אײַך צו זאָגן, אָבער איך מוז אײַך זאָגן דעם עמעס, איך ווינטש אײַך, איר זאָלט זיך טאַקע אויסלערנען ייִדיש. איך זאָג אײַך דאָס, וואָס ס׳איז אין מײַן האַרצן, אָסער אײַך צו מיינען, אַז איך וויל אײַך, כאָלילע, מוסערן, אָבער איך בין געהאַמעוועט, איך האָף, אַז איר וועט זיך אויסלערנען מאַמע־לאָשן פֿונעם אַלעפֿבייס. כ׳מוז אײַך מודיע זײַן, אַז איך קען א ביסל ייִדיש. אין אָנהייב פֿון אונדזער יאָרהונדערט איז מײַן לערער אין קאָוונער אָוונט־אוניווערסיטעט געווען באַלמאַכשאָוועס. כוץ דערויף, קאָנט איר זײַן זיכער, אַז מײַן באָבע האָט געדאַבערט ייִדיש ווי עס דאַרף צו זײַן. ס׳איז דאָ א רוסיש גלײַכווערטל וועגן קרויוועשאַפֿט: „סיעדמאַיאַ וואָדאַ נאַ קיסעליע". מײַן באָבע, אָלעהאַשאָלעם, האָט וועגן איר גליד־שוועסטערקינד, העל־

מעצקע, געזאָגט א ביסל לענגער: „וואָס האָט ער צו מיר, דער פּוילער, א האָר פון זייַן פּערדס עק איז געווען בא מיר אין זיפּעלע א דעק". כ'האָב דען צייַט אייַך צו זאָגן, וואָס מייַן באָבע האָט מיר ניט געזשאַלעוועט? פאָלגט מיך, לייענט, מער פון אַלעמען די דריַי גרעסטע — מענדעלען, ייִצחאָק־לייבוש פּערעצן און שאָלעם־אליייכעמען, האַלקינען, האָפּשטיינען, די אנדערע סאָוועטישע שרייבער — ס'וועט אייַך ניט שאַטן. איך ווינטש אייַך, איר זאָלט פאַרשטיין, אז אזוינע דאָנערס, וועלכע זייַנען גרייט איבערצוגיסן זייערע יעדיעס און אפילע דאָס, וואָס זיי האָבן אין די אָדערן, וועלן זייַן צו אייַער דינסט.

נאָכעם קראַוועץ האָט מיר ניט געזשאַלעוועט קיין שוואָכים, ער האָט געקושט מייַן פּאַטשיילקע און האָט אויסגעדריקט אזעלכע ווערטער, וועלכע ס'איז מיר אומבאקוועם דאָ איבערצוכאזערן. אָבער מייַן גוף האָט דאָך אויך, מיסטאמע, א נעשאָמע, כ'האָב געהאַט גרויס פאַרגעניגן פון די מילדע שמייכלען, פון די גוטע ווערטער, פון דערוף, וואָס די אַלע שילער זייַנען ניט איין מאָל געקומען צו מיר אין האָטעל.

אין איינעם א טאָג, גראָד אין די שאָען, ווען איך ארבעט, דערזע איך צוערשט א גרויסן בוקעט, דערנאָך שטעלן זיך אַרייַן צוויי פרויען. זיי שטעלן זיך ניט פאָר, זאָגן ניט, ווי מע רופט זיי, אָבער לאָזן צו וויסן: „אונדז האָט געשיקט צו אייַך לעאָניד באָריסאָוויטש שקאָלניק, ער האָט אונדז פאַרזיכערט, אז איר וועט זיך ניט אָפּזאָגן און וועט איבערמאָרגן אין געגנטקאָם האָבן א באגעגעניש מיט קאָמיוגיסטן. מיר וועלן קומען צו אייַך, און איר וועט מיט אונדז גיין אהין".

— יאָ, כ'וועל גיין מיט אייַך, נאָר די בלומען נעמט מיט, שטעלט זיי אוועק אין וואסער, שיט אריַין א טראָפּן זאַלץ, וועלן זיי איבערמאָרגן באשיינען אונדזער באגעגעניש.

— מיר האָבן דאָס געבראַכט פאַר אייַך, שירע גריגאָריעוונע.

— דאָס וועט טאַקע זייַן פאַר מיר און פאַר אַלעמען.

אין א טאָג ארום גייען מיר צום געגנטקאָם. מיר שפּאַנען גאַנץ היפּש, קומען ארויס צו א ברייטן אויסגעפלאַסטערטן פּלאַץ, א סאַך בלומען, רעכטס א דענקמאָל לענינען. איך זע שוין פונוויַטן די וויַסע פּילשטאָקיקע לאַנגע געביַידע. מיר גייען אריַין, הייבן זיך אויף אפן דריטן שטאָק, קיין טריט הערן זיך ניט. אף די טרעפּ ליגן שיינע טעפּיכער. מיר קומען אריַין אין א געראמען לאָקאַל, אפן טיש א רויטער סאַמעטענער טישטעך, דער פּאַרקעט פאַרשפּרייט מיט טעפּיכער, זייער א סאַך ווייך־געבעטע שטולן. פאַרוואָס ניט. מיר לעבן דאָך אין זייער א רייַכער מעדינע. איינע פון די פרויען, וועלכע זייַנען געקומען צו מיר אין האָטעל, לייגט פאָר:

— אויב איר האָט זיך אָפּגערוט, קאָנען מיר אָנהייבן.

הייבן מיר אָן! איך לייען „גאָט וועט אים אויסהערן" — וועגן דעם ליטווינער זינקוסן, וואָס מע האָט געקאָנט דערטרונקען ווערן אין ייִדיש בלוט, וואָס ער האָט פאַרגאָסן. דערנאָך „א העלד קעגן סאָראָקעס", „אַלעמאָל, ווי דאָס ערשטע מאָל", „אזוי זיצט זי", „פּערע גייט אף א כאסענע". אף דעם ענדיק איך. די פרוי, וואָס האָט פאָרגעלייגט, וויל וויסן, צי ס'איז דאָ פראגן.

— איך האָב א פראגע, — זאָגט א יונגערמאַן, וועגן וועלכן כ'האָב אן אייַנדרוק, אז ער איז מייַנער א ברודער. נאָך זייַנע ערשטע ווערטער בין איך שוין זיכער דערמיט: — סאָבסטוועגאָ, האָב איך צו אייַך דריַי פראגן. ערשטנס, פאַרוואָס האָט מען ייִדן אזוי פייַנט? צווייטנס, פאַרוואָס זייַנען די ייִדן געגאנגען ווי די אויפעס? דריטנס, ווען האָט איר אָנגעהויבן שרייַבן, וויפל ביכער האָט איר און אין וואָס פאַר א טיראַזש גייען זיי ארויס, און וויפל צאָלט מען אייַך?

זאָג איך:

— איך ווייס, אז איר זייַט א סאַך ייִנגער פון מיר, אָבער איר זייַט עלטער פון צוואַנציק יאָר, און איך האָב צו אייַך א פראַגע: איר זייַט א ייִד?

— יאָ.

— זאָגט מיר, ווי שטאַרק האָט איר ליב ניט־ייִדן און ייִדן, פאַרשטייט זיך, כוץ אייַער וויַב און קינדער, אויב איר האָט אזעלכע, וויַל אַלץ קאָן מען פאָדערן נאָר פון זיך, מער פון קיינעם ניט. איך וואָלט אייַך געוווּנטשן, איר זאָלט אַלעמען ליב האָבן, אייַער הארץ זאָל פאַר אַלעמען זייַן אָפן, דעמלט וועט מען אייַך אויך מער ליב האָבן, כאָטש איך צווייפל זייער, צי א קליינבירגער, א מעשטשאנין, קאָן ליב האָבן אפילע זייַן וויַב, כאָטש איך בין זיכער, אז ער קאָן פון איר האנאָע האָבן, וואָרעם וויפל מאַן און וויַב האָבן קינדער און ווייסן ניט אפילע, מיט וואָס די ליבע שמעקט. ווען אַלע פעלקער וועלן פאַרשטיין, אז זיי זייַנען נאָר פאַרשיידן, ניט בעסער, ניט ערגער, אז זיי דאַרפן אכטן איינס דאָס אנדערע, נאָר דאַן וועט אייַער פראגע אוועק מיטן ווינט. די צווייטע פראַגע: פאַרוואָס זייַנען אַלע ייִדן — פרויען, מאַנצבלען, קינדער, זקיינים, יוגנט, געגאנגען ווי אויפעס, ווי איר האָט באווּליקט זיך אויסצודריקן. ערשטנס, האָב איך א באמערקונג. אנדערע העלדישע מענטשן זאָגן בא א גלעזל טיי, אז די ייִדן זייַנען געגאנגען, ווי שאָף, ניט ווי „אויפעס"! איך בין אזא האָפענונגספולע פרוי, אז איך האָב דערוואַרט צו הערן פון אייַך כאָטש צוויי ווערטער וועגן דעם, וואָס איך האָב דאָ געלייענט.

אויסרוף אין זאַל:

— ס'איז געווען זייער אינטערעסאַנט.

— א דאנק. איך ענטפער נאָך, פארוואָס פרעגט איר ניט, ווי זײַנען געגאנגען די טויזנטער קריגס־געפאנגענע און צו וואָס האָבן זיי די פאשיסטן דערפירט. דאָס זײַנען דאָך געווען מאנצבלען, וואָס האָבן אָקאָרשט געהאלטן געווער אין די הענט. פארוואָס דערלויבט מען זיך צו פארלאנגען פון אומבאוואָפנטע, אומשולדיקע מאמעס מיט קינדער, מאנצבלען, וועלכע מע האָט אָפּגעטיילט פון פרויען און פריִער דערהארגעט, פארוואָס האָט איר געקאָנט ארויסברענגען אזא וואָרט „ווי אויפעס“. איך ענטפער אויף אײַער דריטער פראגע, ס'איז ניט גרינגער פון די ערשטע צוויי.

איך האָב צען ביכער, איינעם פון די צוויי האָט קיין שום פארלאג ניט ארויסגעלאָזט, א לייענער פון „סאָוועטיש היימלאנד“ האָט צונויפגעקליבן מײַנע דערציילונגען, האָט זיי פײַן איבערגעבונדן און מיר צוגעשיקט צו מײַנע זיבעציק יאָר. דער טיראַזש איז איין בוך, די איבעריקע ביכער זײַנען אָדער אָנדערהאלבן טויזנט, אמאָל צוויי טויזנט. אויב איר פילט, אז איר זײַט מיר מעקאנע מײַנע פארדינסטן, איז דאָס אַן אומזיסטיקער כעס. מע צאָלט מיר ניט שלעכט, נאָר איך שרײַב דאָך ניט קיין לאנגע דערציילונגען, און מע צאָלט ווי פאר א זײַטל פון א ראָמאן. דאָס איז אַן אומרעכט, נאָר איר קאָנט דאָס ניט פאריכטן. איך וויל נאָר צוגעבן, אז ווען איך וואָלט געווען א רוסישע שרײַבערן פון מאָסקווע אָדער אפילע פון כאבאראָווסק, וואָלטן די פרויען, וואָס זײַנען מיר געקומען אײַנלאדן, געזאָגט, אז מאָרגן וועלן זיי שיקן נאָך מיר א מאשין. איך דארף דאָס ניט, איר זעט אליין, אז איך בין נאָך א קאפּל לעבעדיק, אויפיל לעבעדיק, אז איך בין מעכוייעוו צו טיילן דעם גויִרל פון מײַן פאָלק. ווער עס וויל פּאטשן בראוואָ, זאָל זיך צוגרייטן.

אזוי איז טאקע געווען. עטלעכע צוהערער האָבן מיך באגלייט ביזן האָטעל.

בייס איך בין צוגעגאנגען צו דער דאמע בעטן די שליסלען פון מײַן נומער, האָט זי מיך אָנגעקוקט, ווי קיינמאָל ניט, האָט אויסגעדריקט נײַגער: „שירע גריגאָריעוונע, וואָס פאר א מיניסטעריום האָט אײַך אהער געשיקט? צו קיינעם זײַנען אהער קיינמאָל ניט געגאנגען אזויפיל מענטשן“. „דאָס מיניסטעריום פון מײַן פאָלק“, — האָב איך שטאָלץ געענטפערט.

באָריס מארקאָוויטש ריטנבערג. ער איז דערשינען אזוי שטיל, ווי ער וואָלט ניט ארײַנגעגאנגען, ניט ארויסגעגאנגען, נאָר איך האָב דאָך פּאָרט געוווּסט, אז אין נומער 304 פונעם האָטעל „וואָסטאָק“ לעבט קיין נעפעש ניט, כוץ מיר, אָבער אָט שטייט ער. ער שטייט אנטקעגן מיר מיט א שווערן פּאָרטפעל אין דער רעכטער האנט, קוקט גרײַלעך לײַטזעליק, זאָגט שטיל און אזוי העפלעך, העפלעכער קאָן גאָר ניט זײַן:

— איזוויניטיע, כ'האָב ניט אָנגעקלונגען, כאָטש לעאָניד באָריסאָוויטש שקאָלניק האָט מיר געגעבן אײַער טעלעפאָן, כ'האָב זייער ווינציק צײַט, איך בין אין א שטאָט־קאָמאנדירונג, איצט איז נאָך קיין נײַן ניטאָ, צען מיט מינוטן דארף איך זײַן אויף דער ארבעט. וואָס שטייט איר, שירע גריגאָריעוונע, איך וויל אײַך עפּעס ווײַזן.

ער עפנט דעם פּאָרטפעל, לייגט אוועק אויפן טיש צוויי פּאפּקעס, פרעפלט:

— קוקט, פּאָזשאלוסטע. — אזוי שטיל ברענגט ער דאָס ארויס, קוים וואָס איך הער, דערבײַ זײַנען זײַנע ווערטער קורץ ניט איבערדריסיק. איך טו א בינד אויף די שיינע בענדעלעך פון דער גרעסערער פּאפּקע און דערזע, וואָס מיינט איר, דערזע איך, זיכרוינע ליוראָכע, מענדל גאָרשמאנס איליוסטראציעס צו איך: „מאָטל פּייסים מיטן קעלבל“, „עליע מיט פּיניען“, „פּערעצעס „שאָלעם־באיִס“. „באָנצע שווײַג“, דעם אינספּעקטאָר מיט זײַן פלוינעסטע פון „ריזשע מאָטעלע“. בעקיצער, וואָס עס איז געווען פּארעפּנטלעכט אין „סאָוועטיש היימלאנד“, דאָס ליגט אין פּאפּקע. איך בין אויסער זיך און זייער ווײַט פונעם פּיצינקן האָטעל־צימערל. איך בין געפּלעפּט פון דער זאָרגפולער ציכטיקײַט, ווי דאָס איז צונויפגעזאמלט געוואָרן. יעדער איליוסטראציע, אריבערגעדעקט מיט פּאפּיראָס־פּאפּיר, די בענדעלעך זײַנען ציכטיק.

ער עפנט די צווייטע פּאפּקע. איך דערזע פּימע סימקינס אייל־בילדער אויף דער געטאָ־טעמע. זיי זײַנען אויך געווען אין „סאָוועטיש היימלאנד“. דאָס זײַנען הארצרײַסנדיקע, דערשיטערנדיקע בילדער, און זיי זײַנען אויך זאָרגפול צוזאמענגענומען פון „סאָוועטיש היימלאנד“. ביידע פּאפּקעס זײַנען שוין פארבונדן. באָריס מארקאָוויטש רעדט נאָך שטילער, ווי פריִער, ווײַל ער שטייט זייער נאָענט צו מיר. ווי זאָל ער אנדערש שטיין, דאָס צימערל איז דאָך דרײַ שפּאן. ער קוקט אויף מיר מיט זײַנע בלוילעכע אויגן, די לאנגע וויִעס פלאַטערן. פארוואָס האָט ער אזוי צונויפגעבײַלט די פויסטן, אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אזוי נידעריק, שטיל פון שטילער ארויסגעבראכט:

— כ'וועל האָבן דעם קאָוועד אײַך אָנצוקלינגען נאָכאמאָל, איצט, כוץ די שטאָט־קאָמאנדירונג, האָב איך זייער ווינציק צײַט, מײַן פרוי פילט זיך ניט גוט. איך וויל בא אײַך עפּעס פרעגן, כ'וועל אײַך אָנקלינגען, איזוויניטיע!

שאַבעס איז ער טאקע געקומען, נאָר פריִער פון אים זײַנען צו מיר געקומען די ראַדיאָ און טעלעוויזיע — וולאדימיר דאווידאָוויטש ראָטענשטיין, בעלע איסאקאָוונע לאָזשקינא, און א דריטע, א יונגע פרוי, וואָס האָט זיך ניט אָנגערופן, האָט ארויסגענומען פון איר גרויסן פּאָרטפעל א מאכערײַקע. איך מיט בעלע איסאקאָוונען שמועסן וועגן דעם, ווי ביראָבידזשאן געפעלט מיר, מײַן מיינונג וועגן די מענטשן און וועגן נאָך פארשיי־

דענע זאַכן. די יונגע נעמט אַרויס די מאַכערײַקע פֿונעם פּאַרטפֿעל, און איך דערהער אַלץ, וואָס איך האָב גערעדט מיט בעלע איסאַקאָוונען, וואָרט אין וואָרט.

טאַקע נאָך זײַ איז געקומען ריטענבערג, ער איז געשטאַנען, ווי דאָס ערשטע מאָל, מיט פֿאַרבײַלטע פּויסטן, דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען אַ פּאַפּקע, געעפֿנט, געבלעטערט, און איך האָב דערזען פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון אַלע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער און אויך פֿון שרײַבער, וואָס האָבן געלעבט אין אַנדערע לענדער. איצטער זײַנען זײַנע פּויסטן ניט געווען פֿאַרבײַלט, ער האָט צוגעדריקט די הענט צום האַרצן, זײַ אוועקגעכאַפּט, ווידער צוגעדריקט, ווי ער האָט מוירע געהאַט, דאָס האַרץ זאָל ניט אַרויסשפּרינגען, און מיט אַ געפּאַלדן קאָל אויסגערופֿן:

— מאַרקיש!.. עפּשער האָט איר אין מאָסקווע געהערט, וויאַזוי האָט מען דאָס?.. וועגן די איבעריקע וויל איך אויך וויסן, אָבער מאַרקיש שרײַט אין מיר הייליק!

— באַריס מאַרקאָוויטש, כ׳קאָן אײַך גאָרניט זאָגן, כ׳ווייס נאָר דאָס, וואָס מע האָט געזאָגט די אַלמאָנעס. דעם 12 אווגוסט אין 1952 יאָר. מער קאָן איך אײַך גאָרניט זאָגן.

זײַן געזונטקענער קאָפּ האָט זיך ניט אופֿגעהויבן, זײַנע אויגן האָבן מיך ניט אָנגעקוקט, ער איז מיט פּאַמעלעכע טריט אַרויסגעגאַנגען.

ווען איך בין געקומען קיין מאָסקווע, האָט מיך באַזוכט אַ פֿאַרפֿאַלק פֿאַרן אוועקפֿאָרן, זײַ זײַנען טאַקע אוועקגעפֿאָרן קיין מעלבורן. פֿאַרשטייט זיך, זײַנען זײַ הײַפּש געזעסן, דער שמועס איז געווען ניט ווײַער קיין פֿריילעכער, ווי קאָן זײַן פֿריילעך וועגן דער שטומער צײַט. כ׳האָב זיך גראָד דערמאָנט ריטענבערגס פֿראַגע און געפֿרעגט יעפֿים שלאָסבערגן, וואָס איז שוין אוועקגעפֿאָרן קיין מעלבורן, וועגן דער דאָזיקער זאַך.

— ווער קאָן עס וויסן, איך האָב דאָך ניט געאַרבעט אין קאַגעבע. בײַס איך בין געווען אין פֿאַרשיקונג האָט מיר אײנער אַן אורקע דערציילט: „מע פֿירט דורך דעם קאָרידאָר, עלעהיי אויף אַן אויספֿאַרשונג, און אין אַ געוויסן אָרט וואַרפֿט זיך פֿונעם פּאַרקעט אָפּ אַ פֿליגל, און אין דער זעלבער רגע האָט שוין די קויל געטראָפֿן אין דעם, אין וועמען מע האָט געצילט, און ער ווערט אַראָפּגעשליידערט אין דער טיפֿעניש". ס׳קאָן טאַקע זײַן, ווער ווייסט, עפּשער איז אַזוי געטאָן געוואָרן מיט מאַרקישן, קוויטקאָ, האָפֿשטיינען, בערגעלסאָנען, איך, זאָל לײַכטן אייביק זייער אָנדענק!

בעלע וואָלפֿסאָן. איך געדענק ניט די דאַטע. אינמיטן מײַ איז ווידער אין רעדאַקציע פֿון „ביראָבידזשאַנער שטערן" געווען אַ באַגעגעניש מיט ייִדיש-לייענער. איך בין ניט געזעסן אויף דעם שטול לעבן רעדאַקטאָר פֿון „ביראָבידזשאַנער שטערן", כ׳בין מיר אומגעגאַנגען אַהין און צוריק פֿאַרבײַ די שטילע צוהערער, און איך האָב געלייענט „דעם מיטעסער", וועגן דער באָבע מאַלקע, „אַ ראַכמאָנעס אויף די מאַנצבלען", „די ערשטע באָד". און ווי איך ענדיק לייענען, דערהער איך אַ פֿאַרשטיקטן שנוכץ מיט אַ כליפּען. גיי איך אַהין, פֿונוואַנען דאָס הערט זיך, און כאַטש באַ מיר ווערן די טרערן דערשטיקט און אויסגעסאָכניעט אינווייניק, פֿיל איך מאַמעש, אַז אָט־אָט קאָן דאָס טרעפֿן מיט מיר. גיי איך צו צו איר, קוקט זי מיך אָן מיט די פֿאַרטרערטע אויגן און מוסערט: „וואָס האָט איר זיך צעלייגט אין דער ערשטער באָד, איר האָט פֿאַרגעסן אויסצורעכענען די מאַמעס, וואָס האָבן ניט דערלעבט אויסצובאָדן זייערע ערשטלינגען, מער וועל איך אײַך גאָרניט זאָגן, איך האָב דעם טעלעפֿאָן פֿון אײַער נומער, כ׳וועל אַרײַנגיין צו אײַך, כ׳וויל זיך דורכריידן, איצט קאָן איך אײַך זאָגן, אַז מײַן טאַטע וואָלט דאָס צוגערעכנט צו אַן אייניקל".

אַזוי איז טאַקע געווען, אָבער געקומען איז זי ניט מיט ליידיקע הענט, און זי האָט געוואָלט, אַז איך זאָל גלײַך אופֿעסן, וואָס זי האָט געבראַכט. יויך האָט זי געבראַכט אין אַ פֿלעשל, האָט זי עס איבערגעגאָסן אין גלאָז, וואָס איז געשטאַנען לעבן גראַפֿין. דאָס האַלבע אָף, וואָס זי האָט געבראַכט אין זילבער־פּאַפּיר, האָט זי מיר גלײַך צוגערוקט און מאַמעש געשריִען: „איר ווילט ניט עסן דאָס גאַנצע האַלבע אָף, עסט אַ פֿולקע. וואָס מיינט איר, איך בין אַזאַ, ווי איר? איך ברענג אַוועק, איך וועל זיך נאָך מיט אײַך דורכשמועסן, איצט האָב איך קיין צײַט ניט, מײַן טאַטע ליגט אין שפּיטאָל".

וויטאַלי רײַם מיט זײַן מישפּאָכע. די מיטאַרבעטער פֿון רעדאַקציע „ביראָבידזשאַנער שטערן" האָבן זיך געוווּנדערט, וואָס וויטאַלי רײַם גייט צו מיר אַזוי אָפֿט.

— ווי האָט איר זיך מיט אים באַקאַנט? — פֿרעגן זײַ.

אַזוי פֿרעגן זײַ, אָבער שרײַבן שרײַבט זיך אַנדערש. כ׳גיי מיר אַרויס פֿון נאָכעם קראַוועצעס לימעד מיט זײַנע טאַלמידים, פֿיל איך, אַז עמעצער רידט מיך אָן באַם אַרבל. איך טו זיך אַ קער און זע — דאָס איז אײנער פֿון די מיטאַרבעטער פֿון רעדאַקציע, זײַן נאָמען ווייס איך ניט, צי ער איז אַ קאָרעספּאָנדענט, צי ער טוט אַן אַנדערע אַרבעט, ווייס איך אויך ניט, ער נעמט אַוועק זײַן האַנט פֿון מײַן אַרבל, שטעלט זיך פֿאַר און זאָגט מיר אָן אַ בסורע, אַז ער איז געווען אויפֿן ערשטן לימעד אויך. און מיר גייען ביידע אין דער ריכטונג צו מײַן האָטעל. איך זע גוט, אַז זײַנע דזשינסן דאַרף מען דרינגענד אויסוואַשן, די אומגעלומפּערטע, ברייטע וועלוועטענע בלוזע־יאַקע מעג זײַן ריינער. קיין קייטעלע אויפֿן האַלדז איז אויך ניט נייטיק. איך טו אַ קוק העכער — ווילן שוין מײַנע אויגן מער ניט זען: אַזוינע זעלטן־פּולע שמאַלבלעכע

אויגן מיט אַזאַ אומבאַשטימטן קאָליר האָב איך נאָך ניט געזען, אָט זײַנען זיי גרוי, אָט זײַנען זיי בלוילעך, און אינמיטנדערינען ווערן זיי אַ קאַפּעלע גרוילעך, און גיי ראַטעווע זיך פֿון זיי. קוק איך טאַקע. ער קוקט וויפֿל ער קען, און ער וויל וויסן אַ קלייניקייט:

— ווען אַלע פּאָדאַנע וועלן זײַן גוט איינער צום אַנדערן, ווי שטעלט איר זיך פֿאָר, וועלן מיר דאַן לעבן?

כ'שטעל זיך זייער שווער פֿאָר, אַז אין איינעם אַ מיטוואָך זאָלן אַלע „פּאָדאַנע" ווערן גוט, אַז בע־ סער דאַרף מען ניט. דאָס זאָג איך טאַקע.

— ס'איז זייער אַ שווערע קאַשע.

— וואָס זנאַטשיט קאַשע?

— דאָס איז אַ העברעיִזם, אויף ייִדיש איז דאָס אַ פֿראַגע. אַזויווי איך צווייפֿל, אַז דאָס, וואָס איר פֿרעגט, וויִאַזוי וועלן מיר לעבן, ווען אַלע מענטשן וועלן ווערן גוטע, בין איך אין גרויס פֿאַר־ לעגנהייט און קאָן אײַך ניט ענטפֿערן אויף דער דאָזיקער פֿראַגע.

— כאַראַשאָ. איר וועט זיך ניט באַליידיקן אויף מיר? איך וואָלט געוואָלט, איר זאָלט מיט מיר גיין צו מײַנע.

— דאָס איז ווײַט?

— דאָס איז זייער נאָענט. מײַן מאַרינע וועט זײַן זייער צופֿרידן.

ס'איז היפּש צו גיין. די גאַסן זײַנען גאַנץ געמיטלעך, אָבער אין די הויפֿן דאַרף מען ניט אַרײַנקוקן. ענדלעך, זײַנען מיר געקומען. דער אַרײַנגאַנג צו וויטאַליס דירע האָט געמעגט זײַן ניט אַזוי פֿאַרמיסטיקט, אַפֿילע די קינדער־וועגעלעך, וואָס שטייען בײַ די טרעפּ פֿונעם אונטערשטן שטאָק, זעען אויס, ווי מע וואָלט אין זיי געפֿירט נאָרוואָס אויסגעגראָבענע בולבע. נאָר אָט טוט אַ שטויס וויטאַלי מיטן רעכטן פֿויסט אַ טיר, און מיר זײַנען שוין אַרײַנגעגאַנגען.

איך בין פֿאַרוווּנדערט. ווי קאָן אין אַזאַ קליי־ נעם צימער זײַן אַזאַ גרויסע אומאָרדענונג? די בי־ כער פֿון דער פּאָליצע האָבן זיך אַזוי אויסגעקע־ רעוועט, גלײַך ווי זיי ווילן פֿון דאָרטן אַנטלויפֿן. עס שטייט אויך אַ קינדער־שטײַג, דער אַזויגערו־ פֿענער מאַניעזש מיט געשטריקטע ווענטלעך, דאָרטן זײַנען אָן אַ שיר צאַצקעס און אַ סאַך קינ־ דער־זאַכן.

— מאַרינע, קום אַרויס, מיר האָבן אַ גאַסט.

זי גייט אַרויס, לייגט צו אַ פֿינגער צו די ליפּן, וואָרנט:

— מאַשקע שלאָפֿט. — און צו מיר: — כ'בין זייער צופֿרידן, זעצט אײַך. וויטאַלי, טראָג אַרײַן.

וויטאַלי גייט אַרײַן מיט עפּעס אַ ברעט אונ־ טער דער פּאַכווע, לייגט עס אַוועק, נעמט עס פֿאַ־ נאַנדער, און ס'ווערט אַ טיש.

מאַרינע שטעלט אַוועק די געמיטלעכע קעראַ־ מישע טעפּעלעך, איר פּאָנעם איז זייער כיינעוודיק, אַ ביסעלע ווי באַהאַלטן. דער ברייטער, פֿאַרבי־ קער, דינער כאַלאַט זאָגט אָן, אַז זי וועט אינגיכן ווערן אַ מאַמע צום צווייטן מאָל. מיר האָבן גע־ געסן, געטרונקען טיי. זיי האָבן מיך באַגלייט, צו־ געזאָגט צו קומען, און אַזוי איז די פֿרײַנטשאַפֿט געשלאָסן געוואָרן. מאַרינע האָט צו מיר געזאָגט פֿאַרן אַוועקפֿאָרן:

— איך וויל אַזוי אַ ייִנגעלע!

— מאַרינע, טײַערע, דער אונטערשייד איז ניט קיין גרויסער, אָדער דאָס, וואָס איר ווילט, אָדער אַ מיידל.

וויטאַלי האָט זייער אַ סאַך געשמועסט וועגן אַנדריי פּלאַטאָנאָוון, וועגן „טשעווענגור" און „קאָט־ לאָוואַן". ווען ער האָט מיך באַגלייט פֿאַר מײַן אַוועקפֿאָרן קיין מאָסקווע, האָט ער מיך געבעטן, כ'זאָל אים אָנשרײַבן דײַטלעך, וואָס ווילן די אַנ־ טיסעמיטן פֿון „זיקניי־ציאָן".

כ'האָב אים וועגן דעם אָנגעשריבן. אויך אָנ־ געשריבן וועגן דער קנופּיע „פּאַמיאַט", קיין ענט־ פֿער האָב איך נאָך ניט.

■ ■ ■

שאָלעם-זולווערג

# דער קלוסטיקער שפּינוס

און אויסערגעוויינלעכער ראָמאַן



דאָס פיר־און־פערציקסטע קאַפּיטל

## א שיינע נאכט

ארויסבאַגלייטן די מומע טויבע מיט אירע טעכטער איז געגאַנגען בעטי, פאַרשטייט זיך, מיט איר שטענדיקן קאַוואַליער, מיטן קווארטיראַנט. סאָרע אַליין האָט צוגעטראַכט דאָס דאָזיקע ארויסבאַגלייטן. זי האָט מוירע געהאַט, טאָמער געפינט זיך די שוועגערן באַליידיקט. טויבע האָט זיך אפילע געשטעלט אַקעגן:

— צו וואָס? א דאַנק! מיר וועלן אַליין טרעפן... — נאָר עס האָט זיך איר ניט געהאָלפן. בעטי איז שוין געווען אָנגעטאָן, דאָס הייסט, זי האָט ארופגעוואָרפן אויף די פּלייצעס א גרינגן שאַרף פון בלויען פּוליאַר און א ווינק געגעבן צום קווארטיראַנט, וועלכער איז שוין געשטאַנען גרייט צו גיין מיט זיי אין א היטל, ווי ער שטייט און גייט. טויבע פאַמיליאַנט האָט זיך נאָך א ביסל געבראָכן און געקוּוּענקלט, און אַלע פינף זײַנען ארויסגעשוווּמען אויף דער גאַס.

— אַך, וואָס פאַר א נאַכט! וואָס פאַר א הימל! — רופן אויס יונגוואַרג אַלע אין איין קאָל און קוועלן אָן פון דער נאַכט.

---

פ א ר ז ע צ ו נ ג. אנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד", 1988, נומ. 7, 8, 9, 10.

— לעקאָוועד דעם הייליקן יאָמטעוו און לעקאָוועד דעם ערשטן סיידער האָט דער אייבערשטער געשענקט זײַן פאָלק ייִסראָעל אַזאַ ליבע נאַכט, — זאָגט טויבע מיטן טאָן פון טײַטש־כומעש, און כאָטש ס׳איז אין דרויסן נישט אַזוי ליכטיק, פונדעסטוועגן קאָן מען זען איר פרום צופרידן פּאָנעם און אירע פרומע פאַרשנורעוועטע ליפּעלעך. טויבע פּאַמיליאַנט איז מיט איר ערעוו־יאָמטעוודיקן וויזיט, וואָס זי האָט געמאַכט צו איר אָרעמער שוועגערן, גאַנץ צופרידן. און זי מעג זײַן צופרידן. וויפל גוטע זאַכן זי האָט דאָ אויפגעטאָן: אַ מוסער געזאָגט, אַ אַלע נײַס איבערגעגעבן, אַ אײַנגעלאַדן אירע אייגענע צו זיך אין פאַל פון, כאָלילע, אַן אומגליק... גאָט מעג איר טאַקע העלפן, זי איז געניוג יויצע פאַר אירע קרויווים, אָט האָט זי ערשט נישט לאַנג אַף פּייסעך צעשיקט געלט־בריוו אַף דער גאַנצער וועלט: קיין זאַסלאַוו און קיין דובנאָ און קיין סלאַוויטע. וועמען אַ דרײַערל און וועמען אַ פינפערל און וועמען אַ צענערל, די מישפּאָכע שאַפּיראָ, ניט צו פאַרזינדיקן, איז, קיין אײַנהאָרע, גרויס...

אויך אירע טעכטער, די מאַמזעלן, זײַנען צופרידן, וואָס זיי האָבן פאַרבראַכט אַ פריילעכע שאָ מיט אַזאַ אינטערעסאַנטן קאַוואַליער ווי דער מומע סאָרעס קוואַרטיראַנט און געהאַט אַ געלעגנהײַט אַרויסבאַווײַזן זיך פאַר אים מיט זייער קענטעניש און מיט זייער באַלעזנקײַט, געשאָטן מיט נעמען פון ביכער, וועלכע זיי האָבן געלעזן און וועלכע זיי האָבן נאָר געהערט. און ווײַל ס׳איז הײַנט אַ מאָדע, אַז ייִדישע באַרישניעס קומען זיך צונויף, דאַרף מען רעדן פון אַנדרייעוון, פון אַרציבאַשעוון און פון אַנדערע, האָט מען די גאַנצע צײַט נאָר געהערט די נעמען: אַנדרייעוו, אַרציבאַשעוו, אַלעקסאַנדער בלאָק, וואַלערי בריוסאָוו, אַנדריי ביעלי — די גאַנצע גאָלדענע פּאָן פון דער רוסישער מאָדערן־ליטעראַטור. אַזוי אַז בעטי דער אַזעספּאָנעם האָט זיך נישט געקאָנט אײַנהאַלטן און האָט אוועקגעגעבן אירע „קוזינקעס” אַ גאָב: ווי זיצן עס, — האָט זי געזאָגט קלוימערשט מיט אַ געלעכטער און געמיינט האָט זי עס ערנסט, — ווי זיצן עס אָפּ ייִדישע טעכטער אַ גאַנצן אָפּדערנאַכט און מע רעדט און מע רעדט פון ביכער און פון שרײַבער און מע דערמאָנט נישט, איר זאָלט זאָגן אַף אַ טשיקאַוועסט, כאָטש איין ייִדישן בוך, כאָטש איין נאָמען פון אַ ייִדישן שרײַבער, גלײַך ווי מיר וואָלטן ניט געהאַט קיין אייגענע ביכער מיט קיין אייגענע שריפטשטעלער? ווי שעמט מען זיך ניט?.. און דער גאַי (ראַבינאָוויטש־פּאַפּאָוו), כאָטש ער איז זיך מוידע, אַז אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז ער ניט אַזוי באַהאַוונט, פונדעסטוועגן קאָן ער נישט, ער זאָל נישט מאַסקים זײַן מיט בערטאַ דאַווידאָוונען, אַז בערטאַ דאַווידאָוונאַ איז גערעכט... און איטלעכס מאָל, וואָס ער דערמאָנט דעם נאָמען „בערטאַ דאַווידאָוונאַ”, זעט מען ווי זייערע אויגן באַגעגענען זיך — און פּאַמיליאַנטס טעכטער פאַרשטייען דעם דאָזיקן קוק... אין די זאַכן פרעגט באַ זיי — זיי וועלן אײַך זאָגן אַקוראַט. „ס׳אַ שידעך...” טראַכטן זיך די דאָזיקע מאַמזעלן מיט אַ זיפץ און קוקן זיך איבער צווישן זיך אַן ווערטער און רעדן שוין נישט מער פון ליטעראַטור. זיי זײַנען אומבאַקאַנט אַריבער אַף זײַטיקע זאַכן. פּליאָטקעס און מײַסעס, וואָס הערט זיך אין שטאָט, און איינע פון זיי האָט דערציילט די געשיכטע מיטן גענעראַל און מיטן „קאָרבן־פּייסעך”, פון וועלכן בעטי האָט זיך צעלאַכט אַזוי שטאַרק, אַז די מוטער פון צווייטן צימער האָט געמוזט אַ פרעג טאָן: „וואָס איז דאָרט?” אַף איר קוקנדיק, האָבןביידע מאַמזעלן אויך געלאַכט, באַווײַזנדיק אַלע דרײַ זייערע שיינע ווײַסע ציינדלעך. ניט געלאַכט האָט נאָר דער קוואַרטיראַנט. און ניט נאָר ניט געלאַכט — ער האָט אויסגעזען ווי אַ מענטש, וואָס איז אין כּעס אָדער ער שעמט זיך, קאָן ניט הערן, ווי מע באַרעדט זײַנעם אַן אייגענעם. ער האָט ניט געוואָלט גלייבן, ער האָט אַלץ געטײַנעט, אַז עס קאָן ניט זײַן. „אָדער דער גענעראַל איז קיין גענעראַל, אָדער די גאַנצע מײַסע איז אַן אויסגעטראַכטע...” אַזוי האָט געטײַנעט ראַבינאָוויטש גאַנץ ערנסט. און וואָס מער ערנסט ער האָט גערעדט, מער האָט געלאַכט בעטי. און אַך! ווי עס האָבן איר מעקאַנע געווען אירע שוועסטערקינדערלעך, די מאַמזעלן פּאַמיליאַנט!.. גייענדיק מיט זייער פרומער רײַכער מוטער אַהיים אין דער דאָזיקער נאַכט, מוזן זיי זיך מוידע זײַן פאַר זיך אַליין, אַז זייער אָרעמע קוזינקע בעטי לעבט זיך אַ סאַך בעסער און אַ סאַך פרײַער און אַ סאַך פריילעכער ווי זיי. וואָס האָבן זיי פון זייער רײַכקײַט, אַז מע לאָזט זיי ניט אַ קאָפּ אויפהייבן, אַ הויך וואָרט אויסרעדן?.. און ניט־ווילנדיק רײַסט זיך אַרויס באַ זיי אַ טיפער זיפץ פונעם האַרצן אין דער דאָזיקער נאַכט. ווער ווייסט, עפּשער זײַנען זיי איר מעקאַנע גאָר אַף אַן אַנדער זאַך — אָפּן כאָסן? און אַז דאָס איז אַ כאָסן — אין דעם איז שוין קיין סאָפעק נישט. פאַרלאָזט זיך שוין אַף זיי. אַף דעם איז זייער מעווינעס העכער פון אַלעמען. עס איז געניוג, דאַכט זיך, איין קוק אַף דעם גליקלעכן פּאָרל אין די אויגן אַרײַן, כאָטשבי אַפילע דאָ אַף דער שײַן פון די שטערן אין דער דאָזיקער שיינער נאַכט, מע זאָל לייענען ווי פון אַ בוך, ווו עס האַלט באַ זיי אין זייער ראָמאַן...

— לעמײַ זאָלסטו גיין אַזוי ווײַט, בערטעטשקע? ס׳איז קילבלעך אין דרויסן און דו גייסט נאַקעט, — זאָגט צו בעטין די מומע טויבע און מיינען מיינט זי גאָר דעם קוואַרטיראַנט, וואָס אין דרויסן, און זי געזעגנט זיך מיט זיי גאָר פרײַנטלעך.

דערזען, אַז יענע זײַנען שוין אַוועק און זי איז געבליבן דאָ אַליין מיט אירע טעכטער, טוט די פרומע טויבע אַף אַ מינוט אַ גאָס אויס אַ גאַנצן טאָפּ מיט לאָשנהאָרע אַף דער האַלב־נאַקעטער בעטין

און אױפֿן קוואַרטיראַנט, וואָס גייט אַן אַ היטל אין דרויסן, און מער פֿון אַלע אַף איר שוועגערן, וואָס האָט פֿאַרגעסן, אַז איר מאַן דאָוויד איז אַ שאַפּיראָ, פֿון די עמעסע... פֿון די סלאַוויטער שאַפּיראָס!..

— אײַ, מאַמע! מיר האָבן דאָס שוין געהערט פֿון דיר פֿינף און זיבעציק טויזנט מאָל! — האַקן איר אַף די טעכטער די מאַמזעלן און קוקן זיך אַף זייער אַרום צוריק אַף זייער גליקלעכער קוזינקע בעטי, ווי זי גייט עס האַנט בא האַנט מיט דעם בראַוון פֿריילעכן סטודענט אין דער דאָזיקער שיינער יאָמטעוו־דיקער נאַכט, אין דער דאָזיקער ערשטער נאַכט פֿון פּייסעך...

יאָמטעוודיק און שיין איז געווען די דאָזיקע ערשטע נאַכט פֿון פּייסעך אָן אַ שיר און אָן אַן ערעך. מיט הונדערטער טויזנטער אויגן־שטערן האָט זי אַראָפּגעקוקט אַראָפּ און באַגאָסן מיט איר טונקל־בלויער נאַכט־שײַן די יונגע גליקלעכע פּענעמער פֿונעם יונגן גליקלעכן פּאָרל, וואָס זײַנען געגאַנגען דאָ האַנט בא האַנט געציילטע טריט, פּאַמעלעכן, אַפּאַנעם ס׳זאָל מער, וואָס מער, זיך ציִען זייער זײַן דאָ אינײנעם איינס לעבן דאָס אַנדערע. אַצינד איז שוין געקומען די צײַט — ער פֿילט, אַז איצט איז די רעכטע צײַט — ער זאָל איר איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל אויפֿדעקן זײַן האַרץ, אויסזאָגן איר דעם גאַנצן עמעס. ביזוואַנען איז דער שיר? גאָט אַליין האָט ווי באַשאַפֿן די דאָזיקע נאַכט, די דאָזיקע שיינע יאָמטעוודיקע נאַכט, אַז דאָס האַרץ, וואָס איז פֿול, זאָל זיך אויסגיסן, און אַלעס, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אַף דער נעשאָמע, זאָל אַרויסגעזאָגט ווערן. אַלעס מוז אַרויסגעזאָגט ווערן. אַלעס פֿונעם אָנהייב ביזן סאָף, אַלעס וועט ער איר דערציילן: וויאַזוי עס האָט זיך אָנגעהויבן בא אים מיט אַ שפּאַס און וויאַזוי עס האָט זיך פֿונעם שפּאַס אויסגעלאָזט אַן ערנסט. און וויאַזוי ער האָט געמיינט פֿריִער, אַז ער וועט זי קאָנען בייגן צו זיך, איצט איז ער גרייט זיך בייגן צו איר, וואָרעם עס איז גאָר ניטאָ אַזאַ זאַך אַף דער וועלט, וואָס ער זאָל ניט קאָנען טאָן צוליב דעם, אַז זי זאָל זײַן זײַנע...
און אַז מע וויל, האָט ער טיילווײַז זי שוין צוגעגרייט דערצו. זי איז די איינציקע, וועלכער ער האָט זיך מודע געווען, אַז די גאַנצע געשיכטע מיט דער מומע די מיליאָנערשע איז נישט מער ווי אַ שפּאַס, וואָס מוז שוין פֿאַרבלײַבן ווי אַן עמעס, ביז אַ צײַט... זי איז די איינציקע, וועלכער ער האָט פֿאַרטרויט, אַז ער האָט אַ פֿאָטער, וואָס האָט אים ליב, נאָר ער איז „ניט אײַנפֿאַרשטאַנען מיט אים אין אַ סאַך זאַכן“... אַז ער האָט אַ שוועסטער, זייער אַ פֿרומע שוועסטער, וואָס הייסט ווערע און וואָס ער האָט זי ליב און וואָס איז גרייט איר לעבן אוועקצוגעבן פֿאַר אים יעדע מינוט, און דאָך וועט ער מוזן איבערײַסן מיט זיי ביידע, ווײַל דער שריט, וואָס ער וועט וואַרשײַנלעך מוזן מאַכן, וועט זײַן פֿאַר זיי אַ טויט־קלאַפּ...

וואָס דאָס איז פֿאַר אַ „שריט“ — האָט ער איר נאָך נישט געקאָנט זאָגן. נאָר זי האָט זיך עס אַליין אויסגעטײַטשט, לויט איר פֿאַרשטאַנד, גאַנץ לײַכט, ווי יעדער איינציקער אַף איר אָרט וואָלט דאָס אויסגעטײַטשט, — און מע קאָן ניט זאָגן, אַז די דאָזיקע ווערטער זאָלן איר זײַן שטאַרק אָנגענעם. איר האָט נישט געשמעקט די מילכאָמע, וואָס ער וועט דאַרפֿן האַלטן מיט זײַן פֿאָטער. ווער זאָל דאָס זײַן? וואָס פֿאַר אַ מענטש איז ער? און ווי קומט צו אים אַ פֿרומע שוועסטער?.. זי האָט זיך פֿאָרגע־שטעלט, אַז זי קען אים, דעם פֿאָטער זײַנעם, גלײַך ווי זי האָט אים שוין נישט איין מאָל געזען: אַ ייִד אַ בורזשוי, אַן אויפֿגעקומענער גוויר, וואָס האַלט זיך פֿאַר אַן אַריסטאָקראַט, און ביכדיי ער זאָל זיך נישט איבערנעמען מיט זײַן „אַריסטאָקראַטיזם“, האָט אים בעטי ניט איין מאָל געגעבן אָנצוהערעניש, אַז זי איז פּונקט דער הייפּעך פֿון איר מוטער. אַף וויפֿל איר מוטער פֿאַלט קורים פֿאַר אַ נאָגיד און פֿאַרגעטערט מיליאָנערן, אַף אַזויפֿיל, אויב ניט מער נאָך, האָט זי, בעטי, פֿײַנט אָט די „סוביעקטן“, ווי אַ קאָשערער ייִד האָט פֿײַנט כאַזער...

— וואָס האָט איר צו זיי? — פֿרעגט בא איר ראַבינאָוויטש, וואָס האָט ליב זיך רייצן מיט איר, זען אירע שיינע ווײַסע ציינדלעך.

— האָבן האָב איך צו זיי גאָרנישט, — ענטפֿערט אים בעטי, — נאָר איך האָב זיי פֿײַנט. אָנקוקן קאָן איך נישט אָט די ייִדישע געלט־אַריסטאָקראַטן מיט די גראָבע בײַכלעך, מיט די געקנייטשטע קאַרקעס און מיט די איבערגעזעטיקטע ליפּן און מיט די אויסגעלאָשענע אויגן.

— אַרײַנפֿאַלן צו אײַך אין אײַערע שאַרפֿע ציינדלעך איז געפֿערלעך! — זאָגט איר ראַבינאָוויטש מיט אַ געלעכטער און קאָן זיך אין איר זאַט ניט אָנקוקן.

— זאָל אײַך גאָט היטן! — מאַכט צו אים בעטי, אַפֿילע אויך מיט אַ געלעכטער, נאָר עס הערט זיך אַ פֿאַרדראָס אין איר קאָל...

— אַדעראַבע, — זאָגט איר ראַבינאָוויטש, — איך וואָלט עס געוואָלט פּרוּוון...

— פּרוּווט ניט, איר וועט כאַראָטע האָבן... צו שאַרפֿע ציין!

אַקוראַט בא די ווערטער קומט אָן סאָרע (סאָרע קומט טאָמיד אַקוראַט). האָט זי מוירע, ס׳זאָל, כאָלילע, ניט אַרויס עפּעס אַ קריג צווישן די „קינדער“. ווײַל זי צערײַבן דעם שמועס און רופֿט זיך אָן צום קוואַרטיראַנט:

— ווייס איך, וואָס הערט איר זי, וואָס זי וועט אײַך זאָגן? איר קענט זי ניט? זי איז דאָך אַ שאַפּיראָ!..

פֿון דעמלט ביז איצט איז אַוועקגעגאַנגען אַ ביסל צײַט און זיי פֿילן זיך וואָס אַ טאָג אַלץ נעענטער און נעענטער. און איצט, אין דער דאָזיקער שיינער נאַכט, געבליבן מיט איר אַליין, נאָך דעם ווי טויבע פֿאַמיליאַנט מיט אירע טעכטער זײַנען שוין אַזוי ווײַט, און קיינער זעט זיי ניט, און זיי גייען האַנט בײַ האַנט אַלעמאָל שטילער און שטילער, באַגעגענען זיך זייערע אויגן אויף דער שײַן פֿון די שטערן און צוזאַמען מיט זייערע אויגן — זיי ווייסן אַליין ניט, וויאַזוי דאָס איז געשען — באַגעגענען זיך אויך זייערע ליפּן — דאָס ערשטע מאָל אין דער גאַנצער צײַט פֿון זייער פֿרײַנטשאַפֿט. און נאָכאַמאָל באַגעגענען זיך זייערע אויגן און ביידע צעלאַכן זיי זיך. נאָר פּלוצעם רײַסט זיך אַרויס בײַ אים איר האַנט, און זי לאָזט זיך לויפֿן, און ער נאָך איר, און ביידע קומען זיי אַרײַן אין שטוב מיט פֿאַרויטלטע פּענעמער און די אויגן בײַ זיי גלאַנצן מאָדנע. סאָרע זעט זייערע פֿאַרויטלטע פּענעמער מיט זייערע מאָדנע גלאַנצנדיקע אויגן, און זי רופֿט זיך אָן צו זיי גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַרײַן:

— עפּעס אַ שיינע נאַכט אין דרויסן?

און זיי ביידע ענטפֿערן איר גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַרײַן:

— אַ שיינע נאַכט! אַ געטלעכע נאַכט!..

דאָס פֿינף־און־פֿערציקסטע קאַפּיטל

## „פּעקלער"

טאָמער איז קאַרג, וואָס יעדער ייִד האָט זיך זײַן אייגן פּעקל: דײַגעס־פּרנסה, פּראַוואָזשי־טעלסטווע, פּראָצענט־נאָרמע בײַ קינדער לערנען אוקעדוימע נאָך אַזעלכע האַנאָכעס און פּריווילעגיעס, וואָס נאָר אַ ייִד קאָן דערצו זוכע זײַן, האָט גאָט בּרוך־הוא באַווילִיקט די ייִדן פֿון דער געבענטשטער שטאָט, ווו עס קומט פֿאַר אונדזער אויסערגעוויינלעכע געשיכטע, מיט גאָר אַ באַזונדער פּעקל, אַ מין קאָל־ייִסראָעל־פּעקל, מיטן נאָמען טשיגירינסקי.

די ייִדן, וואָס זײַנען שוין געוווינט געוואָרן צו צאָרעס און געפּרוווט געוואָרן ניט דאָס ערשטע מאָל אין אַזעלכע בילבולים נאָך פֿון פֿאַרצײַטן, און דערצו איז מען נאָך שטענדיק פֿאַרטראָגן און פֿאַרהאָוועט אין בילכערע נעענטערע דײַגעס, האָבן דאָס אַלצדינג אויסגעהערט און צוגעזען און פֿון איין טאָג צום אַנדערן ווי פֿאַרגעסן. ערשט אַז ס'איז געקומען פּייסעך, דער ליבער גוטער יאָמטעוו פּייסעך, און ייִדן האָבן אַרויסגעטראָגן דעם כאָמעץ, אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די שווערע וואָכעדיקע ווינטערדיקע מאַלבושים, אָנגעטאָן זיך אַלע נײַ און אַלע יאָמטעוודיק און צונויפֿגענומען זיך אַלע אין שול אַרײַן, האָט מען זיך דאָרט אָנגעהערט נײַס פֿונעם „פּעקל", אַזויפֿיל נײַס, אַז ס'איז אַלעמען פֿאַרקילט געוואָרן אינווייניק און ס'איז זיי פֿאַרשטערט געוואָרן דער יאָמטעוו.

דאָס הייסט, געקומען איז מען אין שול אַרײַן נישט הערן נײַס, נאָר דאַוונען, און עס קאָן זייער געמאָלט זײַן, אַז טייקעף נאָכן דאַוונען וואָלט מען זיך ווי אַלעמאָל געווונטשן איינער דעם אַנדערן אַ גוט־יאָמטעוו און ווי אַלעמאָל זיך צעגאַנגען אַהיים, איטלעכער צו זײַן ווײַב און קינדער און געזעצט זיך אָפּריכטן דעם סיידער. האָט זיך אָבער געטראָפֿן אַ מײַסע, אַז טייקעף ווי מע האָט נאָר אָפּגע־דאַוונט און די יעסוימים האָבן אָפּגעזאָגט, כאַפּנדיק און שרײַענדיק איינער העכער פֿונעם אַנדערן, דעם לעצטן „ייִסגאַדאַל וועייִסקאַדאַש", האָבן די שאַמאָסים אין אַלע שולן פֿונעם אַלמעמער מיט אַ הילכיקן פּאַטש איבערן טיש, ווי דער שטייגער איז, אויסגערופֿן האַלב אויף לאָשנקוידעש, האַלב אויף רוסיש בעזע־האַלאָשן:

— מען איז מאַכריז אומוידאָע אינעם נאָמען און פֿון גובערנאַטאָר און פֿון גאַנץ נאַטשאַלסטווע, אַז דער אוילעם זאָל זיך ניט בעספּאָקאָיען און ניט ראַספּראָסטראַניאַיען קיין לאָזשנע סלוכן, וואָרעם עס זײַנען פּרעדפּרינימאַיעט געוואָרן אַלע מיערעס, אַז ס'זאָל ניט זײַן קיין פּאָגראָם...

ווי נאָר דער שאַמעס האָט אויסגעלאָזט די דאָזיקע ווערטער אויף זײַן מאָדנע געמישטן לאָשן, אַזוי איז געוואָרן אין שול אַ הו־האַ. וויפֿל מענטשן עס זײַנען געווען אין שול, אַזויפֿיל האָבן גערעדט, ניט מער און ניט ווינציקער, און אַ בעריע וואָלט געווען דער, וואָס וואָלט זיך קאָנען באַרימען, אַז, שטייענדיק בײַ אַ זײַט, האָט ער פֿאַרשטאַנען אָדער געהערט, וואָס מע רעדט, אויסער סײַדן געציילטע ווערטער, וואָס האָבן זיך ווי געטראָגן אינדערלופֿטן: „ריטואַל... טשערנאָסאָטני... פּאָגראָם..." דאָס איבעריקע איז געווען אומעגלעך צו כאַפּן מיטן אויער.

ערשט אַז מע איז אַרויסגעגאַנגען פֿון די שולן, האָבן ייִדן, מאַלאָכים בנײ מאַלאָכים, אין דער דאָזיקער ערשטער נאַכט פֿון פּייסעך, ניט געאײַלט זיך צו גיין אַהיים, ווי אַלעמאָל אין דער צײַט; נאָר מע האָט זיך צעשלאָגן אױף רעדלעך און גרופּעסווײַז האָט מען זיך אוועקגעשטעלט זיך איבעראַנײַס א שמועס געבן, וואָס הערט זיך עפּעס נײַס אין שטאָט וועגן „פּעקל"?.. וואָסער „פּעקל" — האָט קיינער נישט באַדאַרפט צו פֿרעגן. אַלע האָבן שוין געוווּסט, אַרום וואָס פֿאַר א „פּעקל" דאָ האַנדלט זיך אַצינד. און נײַס איז געווען פֿון דעם „פּעקל" צו דערציילן זייער א סאַך. וואָרעם כּוץ דעם, וואָס מע שרײַבט וועגן דעם טאָגטעגלעך אין די גאַזעטן, זײַנען פֿאַראַן, באַרעכהאַשעם, ייִדן, וואָס ווייסן א סאַך מער. (גאַזעטן שרײַבן דען אַלצדינג, וואָס מע דאַרף? און דאָס, וואָס זיי שרײַבן, איז דען ניט אָפּטמאָל שעקער ווע־קעזוו?..) לעמאָשל, איינער דערציילט, אַז ער ווייסט פֿאַר געוויס, אַז ערשט הײַנט איז געווען א פּאַניכידע אין סאָבאָר און עפּעס איינער א סטודענט האָט געדאַרשנט און דאַפּקע אין דרויסן און דאַפּקע פֿאַר א גרויסן אוילעם, וואָס איז אַזוי צעהיצט געוואָרן פֿון דער שיינער דראָשע, אַז מע איז גרייט געווען שוין אין דער רעגע זיך לאָזן איבער דער שטאָט און אָפּרעכענען זיך מיט די ייִדן, אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטן. א גליק, וואָס פּאָליציע האָט אָנגעשמעקט און באַצײַטנס צוגעשיקט עטלעכע קאַזאַקלעך רײַטנדיק אױף די פֿערדלעך מיט די קאַנטשיקלעך אין די הענט צעטרײַבן דעם ערעוו־ראַוו, נעבעך פֿאַרשטערט זיי די סימכע...

— לעבן זאָלן די קאַזאַקלעך מיט זייערע געבענטשטע קאַנטשיקלעך! — רופֿט זיך אָפּ א קאָל, מע ווייסט ניט פֿון וועמען, ווײַל דער אוילעם איז גרויס, — זײַט זיכער, אַז וויבאַלד ס'וועט ניט זײַן קיין כמאַרע, וועט ניט גיין קיין רעגן...

— מיר האָבן א גרויסן גאָט! — כאַפּט אונטער נאָך א גרעסערער אָפּטימיסט. — א סימען האָט איר, אָט דער גאָי דער שיקער, וויבאַלד מע האָט אים אײַנגעזוצט, אַזוי האָט ער גענומען דרייען מיט דער צונג אַהער און אַהין, און ס'איז א סוואָרע, אַז עס האַלט שוין אױף א שטיקל דערעך. מע דאַרף נאָר געוויר ווערן, ווער זײַנען די שטיגוטערעס, די קלעזמער הייסט עס, וואָס פֿירן דאָס גאַנצע רעדל...

— מע וועט געוויר ווערן, האָט קיין מוירע ניט, מע וועט אַלצדינג געוויר ווערן, וואָרעם הימל און ערד האָבן געשווירן, אַז קיין פֿאַרבאָרגענע זאַך זאָל ניט זײַן אױף דער וועלט און אַז דער עמעס מוז אַרויף ווי בוימל אױבן וואַסער.

— מע באַדאַרף נאָר בעטן גאָט, הייסט עס, — כאַפּט אונטער נאָך איינער, שוין א פּעסימיסט, ווײַזט אויס, — מע באַדאַרף גאָט בעטן און טפֿילע טאָן, אַז דער בוימל זאָל אַרויף וואָס גיכער, וואָרעם עס גייט צו זייער יאָמטעוו, פֿאַרשטייט איר מיך, קאָן אַרויסשפּרינגען א פּאָגראָמטשיקל, און איצט, אַז ס'וועט זײַן א פּאָגראָם, וועט זײַן א פּאָגראָם, אַשער לוי פּאָגראָמוֹ אַוויסײנו!..

— בײַסט אײַך אָפּ די צונג! — מישט זיך אַרײַן דאָוויד שאַפּיראָ, וואָס איז געשטאַנען די גאַנצע צײַט אין א זײַט, זיך צוגעהערט מיט קאָפּ צו די אַלע שמועסן, — דאַכט זיך, איר האָט גאַנץ גוט געהערט, וואָס דער שאַמעס האָט נאַרוואָס אויסגערופֿן? לעמײַ זאָלן ייִדן האָבן א טעווע אַלצדינג אויסלייגן צום שלעכטן און אַליין אָנרופֿן אױף זיך קאָל האַצאָרעס?

— ייִד איינער! איך זאָג דען, אַז עס וועט זײַן א פּאָגראָם? — פֿאַרענטפֿערט זיך דער פּעסימיסט, — איך זאָג נאָר, אַז אויב עס וועט זײַן א פּאָגראָם, וועט...

דאָוויד שאַפּיראָ אָבער וויל ניט הערן מער. אין קאַס טרעט ער אָפּ פֿון דעם רעדל און גייט צו פֿון דאָרט צו א צווייט רעדל און הערט זיך צו פֿונדערווײַטן מיט איין אויער, וועגן וואָס רעדט דער אוילעם. לאָזט זיך אויס, אַז דאָ איז אויך דאָס אייגענע. נישט מער, דאָ רעדט מען ניט פֿון „אונדזער פּעקל", נאָר מע דערציילט מײַסעס מיט געשיכטעס פֿון אַנדערע שטעט, וואָס האָבן אױף זיך זייערע „פּעקלעך".

— וואָס ווייסט איר, וואָס עס טוט זיך הײַנט אָפּ אױף דער וועלט פֿאַר קאָמעדיעס? — דערציילט א יונגערמאַן א קרעמער פֿון באַקאַליי מיט אַן אַלט פּאָנעם און די אויגן באַ אים לאַכן, גלײַך ווי ער קלײַבט זיך דערציילן אַזעלכס, וואָס מע דאַרף דערפֿון פּלאַצן פֿון געלעכטער, — הערט א שיינס, וואָס האָט זיך געטראָפֿן הײַנטיקן פֿאַר־פּייסעך אין הײַסין, איך בין א הײַסינער און האָב א ברודער מיט א שוועסטער אין הײַסין, האָט מען געפֿונען דאָרט באַ א קריסט, אַן אָטסטאַוונאָי סאָלדאַט, נישט מער ווי פֿיר האַרוגים, זײַן ווײַב מיט זײַנע דרײַ קינדער געקוילעטע. נאָר וויאַזוי מיינט איר געקוילעט? ווי מע קוילעט א הון אָדער אַן אָקס? פֿע! די הענט מיט די פֿיס אָפּגעהאַקט, די אויערן אָפּגעשניטן, די אויגן אַרויסגענומען, די בײַכער אויפֿגעטרענט...

— נו, גענוג אײַך שוין אַנאַטאָמיע — סע שלאָגט צו דער גאַל!.. — הערן זיך קולעס פֿון ייִדן מעפֿונאָקים, וואָס שפּײַען אויס אין א זײַט און הערן ווײַטער.

— איז דאָך געוואָרן א גוואַלד: ווער האָט דאָס געקאָנט צעבראָקן פֿיר נעפֿאָשעס אַקוראַט ערעוו־פּייסעך, אַז ניט אַכײנו בנײ ייִסראָעל? האָט מען זיך מיסטאַמע געגעבן א נעם צו איינעם א ייִדן, יאַנקל קורצע פּייע רופֿט מען אים. וואָס עפּעס א יאַנקל קורצע פּייע? וואָרעם אָט דער יאַנקל קורצע

פייע איז, פארשטייט איר מיך, א ייִד א קרעמער, און דער דאַזיקער קריסט פלעגט נעמען בא אים אַף באָרג. און ניט אזוי דער קריסט, ווי זײַן ווײַב. מיט א טאָג פריִער איז געוועזן אַט דער דאַזיקער יאנקל בא דעם קריסט מאָנען געלט, ס׳איז ערעוו־פייסעך, און שכיינים, אויך קריסטן, האָבן אים געזען פארנאכטלעך זיך דרייען בא זייער שטוב — בעקיצער, אלע סימאָנים. האָט מען דעם יאנקל קורצע פייע מיסטאמע באלד אָפּגעפירט אין כיידער ארײַן, א שענערן לייגט מען אין דער ערד: „זאָג, יאנקל, ווער זײַנען געווען די שטיגוטערעס, וואָס האָבן מיט דיר איניינעם אָפּגעטאָן אָט דאָס שטיקל ארבעט? און וווּהין האָט איר אהינגעטאָן אזויפיל בלוט?״ ענטפערט די וואנט? אז יאנקל איז גאָר א טויטער! און וואָס אין שטאָט האָט זיך געטאָן צווישן ייִדן, באדאַרף איך אײַך ניט דערציילן. אהין, אהער, איך וויל אײַך לאנג נישט האלטן — עס איז אראָפּגעקומען א סליעדאָוואטעל פאָ וואזשנים דיעלאָם, ווײַזט אויס, ניט קיין פראָמאך, א קוק געגעבן אַף די פיר צעשניטענע אָבדירקעס און אַף דעם יאנקלען, און אויסגעהערט די טײַנעס פון דעם אומגליקלעכן מאן, וואָס מע האָט אים אוועקגעקוילעט ווײַב און קינדער, האָט דער סליעדאָוואטעל א דריי געגעבן מיט דער נאָז און א נעם געגעבן דעם באלדאָוער אליין הייסט עס, דעם מאן פון דער געקוילעטער גאָיע און דעם פאָטער פון די צעשניטענע אייפעלעך: „אנו, טו דיך נאָר אויס, שיינער באָכער, אַף א מינוט, לאָמיר דיך אָקאָרשט באטראכטן... און זײַ זיך מאטריִעך אין איינוועגס מיט אונדז צו דיר אַפן בוידעם, עפשער וועלן מיר עפּעס געפינען?״ בע. מע. ניטאָ קיין ווערטער! אהין־אהער — איך וויל אײַך לאנג ניט האלטן, אַפן העמד האָט מען בא אים דערזען עפּעס רויטע פלעקן, אַפן בוידעם האָט מען געפונען אלע קיילים, א האק און א מעסער און וואָס איר ווילט, און אלצדינג באַרעכהאשעם אין בלוט, און אליין האָט ער זיך אויך מודע געווען, אז באשער ער האָט א געליבטע און געוואָלט מיט איר כאסענע האָבן, און א געט איז בא זיי א ביסל שווערלעך, האָט ער געפונען א גרינגערן וועג אַף פאָטער צו ווערן פון א ווײַב א צאָרע. איז די קאשע: וואָס האָט ער געהאט צו די קינדער נעבעך? איז טאקע א קאשע. נאָר אז א מענטש האלט אין שנײַדן, שנײַדט ער... בלײַבט איבער נאָר איין זאך: צו וואָס האָט אים נאָך געטויגט, ווי זאָגט איר, אנאטאָמיע? איז דער טערעץ: אוואָדים האָיִנו — ערעוו־פייסעך!..

אויסגעהערט די הײַסינער מײַסע ביזן סאָף, קוועלט דער אוילעם און קראַצט זיך אזש פאר גרויס האנאָע, איבערגעבנדיק איינער דעם אנדערן מיט די הענט, וואָס ער פילט און וואָס ער טראכט און וואָס ער ווייסט. נאָר איין דאָוויד שאפּיראָ איז ניט צופרידן. „פון וואָס ייִדן לעקן די פינגער?״ — טראכט ער זיך און טרעט אָפּ פון דעם רעדל צו אן אנדער רעדל — אויך די אייגענע דיבורים מיט די אייגענע אינטערעסן: „סאָיוזניקעס... ריטואַל... זאמיסלאָווסקי... פורישקעוויטש... פעקלעך און מײַסעס און געשיכטן: א מײַסע פון א קליין שטעטל אין וואָלינער גובערניע מיט א רוסישער דינסט, וואָס איז פארפאלן געוואָרן אַף עטלעכע שאָ און ס׳איז שיר ניט ארויסגעקומען דורך דעם אן אומגליק... א געשיכטע פון א דאָרף אין טשערניגאָווער גובערניע מיט א קליין שיקסעלע, וואָס איז געגאנגען גראָבן ליים און איז פארשיט געוואָרן, האָבן זיך צונויפגעקליבן די גאָיִם פון דאָרף, געטרונקען בראנפן און געוואָלט מאכן א כאסענע, האָט גאָט געטאָן א נעס, דאָס שיקסעלע האָט מען אויסגעגראָבן טאקע א טויטע, נאָר אָן א שום סימען פון בלוט... א פעקל אין בעסאראַביע... א פעקל אין פוילן... א פעקל אזש אין ניזשני־נאָווגאָראָד — טפו זאָל דאָס ווערן!..״

דאָוויד שפּײַט אויס און וויל גיין אהיים — איז ניטאָ דער קליינער! פארפאלן געוואָרן זײַן גימנאזיסטל סיאָמקע. ווו קאָן ער זײַן, אשטייגער, אזא ווײַסכעוורעניק? און בא וועמען פרעגט מען, אז אלע זײַנען פארטאראַמט מיטן „ריטואַל״, צו אלדי שוואַרצע יאָר? סײַדן א פרעג טאָן באם שאמעס פון שול? נאָר ווו נעמט מען דעם שאמעס? שאַ, אָט איז ער, דער שאמעס פון זײַן שול, צווישן צוויי רעדלעך, א קליין טשיקאווו ייִדל מיט מאָדנע לאנגע הענט, די אויגן האלט ער צו און מיטביידע אויערן הערט ער זיך אײַן, וואָס באלעבאטים רעדן. איין אויער הערט בא אים, וואָס איין רעדל רעדט, און דער אנדערער אויער — דאָס אנדערע רעדל. פארדריסט עס דאָווידן.

— איר דארפט אויך הערן, וואָס מע פלאפלט?

— פארוואָס ניט? איך בין קיין ייִד ניט? — ענטפערט אים דער שאמעס האלב מיט אזעס און האלב מיט אונטערטעניקײַט און האָט מוירע צונעמען די אויערן, טאָמער וועט ער עפּעס דורכלאָזן פון דעם, וואָס באלעבאטים רעדן.

— ווייסט איר ניט, ווו איז ערגעץ מײַן זונדל?

— אײַער זונדל? — פרעגט איבער דער שאמעס און קוקט זיך ארום אַף אלע זײַטן און מוז נעבעך אוועקוואַרפן די רעדלעך מיט די באלעבאטים סאמע אין רעכטן שמועסן — די וויסטע פארנאָסע, וואָס זאָל מען טאָן?

א טאָעס וועט אָבער זײַן פון דעם, וואָס מיינט, אז דער שאמעס וועט צוליב א באלעבאָס ווי שאפּיראָ, ער מעג זיך זײַן פון די עמעסע, פון די סלאָוויטער שאפּיראָס, אוועקוואַרפן אלצדינג און גיין זוכן זײַן פאניטשל. וואָס קאָן ער ניט באשטיין, אז די דאָזיקע ארבעט זאָל נעמען אַף זיך דער „אונטער־שאמעס״? און דער שאמעס טוט זיך א דריי אהין, אהער, אָפּגעזוכט דעם אונטער־שאמעס,

וואָס האָט אויך אַ נעשאָמע און וויל אויך הערן וואָס מע רעדט, און רופֿט זיך אָן צו אים שטרענג, ווי אַן אָפֿיצער צו אַ סאָלדאַט:

— הער נאָר, דו, גיי זוך זיי אָפּ אַט דאָ זייער זונדל, אַ פֿאַניטשל, אַ גימנאַזיסטל. אָבער גיך, אויף איין פֿוס! — און אַליין האָט זיך דער שאַמעס אומגעקערט צו זײַנע רעדלעך, ווי אַ מענטש, וואָס האָט זײַן זאַך אָפּגעטאָן בישליימעס און ווײַטער לאָז זיך זײַן, וואָס סע וויל זיך.

דער אונטער־שאַמעס, וועמען דער איבער־שאַמעס האָט געזאָגט „דו", איז אויך ניט קיין ייִנגעלע, ווי מע קאָן זיך פֿאָרשטעלן, נאָר דאַפֿקע אַ ייִד אין די יאָרן, וואָס דער איבער־שאַמעס, און אַ באָרד טראָגט ער אַ סאַך אַ גרעסערע, ווי דער איבער־שאַמעס, נאָר פּיס האָט אים גאָט געגעבן אַזעלכע, וואָס גייען ניט אַליין. מע באַדאַרף זיי שלעפּן. אָט מיט די דאָזיקע געבענטשטע פּיס האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט זוכן שאַפּיראָס זונדל דאָס גימנאַזיסטל צווישן קליינוואַרג. לאָזט זיך אויס, אַז צווישן קליינוואַרג איז סיאָמקע נישטאָ. סיאָמקע וויל בעסער הערן, פֿון וואָס רעדט עס דער אוילעם אַזוי געשמאַק? האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט לעבן אַ רעדל אַלטע ייִדן, צונויפֿגעלייגט די הענטלעך אויפֿן האַרצן, אַ ביסל אײַנגעבויגן דעם קאָפּ אויף אַ זײַט, ווי אַן אַלטער, און זיך צוגעהערט צו אַלע מײַסעס מיט אַלע רייד מיט אַלע מימרעס, אַרײַנגעקוקט בייסמײַסע איטלעכן אין די אויגן אַרײַן, נישט דורכגעלאָזט קיין וואָרט, נאָר פֿאַרגעסן, אַז ס'איז הײַנט פּייסעך און אַז מע דאַרף גיין אַהיים זיך זעצן צום סיידער, און אַז ער דאַרף הײַנט פֿרעגן דעם טאַטן די פֿיר קאַשעס. אָנשטאָט די פֿיר קאַשעס, וואָס ער קען זיי אויף אויסווייניק, האָט סיאָמקע צו פֿרעגן זײַנע אייגענע פֿיר קאַשעס: די ערשטע קאַשע — פֿאַרוואָס אייגנטלעך האָט מען אים הײַנט געשלאָגן אין גימנאַזיע?.. די צווייטע קאַשע — פֿאַרוואָס אַלע יאָר און נאָר אַז סע קומט פּייסעך האָבן ייִדן מוירע פֿאַר אַ פּאָגראָם?.. די דריטע קאַשע — פֿאַרוואָס עפּעס אומעטום נאָר גוֹיִם מאַכן פּאָגראָמען?.. די פֿערטע קאַשע... נאָר דאָ קומט אָן דער טאַטע. דערזעענדיק סיאָמקען אין אַזאַ פּאָזע, פֿאַרקלעמט דאָווידן באַם האַרצן: „נעבעך אַ קינד און דאַרף הערן אַזעלכע מײַסעס..."

— אַזאַ וועוועריק, ווי דו, באַדאַרפֿסט אויך הערן, וואָס מע רעדט? אַ, ניט געדאַכט זאָלסטו ווערן! און נישט קוקנדיק, וואָס סיאָמקע איז אַ „פֿאַניטשל" און טראָגט אַ מונדירל מיט זילבערנע קנעפּ, נעמט אים דאָוויד אָן מיט קאַס פֿאַר אַ הענטל און לאָזט זיך גיין מיט אים אַהיים מיט גיכע טריט, ווי זײַן שטייגער איז.

דאָס זעקס־און־פֿערציקסטע קאַפּיטל

# באַם סיידער

פֿון שול אַהיים איז דאָוויד שאַפּיראָ אַרײַנגעקומען באַרעכהאַבע, ווי אַלע יאָר אין דער צײַט. און מיטן אייגענעם ברייטן גוט־יאָמטעוו, וואָס אַלע יאָר אין דער צײַט און, ווי אַלע יאָר אין דער צײַט, אַוועקגעזעצט זיך אויפֿן טראָן, ווי אַן עמעסער בען כוירין, ווי אַן עכטער אַריסטאָקראַט, וואָס ציילט זײַן ייִכעס אַ סאַך, אַ סאַך דוירעס פֿון „מאַלאָכים בניי מאַלאָכים", און גענומען אָפּריכטן דעם סיידער מיט דער זעלבער פֿײַערלעכקײַט, וואָס אַלע יאָר, און מיט דעם אַלטן באַקאַנטן ניגן, וואָס גייט בײַ אונדז בעיערושע פֿון דאָר צו דאָר. עמעס, אויף זײַן פּאָנעם איז געווען איבערגעצויגן נישט קיין געוויינלעך וואָלקנדל, פֿון די אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ פֿאַרבאָרגענער טרויער און אין קאָל האָט זיך געלאָזט הערן אַ מינאָרנער טאָן, אַן אָפּקלאַנג פֿון דעם קאָל־ייִסראָעל־פּעקל, וואָס הייסט „טשיגירינסקי"; דאָס אַלץ האָט אָבער געקאָנט באַמערקן נאָר איין סאָרע, וועלכע איז געזעסן איצט בײַ זײַן רעכטער האַנט אָנגעטאָן און צוגעקליבן ווי אַ קיניגן און אויסגעזען ווי אַן עמעסע קיניגן — קיינער וואָלט זיך גאָר ניט געגלייבט, אַז דאָס איז די אייגענע סאָרע, וואָס האָט אַליין מיט אירע הענט אַרויסגעטראָגן דעם כאָמעץ, אָדער, ווי זי רופֿט עס אָן, דעם „העקדעש" פֿון דער דאָזיקער שטוב און אַליין, איין מענטש אַליין, אַרײַנגעשלעפּט אַהער דעם פּייסעך. איצט זײַנען די דאָזיקע הענט ווײַס און זויבער און אַ פּאָר דימענטלעך בלישטשען אַרויס פֿון די אַלטע פֿינגערלעך, וואָס זי האָט אָנגעטאָן לעקאָוועד יאָמטעוו. די זעלבע דימענטלעך בלישטשען אַרויס פֿון אירע אַלטע אויערינגלעך, וואָס זי טוט אָן פֿון יאָמטעוו צו יאָמטעוו. נאָר מער פֿון אַלעס בלישטשעט און שײַנט איר נאָך גאָר יונג שיין פּאָנעם, וואָס איז איצט נאָר אַ ביסל מער פֿאַרזאָרגט ווי אַלעמאָל. עס מאַכט ניט אויס. סאָרע טראָגט טאַקע אַ פֿול האַרץ מיט צאָרעס נאָך פֿון פּורים אָן, נאָר זי זאָגט נישט קיינעם. ווײַבאַלד אַז איר דאָוויד האָט פֿײַנט,

מע זאָל רעדן פון דעם געהאַרגעטן וואָלאָדקע, לעמיַ זאָל זי אים אָנטאָן אומזיסטע יעסורים? זי וואָלט עפּשער אַליין אויך געוואָלט פאַרגעסן פון דער מאַקע, ווען ניט איר שוועגערן, וואָס האָט מיט אַ פּאָר ווערטער נאָר, וואָס זיַינען געזאָגט געוואָרן, דאַכט זיך, אָפן ווינט, נאָר פאַריכט דאָס מאַזל. די פּאָר ווערטער זיַינען איר אַריַין טיף אין האַרצן און ערשט נאָך איר אַוועקגאַנג האָט זי זיך דערמאָנט, אַז צווישן די פּאַפּירן, וואָס מע האָט צוגענומען באַם קוואַרטיראַנט, איז דאָך געווען אויך איר טאָכטערס פּאָרטרעט — אַ מאַקע איז איר אַ גרויסע! עס איז איר גאָר פונעם קאָפּ אַרויס, ווינד איז איר און וויי!.. און זי קוקט אָפן שיַינענדיק גליקלעך פּאָנעם פון איר טאָכטער, וואָס זיצט אַזוי נאָענט לעבן דעם נאָך מער גליקלעכן קוואַרטיראַנט, און זי בעט גאָט פאַר זיי ביידן, וואָס — ווייסט זי אַליין ניט...

זי בעט גאָט, עס זאָל איר ניט פאַרשטערט ווערן די סימכע, וואָס דאַרף זיַין באַ זיי אין שטוב, אימיר־צעשעם, אינגיכן אָף אַ קנאַסמאָל אין אַ גוטער שאָ אַ מאַזלדיקער... און אַז עס האַלט באַ אַ קנאַסמאָל אינגיכן — אין דעם איז דאָך באַ איר קיין סאָפּעק נישט, וואָרעם פונוואַנען דען נעמט זיך צו די „קינדער” אַזאַ נאָענטקיַיט? סאָרע שאַפּיראָ קאָן גוט איר טאָכטער (און דערצו גיט זי אַכטונג, אָף וואָס דען איז זי אַ מאַמע?), און אויך דעם קוואַרטיראַנט קאָן זי שוין אויסגעבונדן, און זי איז פאַר אים גאַנץ רויִק, אַז ער גייט אַרום מיט קאָשערע געדאַנקען... נישט מער, וואָס הײַנטיקע קינדער האָבן פיַינט, מע זאָל זיי אַריַינקוקן אין טעלער אַריַין, און זיי האָבן ציַיט...

סאָרע איז צופרידן, וואָס דער היַינטיקער סיידער האָט זיי געמאַכט נאָך מער נאָענט און נאָך מער היימיש ווי ביז אַהער. און געמאַכט האָט זיך עס פון זיך אַליין, אָף אַזאַ מין אופן: אַז דאָוויד איז געקומען פון שול, האָט ער קוידעמקאָל געבעטן מעכילע באַם קוואַרטיראַנט, ער זאָל זיך מאַטריַיען זיַין אָנטאָן דאָס היטל.

— טאַקע אַ סטודענט, — האָט אים דאָוויד געזאָגט, — און טאַקע אַ מעדאַליסט, און טאַקע אַ האַלבער גאָי, נאָר איינס צום אַנדערן געהער זיך ניט אָן. אַ ייִד באַדאַרף זיצן באַם סיידער אין אַ היטל, ווי גאָט האָט געבאָטן.

דערנאָך האָט אים דאָוויד געזעצט לעבן זיך פון דער לינקער האַנט (מאַכמעס אין דער רעכטער האַנט זיצט דאָך די מאַלקע, סאָרע הייסט עס), לעבן אים האָט ער אַוועקגעזעצט בעטין, געגעבן זיי ביידע איין האַגאָדע און אַ זאָג געגעבן צו דער טאָכטער אָף ייִדיש:

— דו ווייסט אים שוין וויַיזן אַלצדינג, וואָס מע דאַרף זאָגן און וואָס מע דאַרף ניט זאָגן, וואָרעם ער איז דאָך מיסטאַמע אַזוי קלאָר אין דער האַגאָדע, ווי אַ גאָי אין אשרע.

בעטי זעצט אים איבער דעם פאָטערס ווערטער, און אַך, ווער איז צו זיי גליַיך אין דער מינוט? זיי זיצן אַזוי נאָענט איינס לעבן דאָס אַנדערע און קוקן אַריַין אין איין האַגאָדע אַריַין — און וווּ זיַינען זייערע געדאַנקען? בעטי פילט נאָך אָף זיך דאָס פיַיער פון זיַינע ליפּן — און עס מאָלט זיך איר אויס, אַז מע זאָל זיך גוט צוקוקן, וואָלטן עס, דאַכט זיך, אַלע געזען... זי קאָן זיך ניט אָפּגעבן קיין ריכטיקן דין־וועכעזשבן, וויִאַזוי איז דאָס געשען? ווער איז געווען דער ערשטער — ער, אָדער זי?.. און וואָס וועט זיַין וויַיטער? מיט וועמען וועט ער רעדן — מיטן טאַטן אָדער מיט דער מאַמען? און וויִאַזוי וועט ער רעדן?.. אָדער ער וועט עפּשער וועלן אַראָפּברענגען אַהער פריִער זיַין פאָטער, דעם אופגעקומענעם גוויר מיטן גראָבן בויך און מיטן געקנייטשטן האַלדז, מיט די איבערגעזעטיקטע ליפּן און מיט די אויסגעלאָשענע אויגן?..

— ניין, דאָס וועט ער נישט טאָן. ער ווייסט, אַז איך האָב דאָס ניט ליב... — אַזוי טראַכט זיך בעטי און, איבערמישנדיק אַ בלעטל אין דער האַגאָדע, באַגעגנט זי זיך מיט זיַינע אויגן, וואָס באַרויִקן זי און זאָגן איר אַזוי פיל, אַזוי פיל!..

— זיַי מיַינע! — מאָלט זיך איר אויס, אַז עס זאָגן איר זיַינע אויגן, און זי ענטפערט אים מיט די אויגן:

— איך בין דיַינע... איך בין שוין לאַנג דיַינע, כאָטש דו ביסט מיר אַ לאַנגע ציַיט געווען אַ רעטעניש און איך האָב דיך נישט געקאָנט פאַרשטיין... — איצט דאַכט זיך איר אויס, אַז זי פאַרשטייט אים שוין גוט און קאָן אים שוין דורך און דורך און ווייסט אַפילע אַלע זיַינע מאַכשאָוועס, וואָס ער טראַכט אַצינד... אָ, גליקלעכע, נאַרישע בעטי! פונוואַנען זאָל זי וויסן, אַז דער דאָזיקער שיינער טשיקאַווער באָכער מיט דער שיינער פאַטלע שוואַרצע האָר און מיט דער ייִדישער נאָז, וואָס טראָגט אַזאַ ייִדישן נאָמען ראַבינאָוויטש און ווייסט גליַיך מיט אַלע ייִדן דעם טאַם פון אַטאָ בעכאַרטאָנו, פון „פּראָצענט־נאָרמע”, „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ” און נאָך אַזעלכע גוטע זאַכן, איז ניט ראַבינאָוויטש און ניט קיין ייִד קיין אַטאָבעכאַרטאָנוניק, נאָר אַן אַנדער מעיוכעס. זיַין ייִכעס איז ניט דער, וואָס זיַינע. עלטער־עלטערזיידעס קומען אַרויס פון די פּאַטריִאַרכן אַווראָם ייִצכאָק וועיאַנקעוו, וואָס מיר ייִכעסן זיך מיט זיי. ניין, זיַין ייִכעס איז נאָר דער, אַ דוואָריאַנין און אַ ריַיכער פּאָמעשטשיק, איוואַן איוואַנאָוויטש פּאָפּאָוו, איז אַן אָנגעזעענער פאַרשוין אין די הויכע ספערן, פון די מעקוראָווים לעמאַלכעס, מיט אַ גאַנץ הויכן טשין, שיר ניט אַ מיניסטער. ניין, איוואַן איוואַנאָוויטש פּאָפּאָוו קאָן זיך נישט באַרימען, אַז ער קומט אַרויס פון די שאַפּיראָס, פון די עמעסע, פון די סלאַוויטער שאַפּיראָס,

דערפאַר קאָן ער זיך באַרימען דערמיט, וואָס ער האָט איין ברודער אַ גובערנאַטאָר, דעם אַנדערן ברודער אַ זעמסקי נאַטשאַלניק און אַליין איז ער אויך נישט קיין אַבי־וואָר; ער איז ניט מער און ניט ווינציקער ווי דער געוועזענער ט—ער גובערנסקי פּרעדוואָדיטעל דוואָריאַנסטוואַ! נו, ווען וואָלט דאָס קומען אַפן זינען אַזאַ זאַך?.. און אונדזער העלד אַליין וואָלט דאָס דען געגלייבט פאַראַיאָרן אין דער צײַט, אַז ער וועט היינטיקע נאַכט זיצן מיט ייִדן בײַ אַ ייִדישן טיש, אַפּריכטן גלײַך מיט אַלע ייִדן דעם ייִדישן פּייסעכדיקן סיידער, אַרײַנקוקן גלײַך מיט אַלע ייִדן אין אַ ייִדישער האַגאָדע, ווו עס ווערן דערציילט די גרויסע ווונדער פון יעציִעס מיצראַיִם, און נאָכדעם זיך קוויקן גלײַך מיט אַלע ייִדן מיטן טרוקענעם אָרעם־ברויט, וואָס הייסט אַף זײַן גאָיִש לאָשן „מאַצאַ", מיטן הארבן ביטערן מאָרויר־כריין, מיט די געפילטע שטאַרק געפעפערטע פיש, מיט די פעטע מאַצע־קניידלעך און פאַליר־טשיקעס? און ווער איז עס אימשטאַנד איבערגעבן אַף פּאַפּיר דעם יאַם מיט געפילן און די וועלט מיט געדאַנקען, וואָס האָט איבערגעלעבט און איבערגעטראַכט אונדזער רוסישער העלד אין דער דאָזיקער נאַכט פון דעם ייִדישן פּייסעך באַם ייִדישן טיש מיט ייִדן באַם סיידער?.. אָט ערשט פאַר יאָמטעוו האָט ער געלייענט אין אַ צײַטונג אַ קורצע טעלעגראַמע פון זײַן היים פון ט—ר גובערניע, אַז פון דאָרט, לויטן באַפעל פון ט—ר גובערנאַטאָר (זײַן פעטער), ווערן אַרויסגעשיקט אין צוויי וואָכן צײַט 450 מישפּאָכעס...

„פיר הונדערט פופציק מישפּאָכעס, — טראַכט ער זיך, אַרײַנקוקנדיק מיט בעטין אין איין האַגאָדע אַרײַן, — פיר הונדערט פופציק מישפּאָכעס, דאָס זײַנען אומגעפער אַ פאַר טויזנט נעפאַשעס, ווערן זיי אַרויסגעשיקט דורך מײַן פעטער דעם גובערנאַטאָר, נישט דערפאַר, וואָס זיי האָבן עמעצן באַגאַזלט אָדער באַגאַנוועט. פיר הונדערט און פופציק מישפּאָכעס אין איין קלאַפּ קאָן מען נישט כאַפּן אין איין אווירע. מע שיקט זיי אַרויס נאָר דערפאַר, וואָס זיי זײַנען ייִדן... מע האָט זיך אָפּגעכאַפּט — אַזוי שטעלט ער זיך פאָר — אין איין שיינעם טאָג, אָדער אין איין פינצטערער נאַכט 450 מישפּאָכעס מענטשן און מע האָט זיי איבערגעלייענט אַ פּאַפּיר, אַז זיי זאָלן זיך אין פאַרלויף פון צוויי וואָכן פאַרנעמען מיט אַלע זייערע בעבעכעס און זאָלן זיך איבערפעקלען וווּהין די אויגן טראָגן, אַהין, אין דער „טשערטאַ", גדיע יעווריאַם זשיט דאָזוואָליענאָ... און אַזוי־ווי דאָס איז עפּעס ניט אַזאַ גרינג שטיקל אַרבעט, אַז 450 מישפּאָכעס זאָלן זיך אין צוויי וואָכן צײַט אַריבערפעקלען מיט די בעבעכעס אַף אַ שטעטל פון טויזנטער ווערסטן, און אַזוי־ווי דאָס ייִדישע פאָלק איז, לויט ער האָט דאָס קענען געלערנט, אַ פאָלק פון מענטשן היציקע, מענטשן כאַפּנדיקע, מענטשן זשומענדיקע, מענטשן פליגן, האָט זיך עס דאָרטן מיסטאָמע געקאָכט! ייִדן האָבן זיך געפּאַקעוועט, ווײַבער האָבן געוויינט, קינדער האָבן געפּישטשעט — און פּאָליציע האָט אַכטונג געגעבן, אַז פון די 450 מישפּאָכעס זאָל זיך, כאַלילע, נישט פאַרוואַלגערן קיין איינציק ייִדל... און אָט האָבן זיך אָפּגעהויבן 450 מישפּאָכעס פון זייערע ערטער, ווו זיי זיצן שוין עפּשער הונדערטער יאָרן, און שלעפּן זיך מיט זייערע בעבעכעס אַף די אײַזנבאַנען, שיפן און טראַקטן פון אונדזער אומגעלומפּערט גרויסער מעדינע, עפּעס אַ מין אויסגאַנג פון מיצראַיִם אינעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט..."

טראַכטנדיק פון דעם, דערמאָנט ער זיך גענוי אינעם לאָשן ווי דאָרט איז געשטאַנען: „נאָכן באַפעל פונעם ט—ער גובערנאַטאָר" — דאָס איז זײַן פעטער, זײַן פאָטערס ייִנגערער ברודער אַנדריי איוואַנאָוויטש פּאַפּאָוו, נישט נאָר אַן אויסגעצייכנטער בראַווער מענטש מיט אַ גוטן ווייכן כאַראַקטער, נאָר אַ מענטש מיט ליבעראַלע געדאַנקען... און ער דערמאָנט זיך, וויאַזוי דער פעטער אַנדריי איוואַנאָוויטש האָט אַמאָל אײנײנעם מיט זײַן פאָטער איוואַן איוואַנאָוויטש שטאַרק פּראָטעסטירט און צעקריגט זיך מיט זייער עלטערן ברודער, דעם זעמסקי נאַטשאַלניק ניקאָלײַ איוואַנאָוויטש, דערפאַר, וואָס יענער האָט דערלאָזט, מע זאָל בײַ אים אין דאָרף אָפּשמײַסן אַ גאָי... ער געדענקט נאָך, ווי דער פעטער אַנדריי איוואַנאָוויטש האָט דעמלט געפײַערט, אָנגערופן דעם פעטער ניקאָלײַ איוואַנאָוויטש מיטן נאָמען „אַראַקטשייעוו"... ווי איז דאָס מעגלעך? ניט שוין זשע האָבן די פיר הונדערט און פופציק ייִדישע מישפּאָכעס אים געלאָזט צורו, נישט געגאַנגען בעטן (ייִדן האָבן דאָך אַזוי ליב בעטן, שיקן דעפּוטאַציעס!) — ווו איז געווען דעמלט זײַן גוט האַרץ? ווו זײַנען געווען זײַנע ליבעראַלע געדאַנקען?..

„עפּעס טאַקע נאָר אַן איבערקערעניש אין די מויכעס, מעשוגע צו ווערן! אַפּאָנעם עס איז היינט אַזאַ צײַט געוואָרן, — טראַכט ער זיך ווײַטער, — וואָס אַלצדינג איז קאַפּויר, מיטן פּאָנעם אַראָפּ? דאָס, וואָס אַמאָל איז געווען קרום און מעשונע, איז היינט גלײַך ווי עס געהער צו זײַן. דאָס, וואָס פרײַער איז געווען דורכויס אומעגלעך, איז היינט גאַנץ מעגלעך. אָט, לעמאָשל, דער אינצידענט מיטן גענעראַל, וואָס די באַרישניעס פּאַמיליאַנט האָבן דאָ היינט דערציילט... גייט זיך אַ גענעראַל איבער דער גאַס — ניט קיין פינצטערער מענטש פון מאַרק, ניט קיין איזוואָזטשיק, ניט קיין באָסיאַק, נאָר אַ גענעראַל! — נו, גייט זיך אַ גענעראַל און דערזעט, אַ גרעק פירט זײַן קינד פאַר אַ הענטל און דאָס קינד וויינט, נו איז אַ סימען, אַז דאָס פירט מיסטאָמע אַ ייִד אַ קריסטלעך קינד פאַר אַ „קאָרבן־פּייסעך" — ניט אַנדערש... אַפּאָנעם, אַז מיר אַלע, פון קליין ביז גרויס, פונעם סאָלדאַט ביזן גענעראַל, פונעם אַרבעטער ביזן אינטעליגענט, פונעם „צווייקעפּיקן אָדלער" ביז דער „נאָוואָיע ווערעמיאַ", גלייבן,

אָדער עס ווײַזט זיך אונדז אויס, אז מיר גלייבן, אז אין אונדזער אומגעלומפּערט גרויס לאַנד, צווישן אַלע אַנדערע פֿאַרשיידנאַרטיקע פֿעלקער, געפֿינט זיך אַ פֿאָלק, וואָס הייסט ייִדן, און די דאָזיקע ייִדן, זאָגט מען אונדז, זײַנען ניט נאָר ערגער און שעדלעכער און נידעריקער פֿון אַלע אַנדערע פֿעלקער, נאָר זיי זײַנען נאָך אַזוי פֿאַנאַטיש ווילד, אַז זיי באַניצן מענטשלעך בלוט צו זייערע רעליגיעזע צוועקן, און דאַפֿקע אונדזער קריסטלעך בלוט, וועלכעס זיי צאַפּן אויס פֿון אונדזערע קריסטלעכע קינדער אויף אַזאַ אומענטשלעכן שטייגער, וואָס ס'איז גאָר נישט געהערט געוואָרן, סײַדן צווישן באַרבאַרן, איז דאָס אין די אַלטע־אַלטע צײַטן! און די דאָזיקע ייִדן זײַנען ניט עפּעס אַ הײַפֿל מענטשן, וואָס האָבן זיך פֿאַרקליבן ערגעץ אין אַ ווײַט ווינקל אויף יענער זײַט אוראַל, אָדער אויפֿן קאַווקאַז. ניין, דאָס זײַנען היפּשע עטלעכע מיליאָן אונדזערע נאָענטע שכיינים, מיט וועלכע מיר לעבן אינײנעם אויף איין טעריטאָריע, אָטעמען מיט זיי איין לופֿט, עסן מיט זיי איין ברויט שוין הונדערטער פֿון יאָרן! דאָס זײַנען ניט קיין כינעזער, אָדער אינדיאַנער, וועמענס גלויבן איז פֿאַר אונדז פֿרעמד און וועמענס היס־טאָריע איז פֿאַר אונדז אַ סאָד. ניין. מיר זײַנען גאַנץ גוט באַקאַנט מיט זייער גלויבן, וואָס איז אונדז מער ווי נאָענט, און זייער היסטאָריע איז פֿאַר אונדז אָפֿן. וויבאַלד אַזוי, וויבאַלד אַז גאַנצע פֿעלקער און דורות קאָנען האָבן וועגן מענטשן, וואָס לעבן מיט זיי, מען קאָן זאָגן, אונטער איין דאַך, אַזוינע קאָמיש פֿאַלשע מיינונגען, אַזעלכע מעשונע ווילדע אומגעלומפּערטע פֿאַרשטעלונגען, הײַנט וואָס פֿאַר אַ ווערט קאָנען האָבן אַלע אַנדערע מיינונגען און פֿאַרשטעלונגען?..״

— ס'איז אײַך, ווײַזט אויס, געפֿעלן? איר ווילט נאָך? — רופֿט זיך אָן צו אים בעטי און מיט אַ פֿריילעכן געלעכטער מאַכט זי אים צו הינטער דער נאָז די האַגאָדע.

— בעטי, ביסט אָן אַזעספּאָנעם! — האַלט איר פֿאָר די מוטער. — וואָס איז דײַן אײַסעק? עפּשער ווילן זיי זאָגן שיר־השירים אויך?

— ב'נו! — ציט אויס דאָוויד, וואָס איז געווינט צו זאָגן אַלצדינג פֿאַרקערט, וואָס דאָס ווײַב זאָגט, אַפֿילו פּייסעך צום סיידער, — ווערדליך דו פֿאַרשטייסט אָן אײַסעק... אונדזער ראַבינאָוויטש וועט זיך שוין באַגיין, זע איך, הײַנטיקס מאָל אָן שיר־השירים. גענוג פֿון זײַנטוועגן דאָס אויך, אַז ער האָט געקאָנט אויסזיצן ביז כאַד־גאַדיאָ... איר קאָנט שוין אויסטאָן דאָס היטל, אויב איר ווילט, אָדער אויב ס'איז אײַך שווער.

אַזוי זאָגט דאָוויד צום קוואַרטיראַנט, וואָס שטייט אויף פֿון טיש אינײנעם מיט בעטין, טוט אויס דאָס היטל, וואָס איז פֿאַר אים געווען בעעמעס אַ פּאַשעטע זאַך, זעצט זיך אַוועק מיט איר בײַ אַ זײַט אַ ביסל רעדן און אַ ביסל קריגן זיך, זאָגן אײנס דאָס אַנדערע שטעכווערטער, ווי זייער שטייגער איז. און דאָוויד זינגט אויף אַ קאָל מיט אַן אַלטן ניגן דעם אַלטן „שיר־השירים״. און סיאָמקע אויף זײַן יונג קעלכל זינגט אים נאָך, און סאָרע קוועלט פֿון זיי אַלע, ווערט ברייטער ווי לענגער.

(פֿאָרזעצונג קומט)

## לידער און מיניאַטורן

### די נעשאָמע

וווען אַף נאכט באהאלטן זיך די שוואָמען
און די קווייטן זיך פארמאכן ריין, —
כ'נעם ארויס פון קערפּער די נעשאָמע,
און זי לעבט א שטיקל צײַט אליין.

גאָט באהיט, איך זאָל באגיין א טאָעס,
כ'האלט זי, די נעשאָמע, אַף דער שײַן,
אויב קיין פרעמדער שטויב אַף איר ניטאָ איז,
לאָז איך זי צוריק אין זיך אַרײַן.

די נעשאָמע איך באקוק ווי צירונג:
צי זי איז אין שטייגער ניט פארפלעקט,
צי עס האָט ניט עפּעס א פאסירונג
אַף איר פּאָנעם איבערגעלאָזט שרעק.

און אזוי, צונויפגעשטעלט אינגאנצן,
אָט — מײַן קערפּער, אָט — מײַן קערפּערס גײַסט,
גיי איך צו באל'כאים און צו פלאנצן —
פון באשאַף אַן ערשט געבראכטע נײַס.

### מאמע

די פייגל אינעם פלי, די פיש באם דעק באם סאמע,
דער מענטש סײַ אין דער לופט, סײַ אין די טיפע יאמען,
די כײַעס און די כײַעלעך, וואָס טראָגן זיך ארום און לויפן, —
זיי אלע ווילן פון דער ערד ניט אָפּגיין אַף א רעגע בעשום־אויפן.
צו איר זיי דריקן זיך, ווי אייפעלעך באם זויגן,
און איבער אלדאָס לעבעדיקס די ערד שטייט אָנגעבויגן.
אָ, קינסטלער, מאָל מיר אַן די מאמע, וועלכע גיט
און קיינמאָל נעמט ניט, כאָטש שוין אויסגעצערט און מיד.

### א שטימונג

מײַן גוטער גוירל, כ'בין דיר מויכל דײַנע גליקן,
דאָס לעבן גייט אין סטראָי, אָדער „סקוואָז סטראָי”.
אויב ס'איז באשערט, כ'זאָל ווערן אויסגעטריקנט,
איז בעסער זײַן גאנצפרי א טראָפּן טוי.

אזויפיל יאָרן איז מײַן מאזל אונטערוועגנס,
די שטערן זײַנען מיד צו קוקן פון דער אייביקײַט אַף מיר.
א קײַל'כיקן מעסלעס אין מײַנע פענצטער קלאפּן רעגנס,
און זײַן וועלן נאָך שנייען, כ'ווייס פונפריר.

א מאלעך קומט אראָפּ און מאָסטעט זיך דערנעבן,
און דעמלט די נעוויִע רעדט אין מיר פון היץ.
אויב ס'איז באשערט, כ'זאָל ווען־עס־איז נאָך לעבן,
דאן זאָל עס זײַן א ביסל גליקלעכער ווי איצט.

7 מײַ 1978

## אלע בענדער פון מײַן לעבן

כ׳געדענק ניט, ווען פֿאַרענדיקט כ׳האָב דעם ערשטן באַנד
פֿון מײַן פֿילבענדיק לעבן, ווען געשריבן כ׳האָב דעם צווייטן.
איך האַלט שוין איצט ווער ווייסט בײַ וועלכן. מיט אַ דער־אָ האַנט
דעם לעצטן באַנד כ׳וועל אונטערשרײַבן, מיט אַ וואָרט באַגלייטן:
נעמט, נעמט אים, מענטשן, נעמט אים — ווער עס וויל
און לייענט אים מיט טאָלק און מיט געפֿיל.

## ב ר ו י ט

די ברעקלעך ברויט, וואָס זײַנען מיט מיליאָסן ברעקלעך אַנדערע צוזאַמען
אַראָפּגעפֿאַלן פֿון דער גליטשיקער פּלאַנעטע ערד, —

פֿאַרלוירן זיי עס האָט מײַן מאַמע,
זי האָט אַראָפּגעווישט פֿון טיש די ברעקלעך ברויט און זיי אין וועלטן־טהאָם פֿאַרלוירן
און ניט געוווּסט, אַז זייער וועג וועט צוואַנציק אָדער דרײַסיק דויערס דויערן.
דאַן, ווען בײַ אונדז אויף דער פּלאַנעטע מ׳וועט זיך אויסלערנען שוין מער קיין ברויט ניט עסן,
אויף אַנדערע צוזיפֿשאַרן מע וועט די ברעקלעך, וואָס אין זיי מײַן מאַמע האָט פֿאַרגעסן.

## בײַ אײַך אויך?

עפּשער וועט איר מיר זאָגן, צי דאָס זעלבע קומט פֿאָר בײַ אײַך.
בײַ אונדז האָט נאָך קיינמאָל קיין הירש פֿון אַ בלאָטקעלע ניט געטרונקען.
דער יונגער אַפּרעל וואַרפֿט זיך אַראָפּ פֿונעם הימל אין טײַך
און ווערט ניט דערטרונקען.

## אַזוי און אַזוי

דו זאָגסט — וואָרקוטאַ...
נאָר מיר זײַנען באַלאָנים
צו וויסן, אַזוי און אַזוי:
צי האָסטו געשמאַכט אין דער וויסטער קאָלאָנע,
צי עפּשער געדינט אין קאָנוואָי.

## בענקשאַפֿט

דער פּישפּאַנג אין יאַם גייט מעסלעסן שוין וויפֿל
די יונגע מאַדאָנע קוקט סומנע און זיפֿצט.
עס זיצט אויף אַ כוואַליע איר מאַן אינעם שיפֿל,
און זי אויף דער פּריזבע אין דערפֿעלע זיצט.

## דער טויט פון אַ סאָלדאַט

— אַמעלטשענקאַ, וואַרף גיכער די גראַנאַטע!
(ער שווײַגט, אַזוי ווי זיך פאַרטראַכט...)
— אין דער מאַמעס מאַמען, אין טאַטנס טאַטן!
באַך־ד!..

אַ וואַרף טאָן די גראַנאַטע ניט באַוויזן...
די האַנט (שוין באַ דעם טויטן) אָפּגעריסן...

## אַ צירק

באַ דער שײַן פון די טאַנקען, וואָס ברענען,
שלעפּט מיט קאַס אַ געזונטער סאָלדאַט
זײַן פאַרהלושעטן דײַטש — אינעם פּלען אים! —
און עס דוכט: אויף מילכאָמעס אַרענע
שפּילט אַ קלאָון מיט אַן אַקראָבאַט.
אינעם צירק דער אַרײַנגאַנג איז טײַער,
כאָטש אַרויסגיין איז מעגלעך געשווינד.

ס׳פּילן אויס די קאָמאַנדע „פײַער!"
דרײַ האַרמאַטן,
דרעסירטע הינט.
די פּעכאָטע דערווײַל האָט פאַרויכערט,
אויף דער שלאַכט נאָך ביכלאַל ניט געווירקט,
בלויז געקוקט דורך די ביקסן, און אויכעט
אַפּלאָדירט דעם האַרמאַטישן צירק.

## אַן אומבײַט פון טעלעגראַמעס צווישן די מיליטערישע הויפּט־שטאַבן פון ענגלאַנד און פססר

לאָנדאָן — צו מאָסקווע

— זאָגן דיר — ניטאָ קיין ווערטער...
דער מאַלעכהאַמאָוועס פּליט:
אינדערפרי — די גרויסע בערטאַ,
אָפּדערנאַכט — דער מעסערשמיט.

מאָסקווע — צו לאָנדאָן

יאָ, ס׳איז דער פאַשיסט צעיושעט...
הײַנט מיר שיקן אָפּ אַהין:
פונדערנאָענט — די קאַטיושאַ,
אינדערווײַטן — «На Берлин!»

## אַ פאַרגלײַך

איבערן פעלד די טאַנקען קריכן,
אונדזער האַרמאַט שיסט און שיסט.
— זאָג, צו וואָס איז עס געגליכן?
— ווי גלײַך מע קנאַקט מיט אַ האַמער ניס...

## די רויטע אַרמיי האָט זיך אַרײַנגעריסן אין בערלין

צוויי שאָ אַן ערעך פאַרן אויפגאַנג פון דער זון, דעם זעכצנטן אַפּרעל,
האָט זשוקאָוו זײַנע צען אַרמייען אויפגעהויבן גרינג ווי פעדערן
און מיטאַמאָל געגעבן זיך אַנטקעגן היטלערן אַ שטעל
אַזש לעם דער סאַמע קאַנצעליאַריע — מיט אַלע שטיוול און מיט אַלע רעדער.

## בערלין, 9 מײַ 1945

ווי פֿל יאָרן, טעג און וואָכן
די פֿאַשיסטן ברעכן מיר!
אונדזער קויך האָט זיי צעבראָכן
אָן א צאָל און אָן א שיר.
די פֿעגירים אָנגעוואַליעט,
ערשט צעגאַנגען איז דער שניי.
— עפּשער ווייסט איר, רעב גדאַליע,
ווער ס׳איז היטלער צווישן זיי?
א מאַפּאָלע אויף דעם סוינע,
א גדולה אויף דער וועלט!
דאַנקען גאָט, אויף אַלע ברוינע
כ׳האָב א קרעסט אוועקגעשטעלט.

דער סאָלדאַט עסט באָרשטש מיט קאַשע,
פֿונעם זיג צופֿרידן סטאַם.
— עפּשער ווייסט איר, רעב מענאַשע,
ווער ס׳איז היטלער אינעם כלאַם?
ס׳איז מײַן אויסוואַל הײַנט א גרינגער,
דעם סאַכאַקל כ׳מאַך געשווינד:
נעם די מערדער פֿון טרעבלינקע,
וואַרף אַרויס זיי פֿאַר די הינט!
שוין באַקומען די מאַפּאָלע,
ליגן זיי דאָ — איינס און צוויי.
— עפּשער ווייסט איר, רעב נאַפּטאָלע,
ווער ס׳איז היטלער צווישן זיי?

נײַע איבערזעצונגען

פּאַוועל אַנטאָקאָלסקי

## דער סאַנקיולאָט

ס׳איז געווען מײַן מאַמע א מאַכשייפֿע,
און מײַן טאַטע איז א גראַף געווען.
אירע קליידלעך, אָן די לאַנגע שלייפֿן,
האָבן זיי אויף ווינדעלעך פֿאַרשווענדט.
צוויי פֿאַרקילטע נעכט זי האָט געוואָיעט,
גייענדיק צו קינד אין ריוו מיט מיר,
און דער רעגן האָט מיך ניט געפּאָיעט,
נאָר באַשפּיגן און דערטרונקען שיר.
מ׳האָט באַשטראָפֿט מײַן מאַמע מיט געוויכטער,
זי געשלאָגן ווילד האָט א מאָנאַך.
אין די רויטע מאַנטיִעס די ריכטער
זײַנען לעבן איר געשטאַנען וואַך.

אין פּאַריזש — א הונגער. ווי די בינען
זשומען פּײַנטשאַפּט, סינע און פּאַראַט.
ס׳האַלט א רעדע בא די יאַקאָבינער
וועגן פֿרײַהײַט הייס אַן אַדוואָקאַט.
האָב איך אים געזאָגט: מײַן הער, אַמערסטן
איז די פֿרײַהײַט פֿאַר דעם מענטש א נעס.
אָבער זאָג, צי האָט א זינען מעסטן
צוליב דעם די הויקערס און די נעז?
איז דעריבער — בעסער שוין פֿאַרפֿירן,
קעפּ אויף פּיקעס זײַן זאָלן א טרייסט.
דו ניט רעד, מײַן הער, פֿון א פּאַפּירל,
ס׳אײַזן שמיד קאָלזמאַן עס איז נאָך הייס.

אָט דער רעדנער האַלט מיך פֿאַר א הונט,
מיטן פֿוס ער שטורכעט מיך אָן זאָרגן:
„וויס, אַז אונדזער גוטסקײַט איז — פֿאַרנונפֿט,
אונדזער דרייסטקײַט — רײַסן זיך דעם גאָרגל.
אונדזער לוין — דער רועך נעמען זאָל אים —
איז דער רעוועך פֿון א פּוסטער שפּיל.
אונדזער רעכט — דאָס רעכט פֿון שלימאַזאָלים,
און ווערסאַל — א מיִעסע קאָרטנשפּיל”.
ס׳האָט גערעדט דער אַדוואָקאַט אָן אויפֿהער,
אַז טיראַנען לעשן אויס די שײַן,
און ער האָט קאָל־קוירעסדיק גערופֿן,
דאַנקבאַר זאָלן אונדז די יאָרשים זײַן.
אָבער מיר אַליין (די וועלט ניט שוינען
איז פֿון שטענדיק אונדז געווען באַשערט), —
מיר געשאָלטן האָבן די האַמוינים,
ס׳לעבן האָט קיין גראָשן ניט די ווערט.
כ׳האָב געקריגט זיך און געמאַכט סקאַנדאַלן,
גאַזלערײַ געשאַצט ווי גאָלע גאָלד,
און פֿאַר דעם געהאַט כ׳האָב טריבונאַלן,
אויב דער גורל האָט עס נאָר געוואָלט.
מ׳האָט מיט יוישער זיך צעצאָלט פֿאַר אַלץ,
און דער פּניי אין שיינע פּאַטאַנעס
איז אַרומגעפֿאָרן. ברויט־און־זאַלץ
ברענגען אונטערלעקערס די פּאַטראָנען.



כאַים מעלאַמוד

# פאַרגעסענע זײַטלעך

ראָמאַן

• צווייטער טייל •

## א שטיקעלע אַרײַנפיר

שוין א וואָך צײַט, אַז מיר זײַנען אין סאַראַטאָוו. און עס לעבט נאָך אַלץ דאָס געפיל, אַז מיר זײַנען געפאָרן אויף צוריק. אין טשערנאָוויץ איז דער פרילינג שוין געווען אין פולן בלי, און דאָ האַלט ער ערשט באַם סאַמע אָנהייב. די גרינקייט איז נאָך זייער א שיטערע, און די בלעטער אויף די ביימער פילן זיך ווי אומהיימלעך, ציטערן, גלײַך ס'איז זיי קילבלעך פונעם ווינטל, וואָס בלאָזט פון דער וואָלגע.

יאָ, פונעם פרוט ביז דער וואָלגע איז פאָלג מיך א גאַנג. און ניט אַזוי אין דער ווײַטקייט, ווי אין דער אַנדערשקייט. אַלעמאָל, ווען מיר קומען אַהער צוגאַסט צום זון, דאַרפן מיר האָבן א שטיקל צײַט אויף זיך צוגעוווינען צו אָט דער אַנדערשקייט. און ניט בלויז דערפאַר, וואָס מע דאַרף איבערוקן דעם זייגער אויף א שאָ פאָרויס. נאָך דער באַרגיקער בוקאָווינע, ווען דער אַרום איז פול מיט באַרג־

---

פ אָ ר ז ע צ ו נ ג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד", 1988, נומ. 10.

ארופן און באַרג־אַראָפּן, און די גאַנצע וועלט זעט אויס, ווי איינגעמאָסטעט צווישן בערג, נאָך בוקאָווינע מיט אירע סעדער און וועלדער, מיט איר פאַרשיקערנדיקער פּילפאַרביקייט און דופּטיקייט, זעט אויס דער בײַוואָלגישער סטעפּישער ארום ווי אָפּגעבליאַקעוועט.

און אַנדער וועלט מיט אַנדערע רוימען און אַנדערע רײַכעס. איך ווייס ניט, פונוואַנען עס נעמט זיך אָט די ביטערלעכע טערפּקייט, איך ווייס ניט, וועלכע גראָזן וואַקסן אין היגן סטעפּ, נאָר אַפילע דער היגער האָניק פאַרמאָגט אויך אין זיך די דאָזיקע אומגעווייגלעכע טערפּקייט, וואָס טוט אַמאָל א שטשיפּע פאַרן צונג. און ס'איז פאַראַן אין דער היגער לופט א ביסל איבעריקער שטויב און א ביסל איבעריקער רויך. און פון דער וואָלגע ציט מיט אַן אומבאַקאַנטער פײַכטקייט, א פײַכטקייט, וואָס האָט אַרײַנגענומען אין זיך די קעלטן פונעם פאַרגאַנגענעם ווינטער און אויך די היצן פונעם אָנקומענדיקן זומער.

און נאָך אַזוינס, וואָס מיר איז שווער צו דערקלערן. בא אונדז אין טשערנאָוויץ, ווען דו זיצסט, אָדער שפּאַצירסט אַרום איבערן טעאַטער־פּלאַץ, צי אין צענטראַלן פּאַרק, פּילסטו זיך, ווי אין א גרויסן, גערעמען הויף, אַרומגערינגלט פון אַלע זײַטן מיט הויכע און גרינע ווענט, א מין אויסטערלישער איבערפלעכט פון לינדן און דעמבן, קליאָנעז און קאַשטאַנען, יעלן און אַקאַציעס. ווענט, וואָס שאַפן א פּילפאַרביקע מאָזאַיִק, מיט וועלכער דאָס אויג קאָן זיך ניט אָנזעטיקן. און דער הימל... דער גרינלעכער הימל זעט אויס ווי א דורכזיכטיקער דאַך איבערן קאָפּ. געוויס איז דאָס ניט מערער, ווי א דוכטעניש. נאָר דו פּילסט זיך ווי אין א געמיטלעכן, באַשיצטן פון אַלע זײַטן און אויך פון אויבן, מויער. דאָ איז אומעגלעך שאַפן פאַר זיך אַזא בילד און האָבן אַזא געפיל. דאָס אויג זעט אַלץ אַרום ביז דער ווײַטסטער אומענדלעכקייט, אַלץ אַרום איז אינגאַנצן דרויסנדיק, צופיל סטעפּיש און צופיל ראַכוועסדיק. אומהיימלעך־ראַכוועסדיק. געוויס דאַרף מען האָבן א שטיקל צײַט אַף צוגעווינען זיך צו אָט דער אַנדערשקייט. נאָר מיר פאַרברענגען דאָ ניט מערער, ווי א פאָר וואָכן. און דאָס איז זייער ווייניק אַף צוגעווינען זיך.

די ערשטע וואָך בין איך געווען פאַרנומען מיט פאַרנאָטירן דאָס, וואָס סימע־סעמיאָן־סעמיאָנאָוויטש האָט מיר דערציילט. איך האָב דערבײַ געמוזט אַלעמאָל אָנקומען צום פעסטן זיקאָרן פון מײַן ריווען, וואָס פאַרגעדענקט שטענדיק אייניקע דעטאַלן פיל בעסער פון מיר. כאָטש זי איז די גאַנצע צײַט געזעסן, ווי א זײַטיקע. און אַלעמאָל, ווען זי האָט מיר געהאָלפן אופשטעלן אין זיקאָרן דאָס, וואָס איך האָב שוין טיילווײַז פאַרגעסן, האָט זי אַרויסגערעדט מיט א ביסעלע כויזעק:

— עפּעס זעט מען ניט דײַן סעמיאָן סעמיאָנאָוויטשן.

מיר האָט דאָס אַפּאַנעמעסן באומרויִקט. איך בין כוישעד געווען, אַז זי איז פון יענעם דאַרף אָפּגעפאָרן גלײַך אַהיים. די אויסגערעכנטע פאָר טעג זײַנען דאָך שוין לאַנג דורך.

סימע איז געקומען ניט אין א פאָר טעג אַרום, נאָר אין אָנהייב פון דער צווייטער וואָך. געקומען שטאַרק אַן אויסגעמאַטערטע, א פאַרומערטע, און מע האָט זיך געקאָנט אָנשטויסן, אַז די פאַרגאַנגענע וואָך איז געווען פאַר איר ניט קיין גרינגע. ס'איז אויך געווען צו זען, אַז זי מוז אין דער ערשטער ריי זיך גוט אויסשלאָפן.

— א מאָדנע זאַך, — האָט זי דערציילט מיט פאַרדראָס, ווי נאָר זי האָט זיך א ביסל אַרומגעוואַשן. — מענטשן, וואָס זײַנען געקראָכן אין גרעסטן פײַער, יעדע מינוט אײַנגעשטעלט דאָס לעבן, זיך אומגעקערט אַהיים מיט פיל אָרדענס און מעדאַלן און מיט איבערגעבראָכענע ריפּן, און דאָ קאָנען זיי זיך ניט קעגנשטעלן עפּעס א נישטיקייט, וואָס מיינט, אַז די גאַנצע וועלט איז זײַנע און קיין העכערס פון אים איז שוין ניטאָ.

— ווּעמען מיינט איר עס? — האָב איך ניט פאַרשטאַנען.

— מײַן מיילעכס א פּאַציִענט, פּיאָדאָר רופט מען אים. פּיאָדאָר פּיליפּאָוויטש. דער דאָרפּראַט האָט זיך צוגעטשעפּעט צו אים דערפאַר, וואָס ער האָט איבעריקע צוויי סאָטקעס אַפן גאָרטן, און האָט ניט געזעצלעך צוגעבויט צו זײַן כאַלאַבודע עפּעס א קורניקל. האָט מען אים איבער דעם אַזוי פאַרמוטשעט, אַז ער שלעפּט שוין קוים די פיס. און מײַנע רעפּועס... זייער גוטע רעפּועס, מיר האָבן זיי קוים געקראָגן. נאָר וואָס קאָנען זיי העלפן, אַז אין דאָרפּראַט זיצט א שיקער און וויל פון גאָרנישט ניט וויסן? האָב איך שוין געמוזט אַליין אונטערהייצלן ניט נאָר פּיאָדאָרן, נאָר אויך דעם דאָרפּראַט. כ'האָב געמוזט אוועקפאָרן אין ראַיאָן און האָבן זייער ניט קיין אָנגענעמען שמועס מיטן ערשטן סעקרעטאַר פון ראַיקאָם. איך קאָן גוט מײַן מיילעכן. ער, אַז ער נעמט זיך פאָר עפּעס, מוז ער דאָס דערפירן ביזן סאָף. ס'זאָל אים אַפילע קאָסטן נאָך א כוידעש ליגן אין האָספּיטאַל. און וויפל האָט ער זיך עס אָנגעקרענקט, ניט אַזוי איבער זײַנע לונגען, ווי איבער זײַן כאַראַקטער?

דער סעקרעטאַר פון ראַיקאָם האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס פאַר א שײַכעס האָב איך, אַן אָדעסיטקע, צו אָט דעם פּיאָדאָרן. האָב איך אים געמוזט געבן צו פאַרשטיין.

ארופן און בארג־אראָפּן, און די גאנצע וועלט זעט אויס, ווי אײַנגעמאָסטעט צווישן בערג, נאָך בוקאָווינע מיט אירע סעדער און וועלדער, מיט איר פאַרשיקערנדיקער פילפאַרביקייט און דופטיקייט, זעט אויס דער בײַוואָלגישער סטעפּישער ארום ווי אָפּגעבליאַקעוועט.

אָן אנדער וועלט מיט אנדערע רוימען און אנדערע רייכעס. איך ווייס ניט, פונוואנען עס נעמט זיך אָט די ביטערלעכע טערפּקייט, איך ווייס ניט, וועלכע גראָזן וואקסן אין היגן סטעפּ, נאָר אפילע דער היגער האָניק פאַרמאָגט אויך אין זיך די דאָזיקע אומגעווייִנלעכע טערפּקייט, וואָס טוט אמאָל א שטשיפּע פאַרן צונג. און ס'איז פאַראַן אין דער היגער לופט א ביסל איבעריקער שטויב און א ביסל איבעריקער רויך. און פון דער וואָלגע ציט מיט אן אומבאקאַנטער פײַכטקייט, א פײַכטקייט, וואָס האָט ארײַנגענומען אין זיך די קעלטן פונעם פאַרגאַנגענעם ווינטער און אויך די היצן פונעם אָנקומענדיקן זומער.

און נאָך אזוינס, וואָס מיר איז שווער צו דערקלערן. בא אונדז אין טשערנאָוויץ, ווען דו זיצסט, אָדער שפּאַצירסט ארום איבערן טעאַטער־פּלאַץ, צי אין צענטראַלן פּאַרק, פילסטו זיך, ווי אין א גרויסן, געראַמען הויף, ארומגערינגלט פון אלע זײַטן מיט הויכע און גרינע ווענט, א מין אויסטערלישער איבערפלעכט פון לינדן און דעמבן, קליאָנעס און קאַשטאַנען, יעלן און אקאַציעס. ווענט, וואָס שאַפן א פילפאַרביקע מאָזאַיִק, מיט וועלכער דאָס אויג קאָן זיך ניט אָנזעטיקן. און דער הימל... דער גרינ־לעכער הימל זעט אויס ווי א דורכזיכטיקער דאַך איבערן קאָפּ. געוויס איז דאָס ניט מערער, ווי א דוכטעניש. נאָר דו פילסט זיך ווי אין א געמיטלעכן, באשיצטן פון אלע זײַטן און אויך פון אויבן, מויער. דאָ איז אומעגלעך שאַפן פאַר זיך אזא בילד און האָבן אזא געפיל. דאָס אויג זעט אַלץ ארום ביז דער ווײַטסטער אומענדלעכקייט, אַלץ ארום איז אינגאנצן דרויסנדיק, צופיל סטעפּיש און צופיל ראַכוועסדיק. אומהיימלעך־ראַכוועסדיק. געוויס דאַרף מען האָבן א שטיקל צײַט אף צוגעווינען זיך צו אָט דער אנדערשקייט. נאָר מיר פאַרברענגען דאָ ניט מערער, ווי א פּאָר וואָכן. און דאָס איז זייער ווייניק אף צוגעווינען זיך.

די ערשטע וואָך בין איך געווען פאַרנומען מיט פאַרנאָטירן דאָס, וואָס סימע־סעמיאָן־סעמיאָנאָ־וויטש האָט מיר דערציילט. איך האָב דערבײַ געמוזט אלעמאָל אָנקומען צום פעסטן זיקאָרן פון מײַן ריוועז, וואָס פאַרגעדענקט שטענדיק אייניקע דעטאַלן פיל בעסער פון מיר. כאָטש זי איז די גאנצע צײַט געזעסן, ווי א זײַטיקע. און אלעמאָל, ווען זי האָט מיר געהאָלפן אופשטעלן אין זיקאָרן דאָס, וואָס איך האָב שוין טיילווײַז פאַרגעסן, האָט זי ארויסגערעדט מיט א ביסעלע כויזעק:

— עפּעס זעט מען ניט דײַן סעמיאָן סעמיאָנאָוויטשן.

מיר האָט דאָס אפּאנעמעסן באומרויִקט. איך בין כוישעד געווען, אז זי איז פון יענעם דאַרף אָפּגעפאָרן גלײַך אהיים. די אויסגערעכנטע פּאָר טעג זײַנען דאָך שוין לאנג דורך.

סימע איז געקומען ניט אין א פּאָר טעג ארום, נאָר אין אָנהייב פון דער צווייטער וואָך. געקו־מען שטאַרק אָן אויסגעמאַטערטע, א פאַרומערטע, און מע האָט זיך געקאָנט אָנשטויסן, אז די פאַר־גאנגענע וואָך איז געווען פאַר איר ניט קיין גרינגע. ס'איז אויך געווען צו זען, אז זי מוז אין דער ערשטער ריי זיך גוט אויסשלאָפן.

— א מאָדנע זאַך, — האָט זי דערציילט מיט פאַרדראָס, ווי נאָר זי האָט זיך א ביסל ארומגע־וואשן. — מענטשן, וואָס זײַנען געקראָכן אין גרעסטן פײַער, יעדע מינוט אײַנגעשטעלט דאָס לעבן, זיך אומגעקערט אהיים מיט פיל אָרדענס און מעדאַלן און מיט איבערגעבראָכענע ריפּן, און דאָ קאָנען זיי זיך ניט קעגנשטעלן עפּעס א נישטיקייט, וואָס מיינט, אז די גאנצע וועלט איז זײַנע און קיין העכערס פון אים איז שוין ניטאָ.

— וועמען מיינט איר עס? — האָב איך ניט פאַרשטאַנען.

— מײַן מיילעכס א פּאַציִענט, פיאָדאָר רופט מען אים. פיאָדאָר פיליפּאָוויטש. דער דאָרפראַט האָט זיך צוגעטשעפּעט צו אים דערפאַר, וואָס ער האָט איבעריקע צוויי סאָטקעס אפן גאָרטן, און האָט ניט געזעצלעך צוגעבויט צו זײַן כאַלאַבודע עפּעס א קורניקל. האָט מען אים איבער דעם אזוי פאַרמוטשעט, אז ער שלעפּט שוין קוים די פיס. און מײַנע רעפּועס... זייער גוטע רעפּועס, מיר האָבן זיי קוים געקראָגן. נאָר וואָס קאָנען זיי העלפן, אז אין דאָרפראַט זיצט א שיקער און וויל פון גאָר־נישט ניט וויסן? האָב איך שוין געמוזט אליין אונטערהיילן ניט נאָר פיאָדאָרן, נאָר אויך דעם דאָרפראַט. כ'האָב געמוזט אוועקפאָרן אין ראַיאָן און האָבן זייער ניט קיין אָנגענעמען שמועס מיטן ערשטן סעקרעטאַר פון ראַיקאָם. איך קאָן גוט מײַן מיילעכן. ער, אז ער נעמט זיך פאַר עפּעס, מוז ער דאָס דערפירן ביזן סאָף. ס'זאָל אים אפילע קאָסטן נאָך א כוידעש ליגן אין האָספּיטאַל. און וויפל האָט ער זיך עס אָנגעקרענקט, ניט אזוי איבער זײַנע לונגען, ווי איבער זײַן כאַראַקטער?

דער סעקרעטאַר פון ראַיקאָם האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס פאַר א שײַכעס האָב איך, אָן אָדעסיטקע, צו אָט דעם פיאָדאָרן. האָב איך אים געמוזט געבן צו פאַרשטיין.

— איך האָב געבויט קאָמסאָמאָלסק! — האָב איך אַ זאָג געטאָן עפּשער ניט אינגאַנצן דאָס, וואָס מע דאַרף, נאָר מיט אַ שטעל, מיט אַ שטים פֿון אַ סנײַפּער.

האָט ער אַ קוק געטאָן אויף מיר. ס׳הייסט — וואָס פּלאַפּל איך און וואָס דריי איך אים אַ קאָפּ? האָב איך אים שוין געמוזט אַ ביסל ברייטער דערקלערן, וואָס דאָס הייסט און פֿונוואַנען האָבן זיך גענומען די אָרדענס אויף מײַן האַלב־מיליטערישן קיטל. מיט איין וואָרט, מיר האָבן דערנאָך גאַנץ גוט זיך אײַנפֿאַרשטאַנען, און ער האָט מיר צוגעזאָגט שאַפֿן אַ קאָמיסיע אויף אויסטאָרשן די לאַגע און די נויטן פֿון אַלע מילכאָמע־וועטעראַנען אין ראַיאָן. מיט פּיאַדאָרן אַליין האָב איך אויך געדאַרפֿט זיך ערנסט דורכשמועסן. אויסלערנען אים, וויאַזוי זיך באַגיין מיט די רעפֿועס און מיט די דאָרפֿישע שיקורים און ביוראָקראַטן. אָט אַזאַ וואָך איז געווען בײַ מיר.

זי האָט טאַקע זייער געוואָלט שלאָפֿן, נאָר אַ גלאָז טיי האָט זי אויסגעטרונקען, אינמיטנדערינען האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— די גאַנצע וואָך, ווען איך האָב געהאַט צו טאָן מיט די באַלעבאַטים פֿון יענעם דאָרף, האָב איך אַלעמאָל דערמאָנט אַן אַנדער פּאָרזיצער פֿון דאָרפּראַט — מײַן מײַלעכן. איר ווייסט, ווי מע האָט אים גערופֿן, ווען ער איז געווען פּאָרזיצער פֿונעם יִשעוו־ראַט אין אונדזער שטעטל? מעלעך עוויען. איר ווייסט, וואָס דאָס הייסט?

געשלאָפֿן איז זי ניט לאַנג. אויפֿגעשטאַנען איז זי אַ מונטערע. אַפֿגיך זיך צוגעקעמט, געמאַכט אַ פּאָר שפּאַן איבערן צימער, אַ קוק געטאָן אין שפּיגל און ווידער גענומען שפּאַנען. זי האָט געשפּאַנט איבעראַשנדיק פֿעסט, גלײַך זי האָט געוואָלט ווײַזן, אַז אין איר לעבט נאָך אַלץ יענץ פֿאַרשײַט יאַטל, יענץ שאָדנווינקל סימעלע־שימעלע, וואָס האָט זיך געדראַפּעט אויף די ביימער, אַריבערגעקראָכן איבער דעם סאַמע העכסטן פּלויט און אַנגעשראָקן ניט נאָר די צעפּאַלאַכעטע הינער, נאָר אויך די אָנגעביי־זערטע באַלעבאָסטעס. דורכגעשפּאַנט עטלעכע מאָל איבערן צימער, האָט זי זיך צוגעזעצט צום טיש און זיך אָנגערופֿן, ווי באַפֿוילן:

— ווען מיר זיך נעמען צו דער אַרבעט? לאַנג פֿאַרברענגען דאָ קאָן איך ניט. איך מוז נאָך אויף צוריקוועגס אַרײַנפֿאָרן צו פּיאַדאָרן און זען, וואָס האָט דער דאָרפּראַט די טעג אָפּגעטאָן.

האָב איך געפּרוּווט דערוידערן:

— ניטאָ וואָס צו אײַלן זיך. ערשטנס, וועל איך אײַך ניט אָפּלאָזן, ביז איר וועט מיר ניט אויסדערציילן אַלץ פֿונעם אָנהייב ביזן סאָף. צווייטנס, פֿאַר אַ פּאָר טעג וועט דער דאָרפּראַט גאָרניט באַווײַזן. אין אַ וואָך אַרום קערן מיר זיך אום צו זיך, וועט איר אַרויספֿאָרן אײנײנעם מיט אונדז.

— איר ווילט דערמיט זאָגן, אַז אויב עפּעס וועט בלײַבן ניט דערציילט, וועלן מיר עס דער־שטיקעווען אין וואַגאָן?

— אַפֿילע אַזוי...

— איז זאָל זײַן אַזוי, — האָט זי אַ שמייכל געטאָן מיט אַן אויסגערוט שמייכעלע, און דערבײַ דערמאָנט איר מאַמען. — איר ווייסט, מײַן מאַמע איז געווען אַ פֿאַרשײַטע קאַפּצנטע. זי פֿלעגט זאָגן: אַ קניפּ אין באַק, און די פֿאַרב זאָל שטיין. אַ גאַנצע וואָך איז מען אָפּגעקומען מיט וואָס עס האָט זיך געמאַכט. אַמאָל מיט אַ ציבעלע, אַמאָל מיט אַ קנאָבל. אַבי ס׳איז געווען אַ שטיקל שוואַרץ ברויט. פֿרײַטיק האָט זי, ווי אַלע באַלעבאָסטעס, געבאַקן כאַלע, און שטענדיק אָפּגעטראָגן אַ קוילעטשל סאָרע דער בלינדער, וואָס האָט געוווינט טאַקע אונטער אײַער שטיבל. דאָרטן האָט זי זיך אָפּט באַגעגנט מיט אײַער מאַמען, וואָס איז אויך אַרײַנגעקומען אַהין מיט איר קוילעטשל. און ווי דער פֿרײַטיק איז ניט געווען קורץ, האָט מען זיך דערבײַ אַ ביסל דורכגעשמועסט. יאָ, אַקעגן וואָס דערצייל איך דאָס אײַך?

איך האָב אויך ניט געוווּסט. איך האָב ניט געוווּסט, צי דאָס איז איר פּלוצלינג אויפֿגעקומען אויפֿן געדאַנק, צי ס׳איז בײַ איר געווען אַ באַשטימטע קאַוואָנע, מיר זאָלן ביידע זיך אַריבערטראָגן אין יענער ווײַטער צײַט פֿון אירע דערציילונגען. דערציילט האָט זי מיט פֿאַרגעניגן, ס׳איז געווען צו זען, אַז זי איז ביז גאָר צופֿרידן, וואָס זי האָט אַ מעגלעכקײַט אויסרעדן דאָס האַרץ. מע האָט געקאָנט באַמערקן, אַז זי לעבט איבער אָפּסנײַ אַלץ, וועגן וואָס זי דערציילט. נאָר איצט, ווען איך פּרוּוו אַלץ אויפֿשרײַבן אויף פּאַפּיר, פֿיל איך, אַז איך וועל ניט קאָנען האַלטן זיך באַם פֿריִערדיקן נוסעך. זי, סימע אַליין, האָט אויך געענדערט דעם אויפֿן פֿון דערציילן. זי איז אָפּטמאָל אַנשוויגן געוואָרן, ס׳זײַנען בּיכלאַל אויפֿגעקומען קלענערע און גרעסערע איבעררײַסן, וועגן זיך אַליין האָט זי אַלץ אויסדערציילט גרינג, מע קאָן זאָגן שפּילעוודיק. וועגן מײַלעכן איז איר אָנגעקומען פֿיל שווערער. און איך פֿיל, אַז מיר וועט דאָס אויך אָנקומען ניט גרינג. איין זאַך איז איבערדערציילן דאָס פֿאַרגאַנגענע לעבן, אַ צווייטע זאַך איז אויפֿכאַפּן און באַנעמען דאָס אין זײַן איצטיקן, פּיבערהאַפֿטן, ווידערשפּרעכלעכן גאַנג.

# מעלעך עוויען

ווען מע האָט אין שטעטל געשאַפֿן אַ באַזונדערן ייִשעוו־ראַט, האָט מען צוערשט אויסגעקליבן אַלס פּאַרזיצער איציקל שנײַדער. געווען איז ער אַ היצקאָפּ, געהאַלטן זייער הייסע רעדעס, נאָר „געקינגט" האָט ער ניט לאַנג, בלויז עטלעכע כאַדאָשים. גאָר אײַנגיכן האָט דער היגער אוילעם פֿאַרשטאַנען, אַז איציקל איז ניט דאָס, וואָס מע דאַרף. ער פֿליט צו הויך אין די הימלען און זעט ניט, וואָס אַרום אים אַף דער ערד טוט זיך. און דעריקער, בײַ אים איז געווען ניט אַלץ אין אָרדענונג מיט דער „ליניע". פֿאַר אים איז געווען אַלצייַנס אַן אָרעמער שנײַדער און אַזאַ באַלעבאָס ווי טאַנכעם שוסטער, בײַ וועמען עס האָבן געאַרבעט צוויי און אַמאָל דרײַ שוסטער־יונגען. מיט איין וואָרט, איציקלען האָט געפֿעלט דאָס, וואָס הייסט קלאַסן־כוש. און אין יענע יאָרן איז דאָס געווען זייער אַ וויכטיקע זאַך. האָט מען אײַנגיכן אויסגעקליבן אַלס פּאַרזיצער מײַלעך אײַזמאַנען. ערשטנס, אַ קאָמיוגיסט, צווייטנס, ניט קיין שנײַדער, נאָר אַ סטאָליער. און אַ סטאָליער איז שוין ניט קיין קוסטאַר, נאָר קימאַט אַ פּראָלעטאַריער. זיי פֿאַרדינגען זיך אַלעמאָל בײַ עמעצן: בײַ אַ פּויער, וואָס בויט אַ נײַע שטוב, אין די אַרומיקע עקאָנאָמיעס און אַפֿן צוקער־זאַוואָד; זיי זײַנען אַפֿילע מיטגלידער פֿונעם כאַשעווסטן פּראָפֿאַריין אין שטעטל — פֿונעם פּראָפֿאַריין פֿון די בויער.

בײַ מײַלעכן איז מיט דער ליניע געווען אין פֿולער אָרדענונג. כאָטש דאָס איז אויך ניט אַלעמען געווען צום האַרצן. נאָר דאָס איז געווען שפּעטער. פֿריִער האָט ער אָנגעהויבן גיין איבער די הײַזער. פֿון גאַס צו גאַס, פֿון געסל צו געסל. קיינער האָט ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט דערמיט. קיין טײַנעס האָט ער צו קיינעם ניט אַרויסגעשטעלט. ער האָט בלויז באַקוקט דאָס רומל אין יעדער שטוב, די קינדערלעך, וואָס קריכן אַרום האַלבנאַקעטע איבער דער ערד, און אַרײַנגעקוקט אויך אין קיך, וואָס איז דאָרטן דאָ און וואָס פֿעלט, און וואָס קאָכט מען הײַנט אַף מיטיק? אַפֿן ווײַבערשן לאָשן האָט עס געהייסן — אַרײַנקוקן אין טעפּל. אייניקע איז דאָס גראָד געפֿעלן געוואָרן, אַנדערע ניט. ווײַבער האָבן דאָס ניט ליב. אייניקע האָבן געשטוינט, אַנדערע האָבן זיך געבייזערט.

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַ טעווע פֿון אַ פּאַרזיצער, אַרײַנקוקן אין די טעפּלעך? וואָס איז זײַן אייסעק?

די מענער האָט מערער פֿון אַלץ שאָקירט מײַלעכס הוילעך. פֿון קינדווײַז אָן האָט ער זיך געצויגן אײַנדערהייך, און ס'האָט אים שטענדיק געפֿעלט אַ ביסל פֿלייש אַף די אַרויסשפּאַרנדיקע ריפּן. ווען ניט אָט די אויסגעדאַרטקײַט, וואָלטן די גרויע פּאַסיקלעך האָר, וואָס זײַנען אופֿגעקומען אין יענער נאַכט, ווען מע האָט אופֿגעהאַנגען זײַן טאַטן, געקאָנט צוגעבן מערער סאָלידקײַט זײַנע ניט פֿולע צוואַנציק יאָר. אַזוי אָבער האָבן זיי בלויז אַ ביסל צוגעשפּילט צו זײַן אָפּגעריבן רעקל, אונטערגעלאַטעטע הויזן און צו די פּאָר שיך, וואָס זײַנען געווען עלטער פֿון אים אַליין. דאָס איז שוין געווען כוץ לעדערער־האַטעווע. אין די קאַלטע, געוויטערדיקע אָסיענדיקע און ווינטערדיקע כאַדאָשים האָט ער געטראָגן אַ גרינג זומערדיק מאַנטעלע. און געווען איז דאָס מאַנטעלע ניט קיין ייִנגלשס, נאָר אַ מיידלשס, וואָס האָט זיך קוים פֿאַרשפּיליעט אַף אים.

— אַ ביזע־ביזאָיען, — האָבן אַרויסגערעדט אייניקע, מיטפֿילנדיק. — פֿונדעסטוועגן, אַ פּאַרזיצער פֿונעם ייִשעוו־ראַט.

— נו, אויב דאָס איז דער איקערדיקער סימען פֿון דער ראַטנמאַכט!

דאָס איז שוין געווען געזאָגט אַף שטעכעניש. און אַרויסגעזאָגט האָט דאָס טאַנכעם שוסטער, דער גאַבע פֿון דער גרויסער שול.

— מיסטאָמע קומט אַזוי, — האָט ער זיך אַליין אויסגעטײַטשט מיט אָפֿענעם כויזעק. — אַן עמעסדיקער מעלעך עוויען.

אָט אַזוי אומזיסט און אומנישט האָט זיך צוגעטשעפּעט צו אים אַ צונאָמען, וואָס ער און פֿיל אַנדערע האָבן ניט געוווּסט, וואָס דאָס באַטײַט. אים אַליין האָט בלויז געקימערט דאָס וואָרט „עוויען". נאָר מעלעך? דאָס איז דאָך דאָס זעלבע וואָס מײַלעך! צוביסלעך האָט דער צונאָמען באַקומען אַ באַשטימטן, כאָטש אַ קעגנזעצלעכן בײַטאָם. די היגע באַלעבאַטים, וועמען עס איז ניט אָנגעשטאַנען אַזאַ אָפּגעריסענער פּאַרזיצער, האָבן דאָס אַרויסגערעדט מיט ביטל. ס'הייסט — אַ קאַפּצאָנישער קייסער. אַנדערע האָבן דאָס אויסגעטײַטשט מיט אָפּשײַ און מיט האָפֿענונג: דער באַשיצער פֿון די אָרעמע. טאַקע דאָס, וואָס די ראַטנמאַכט מיינט.

די צײַט איז גראָד געווען אַזאַ, ווען אָרעם און רײַך האָבן געשפּילט אַ פֿאַרבאָרגענע שפּיל, וואָס האָט אָפּטמאָל אויסגעזען שוין צו ריזיקאַל. קיינער האָט ניט געקאָנט וויסן, ווער וועט געווינען און ווער וועט פֿאַרשפּילן. דער נעפּ איז געווען אין סאַמע בלי. מאַנופֿאַקטוריסטן האָבן גאַדלעסדיק געפּאָכעט מיטן אַרשין, אויסמעסטנדיק די קוינים דעם לאַנג געגאַרטן און לאַנג אויסגעטרוימטן ציץ און סאַטין; פֿון די לעדער־קראָמען האָט געשמעקט מיט פֿרישער יוכטע און מיט ערשטקלאַסיקע

שליִענגער־פֿאַדעשוועס, כאָטש קיינער האָט ניט געוווּסט, פֿונוואַנען האָבן זיי זיך גענומען און פֿאַרוואָס רופֿט מען זיי „שליִענגערס“; פֿון די פֿילצאַליקע שטעלעכלעך האָט אַרויסגעקוקט אַלץ, נאָך וואָס מע האָט זיך אַזוי אויסגעבענקט און וואָס האָט אַזוי רייצנדיק געריסן דאָס אויג און געקיצלט אין דער נאָז. די פֿעטע וווּרשטן מיט זייער ברוינעם גלאַנץ, די נאָך וואַרעמע פּוטער־קיכעלעך און די קאַלטע, פֿאַרגליווערטע מאַראַזשענע.

נאָר אַלע האָבן געפֿילט, אַז דאָס איז ניט אַזוי, ווי עס וואָלט זיך געוואָלט. אַז אין אַט דעם אומבליִ פֿעלט עפּעס זייער וועזנטלעכס, וואָס דאַרף צוגעבן דעם אַלעמען אַ פֿעסטע דויערהאַפֿטיקייט. איבער די גאַסן האָבן מאַרשירט פּיאָנערישע אָטריאַדן מיט רויטע האַלדזטיכלעך, און ביז אַ האַלבער נאַכט האָבן געהילכט איבערן שטעטל קאָמיוגישע לידלעך. אין קוסטאַרן־קלוב האָט מען זיך געקריגט און געהיצט גאַנצע נעכט, און אָפּטמאָל האָט געהאַלטן בײַ פּעטש. און אַלץ איבער איין זאַך: צי לוינט דער אייסעק מיט די אַרטעלן.

און מיילעך איז אַרומגעגאַנגען איבער די הײַזער.

די ערשטע האָבן צונויפֿגעטראָגן זייערע מאַשינען, זייערע שאָפּענע פֿעלכלעך און זייערע גרויסע נאָדלען — די פֿעלצנמאַכער. דערנאָך האָבן צונויפֿגעטראָגן זייערע שוסטער־בענקעלעך די גרעסטע צאָל שוסטערס. דערנאָך האָבן זיך מעיִאשעוו געווען אויך די שנײַדערס.

און מיילעך איז אַרומגעגאַנגען איבער די הײַזער.

קיינער האָט ניט געוווּסט, צוליב וואָס טוט ער דאָס און וואָס וועט דערפֿון אַרויס... צי עפּעס גאָר גוטס, צי פֿאַרקערט. און ערשט דערנאָך, ווען ער איז אין איינעם אַ טאָג אַרײַנגעקומען צו נאַכמען פֿעלדשער, האָט אַלץ אָנגעהויבן ביסלעכווײַז זיך אויסקלאָרן.

אין יענע יאָרן האָט נאַכמען פֿעלדשער פֿאַרביטן מיט זיך צען איצטיקע דאָקטוירים. איך וויל דערמיט ניט זאָגן, אַז ער האָט געוווּסט און געקענט מערער פֿון די איצטיקע צען. זיי זײַנען דאָן פּאָשעט ניט געווען, די איצטיקע. איך ווייס אויך ניט, צי ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער פֿעלד־שער, נאָר ער האָט געהיילט אַלע מעגלעכע און אוממעגלעכע, באַוווּסטע און אומבאַוווּסטע קרענק, און אין דער מערהײַט פֿאַלן אַפֿילע אויסגעהיילט. דער איינציקער דאָקטער ליטווישקע, וועגן וועמען איך האָב דערציילט אין דעם ערשטן טייל, איז געווען אַ שפּיטאָל־רופֿע. אויך איין־און־איינציקער, און אויך געהיילט פֿון אַלע קרענק. נאָר צו אים איז מען אָנגעקומען, ווען עס האָט שוין געהאַלטן גאָר שלעכט.

האָט מען אין שטעטל און אין אַלע אַרומיקע דערפֿער געוווּסט דעם וועג צו נאַכמען פֿעלדשער. אין די דערפֿער האָט מען אים גערופֿן לאַכמאַן. אַרום זײַן שטוב האָבן יעדן גאַנצפֿרי זיך אויסגעשטעלט צענדליקער פֿורלעך, און פֿון זײַן שטוב און פֿון אים אַליין האָט געשמעקט מיט אַלע רעפֿועס, מיט וועלכע ער האָט געהיילט זײַנע פּאַציִענטן. מיט קאַרבאָלקע, מיט יאָד, מיט וואַלעריאַנקע, מיט אַלע ביטערע טראָפּנס און מיט דער סאַמע זעלטענער רעפֿועה, וואָס אַלע אין שטעטל האָבן גערופֿן — מעליוטן־מעצוקוטן.

אַלע רעפֿועס האָט ער אַליין צוגעגרייט.

געווען איז נאַכמען אָנגעטאָן גאַנץ אינטעליגענטיש, מיט וואָס ער האָט זיך אויסגעטיילט פֿון אַלע איבעריקע שטעטלשע מענער. ווינטער אין אַ פּאַלטאָ אויף סויבל־פֿוטער, זומער — אין ווײַסע הויזן און אין אַ ווײַס העמדל. נאָר סײַ זומער, סײַ ווינטער האָט געשמעקט פֿון אים מיט די אַלע פֿאַרשיידענע רעפֿועס. אַפֿילע פֿון זײַן שטעקן, מיט וועלכן ער האָט געשפּאַנט איבערן שטעטל און אַלעמאָל אַ פּאָכע געטאָן מיט אים פֿאַר זיך. געווען איז נאַכמען אַ ביסל איבעריק דיקלעך, געשפּאַנט שווערלעך און שטאַרק געסאָפּעט. נאָר געסאָפּעט האָט ער אויך גאַנץ אינטעליגענטיש, באַזונדערס, ווען ער האָט באַטראַכט דעם כוילע.

דערזען בײַ זיך דעם פּאַרזיצער פֿון ייִשעוו־ראַט, האָט נאַכמען געבעטן אַלע איבעריקע פּאַציִענטן אַ ביסל צוּוואַרטן און אַ פֿרעג געטאָן בײַ מיילעכן:

— עס טוט אײַך עפּעס וויי?

— וואָס דאַרף מיך עפּעס וויי טאָן? — האָט מיילעך איבערגעפֿרעגט.

— וואָס זשע זײַט איר געקומען צו מיר? איר זעט דאָך, — און אַ ווײַז געטאָן אויף די פֿילצאָליקע פּאַציִענטן.

— איך וויל בײַ אײַך עפּעס פֿרעגן.

— ביטע, פֿרעגט, נאָר פֿאַרהאַלט מיך ניט.

אַרויסגענומען פֿון דער קעשענע אַ העפֿט, איבערגעמישט עטלעכע בלעטלעך און געשטעלט די ערשטע פֿראַגע:

— בײַ יענטע דער אַלמאָנע זײַט איר געווען?

— ניין. וואָס איז דען?

— און בײַ פֿריידען דער זאָקנמאַכערן?

— איך ניט.

— און בא ראכמיִעל וואסערפירער?

— אָבער פאַרוואָס האָב איך געדאַרפט זײַן בא זיי?

— די קינדער זייערע זײַנען קראַנק.

— פונוואַנען זאָל איך וויסן?

— א דאָקטער מוז וויסן, — האָט מײלעך אָפּגעענטפערט גאַנץ איידל און מיט אַפּשײַ. — בעט איך אײַך זייער, הײַנט אַרײַנקומען צו זיי. בעסער וואָלט געווען, מיר זאָלן דורכגיין דאָס גאַנצע געסל. אין דער ערשטער ריי די באָד־גאַס. פון שטוב צו שטוב. אין יעדער שטוב וועט איר טרעפן א כוילע.

— וואָס זשע, קיין אַנדער אַרבעט האָב איך ניט?

ס'איז געווען אַרויסגערעדט א ביסל בייזלעך, נאָר מײלעך האָט אױף דעם קיין אַכט ניט געלייגט.

— קיין אַנדער אַרבעט קאָן בא א דאָקטער ניט זײַן, — האָט ער אַרויסגערעדט גאַנץ שטיל. ער האָט דערנאָך אַפילע צוגעגעבן א וואָרט, וואָס האָט נאָך מער איבעראַשט נאַכמענען.

— אַנטשולדיקט, — האָט מײלעך אַרויסגערעדט. און איז גלײַך אַוועק.

אין א פּאָר טעג אַרום איז נאַכמען פעלדשער צום ערשטן מאָל אַליין אַרײַנגעקומען אין יִישעוו־ראַט. סאַ'יז געווען צו באַמערקן, אַז ער סאָפּעט דאָס מאָל שטאַרקער, ווי שטענדיק. א בייזע סאָפּעניש, וואָס האָט געדאַרפט געבן אָנצוהערן, אַז ער איז שטאַרק אויפגערעגט דערפון, וואָס ער האָט געמוזט אָוועקוואַרפן זײַן אַרבעט און קומען אין יִישעוו־ראַט. כאָטש קיינער האָט אים ניט אײַנגעלאַדן.

דער יִישעוו־ראַט האָט זיך געפונען אינעם מויער, אין וועלכן עס האָבן אָפּגעלעבט עטלעכע דורעס שטעטלשע גווירים־בראָווארניעס. און יעדער דאָר האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך ניט קיין גוטן שעם. נאָר דער מויער אַליין איז געווען א כאַריפּעס. דער אייינציקער מויער, געדעקט מיט ווײַסן בלעך, צווישן פיל נידעריקע הײַזקעס, געדעקטע מיט שטרוי. א מויער מיט א פּאַליסאַדניק פון פּאָרנט, מיט אַן עמעסדיקן סאָד פון הינטן און מיט א הויכן פּלויט אַרום און אַרום. בייסן בירגערקריג האָבן די בראָווארניעס ניט געסטײַעט, און אַלעמאָל האָט אינעם מויער זיך באַזעצט עמעצער אַנדערש: א פּעטליוראָווישע באַנדע, א דעניקינישער שטאַב, א רויטאַרמייִישער אָטריאַד, און ווידער עפּעס א באַנדע. ביז ס'האָט אױף א לענגערער צײַט זיך דאָ באַזעצט דער רעווקאָם און גענומען פּאַריכטן אינעם מויער אַלץ, וואָס די פּריִערדיקע צײַטווײַליקע אײַנוווינער האָבן צעוואַלגערט. איצט איז דאָ געווען דער יִישעוו־ראַט.

אַרײַנגעקומען אינעם מויער נאָך א לאַנגן איבעררײַס, ווען ער איז געווען א גאַנץ אָפּטער גאַסט בא די בראָווארניעס, האָט נאַכמען זיך פאַרקרימט, גלײַך ער האָט אײַנגענומען זייער ביטערע טראָפּנס. דער מויער איז געווען שוין גאָר ניט דער. און נאָך אַלע פאַרוואַנדלונגען, וואָס דער מויער האָט איבערגעלעבט די לעצטע יאָרן, האָט דער איצטיקער אויסזען אים שאָקירט. באַזונדערס דערמיט, וואָס באַם טיש איז געזעסן מײלעך, מיכל דעם רויטנס. איז ער אָנגעפאַלן אױף מײלעכן:

— וואָס קומט אַרויס פון מײַן גייעניש, אַז זיי האָבן ניט פאַר וואָס צו קויפן די רעפּועס?!

— און א סאַך דאַרפן זיי קאָסטן, די רעפּועס? — האָט מײלעך געפרעגט.

— א סאַך צי ווייניק, נאָר איך בין ניט מעכויעוו.

מײלעך האָט זיך א גריבל געטאָן אין זײַנע הויזן־קעשענעס, אַרויסגעשלעפּט פון דאָרטן א פינפערל און דערלאַנגט נאַכמענען.

— עס וועט סטײַען?

— גייט שוין גייט, — איז נאַכמען געוואָרן נאָך מערער דערשטוינט, און א ביסל ווייכער. — אויב איר וועט פּרוּוון באַזאָרגן אַלע אָרעמעלײַט מיט רעפּועס, וועלן אײַך קיין פינפערלעך ניט סטײַען.

— דאָס איז שוין ניט אײַער דײַגע.

— עך, כאָווער אײַזמאַן...

וואָס איז דאַן געשען מיט נאַכמען פעלדשער איז שווער צו זאָגן. נאָר עפּעס איז מיט אים טאַקע געשען. מיטאַמאָל האָט ער אָנגעווירן זײַן גאַנצע וואַזשנעקײַט און סטאַטעטשנעקײַט, אַלץ, אױף וואָס עס האָט זיך געהאַלטן זײַן פעלדשערישע אינטעליגענטישקײַט, און אָנגעהויבן רעדן ביז גאָר היימיש און שטאַרק צוגעלאָזט:

— עך, מײלעך, ניט אומזיסט רופט מען דיך מעלעך עוויען. וואָס זשע מיינסטו? אָט דאָס איז דער טאָך פון דער ראַטנמאַכט?

— און וואָס מיינט איר?

— איך מיין גאָרניט, איך האָב קיין צײַט ניט צו טראַכטן וועגן פּאָליטיקע. נאָר... אַלע רע־פּועס דאַרפן קאָסטן ניט מערער ווי א קערבל. איז מײלע... זאָל מײַנס איבערגיין.

ווען די דאָזיקע געשיכטע איז פאַנאַנדערגעטראָגן געוואָרן איבער אַלע הײַזער, איז אַלץ געוואָרן נאָך קלאָרער. אין דער ערשטער ריי איז קלאָרער געוואָרן מײלעך אַליין. מע האָט דערבײַ אפסנײַ אָנגעהויבן דערמאָנען מײלעכס טאַטן, מיכל דעם רויטן. מע האָט זיך דערמאָנט, אַז ווי נאָר מע האָט

אַראָפּגעוואָרפֿן דעם קייסער און אַראָפּגעריסן באַם היגן פּריסטאַוו די פּאָגאָנעס, האָט איבערן שטעטל אָנגעהויבן אַרומשפּאַצירן מיכל סטאָליער מיט אַ רויט בענדל אויפֿן אַקסל. צוערשט האָט מען געשפּעט איבער דעם און איבער מיכלען אַליין.

— און דאָס איז אַלץ, וואָס איז געקומען נאָכן קייסער?

דערנאָך זײַנען אָנגעקומען אומרויִקע צײַטן. און מיכל סטאָליער האָט ווידער זיך באַוויזן דער ערשטער מיט אַ ביקס אויפֿן אַקסל.

— די רעוואָליוציע דאַרף מען באַשיצן מיט געווער אין די הענט, — האָט ער געטײַנעט אויף אַלע הייסע מיטינגען.

דערנאָך איז ער געוואָרן אַ רעווקאָמאָוועץ און געשאַפֿן אַ היפּשן אָטריאַד אויף צו קעמפֿן מיט די אַרומיקע באַנדעס.

און אַזוי, ביז די דעניקינצעס האָבן אים אויפֿגעהאַנגען.

איז אַרויסגעקומען, אַז דער איצטיקער מײלעך איז אַן עמעסער יורש פֿון מיכל דעם רויטן.

— פֿינקטלעך אין טאַטן געראָטן.

אַזאַ איז געווען דער אַלגעמיינער אויספֿיר, ווען מע האָט אַרומגערעדט די געשיכטע מיט די רעפֿועס.

כאָטש די פֿאַרגלײַכונג איז געווען ווײַט ניט קיין גלײַכע.

— טאַקע אַן עמעסער מעלעך עוויען.

דאָס איז שוין געווען אַרויסגערעדט, ווי אַן אויסדרוק פֿון העכסטער אָנערקענונג.

און מײלעך איז אַרומגעגאַנגען איבער די הײַזער.

יענעם זומער האָט אין שטעטל זיך שטאַרק געראַשט אַרום די אַרטעלן. ס׳האָט אַפֿילע געהאַלטן דערבײַ, מע זאָל די פֿיר שטעטלשע שאָכטים אויך אַרײַנרוקן אין וועלכן־ניט־איז אַרטעל. מע האָט נאָר ניט געוווּסט אין וועלכן. און גראָד טאַנכעם שוסטער... ניין, קעגן די אַרטעלן האָט ער ניט געהאַט גאָרניט. ס׳איז אים בלויז ניט אָנגעשטאַנען מאַכן שוטפֿעס מיט די אַלע שוסטערוקעס, לאַטוטניקעס און שיקורים, ווי ער האָט זיי גערופֿן. האָט ער געפּרוווּט מאַכן אַ באַזונדערן אַרטעל, פֿון אַ מענטשן צען. וואָסי? ער און זײַן עלעק און זײַנע דרײַ לערן־ייִנגלעך איז שוין פֿינף. וויפֿל זשע פֿעלט אים צו אַ מיניען? ס׳איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען קלאָר, אַז טאַנכעם וויל איבערכיטרעווען די גאַנצע קאָכעניש מיט די אַרטעלן. ער האָט אָבער געוואָלט, ווי מע זאָגט, אַ טאַפּ טאָן אין וואָגן. וואָס וועט דערויף זאָגן דער ייִשעוו־ראָש. דאָס האָט אים אויך געבראַכט אין איינעם אַ פֿאַרנאַכט אינעם גווירישן מויער, וווּ ער איז שוין לאַנג ניט געווען. אַרײַנגעקומען איז ער אַהין, ווען דער ראַשיקער טאָג איז שוין דורך, און מײלעך איז געבליבן אַליין. ער האָט זיך אַרײַנגעשטעלט אַהין גאַנץ באַלעבאַטיש, אינעם שאַבעסדיקן רעקל און אָנגעהויבן דעם שמועס גאָר פֿונדערווײַטנס:

— איר ווייסט, וואָס מיר האָבן באַשטימט? — האָט ער זיך אָנגערופֿן, צומעסטנדיק מײלעכס אָפּגעריבענעם הוילעך צו זײַן שאַבעסדיקן אָנצוג, — עפּעס פּאַסט ניט פֿאַר אײַך. פֿונדעסטוועגן... אַ פֿאָרזיצער.

— וואָס פּאַסט מיר ניט? — האָט מײלעך ניט פֿאַרשטאַנען.

— איר גייט דאָך אַרײַן אין באַלעבאַטישע הײַזער, איר פֿאָרט אָפּט אין ראַיאָן. מע קאָן אײַך אַמאָל אַרויסרופֿן אין קרײַז. וואָס זשע וועלן מענטשן זאָגן?

— וואָס דאַרפֿן זיי דען זאָגן?

— איך מיין עס אַנטקעגן דעם... שוין צײַט אײַנשאַפֿן זיך אַ לײַטישן גאַרניטער. און אַ נײַע פּאָר שיך.

— אָט וואָס אײַך לאָזט ניט שלאָפֿן! — האָט מײלעך אַ שמייכל געטאָן. — איך האָב געמיינט, אַז איר זײַט געקומען צו מיר מיקוויעך אײַער אַרטעל.

— נו, יאָ, טאַקע. וועגן אַרטעל. איך קאָן מאַכן אַזאַ אַרטעל, וואָס זאָל אָנטאָן אַ מענטשן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס. פֿינף שוסטערס און פֿינף שנײַדערס. נאָר באַלמעלאָכעס, איינס און איינס. אָט, לאָמיר אַפֿילע נעמען אונדזערע מאַנופֿאַקטוריסטן. ס׳וועט פֿון זיי גאָרניט ניט אָפּפֿאַלן, אויב זיי וועלן אָפּשנײַדן פֿאַר אײַך עטלעכע אַרשין גוטן געוואַנט. איך נעם דאָס אַלץ אויף זיך. און אײַזיק־יאָסיע וועט אײַך אויפֿנייען אַ גאַרניטער — אויף כאַריפּעס. און וועגן אַ פּאָר שיך איז שוין אָפּגערעדט, איר קאָנט זיך פֿאַרלאָזן אויף מיר.

— איז וואָס זשע? ווילט איר די מאַנופֿאַקטוריסטן אויך אַרײַנעמען אין אײַער אַרטעל?

— ווער זאָגט דען? ס׳איז גלאַט אַזוי, ווי אַ בײַשפּיל.

— נו, אויב אַ בײַשפּיל...

מײלעך האָט אַ ביסל צו לאַנג געטראַכט, מיט וואָס פֿאַר אַ בײַשפּיל אים אָפּענטפֿערן. ער האָט גלײַך פֿאַרשטאַנען, ווער זײַנען עס די, וואָס האָבן אַרומגערעדט זײַן הוילעך, און וואָס האָבן זיי גע־

מײנט דערמיט. אים האָט זיך געוואָלט אָפּענטפֿערן מיט זײַער אַ בײַסיקן בײַשפּיל, נאָר ווי אַפּצולאָכעס איז דאָס בײַסיקע אַרויס פֿונעם קאָפּ.

— מיט אַ נײַעם גאַרניטער וועל איך מוזן אַ ביסל צוּוואַרטן. — האָט ער געלאָזן אַרויסגערעדט. — נאָר איר מעגט זײַן זיכער: קײן ביזאַיען וועט איר איבער מיר ניט לײַדן.

דערנאָך האָט מײַלעך ניט אויפֿגעהערט הריזען זיך, וואָס ער איז צו אײדל זיך באַגאַנגען מיט אָט דעם פּעמפּיקעוואַטן באַלעבעסל. נאָר גראָד דאָס האָט טאַנצבעמען אויפֿגעבראַכט ביז גאָר. די דאָזיקע געשיכטע איז זיך צעפֿלויגן איבער אַלע הײַזער פּונקט אַזוי, ווי די געשיכטע מיט די רעפֿועס, און בײדע צדדים האָבן געמאַכט דערפֿון די געהעריקע אויספֿירן.

— הערסט אַ מײַסע, — האָט טאַנצבעם זיך געהיצט דעם קומענדיקן שאַבעס אין שול. — דער פּריסטאַוו האָט גענומען, דער דעניקינישער נאַדזיראַטעל האָט אויך גענומען. אַפֿילו בײַ די פּעטליורעצעס האָט מען זיך געקאָנט אויסקויפֿן. און ער, אָט דער מעלעך וויזשן, ער נעמט ניט.

— עפּשער איז דאָס טאַקע דער בעסטער סימן? — האָט אים דערווידערט יונע שנײַדער.

— וועלכער סימן? וועלכער סימן? — איז אים טאַנצבעם אָנגעפֿאַלן. — קוקט אים נאָר אָן! אויך מיר אַ שנײַדער!

וואָס עמעס, איז עמעס. אַ שנײַדער איז יונע געווען ניט פֿון די געהויבענע. קײן גוויר אוואַדע ניט. נאָר בײַ אים איז געוואַקסן אַ מײדעלע. און געגרופֿן האָט מען דאָס גיטעלע. אָט אין דער גיטעלען האָט עס מײַלעך זיך פֿאַרליבט. עס וואָלט עפּשער פֿאַרבלײַבן אַ סאָד אויף פֿיל יאָרן, ווײַל מײַלעך האָט אַפֿילו ניט געגעבן איר אָנצוהערן, אַז ער איז אין איר פֿאַרליבט. ער האָט בײַכלאַל געהאַלטן, אַז פֿאַר אַ פֿאַרזיצער פֿון אַ ישעוורראַט פּאַסט ניט שפּילן אַ ליבע. ער האָט אָבער באַמערקט, אַז זי, גיטעלע, איז אויך פֿאַרליבט, כאָטש אין וועמען, האָט ער ניט געוווסט. נאָר ער האָט דאָס געזען אין אירע אויגן. און ווען ס׳איז געקומען די צײַט אַוועק אין אַרמײ, האָט ער אין אײנעם אַן אָוונט זי אָפּגעשטעלט אינעם שמאָלן און פֿינצטערן ליקעלע לעבן גיטעלעס שטוב און געפֿרעגט בײַ איר:

— זאָג מיר דעם עמעס. דו וואָלסט כאַסענע געהאַט פֿאַר מיר?

מײַלעך האָט געהאַלטן, אַז ער האָט דאָס אַרויסגערעדט גאַנץ אײדל, און געגעבן דערמיט גיטעלען אַ ברײרע. ער האָט ניט געזאָגט „צי דו וועסט כאַסענע האָבן", נאָר „צי דו וואָלסט כאַסענע געהאַט". נאָר גיטעלע האָט זיך צעוויינט. פֿאַר שרעק, פֿאַר פֿרייד און פּאַשעט פֿאַר ביזאַיען. אַזוינס האָט זי אַפֿילו זיך ניט געקאָנט פֿאַרשטעלן.

— שרעק זיך ניט, גיטעלע, — האָט ער געפּרוּווט זי באַרויִקן. — איך וויל נאָר וויסן. און טאַקע הײַנט. מע דאַרף ניט מוירע האָבן. זאָג נאָר אײן וואָרט. יאָ צי ניין.

— יאָ, — האָט גיטעלע זיך פֿאַרכלינעט מיט אירע טרערן.

— איז וויש אויס די טרערן און קום אַרײַן צו דײַנע עלטערן. מאָרגן גײ איך אַוועק אין דער אַרמײ.

— און אַ כאַסענע?

— דערנאָך, דערנאָך. מע קאָן אַפֿילו אַזוי. מירן בלײַבן אויף צוויי יאָר כאָסן־קאַלע.

זינט יונע שנײַדער איז אַרײַן אין אַרטעל האָט ער זיך אָנגעהויבן פֿאַרנעמען מיט פּאָליטיק. ווי נאָר ס׳האָט זיך אָנגעצונדן דאָס עלעקטרישע לעמפּעלע, האָט ער גענומען אין דער האַנט די צײַטונג „דער שטערן" און אָפּגעזעסן איבער איר ביז דאָס לעמפּעלע האָט זיך אויסגעלאָשן. זײַן ווײַב, ציפּע, האָט זיך געבײזערט אויף אים, געטײַנעט, אַז ער וואָלט בעסער געמעגט אויך אינדערהײם עפּעס אויפֿנײען, אָדער איבערניצעווען, אויף דעם האָט יונע איר געענטפֿערט:

— איז וואָס זשע? זאָל טשעמבערלען טאָן, וואָס ער וויל, און מיר זאָלן זיצן מיט פֿאַרלײגטע הענט?

מע האָט געקאָנט מײנען, אַז דאָס, וואָס ער, יונע, לײענט „דעם שטערן", שטעלט ער שוין אונטער טשעמבערלענען אַ פּיסל.

— אָבער די וועטשערע, — האָט ציפּע געטײַנעט.

— נו גוט, זאָל זײַן די וועטשערע. אָבער הער אומיסטן, וואָס דאָ שרײַבט זיך.

יענעם אָוונט האָט יונע געמוזט אַוועקלײגן די צײַטונג און אויפֿנעמען אַן אומגעריכטן און זײער אַ וואַזשנע גאַסט. אויסגעהערט מײַלעכס שײנע ווערטער, איז ער געבליבן זיצן, ווי געפּלעפּט. דערנאָך האָט ער געפֿרעגט:

— קײן מער קליגערע זאַך האָסטו ניט געקאָנט צוטראַכטן? ציפּע, קום אַהער, טו אומיסטן אַ קוק!

ציפּע איז אַרײַנגעקומען פֿון דער קיך, ווו זי האָט געגרײט די וועטשערע אויפֿן פּרימעטשעק. דערוווּסט זיך, אין וואָס דאָ גײט, האָט זי אַ פֿליעסקע געטאָן מיט די הענט:

— זינט איך לעבן!

האָט יוינע זיך געווענדט צום טעכטערל, וואָס איז געשטאַנען אַ פאַרויטלטע און שטאַרק געציטערט:

— און דו ביסט גרייט וואַרטן צוויי יאָר?

— אַפילע צען! — האָט גיטעלע אויסגעשריגן.

— איך זע שוין, איך זע שוין, — האָט יוינע אַרויסגערעדט און אַוועקגעלייגט די צײַטונג. — איז וואָס, דאַרף מען ברעכן טעלער?

— וואָס זשע, באַ אײַך איז דאָ איבעריק געפּעס? — האָט מיילעך אַ שפּאַס געטאָן.

— אָבער אַ קויסעלע? — האָט יוינע געפרעגט. — נו, און די מאַמע דײַנע איז דאָך אויך עפּעס אַ שטיקל מעכוטענעסטע.

— לויף איך שוין נאָך דער מאַמען.

אין צוויי יאָר אַרום איז מיילעך געקומען און געמאָלדן, אַז ער בלײַבט אין דער אַרמיי אויף שטענדיק. איז ער געקומען נאָך גיטעלען. אויף דעם האָט ציפּע אַ זאָג געטאָן:

— נו יאָ, אַז דאָס לעבן איז ליב, איז דאָס פּאָנעם צעדראַפּעט. און ווי וועט זײַן מיט אַ כופּע?

— מירן מאָרגן גיין אין זאַגס, — האָט מיילעך זי באַרויִקט.

אין אַ יאָר אַרום, ווען זיי זײַנען געקומען צוגאַסט אין אורלויב, איז מיילעך שוין געווען אַ קאָמאַנדיר מיט אַ קוביקל אויפן קאָלנער, דער ערשטער קאָמאַנדיר אין שטעטל. איז געווען, מיט וואָס צו גרויסן זיך.

— טוט אומיסטן אַ קוק. אונדזער פּאָרזיצער!

אַלס פּאָרזיצער פונעם יִשעוורראַט האָט מיילעך אָפּגעאַרבעט ניט מער, ווי צוויי יאָר. דערנאָך זײַנען געווען אַנדערע פּאָרזיצערס, בעסערע צי ערגערע, נאָר ער, מיילעך, איז פאַרבליבן פאַרן שטעטל זײַן אייביקער פּאָרזיצער, ווי ער זאָל ניט זײַן. און אַלעמאָל, ווען ער האָט זיך אַ יאָווע געטאָן אין שטעטל, איז דאָס פאַר אַלעמען געווען אַ שטיקל יאָמטעוו. און אַלע אין איין קאָל:

— אונדזער פּאָרזיצער, אונדזער פּאָרזיצער!

פאַר די פּאַרמילכאָמעדיקע יאָרן האָט מיילעך מיט זײַן גיטעלען אַרומגעוואַנדערט איבערן גאַנצן לאַנד: פון סיביר אויפן ווײַטן מיזרעך, פון דאָרטן אויף קאַווקאַז און דערנאָך אין מיטל־אַזיע. זײַנען זיי געווען און פאַרבליבן גרינגע פאַרשוינען. דאָס גאַנצע פּאַרמעגן זייערס האָט זיך אײַנגעמאָסטעט אין צוויי טשעמאָדאַנטשיקלעך. נאָר זיי איז געווען גוט, עמעסדיק גוט. ערשט דאַן, די אַלע יאָרן נאָך דער כאַסענע, האָבן זיי דורכגעמאַכט און איבערגעלעבט דאָס, וואָס זיי איז געקומען, ווען זיי זײַנען געווען געהיים פאַרליבט. ס׳איז געווען, וואָס צו דערמאָנען, איבער וואָס אָנלאַכן זיך, און אַ ביסל אָפּשפּעטן פון זיך אַליין.

אין מײַ איין־און־פערציקסטן האָט מען דעם טייל, אין וועלכן מיילעך האָט געדינט, אַריבערגעפירט האַרט צו דער מײַרעוודיקער גרענעץ. האָט מיילעך אונטערוועגס אָפּגעפירט גיטעלען אַהיים, צו אירע עלטערן. זי איז דאַן געווען אין די לעצטע כאַדאָשים. אינגיכן האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע.

## מאזל און שלימאזל

פאַר מיילעכן האָט די מילכאָמע זיך אָנגעהויבן אין די סאַמע ערשטע מינוטן מיט אַלע אירע אומדערוואַרטקײַטן און מיט אַלע אירע גרוילן. און מיט יעדן טאָג אַלץ מיזרעכדיקער און מיזרעכדיקער. און מיט יעדן טאָג אַלץ נײַע פאַרלוסטן. געווען עטלעכע אַרומרינגלונגען, דורך וועלכע זיי האָבן זיך קוים דורכגעריסן. און דאָס איינציקע, וואָס ער האָט געטראָגן מיט זיך, ווי אַ קאַמייע, איז געווען אַ טעלעגראַמע, וואָס ער האָט באַקומען אַ פּאָר טעג פאַר דער מילכאָמע, אַ טעלעגראַמע, אַז גיטעלע האָט געבוירן אַ מיידעלע און מע האָט דעם אַ נאָמען געגעבן שיינדעלע. און באַ אַלע אומשטאַנדן, אַפילע דאַן, ווען ער מיט זײַן ווזוואָד איז געבליבן אַליין, קעדיי פאַרהאַלטן די אָנגרײַפנדיקע דײַטשן, האָט ער ניט אויפגעהערט טראַכטן וועגן זײַן גיטעלען, וועגן שיינדעלען און וועגן אַלע זײַניקע. צי האָבן זיי באַוויזן זיך עוואַקויִרן, ווו זײַנען זיי איצט? און בִיכלאַל... וואָס איז געשען מיט זיי און מיטן גאַנצן שטעטל?

דערנאָך, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די זיגרײַכע אָנגריפן, און ער, שוין אַן עלטערער לייטענאַנט און אַ קאָמאַנדיר פון אַ ראָטע, איז פון איין שלאַכט אַרויס און אין אַ צווייטער אַרײַן, האָט אים ניט אויפגעהערט טליִען אַ טרוים, פול מיט ווייטיק און שרעק: באַפרײַען דאָס אייגענע שטעטל און

א קוק טאָן, וואָס פון דעם איז געוואָרן. און עפשער... עס טרעפן דאָך אין דער וועלט פאַרשיידענע ניסים. כאָטש אין קיין ניסים האָט ער שוין לאַנג ניט געגלייבט. אָבער נאָך דעם, וואָס ער האָט אַזוי־פיל איבערגעלעבט, האָט ער געהאַלטן, אַז ער האָט אַ שטיקעלע מאַזל. און אינעם מיליטערישן מאַזל האָט זיך געוואָלט גלייבן.

געשען איז דאָס אינמיטן ווינטער פון פיר־און־פערציקסטן. די שלאַכטן זײַנען געגאַנגען אין די אייגענע מקומות, און ס'האָט געהאַלטן דערבײַ, אַז הײַנט־מאָרגן זאָל מען נעמען אומאַן. און פון אומאַן איז דאָס אינגאַנצן פופציק ווערסט קיין כאַשטשעוואַטע. און גאַנץ מעגלעך, אַז זיי וועלן צוקער־מען צום בוג אונטער דעם אייגענעם שטעטל.

שוין אין אָוונט זײַנען זיי אַרײַן אין דאָרף דזיגאַליווקע, זיבן קילאָמעטער פון אומאַן. זיי האָבן אַרויסגעשטעלט וואַך־פּאָסטן אַרום דאָרף, געשאַפן אַפילע עטלעכע אָקאָפּעס אין טיפן און געדיכט אײַנגעפּרעסטן שניי און צוגעגרייט אַלץ, קעדיי מאָרגן באַגינען אָנגרײַפן אויף אומאַן. נאָר ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז אינמיטן דער נאַכט וועלן די דײַטשן אָנהייבן אַ מעכטיקן קאָנטער־אָנגריף? זיי האָבן קוים זיך אַרויסגעקליבן פונעם דאָרף. דורכגעלאָזט די גאַנצע ראָטע פאָרויס, איז מײַלעך מיט זײַן אָרדינאַרעץ פאַרבליבן די לעצטע. שוין ווײַט אונטערן דאָרף האָט אים געטראָפן אַ קויל אין פוס און ער איז אומגעפאַלן. אַ שטיקל צײַט האָט אים דער אָרדינאַרעץ געשלעפּט אויף זיך, ביז אים האָט אויך געטראָפן אַ קויל, און זיי זײַנען ביידע אומגעפאַלן.

— וואַסיאַק! — האָט ער אויסגעשריגן. — וואָס איז מיט דיר, וואַסיאַק?

וואַסיאַק האָט געשוויגן.

ליגנדיק, האָט מײַלעך אים אָנגעהויבן אַרומטאַפּן, וווּהין האָט עס אים פאַרוווּנדעט און מיט וואָס אים באַהילפיק זײַן. נאָר דאָס איז שוין געווען אַן איבעריקע זאַך. וואַסיאַק איז געווען טויט. אָנגעקגעפּויזעט אַ ביסל איבערן שניי, האָט ער דערפילט אַ שטאַרקן ווייטיק אין פוס און פאַר־שטאַנען, אַז ווײַטער פּויזען וועט ער ניט קאָנען. אין דער מינוט האָט ער דערהערט ניט ווײַט פון זיך דײַטשישע שטימען. פּויזען איז שוין ניט געווען ווּהין. די שטימען זײַנען געוואָרן וואָס אַ מאָל דײַט־לעכער. שטימען פון דער זײַט, שטימען אַ ביסל פאָרויס. און ער האָט פיבערהאַפט אָנגעהויבן טראַכטן, וואָס פאַרצונעמען.

דערנאָך האָט ער ניט איין מאָל פאַרשאָלטן זיך אַליין פאַר דער מינוט פון שרעק, און דערפאַר, וואָס דער שרעק האָט אים אונטערגעזאָגט דאָס סאַמע אומווירדיקסטע. אַרויסגענומען פון דער בוזעם־קעשענע דעם פּאַרטיי־בילעט און אויך דעם מיליטערישן, האָט ער זיי פאַרגראָבן אין שניי. ווײַל ווען די דײַטשן דערוויסן זיך, אַז ער איז אַ קאָמוניסט און אַ ייִד, וואָלטן זיי אים גלײַך צעשאָסן. נאָר סײַווי האָט ער דאָס ניט געקאָנט זיך מויכל זײַן. דאָס גאַנצע לעבן.

צוויי פּאָר געזונטע הענט האָבן אים גלײַך אַ כאַפּ געטאָן און אַוועקגעשלעפּט מיט זיך. און דאָס איינציקע, וואָס מע האָט דערנאָך געפונען בא אים, איז געווען די טעלעגראַמע, אַז בא אים איז געבוירן געוואָרן אַ מיידעלע. האָט מען זי גלײַך צוגענומען בא אים אינײנעם מיטן שינעל. די טעלע־גראַמע איז געווען אַן אַלטע, נאָך אַ פאַרמילכאָמעדיקע, נאָר דאָס איז געווען גענוג, עס זאָל זײַן, פון וואָס אָנהייבן די אויספאָרשונג און דערלאַנגען אים די ערשטע קלעפּ.

דערנאָך, ווען ער איז געלעגן אין אַ קלוניע אַ האַלבנאַקעטער, געציטערט פון קעלט און פון די נײַע ווייטיקן, האָט אים מערער פון אַלץ דערשיטערט דער געדאַנק, אַז דאָס, וואָס מע האָט בא אים צוגענומען די טעלעגראַמע, איז אַ סימען, אַז זײַן שיינדעלע איז אומגעקומען. און זײַן גיטעלע אויך. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ניט מערער, ווי אַ נאַרישער אָבערגלויבן, נאָר באַפרײַען זיך פון דעם האָט ער ניט געקאָנט.

מאַזל און שלימאַזל. ער האָט ניט איין מאָל געטראַכט, אַז שוין גלײַכער געווען בלײַבן אויפן פאַרשנייטן פעלד מיט אַ קויל אין האַרצן, איידער אָט די דערנידעריקע און דראָענדיקע אויספרעגן פונעם געסטאַפּאָווישן אויספאָרשער און די אומדערטרעגלעכע קלעפּ.

אין דער איבערגעטריקנטער און צעטראַסקעטער קלוניע האָבן פרײַ אַרומשפּאַצירט די פּראָסטיקע צוגווינטן, און דער שניי האָט גאַנץ פרײַ דורכגעשמוגלט דורך די פּילצאָליקע שפּאַלטן. אינײנעם מיט מײַלעכן האָט מען אַהער אַרײַנגעשלײַדערט נאָך פיר שוין באַאָרטע מענער, ווער ווייסט פאַר וואָס. נאָר זיי זײַנען געווען אָנגעטאָן אין שאָפענע פּעלצן, אין פּוישטן, און קיין קעלט ניט געפילט. מײַלעכן האָט דער פראָסט דורכגענומען ביז די ביינער, און ער האָט ניט אויפגעהערט ציטערן.

— ווער ווייסט, וואָס מאָרגן וועט זײַן מיט אונדז? — האָט שטיל אַרויסגערעדט איינער.

— וואָס דאַרף זײַן און וואָס קאָן זײַן? — האָט אים באַרויִקט זײַן שאָכן. — אָדער מע וועט אונדז אַרויסלאָזן, אָדער מע וועט אונדז אַוועקטרײַבן ווײַטער. מיר האָבן זיך מיט גאָרנישט ניט פאַר־זינדיקט.

— בא די ראָצכים דאַרף מען זיך מיט עפּעס פאַרזינדיקן? — האָט זיך אָנגערופן אַ דריטער. — וויבאַלד מע האָט אונדז געכאַפּט, זײַנען מיר שוין שולדיק.

— און אַט דעם וועלן זיי מאָרגן געוויס צעשיסן. צו וואָס טויג ער זיי אַזאַ? געווען איז דאָס שוין די צווייטע נאַכט. נאָך צוויי שרעקלעכע מעסלעסן פון אויספרעגן און קלעפּ. געוויס האָט ער שוין קוים געזשיפּעט, אויב זיי האָבן אים אַזוי אָפּגעשאַצט.

— אַזעלכע שיסן זיי ניט, — האָט דערווידערט דער ערשטער, וואָס האָט ניט אויפגעהערט אונ־טערקרעכצן. — אַזעלכע הענגען זיי אויף.

מיילעכן האָט אָנגעהויבן אונטערוואַרפן נאָך שטאַרקער. און שוין ניט אַזוי פון קעלט. ער האָט מיטאַמאָל דערזען פאַר זיך דעם אויפגעהאַנגענעם טאַטן, געזען, ווי ער האָט אָנגעהויבן וואָרגן זיך, ווי ער האָט פאַרגלאָצט די אויגן און ווי דערנאָך איז דער קאָפּ אַראָפּגעהאַנגען מעגושעמדיק־שוידערלעך.

— ניין, ניין! — האָט ער ווי געטײַנעט צו זיך אַליין. — זאָל מען מיך קאַטעווען, זאָל מען מיך שיסן, נאָר ניט הענגען, ניט הענגען!

עס האָט אים אָנגעהויבן וואָרגן אין האַלדז. אים האָט זיך געדוכט, אַז ער איז שוין אַ גע־האַנגענער.

— ניין, ניין, — האָט ער געפּרוּווט אויסשרײַען און דערפילט, אַז קיין שטים איז בײַ אים שוין ניטאָ.

גאַנץ מעגלעך, אַז אַלץ דאָס ווײַטערדיקע איז געשען אין אַ צושטאַנד, ווען דער מענטש איז שוין ניט בעקויעך עפּעס באַטראַכטן. אַנדערש וואָלט ער ניט געקאָנט לאָזן זיך דעם טויט אַנטקעגן. און עפּשער... עפּשער איז דאָס געווען אַ קלאָרער פאַרלאַנג אַ פּרוּוו טאָן דאָס מאַזל. און אויב ער וועט אַנטרעפן אויף דער וואַך און מע וועט אים שיסן, איז דאָס דאָך בעסער, ווי זײַן אויפגעהאַנגען. מיט ציטערנדיקע הענט האָט ער זיך אַ נעם געטאָן פאַר אַ ברעט און געפּרוּווט זי אָפּרײַסן.

— וואָס טוסטו, סינאָק? — האָט אים איינער אַ צי געטאָן פאַרן פאַרבלוטיקטן העמד. — וועסט דאָך גלײַך פאַרפרוירן ווערן.

— מיר איז שוין אַלציינס, — האָט מיילעך אַרויסגעשעפּטשעט.

אָפּרײַסן די ברעט איז געווען גאָר ניט אַזוי שווער.

— וואַרט צו אַ ביסעלע, — האָט זיך אָנגערופן זײַן שאָכן, אַראָפּגענומען פון זיך דעם פּעלץ און אַרופגעוואָרפן אויף אים.

— אַזוי וועסטו עפּשער דערקריכן.

באַמערקט זײַן פאַרווונדעטן פוס, אַ פאַרוויקלטן מיט שמאַטעס, האָט ער זיך אָנגערופן:

— זאַכאַר, שלעפּ אַראָפּ דײַן רעכטן פוישט. איך וועל דיר געבן מײַן שטיוול.



אַט אַזוי, מיט אַ פעלץ אַפן הוילן העמד, אין איין שטיוול, מיט אַ פוישט אַפן פאַרוואונדעטן פוס איז ער אוועקגעקראָכן. וויפל צײַט איז ער געקראָכן, וווהין האָט ער באַוויזן פאַרקריכן, דאָס געדענקט ער שוין ניט. ס'איז געווען אַ קריכעניש, ווי אין אַ כאָלעם. עפשער איז דאָס שוין טאַקע געווען ניט מערער ווי אַ כאָלעם, ווען ער האָט מער קריכן ניט געקאָנט און אָנגעהויבן פאַרפרוירן ווערן. ער וואָלט געוויס פאַרפרוירן געוואָרן, נאָר אין יענעם באַגינען האָבן אונדזערע טיילן באַנײַט דעם אָנגריף, און די סאָלדאַטן האָבן אָנגעטראָפן אַף אים, קוים אַ לעבעדיקן. נאָר דאָס איז שוין געווען ניט זײַן טייל, נאָר גאָר אַן אַנדערער, אויספרעגן אים, ווער ער איז און ווי קומט ער אַהער, איז געווען אוממעגלעך. ער האָט ניט געקאָנט אַרויסרעדן קיין וואָרט, האָט מען אים גלײַך אַריבערגעפעקלט אין מעדסאַנבאַט, וווּ מע האָט אים ווי געהעריק באַאַרבעט דעם פאַרוואונדעטן פוס און איבערגעשיקט אין אַרמייִשן האָספיטאַל.

דערנאָך, ווען ער איז אַ ביסל געקומען צו־זיך און ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אויספרעגן, איז אים שוין שווער געווען באַשטימען, צי איז דאָס געווען אַ מאַזל־זאַך, וואָס ער האָט זיך אַרויסגעדראַפעט פון דער קלוניע, צי פאַרקערט. זײַן שלים־שלימאַזל. די דערנידעריקונגען, פול מיט כשאַד, אויספרעגן פונעם אייגענעם אויספאָרשער, האָבן אים אויסגעזעצט ערגער פון די קלעפ פונעם געסטאַפאָווישן הענקער. דער אויספאָרשער האָט אַפילע הערן ניט געוואָלט, ווער ער איז, דער קאָמאַנדיר פון אַ ראָטע, דער לייטענאַנט מיילעך אײַזמאַן. און אַז דאָס, וואָס ער דערציילט וועגן זיך, איז אַ צו־געטראַכטע ווערסיע, ווי דער אויספאָרשער האָט זיך אויסגעדריקט. כאָטש דורכקאָנטראָלירן, אָנפרעגן און באַקומען אַ געהעריקן ענטפער איז געווען גאָר ניט אַזוי שווער. עמעס, אין די כאַדאָשים פון דעם פאַנאַנדערגעוויקלטן פרילינג־אָנגריף האָט דאָס געדאַרפט דויערן אַ ביסל מערער. פאַרן אויספאָרשער איז דאָס סאַמע אַנטשיידנדיקע געווען דאָס, וואָס ער איז געווען אין די הענט פון געסטאַפאָ. און אויב ער איז פון דאָרטן אַרויס אַ לעבעדיקער, איז דאָס זייער פאַרדעכטיק.

מעלעך עוויען, מיילעך עוויען. ער האָט דאָס ניט איין מאָל איבערגעכאַזערט פאַר זיך אַליין, ווען ער, נאָך שטאַרק אַ הינקעדיקער, איז אַריבערגעשיקט געוואָרן אין אַ שטראָף־באַטאַליאָן, ווי אַ פּאָשעטער סאָלדאַט. אין דער טראַנספּאָרט־ראָטע האָבן געקאָנט זײַן אויך הינקעדיקע. אַ ביסל שפעטער האָט מען אים אַריבערגעפירט אין אַ שיסער־ראָטע.

ס'איז אים אַליין געווען שווער באַגרײַפן, וואָס איז מיט אים דאַן געשען און מיט וואָס דערקלערן זײַן דעמלטיקע אויפירונג, ווען ער איז שטענדיק געשפרונגען אין סאַמע שרעקלעכן פײַער. ער האָט דערמיט גאָרנישט ניט געוואָלט דערווײַזן. ניט עמעצן און ניט זיך אַליין. ער איז פּאָשעט געלאָפן אַקעגן דעם טויט. נאָך דעם, וואָס מיט אים איז געשען, און נאָך דעם, וואָס ער האָט נאָך אין האָס־פיטאַל זיך דערוווּסט, וואָס איז געשען מיט אַלע יידישע שטעטלעך און אויך מיט זײַן אייגענעם שטעטל, איז אים פּאָשעט שווער געווען צו לעבן אַף דער וועלט. נאָר זײַן דריקנדיקע פאַרצווייפלונג איז געווען ניט קיין ריינע. זי איז געווען שטאַרק פאַרקאָכט און איבערגעשמאָלצן מיט האַס, מיט אַ זודיקן האַס, וואָס האָט אים אַלעמאָל ווי אונטערגעוואָרפן. דאָס האָט ניט ווייניק געוווּנדערט סײַ די סאָלדאַטן, סײַ די קאָמאַנדירן.

מאַזל און שלימאַזל. ווייסט ער שוין ווידער ניט, צי איז דאָס געווען אַ מאַזל־זאַך, צי פאַרקערט. ער האָט געמיינט דערמיט די שטראָפניקעס גופע, צווישן וועלכע ער האָט געטראָפן — גאַנאָווים און גאַזלאָנים, פּאָליצײַען און סטאַראָסטעס, ניט ווייניק מיליטערישע, וואָס האָבן מיט עפּעס זיך פאַרזינ־דיקט. אָדער אויך אַזעלכע, ווי ער, אָן שולד שולדיקע. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן ערנסט געשטרעבט מיט בלוט אויסקויפן זייערע זינד, געווען ניט ווייניק, וועמען דאָס כאַראַקטער־געפיל איז געווען אינ־גאַנצן אומבאַקאַנט. געווען אויך גאָר אַנדערע. די, וואָס האָבן ניט געהאַט וואָס אויסצוקויפן. גאָרנישט ניט געדאַרפט אויסקויפן, בלויז ראַטעווען און אויפשטעלן זייער ריינעם, ערלעכן נאָמען. און זיי האָבן געהאַלטן פאַר גרויס גליק, פאַר אַן עמעסדיקער מאַזל־זאַך, וואָס זיי האָבן ענדלעך געטראָפן אין שטראָף־באַטאַליאָן. און איינס פון די ביידע. ווי עס רעדט זיך — טויט אָדער רויט. אויב בלײַבן לעבן, איז קומען אַהיים צו ווײַב־און־קינדער אַזאַ, ווי זיי האָבן אים געקענט, און פאַר וועמען ער איז געווען אַ בײַשפיל פון ערלעכקײַט. און אויב אומקומען, איז אויך דאָס זעלבע. זאָל צו זיי קומען יענץ טרויע־ריק בריוועלע אין אַ שוואַרצן ראַמל: „אומגעקומען אין שלאַכט פאַרן היימלאַנד".

ער האָט ערשט געדאַרפט פאַנאַנדערקלײַבן זיך אין אָט דעם ערעוו־ראַוו, אין אָט דעם ווידער־שפּרעכלעכן איבערגעמיש פון מענטשלעכע כאַראַקטערס און מענטשלעכע גויראָלעס, צווישן וועמען זײַן אייגענער ביטערער גוירל האָט אים פאַרוואָרפן. דערפון אַליין איז אים געווען מוירעדיק־אומהיימ־לעך, אומדערטרעגלעך שווער אין אָט דער פרעמדער אַרומרינגלונג, אין אַ סוויווע, וועגן וועלכער ער האָט ביז איצט קיין אָנונג ניט געהאַט. ער האָט געדאַרפט, כוץ אַלעמען, כוץ די שטרענגע קלאָ־לים, אין אָט דעם אומגעוויינלעכן באַטאַליאָן, אין די אויסערגעוויינלעך שאַרפע און שטענדיק ריזי־קאַלע סיטואַציעס, אויסאַרבעטן פאַר זיך די אייגענע און סאַמע נייטיקסטע קלאָלים, עס זאָל מאַכן מעגלעך דאָס לעבן אין אָט דער סוויווע. דאָס אַלץ, די אַלע אומגעוויינלעכקײַטן, וואָס האָבן געמאַכט

פיל קאָמפּליצירטער יעדער שלאַכט־אָפּעראַציע, איז געווען פאַר אים ערגער, ווי די שטראָף אַליין, די ניט־פאַרדינטע און אומגערעכטיקע שטראָף.

האָט ער צוערשט ניט געוווסט, וואָס האָט אים אַזוי געצויגן צו אָט דעם פּיאַדאָרן, שוין א באַיאָר־טער מאַן, א געוועזענער קאָלווירטניק פון א דאָרף לעבן דער וואָלגע. ער האָט וועגן אים נאָך גאָר נישט ניט געוווסט, נאָר זיין אופירונג, דאָס, וואָס ער האָט אופגענומען מיט ליבע זיין ניַיעם מיליטער־רישן גורל, נאָך דעם, ווי ער איז עטלעכע יאָר אָפּגעזעסן אין טורמע, צי אין א לאַגער, האָט געזאָגט וועגן זיין ליַיטישקייט, וועגן זיין ערלעכקייט, ביכלאַל, וועגן אַזוינס, וואָס האָט אים אויסגעטיילט פון דער איבעריקער בעוורייַע מיט זייערע העפקירעס, מיט זייער זאָרגלאָזיקייט און כוצפּעדיקייט, אָדער מיט זייער באַזונדערער אָפּגעשלאָסנקייט. די זאַך איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די צייַניש איז געווען א קעגנזייטיקע, און די זוכעניש אויך די זעלבע. די קאַוואָנע פון מענטשן, וואָס זוכן, צו וועמען צו־טוליען זיך, מיט וועמען אויסרעדן א וואָרט. און פאַר וועמען מע זאָל קאָנען אויסרעדן דאָס האַרץ אין א פריַיער שאָ, אָדער זאָגן דאָס לעצטע וואָרט אין יענעם שאַאַס־האַקוישער, וואָס הענגט איבער יעדערן יעדע שאָ, יעדע מינוט.

פּיאַדאָר האָט אויסגענומען אין מיַילעכס אויגן מיט זיין באַדאַכטקייט, מיט זיינע פּויערישע גע־וווינהייטן רויִק און ניט געַיַלט פאַנאַנדערקלייַבן און אָפּשאַצן יעדע אומדערוואַרטע סיטואַציע. און פּונקט אַזוי רויִק אופירן זיך אין דער סאַמע פאַרביסענער שלאַכט. נאָר אַנטפּלעקט פאַר אים האָט ער זיך אומדערוואַרט, אפילע אומגעוויינלעך. איינמאָל, ווען זיי זיינען געבליבן אינצווייען, א ביסל אָפּגע־טיילט פונעם גאַנצן ווזוואָד, ביידע ניט אַהער און ניט אַהין, אונטער א פאַרניכטנדיקן פייַער פון די דייַטשן, האָט פּיאַדאָר אים פלוצלינג א זאָג געטאָן:

— דו הערסט, אייַזמאַן, וואָס איך וועל דיר זאָגן? פאַר אָט דעם רייַקאָ זאָלסטו זיך היטן מערער ווי פאַר די דייַטשן. ער איז געווען און פאַרבליבן א סוינע.

— פאַר סטיאָפּען? פונוואַנען ווייסטו דאָס?

— איך האָב געהערט, ווי ער האָט זיך באַרימט, וויאַזוי ער האָט צעשאָסן צענדליקער ייִדן. און נאָך מערער...

— וואָס נאָך מערער?

— ער האָט געזאָגט... זאָל ער נאָר קאָנען...

— נו, דאָס וועט ער שוין ניט קאָנען.

— פונדעסטוועגן... האָב עס אין זינען. און ביכלאַל... מע טאָר פון אים ניט אַראָפּלאָזן קיין אויג. ער איז פּעיִק אַף אַלץ.

זיי זיינען געלעגן איינע אַליין אָפּן שלאַכטפעלד. זיי האָבן נאָך ניט געוווסט, וויאַזוי פונדאַנען זיך אַרויסקלייַבן. זיי האָבן ניט געוווסט, צי עס וועט זיך זיי ביכלאַל דאָס איינגעבן. אין זייערע קעפּ שענעס איז געבליבן זייער ווייניק קויך. נאָר אין דער מינוט האָט מייַלעך זיך דערפילט פיל היימ־לעכער. ער האָט זיך פעסט צוגערוקט צו פּיאַדאָרן, א נעם געטאָן זיין האַנט און פעסט זי א דריק געטאָן.

אין יענער מינוט איז אופגעקומען זייער פרייַנטשאַפט, יענע שטאַרקע, אומוואַקלדיקע און פאַר אומבאַהאַוונטע אויך יענע אומבאַגרייַפלעכע שלאַכט־פרייַנטשאַפט, וואָס איז אָפּטמאָל שטאַרקער פון נעם טויט.

מאַזל און שלימאַזל. און ס'איז דאָך פאַראַן א ווערטל, אַז צו שלימאַזל דאַרף מען אויך האָבן מאַזל. איז פּיאַדאָר, דער קאָלווירטניק פון א דאָרף לעבן דער וואָלגע, געוואָרן זיין מאַזל. און גאַנץ מעגלעך, אַז דאָס האָט אים צוגעגעבן אויך א ביסל מוט. און עפשער טאַקע א סאַך מוט. ווען אין איינער א שלאַכט איז געפאַלן דער קאָמאַנדיר פונעם ווזוואָד, האָט מייַלעך אויסגעשריגן:

— הערט מייַן קאָמאַנדע!

און אוועקגעפירט דעם ווזוואָד נאָך זיך.

אים איז שווער געווען באַשטימען די צייַט, וויפל האָט געדויערט זיין בליצשנעלע „קאַריערע". דער באַטאַליאָן איז פון איין שלאַכט אַרויס און אין א צווייטער אַריין. און יעדע שלאַכט איז געווען א פאַרביסענע. און שטענדיק איז דאָס פייַער געווען א פאַרניכטנדיקס. און פאַרלוסטן, פאַרלוסטן, פאַרלוסטן... און ווען אין איינער א שלאַכט איז געפאַלן דער קאָמאַנדיר פון דער ראָטע, האָט ער, דאַן שוין א קאָמאַנדיר פון ווזוואָד, אויסגעשריגן:

— הערט מייַן קאָמאַנדע!

און אוועקגעפירט די ראָטע נאָך זיך.

איז ער שוין ניט קיין פּאָשעטער סאָלדאַט, נאָר אן עלטערער סערזשאַנט, וואָס קאָמאַנדעוועט מיט א ראָטע. און ער טראָגט שוין די העכסטע סאָלדאַטישע באַלוינונג: פאַר צוויי כאַדאָשים — צוויי אָרדענס פון רום פון דער דריטער און צווייטער שטופּע. און דערנאָך, אַלס קאָמאַנדיר פון ראָטע,

נאָך צוויי אָרדענס, — פון „רויטן שטערן” און פון פּאַטערלענדישער מילכאָמע. און ערשט אונטער בודאַפּעשט, ערעוו די סאַמע בלוטיקסטע שלאַכטן...

צי מע האָט ענדלעך זיך אָפּגערופן אויף זײַנע פּילצאָליקע ראַפּאָרטן אין פאַרשיידענע אינסטאַנצן, צי דאָס איז שוין פון פריִער געווען באַוווּסט און מע האָט בלויז באַשטימט אַ ביסל צוּוואַרטן, ביז ער וועט מיט זײַן אייגענעם בלוט באַשטעטיקן דאָס אַלץ און אויסקויפן זײַנע ניט־באַגאַנגענע זינד, נאָר אין איינעם אַ טאָג האָט אים אַרויסגערופן צו זיך דער קאָמאַנדיר פון באַטאַליאָן, דער קאַפּיטאַן דוב־לעסאָוו, וועמען מײַלעך האָט שטאַרק געשאַצט פאַר זײַן איידלקײַט, פאַר זײַן געבילדעטקײַט, אַ סטודענט פון דריטן קורס פון יורידישן אינסטיטוט. ער האָט ביז גאָר אים איבעראַשט מיט זײַן אומ־דערוואַרטער אויפירונג. אַרומגענומען אים, אַ קוש געטאָן, און דערנאָך ערשט גענומען זײַן האַנט און געדריקט זי פיל מערער, ווי אַ העכערער נאַטשאַלניק דאַרף דריקן.

— נו, עלטערער לייטענאַנט אײַזמאַן, איך באַגריס דיך פון פולן האַרצן. כאָטש דײַן ראָטע באַשטייט פון שטראַפניקעס, נאָר דו אַליין ביסט שוין ניט קיין שטראַפניק. אַ פולבאַרעכטיקטער אָפי־צער פון דער סאָוועטישער אַרמיי. באַקום דײַנע נײַע דאָקומענטן. און נאַ דיר מײַנע אַ מאַטאָנע. אָפיצערישע פּאָגאָנעס מיט דרײַ שטערנדלעך. און דײַנע פריִערדיקע באַלוינונגען ווערן אויך אופגע־שטעלט. נאָר איין ביטע צו דיר: היט זיך ניט אַזוי. און זײַ אַ ביסל מערער געהיט. עס שטייען דאָך פאַר אַזעלכע שלאַכטן...

— איך דין דעם ראַטנפאַרבאַנד! — האָט מײַלעך אָפּגעענטפערט גאַנץ אָפיציעל און צוגע־געבן אַ ביסל מערער היימיש. — איך וועל זיך סטאַרען.

די פלוצלינגדיקע איבערגעשטאַלטיקונג פונעם ראָטע־קאָמאַנדיר, וואָס איז אַוועק צום קאָמאַנדיר פון באַטאַליאָן אין די פּאָגאָנעס פון אַן עלטערן סערזשאַנט און זיך אומגעקערט אין פּאָגאָנעס פון אַ עלטערן לייטענאַנט, האָט אַוואַדע געמוזט איבעראַשן אַלע סאָלדאַטן און סערזשאַנטן פון דער ראָטע. נאָר די איבעראַשונג איז געווען ניט בײַ אַלעמען קיין אַלציינע. אייניקע זײַנען געווען אָפּגענומען אַנציקט און אויפריכטיק באַגריסט זייער קאָמאַנדיר, וואָס איז ענדלעך אויפגעריכט געוואָרן, אַנדערע האָבן דאָס אויפגענומען שטאַרק צוריקגעהאַלטן און געסטאַרעט זיך אויסבאַהאַלטן זייער קינע, צי אומצופרידנקײַט. סטעפאַן רײַקאָ האָט אַפילע זיך דערלויבט זאָגן אַזוינס, וואָס האָט פּאַשעט ניט גע־טאָרט דערגיין צו די אויערן פונעם קאָמאַנדיר. און פיאָדאָר איז צוגעלאָפן צו אים, און ברעכנדיק דעם מיליטערישן סטאַטוט, אים אַרומגענומען און הייס אַ קוש געטאָן.

— פון פולן האַרצן, — האָט ער אַרויסגערעדט אין אויפגערעגטער. — איך בין געווען זיכער. איך האָב געגלייבט און געוואַרט.

— אין וואָס געגלייבט? — האָט מײַלעך צוגעשמייכלט אין אָט דער עמעסדיק גליקלעכער מינוט.

— איך האָב געגלייבט און גלייב די גאַנצע צײַט אין גערעכטיקײַט. ווען מע האָט מיר באַפוילן אַוועקלייגן דעם פּאַרטיי־בילעט, האָב איך געזאָגט אין דער אָנוועזנהײַט פון אַלע מיטגלידער פון ביוראָ פון ראַיקאָם: די צײַט וועט ווײַזן.

— וואָס וועט די צײַט ווײַזן? — איז אויפגעשפרונגען דער נאַטשאַלניק פון דער מיליציע.

— די צײַט וועט ווײַזן, — האָב איך אים אָפּגעענטפערט. — די צײַט וועט ווײַזן, ווער איז אַפאַנ־עמעסן אַ סוינע פון פאָלק.

מאַזל און שלימאַזל. און ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז עטלעכע טעג פאַר די שלאַכטן אין בודאַפּעשט זאָל געשען אַזאַ אויסערגעוויינלעכע פּאַסירונג, אַזאַ „טשעפּע”.

צו בודאַפּעשט איז נאָך געווען ווײַטלעך. יענעם פאַרנאַכט נאָך אַ שווערן מאַרש האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אונטער אַ דאָרף און פאַרנומען ניט קיין צוגעפּאַסטע פּאָזיציע אויפן הוילן פעלד. זיי האָבן ניט געוווּסט, וואָס מאָרגן וועט זײַן: צי וועט מען דאָ דאַרפן זיך פאַרפעסטיקן, צי גיין ווײַטער. האָט מען אויסגעגראָבן אין אײַלעניש אָפּגעזונדערטע פלאַכע אָקאָפּטשיקלעך, מע זאָל קאָנען וויניט־איז פאַרהיטן זיך פון אַ קויל. דער פראָסט איז געווען אַ שטאַרקער, אַ טרוקענער, אָן אַ ביסל שניי, און ווו אָנצוּוואַרעמען זיך איז ניט געווען. די נאַכט איז געווען אַ פאַרנעפּלטע, האָט מען זיך דערלויבט אַלעמאָל אַרויסשפּרינגען פון די אָקאָפּטשיקלעך און שפּרינגען אַ ביסל איבער דער פאַרקאָוועטער ערד, זיכער, אַז דער נעפּל וועט זיי פאַרמאַסקירן פונעם סוינעס אויג. איז אַלעמאָל אַרויסגעשפּרונגען עמעצער אַנדערש. פיאָדאָר אויך. אַ שפּאַן געטאָן, אַ לויף געטאָן אַהין און אַהער, אַ פּאָכע געטאָן מיט די הענט, אָנגעוואַרעמט זיך אַ ביסל און ווידער זיך אַוועקגעלייגט אין אָקאָפּ, אָנגעצילעוועט די ביקס אין דער ריכטונג צום סוינע. סטעפאַן רײַקאָ איז אויך אויפגעשפּרונגען, אַ לויף געטאָן אויף רעכטס און אויף לינקס, אויך עטלעכע מאָל אַ פּאָכע געטאָן מיט די הענט און... אַוועקגעלאָזט זיך ווײַטער. פיאָדאָר האָט צוערשט ניט פאַרשטאַנען, אין וואָס דאָ גייט. אים איז אַזוינס אַפילע אויפן געדאַנק ניט געקומען. האָט ער גלאַט אַזוי אויסגעשאָסן.

— סטעפאַן, וווּהין לויפסטו?

נאָר סטעפאַן האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ און זיך געלאָזט לויפן ווײַטער.

— שטיי, סטעפאן, איך וועל שיסן! — האט פיאדאר אויסגעשריגן.

נאך עטלעכע שפאן, און סטעפאן וואלט פארשווונדן געווארן אינעם נעפל. פיאדארן איז דורך א גרויל פונעם געדאנק אליין, אז סטעפאן האט זיך אוועקגעלאזט צו די פאשיסטן. קוים בײַקומענדיק דעם גרויל, האט ער אויסגעשאסן. ער האט אפילע ניט געצילעוועט זיך. נאר ער האט געטראפן. און גאנץ פינקטלעך. געטראפן אפילע מערער, ווי ער האט געמיינט. גאנץ מעגלעך, אז די דײַטשן האבן באמערקט דעם איבערלויפער, ווײַל זיי האבן אופגעהויבן א מוירעדיקע שיסערײַ פון אווטאמאטן און קוילנווארפערס. האבן אונדזערע שוין געמוזט ענטפערן. כאטש אין יענער נאכט זײַנען געווען גאר אנדערע פלענער און קאוואנעס. אונטער אט דעם פײַער פון ביידע זײַטן איז פיאדאר אוועקגעקראכן איבערן פעלד, קעדיי פארשלעפן צוריק סטעפאנען, ער זאל ניט טרעפן צו די דײַטשן — ניט קיין לעבעדיקער און ניט קיין טויטער.

סטעפאן איז שוין געווען טויט. ווען פיאדאר האט אים א שלעפ געטאן פאר די פיס, האט ער אפילע קיין קרעכץ ניט געטאן. אזא, שוין א פארגליווערטן, האט ער אים דערשלעפט צו די אייגענע פלאכע אקאפעס.

די „טשעפע" איז זיך פאנאנדערגעוואקסן ערשט נאכן שאס, ווען עטלעכע סאלדאטן האבן פארלאזט זייערע אקאפעס און זיך ארופגעווארפן אף פיאדארן. פאר די דרײַ גאזלאנים איז געווען א שפילכל דערשטיקן אים אן א שאס. נאר אף זיי האבן זיך ארופגעווארפן אנדערע דרײַ, צי פיר. ס'איז געשען אזוינס, וואס קאן זיך דוכטן אומבאגרײַפלעך. א געשלעג צווישן עטלעכע סאלדאטן אפן אפענעם פעלד. און בלויז דער נעפל האט פארדעקט דאס אלץ פון די דײַטשן, וואס זײַנען געווען ניט ווײַט. מיילעך, וואס איז אנגעלאפן אף אט דער בעזגאלאוויע, ווי ער האט דאס דערנאך אנגערופן, איז געבליבן אף א ווײַלע ווי פארשטיינערט. א דערפארענער שלאכטמאן, וואס איז דורך מיט זײַן פריערדיקער ראטע דורך פיל שלאכטן, האט אף א ווײַלע זיך פארלוירן. און אפילע דאס, וואס ער האט אויסגעשריגן, איז אויך געווען מערער פון פארלוירנקייט, ווי פון קלארן געדאנק.

— פאנאנדערגיין זיך! — האט ער אויסגעשריגן. — די מינוט! איך וועל שיסן!

ערשט דערנאך איז אויסגעקומען פאנאנדערקלײַבן זיך ווער איז ווער, ווער איז אנגעפאלן אף פיאדארן, און ווער האט אים געראטעוועט. דערווײַל זײַנען זיי געבליבן איינער קעגן אנדערן, מיילעך און פיאדאר. מיילעך האט געציטערט פון אופגעבראכטקייט, און פיאדאר איז געשטאנען א צעבראסטעטער, דער קאלנער פון דער גימנאסטיארקע צעריסן, און ער אליין, ווי גאר א צעמישטער, ניט אימשטאנד באנעמען, וואס איז נארוואס געשען.

דערנאך, ווען זיי זײַנען ביידע א ביסל געקומען צו־זיך, האט מיילעך אים געפרעגט:

— וואס איז דא געשען? ווער האט דער ערשטער אויסגעשאסן?

— דאס האב איך אים...

— ווער האט דערלויבט?! — האט מיילעך אויסגעשריגן.

— ער האט שוין לאנג פארדינט א קויל, אט דער אויסוווּרף. ער איז שוין געווען נעענטער צו די דײַטשן, ווי צו אונדז. און איך האב אים נאך געמוזט שלעפן אף זיך, אט די נעווײלע. אונטער אזא פײַער.

— אבער דו ווייסט, וואס עס קומט דערפאר?

— מיילע. ווײַטער ווי פונעם שטראף־באטאליאן וועט מען מיך ניט שיקן.

דער קאמאנדיר פון באטאליאן, דער יונגער יוריסט, וועמען מיילעך האט ראפארטירט, האט באפוילן זיי ביידע, אים און פיאדארן, שוין קומען צו אים. אויסגעהערט ביידן, איז ער געווארן איבעראשט, נאר מערער פארזארגט, ווי בייז.

— עס שמעקט דאך מיט מיליטערישן טריבונאל, — האט ער ארויסגערעדט צו זיך אליין.

א ביסל האט דער קאמבאט זיך בארויִקט, ווען מע האט אים דערלאנגט צוויי וויכטיקע באווײַזן: א ווײַס טיכל, וואס איז געבליבן פארקוועטשט אין סטעפאנס שוין טויטער האנט, און א דײַטשיש פלוגבלעטל, וואס מע האט געפונען בא אים אין קעשענע. פון יענע ליסטאווקעס, וואס האבן געדארפט דינען אלס דורכלאז־שײַן.

— יא, — האט ארויסגעזיפצט דער קאפיטאן דולעסאוו. — וואס זשע טוט מען מיט אײַך? איך מוז דאך גלײַך מעלדן דעם קאמאנדיר פון דער דיוויזיע. און וויאזוי מעלדן?

— אזוי ווי ס'איז געווען, — האט פיאדאר אנטשיידן אפגעענטפערט.

— עך, פיאדאר, — האט דער קאמבאט אים גריִנג אויסגעזידלט. — דו ווייסט כאטש, וואס דו רעדסט?

געשוויגן א ווײַלע, ווי מעיאשעוו געווען זיך, האט ער ארויסגעטראגן זײַן פסאק:

— איז אט וואס. דעם איניען וועלן מיר לייזן נאך בודאפעשט. און דערווײַל... פיאדארן דארף מען אוועקנעמען פון דער ראטע. מיר ווייסן דאך, מיט וועמען מיר האבן צו טאן. איך נעם אים צו

זיך פֿאַר אַ פֿאַרבינדלער. נישקאָשע, — האָט ער זיי באַרויִקט. — איר וועט זיך אָפּט זען, אומצעשייד־באַרע.

דערנאָך איז געווען בודאַפּעשט, ווען יעדע גאַס, יעדער מויער, יעדער שטאָק האָט געקאָסט אָן אַ שיר לעבנס. ער קאָן אַפֿילע ניט אויסרעכענען. וויפֿל האָבן געדויערט די שלאַכטן אין בודאַפּעשט. אין יענע פֿלאַמיקע און פֿאַרויכערטע מעסלעסן, ווען ס׳איז אַפֿילע ניט געווען מיט וואָס צו אָטעמען, האָט די צײַט ווי אָפּגעשטעלט זיך. זי האָט געשטורעמט, געהודיעט, געטראַסקעט, געגרילצט, געשפּאָלטן זיך אויף שטיקלעך און געבליבן אויף איין אָרט. אַ שוידערלעכע, פֿאַרגליווערטע צײַט, ווי איין גרויסער באַרמיגען. נאָך דער ערשטער פֿאַרווּנדונג, ווידער אין פֿוס, האָט ער פֿאַרגעזעצט קאָמאַנדעווען מיט דער ראָטע. איבערגעבונדן און פֿאַרגעזעצט קאָמאַנדעווען. לויפֿן האָט מען דאָך ניט געקאָנט, ניט געווען ווּהין. מע האָט געקאָנט בלויז קריכן, דראַפּען זיך אויף די טרעפּ פֿון שטאָק אויף שטאָק. און קריכן האָט ער געקאָנט. נאָר ווען אַ שפּליטער האָט דורכגעלעכערט די לונגען...

ס׳איז געווען פּונקט דאַן, ווען פֿיאַדאָר האָט זיך דערקליבן צו אים מיט אַ נײַעם באַפֿעל פֿונעם קאָמבאַט. פֿיאַדאָר האָט אַפֿילע ניט באַוויזן אַרויסרעדן אַ וואָרט. ער האָט געמוזט אַ כאַפּ טאָן מיילעכן אויף די הענט און אַוועקטראָגן צום נאָענטן מעדיצינישן פּונקט. מיילעך האָט בלויז באַוויזן פֿאַרלייגן פֿיאַדאָרן איבערנעמען די קאָמאַנדשאַפֿט איבער דער ראָטע אויף זיך. דאָס ווײַטערדיקע ווייסט ער שוין ניט, וויאַזוי מע האָט אים איבערגעפּעקלט אין מעדסאַנבאַט, פֿון דאָרטן אין אַרמייִשן האָספּיטאַל און דערנאָך אין טיפֿן הינטערלאַנד. אַלץ איז געווען פֿאַר אים, ווי אַ שווערער, פֿאַרצויגענער כאַלעם. ער האָט בלויז באַוויזן אָוועקפֿירן פֿון בודאַפּעשט נײַע צוויי אָרדענס און דעם טיטל פֿון אַ קאַפּיטאַן. דעם דריטן אָרדען פֿאַר בודאַפּעשט האָט מען אים איבערגעגעבן, ווען ער איז געקומען צו־זיך.

אין האָספּיטאַל איז ער אָפּגעלעגן פֿיל מערער, ווי ער האָט געמיינט. דאָרטן האָט ער באַגעגנט דעם טאָג פֿון זיג. דאָרטן האָט ער אויך באַקומען אַן ענטפֿער אויף זײַנע בריוו און דערוווּסט זיך, אַז אַלע זײַניקע זײַנען אומגעקומען. זייער שטוב איז אויך רויִנירט. די דאָזיקע שרעקלעכע ידיִע האָט אים צוגעבונדן צום בעט אויף איבעריקע צוויי כאַדאָשים. נאָר אויפֿשטעלן אַ פֿאַרבינדונג מיטן באַטאַליאָן האָט ער ניט געקאָנט. זײַן באַטאַליאָן האָט מער ניט עקזיסטירט. און ווי נאָר ער איז אַ ביסל געקומען צו־זיך, מיט נאָך זייער אַ שנײַדנדיקן הוסט און מיט אַ הינקעדיקן פֿוס, האָט ער אָנגעהויבן בעטן זיך בײַ די דאָקטוירים: ער מוז וואָס גיכער פֿאָרן אַהיים.

אַהיים. אַהיים. פֿון אַלע שטעט און בײַגרענעץ־זאַסטאַוועס, איבער וועלכע ער מיט זײַן גיטעלען האָבן אַרומגעוואָגלט אין די פֿאַרמילכאָמעדיקע יאָרן, פֿון אַלע שטעט און דערפֿער, איבער וועלכע ער האָט מאַרשירט אויף מיזרעך אין די ערשטע כאַדאָשים פֿון דער מילכאָמע און דערנאָך אויף מײַרעוו בײַס די זיגרײַכע שלאַכטן פֿון אַלע אייראָפּעס, פּרעכטיקע און דערשיטערנדיקע, מיט זייער אַנדערשקײַט און אומגעוויינלעכקײַט, אומפֿאַרשטענדלעכע, ניט אַזוי מיט זייער שפּראַך, ווי מיט זייער אַרט לעבן און וועלט־באַנעם, — אינעם גאַנצן ערדקײַלעך איז פֿאַר אים געווען און געבליבן בלויז איין שטיקעלע היים — דאָס פֿאַרכאָרעוועטע שטעטעלע זײַנס, דעם טאַטנס הויז, פֿון וועלכן ס׳איז געבליבן בלויז אַ קופּע ציגלברוך, און דער ברידער־קייווער, וועלכן ער וועט זען פֿאַר זיך דאָס גאַנצע לעבן, ווּהין דער ווײַטערדיקער גוירל, זײַן מאַזל צי דער שלימאַזל זאָל אים ניט פֿאַרוואַרפֿן.

פֿונעם פּרוט בין דער וואָלגע איז פֿאָלג מיך אַ גאַנג. און די וואָלגע אַליין... און אַלץ אַרום דער וואָלגע... אַ וועלט אַ פֿאַרגרעסערטע אין אַלע אירע אַרומען, מיט אירע פֿאַרכאַפּנדיקע ראַכוועסן, מיט איר אָנגעזעטיקטער סטעפּישער לופֿט, ווען עס דוכט זיך דיר, אַז דײַן אייגענע ברוסט ווערט אויך ברייטער, ראַכוועסדיקער. זי מוז ווערן ברייטער, קעדיי קאָנען אַרײַנעטעמען אָט די ראַכוועסן. און עס ווערט אַפֿילע אַ ביסל גרויליק, ווען מע זאָגט דיר, אַז סאַראַטאָוו ציט זיך דרײַסיק קילאָמעטער לענגויס דער וואָלגע. ווען קאָן מען עס אויסשפּאַנען אַזאַ גרויסע שטאָט? און דאָך... עס פֿאַרדריסט אַפֿילע. דאָרטן, באַם פּרוט, האָט אַלץ זיך שוין צעצוויטעט און אָפּגעצוויטעט. און דאָ האַלט דער פֿרילינג באַם סאַמע אָנהייב. און אַלץ אַרום איז קוים־קוים. די שיטערע בלעטער אויף די ביימער קאָן מען גרינג איבערציילן, און צווישן זיי שפּאַצירט פֿרײַ דער ווינט. און דאָס סאַמע פֿאַרדריסלעכע: עס האַלט ערשט אין אָנהייב פֿרילינג, און די היץ איז שוין אַ זומערדיקע. עס טרעפֿט, אַז די זון טשמעליעט פּאָשעט אָן ראַכמאָנעס. באַ דער וואָלגע איז אַ ביסעלע קילער. באַזונדערס פֿאַרנאַכטלעך. זיצן מיר באַ דער וואָלגע, שווײַגן אַ ביסל נאָך עטלעכע שאָ אָנגעשטרענגטע שמועסן און באַקוקן דעם אומגעוויינלעכן פֿאַר אונדז ביידן אַרום. באַקוקן און פֿאַרגלײַכן. איך מיט מײַן פּרוט, סימע מיט איר שוואַרצן יאַם. און געוויס זײַנען אונדזערע פֿאַרגלײַכונגען ביז גאָר פֿאַרשיידענע. און איבער אונדז הענגט אַ פֿאַרנאַכטיקער הימל, וואָס האָט מיטאַמאָל אָנגעווירן זײַן בלויען גלאַנץ. און פֿון דער ווײַטער גרויקײַט, פֿונוואַנען עס בלאָזט אָן אָפּפֿרישנדיקער ווינט, הייבט אָן אָנרוקן זיך אַ שיטערער נעפּל. אָט האָט ער שוין פֿאַרדעקט דעם צווייטן ברעג און שווימט צו אונדז איבערן טײַך, וואָס האָט אויך

אַנגעווירן זײַן פרײַערדיקן גלאַנץ. און די דריבנע כוואַליעלעך הייבן אַליין אָן אונטערציטערן פון קעלט.

— וואָלגע, וואָלגע, — האָט סימע אויסגעזונגען, נאָר דאָס לידל וועגן דער וואָלגע ניט פאַרענדיקט.

— איך קוק אויף דער וואָלגע, — האָט זי אַרויסגערעדט, — און דערמאָן זיך סטאַלינגראַד. איר זײַט געווען בײַם דער מילכאָמע אין סטאַלינגראַד?

— געווען, — האָב איך אָפּגעענטפערט. — ניט בײַם יענע גרויסע שלאַכטן, נאָר מיט אַ יאָר פרײַער. אין נאָיאַבער אײַן־און־פערציקסטן.

— וואָס האָט איר דאָרטן געטאָן?

— דאָס, וואָס פיל אַנדערע מיליטערישע טיילן. מיר זײַנען אָפּגעטראָטן. און דאָרטן זיך אָפּגעשטעלט אויף איבערפאָרמירונג. נאָר איבערגעלעבט האָב איך אין יענע נאָיאַבער־טעג אַזוינס, איבער וואָס איך האָב אַ צײַט זיך ניט געקאָנט באַרויִקן. און אַלעמאָל, ווען איך דערמאָן זיך...

בין איך אַליין שוין געוואָרן אַ שטיקל דערציילער. איך האָב באַמערקט, ווי סימע האָט אָנגעשפּיצט די אויערן און וויל שטאַרק וויסן, וואָס מיט מיר איז דאַן געשען.

— איר פאַרשטייט, איך האָב געוווּסט, אַז מײַן פרוי מיט צוויי קינדער געפינען זיך אין אַ דאָרף דרײַסיק קילאָמעטער פון סטאַלינגראַד. אַהין האָבן זיך עוואַקויִרט עטלעכע צענדליק פאַמיליעס פון אונדזער ראַיאָן. אַהין האָב איך אַרויסגעשיקט מײַן אַטעסטאַט, פון דאָרטן באַקומען אַ פּאָר בריוו. און ווען מיר זײַנען געווען שוין ניט ווײַט פון סטאַלינגראַד, האָב איך זיך אָפּגעבעטן בײַ מײַן קאָמאַנדיר אויף אַ פּאָר טעג, זיך אַרופגעכאַפּט אויף אַ דורכגייענדיקן צוג, און אַ יאָג געטאָן. ווען איך בין געקומען אַהין, האָב איך מײַן פאַמיליע דאָרטן ניט געטראָפן. מיט צוויי טעג צוריק, נאָך אַ פּאָר באָמביאַזשקעס, האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזט ווײַטער. האָב איך זיך אומגעקערט שטאַרק אָן אַנטוישטער, פול מיט נײַעם אומרו: וווּהין האָבן זיי זיך געלאָזט? וווּהין וועלן זיי פאַרפאָרן? און צי וועלן מיר זיך נאָך זען אַמאָל? און אַ נײַער פאַרדראָס: דעם צווייטן טאָג נאָך מײַן אָפּפאָרן איז פאַרבײַ אונדזער טייל דורכגעפאָרן אַן אַבאָז קאַלווירטניקעס, צווישן וועלכע ס'איז געווען אויך מײַן טאַטע. טאַקע נאָר ווי אַ צולאָכעס־שפּיל. אַזאַ געלעגנהײַט דורכגעלאָזט! און אַלעמאָל, ווען איך דערמאָן זיך... איך האָב דאָך אים מער ניט געזען, דעם טאַטן. ער איז געשטאָרבן אין דער עוואַקואַציע.

— יאָ, — האָט סימע אויסגעזיפצט, — און איך געדענק גוט אײַער טאַטן. אַ הויכער אַזאַ, און געשפּאַנט שטענדיק מיט אַ ברייטן שפּאַן. און אַ בערדל געווען בײַ אים, זייער אַ שיין בערדל. און די מאַמע אײַערע געדענק איך אויך גוט. ווען זי איז געשטאָרבן, בין איך געווען גאָר אַ קליין מיידעלע, נאָר איך בין געשטאַנען מיט מײַן מאַמען לעבן אײַער שטיבל. און ס'האָט געזיפּט אַזאַ דין און נודנע רעגנדל.

האָבן מיר, הייסט עס, אַ ביסל שוטפעסדיקס. אַזוינס, וואָס האָט זיך פאַרהיט אין אונדזער זיקאָרן, און וואָס מאַכט אונדז ווי שטיקלעך קרויווים. מיר טראָגן אין זיך דאָס גאַנצע לעבן אונדזער אַמאָליקע שכיינעשאַפט.

— און איך בין געווען אין סטאַלינגראַד, ווען אַלץ אַרום אונדז האָט געברענט. און אַפילע די וואָלגע אַליין אויך. אַזאַ ברייטער טײַך אין העלן פײַער. און מיר גלייבט זיך ביז הײַנט ניט. איך קאָן זיך ניט פאָרשטעלן, וויאַזוי בין איך אַרויס פון יענעם פײַער אַ לעבעדיקע. נאָר ווי איר זעט — אַ מאַזל־זאַך. און לאָזט זיך אויס, אַז מײַן מיילעך איז אין יענע כאָדאָשים אויך געווען אין סטאַלינגראַד. סײַ אין דער שטאָט, סײַ הינטער דער שטאָט. און שטענדיק אין ערגסטן פײַער. איך טראַכט אָפּטמאָל: צי דען איז פאַראַן אין דער וועלט באַשערטקייט, צי אַזוינס, וואָס הייסט גוירל? און דאָס האָט דער גוירל אונדז אָפּגעהיט איינער פאַרן אַנדערן? מײַן מאַמע וואָלט געזאָגט — אַ מאַזל־זאַך. ווו זשע איז דאָס מאַזל און ווו דער שלימאַזל? איך מיין טאַקע מײַן מיילעכן אַליין.

אין דעם בין איך שוין ניט געווען שולדיק. מיר זײַנען דאָך אַרויס צו דער וואָלגע אָפּרוען אַ ביסל, אָפּקילן זיך און כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט. און דאָס, וואָס זי איז אַליין אַרײַן אין אירע דערציילונגען, איז ניט געווען מײַן שולד.

— איר הערט? מײַן מיילעך... ער וועט פאַר מיר אויף שטענדיק בלײַבן אַ רעטעניש. און מיר איז אַליין אָפּטמאָל שווער באַשטימען, צי האָט מײַן מאַזל מיך צונויפגעפירט מיט אים, צי מײַן שלימאַזל. מיר לעבן שוין איינינעם אַזויפיל יאָרן. אונדזער טעכטערל ענדיקט שוין דעם מעדינסטיטוט. און וועגן דעם, וואָס האָט זיך געטראָפן מיט אים און מיט פיאָדאָרן אין שטראָף־באַטאַליאָן, האָב איך זיך דערוווּסט ערשט פאַריקע וואָך, ווען פיאָדאָר האָט מיר דערציילט וועגן דעם. איך מיין די געשיכטע מיט אָט דעם אויסוווּרף סטעפּאַן רײַקאָ. טראַכט איך איצט... מעגלעך, ער האָט מיר אַ סאַך זאַכן ניט דערציילט. עפּשער האָט ער מיך פאַשעט געשוינט. ווײַל דאָס, וואָס ער האָט מיר דערציילט, איז געווען פאַר מיר איבערגענוג, איך זאָל פיל נעכט ניט שלאָפן.

וואָלגע, וואָלגע... ארום אונדז איז געווען פול מיט מענער און פרויען, אַלטע לייַט און יונגע מיידלעך. און ערגעץ האָט געוויינט אַ קינד. ערגעץ האָט מען געזונגען. אָט איז דורכגעשווומען אַ שיף. אַ גרויסע שיף מיט פריילעכע, אויפגעלעבטע פאַרשוינען. צי איז דאָס געווען אַ טוריסטן־שיף, אַ שיף — און אָפרו־הויז, צי אַ געוויינלעכע, פון די, וואָס קורסירן דאָ אַ גאַנצן זומער אַהין און צוריק? און איך ווייס ניט פאַרוואָס, סימע האָט ווידער אָנגעהויבן אונטערזינגען. דאָס מאָל שוין די גאַנצע שורע:

*Волга, Волга, мать родная. . .*

## די נעשאָמע אף שטריקלעך

אהיים, אהיים — האָבן אויסגעקלאַפּט די רעדער פון די איבערגעפולטע וואַגאָנען... אהיים, אהיים — האָבן געהודיעט און צוגעפייַפט די לאַסטמאַשינען, מיט וועלכע ער איז געפאָרן אונטערוועגס... און געדוכט האָט זיך אים, אַז די גאַנצע וועלט, אפילע די פויגלען אין הימל זינגען אויס פאַר אים די דאָזיקע אויסגעטרוימטע ווערטער. און אויך דער נאָמען פונעם אייגענעם שטעטל, וואָס ער האָט אַלעמאָל ארויסגערעדט, דורכגענומען דאָס גאַנצע לייַב מיט אַ הייסן פלאַטער. און טרערן, אויך אַזעלכע הייסע, האָבן אַלץ געראונען פון די אויגן.

אהיים, אהיים. צו יענע געסלעך און ליקעלעך, צו יענע שטיינדעלעך און קאַליוזשקעלעך, וואָס פאַרפולן זייַנען זיקאָרן מיט אומפאַרגעסלעכע קלאַנגען און רייכעס, מיט מענטשלעכע שטימען און מיט לידעלעך, וואָס האַלטן אין איין ברומען און אין אים. ברומען מיט קינדערשער פרייד און פרעסן מיט אומדערטערעגלעכן ווייטיק. אהיים, אהיים, צום אייניציקן ווינקעלע אין דער גאָרער וועלט, ווו ער וועט קאָנען אפסנייַ אומקערן יענע ווייַטע טעג און נעכט, ווען ער האָט געליבט און געטרוימט, געווען פול מיט אונטעריאָגנדיקן דראַנג איבערמאַכן די וועלט און איבערדערציִען אַלע מענטשן פון קליין ביז גרויס.

און די היים אַליין... אין איר איז גאָרנישט ניט געבליבן פון דעם, וואָס האָט געלעבט אין זייַן זיקאָרן. און כאָטש ער האָט געוווּסט וועגן אַלץ און געקאָנט פאָרשטעלן זיך, וואָס ער וועט דאָרטן טרעפן, האָבן די ערשטע טריט איבער די שטעטלשע גאַסן אים מאַמעש געפּלעט, און ער האָט גע־מוזט אָפּשטעלן זיך. בא אים האָט זיך פאַרהאַקט דער אָטעם, און אַ מוירעדיקער הוסט האָט זיך דראָענ־דיק צעשפּילט אף ניט אייַנצוהאַלטן. ער האָט זיך אומגעקוקט, צי האָט ער ניט פאַרבלאָנדזשעט גאָר ערגעץ אנדערש.

ס'איז געווען אַ וואַרעמער, האַרבסטיקער באַגינען מיט אַ שיטערן נעפּל אף דער ערד, מיט ארומבלאָנדזשענדיקע כמאַרעלעך אפן הימל און מיט אַ פייַכט ווינטעלע, וואָס האָט געבלאָזן פונעם נאָענטן בוג. און אים, מיילעכן, האָט זיך געדוכט, אַז עס ציט זיך אַ לאַנגער, פאַרצויגענער בייַנהאַש־מאָשעס, און פון אַלע זייַטן ציט מיט פראָסטיקע צוגווינטן, וואָס נעמען דורך ביז די ביינער. און דאָס שטעטעלע... עס שטייט אינגאַנצן אַ דרויסנדיקס. עס ציטערט אונטער, אינגאַנצן אומבאַשיצט, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. עס שטייט מיט עטלעכע פאַרגעלטע אָפּגעקאַלופּעטע און האַלב־צעוואַלגערטע ווענט, ליגט אין קופּעס ציגלברוך און קופּעס אַש, בלויז מיט אַ פאַרויכערטן סימען פון דעם אָרט, ווו ס'איז אַמאָל געווען אַ שטוב.

פון יענע ווייַטע צייַטן, ווען ער איז געווען פאָרזיצער פון ייִשעווראַט, האָט ער פאַרגעדענקט דאָס גאַנצע שטעטל פונדרויסן און פון אינווייניק. געוווּסט, ווי יעדערער לעבט, אין וואָס יעדערער איז אָנגעטאָן, וואָס יעדערער עסט, אפילע די רייכעס, מיט וועלכע יעדער שטוב טיילט זיך אויס איינע פון דער אנדערער. איצט, שפּאַנענדיק איבערן כאָרעוו־געוואָרענעם שטעטל, איבער וועלכן מע האָט דערווייַל ניט געזען קיין לעבעדיקן נעפעש, האָט זיך אים געדוכט, אַז פון יעדער כורווע, פון יעדער קופּע אַש גייען ארויס אים אנטקעגן זייערע באַלעבאַטים, אַזעלכע, ווי זיי זייַנען פאַרבליבן אין זייַן זיקאָרן פון יענע ווייַטע יאָרן.

פּנעמער, שטימען און רייכעס, רייכעס... ער איז ארומגעגאַנגען, ווי אין אַ כאָלעם, און אַלץ ארומגעקוקט זיך אף רעכטס און אף לינקס, פאַרנייגט זיך פאַר די, וואָס זייַנען ארויסגעקומען פון זייערע הייַזער.

אָט איז ארויס לייבלעע איסטעק, אָדער ווי מע האָט אים גערופן — דאָס זיבעלע. צוויי צונעמען, וואָס האָבן זיך צוגעקלעפּט צו אים פאַר זייַן אויסגעדאַרטקייַט, נידעריק־וווּקסיקייַט און קינדעריש־קוויטשיק קעלכל, אפילע דער גוט־מאָרגן זייַנער איז אויך אַ קוויטשיקער.

און אָט איז ארויס פון זײַן שטוב אוורהם קאַלאַטוכע, א בייזער יִיד, שטענדיק מיט עפּעס ניט צופרידן, שטענדיק פול מיט רוגזע, אָט־אָט וועט ער דיר דערלאַנגען א פּאַטש.

— א גוט־מאָרגן, רעב אוורהם, — פאַרנייגט זיך פאַר אים מײַלעך, און אוורהם ענטפערט אָפּ מיט זײַן ברומענדיקן רוגזה.

— נו, א גוט־מאָרגן, און וואָס ווײַטער?

און ווער איז דער? עפּעס דערקענט ער אים ניט. אַך, יאָ, ס'איז דאָך באָרעך טשימבאַרניק, אָדער ווי מע האָט אים גערופן, באָרעך טשעמבורקע. פון זײַן טשימבאַרניע און פון אים אליין האָט געשמעקט אָף א מײַל מיט שאָפּענעם שוויס, מיט איבערגעפוילטער דעמבענער קאָרע און מיט דער פאַרב, מיט וועלכער ער האָט געפאַרבט די אויסגעדעמבעוועטע פעלכלעך. עס האָט אים אויך איצט א זעץ געטאָן אין דער נאָז מיט יענע רייכעס, און ער האָט זיך געסטאַרעט וואָס גיכער דורכגיין פאַרבײַ אים.

כײַע־ציפּע! אוי, כײַע־ציפּע! זייער אַלטע שכיינע, א גראָבלעכע, ניט פון די פעטע ראָסלפּליישן, נאָר פון די עטלעכע קליידלעך, וואָס זי האָט שטענדיק געטראָגן אָף זיך, ווײַל אפילע זומער איז איר געווען קאַלט.

— א גוט־מאָרגן, כײַע־ציפּע! איר געדענקט?

— פאַרוואָס זאָל איך ניט געדענקען? — ענטפערט זי אים אָפּ. — איך מיט דײַן מאַמען... מיר האָבן דאָך אויסגעוויגט אונדזערע קינדער אין איין הילצערן וויגעלע.

זיי גייען און גייען אים אנטקעגן, איכיל שוסטער, וואָס איז געווען א שטיקעלע פילאָסאָף און א שטיקעלע אָפּשפּעטער, זאמוול דער מוליער מיט זײַן לאַנגן האלדז, וואָס האָט יעדער זאַך אויסגעטײַטשט אָף קאַפּויר. און אָט גייט זוסיע ליגנער מיט זײַנע גוזמעס.

— וואָס הערט זיך עפּעס, רעב זוסיע? — פרעגט ער בא אים.

— הערט א מײַסע, — ענטפערט ער. — זיך אופגעניית א ווארעמען בעגעד, האָט מיר דער שנײַדער צוגעניית קנעפּ, יעדער קנאָפּ וועגט א פוד.

— ווי זשע טראָגט איר אזא בעגעד?

— א מאָשל... לאָזט זיך אויס, די קנעפּ זײַנען געבלאָזענע.

זיי גייען און גייען איינער נאָכן אנדערן: בערל שויכעט, בעניע קאָוועל, שימעלע דאָס האָנעכל, פּיניע שאמעס, יאָסקע דער בעקער, דווירע די אלמאָנע, כייוועד די נייטערן, וועלוול טאנדעטניק. און אָט, נאכמען פעלדשער, ער שפּאַנט אין זײַן ווײַסן, זומערדיקן אָנצוג, סאָפּעט האסטיק און הילכיק און טוט אַלעמאָל א פּיר מיט א טיכל איבערן פאַרשוויצטן שטערן.

— א גוט־מאָרגן, — רופט ער זיך אָן צו מײַלעכן דער ערשטער. — נו, וואָס מאכט איר עפּעס? איר קלײַבט זיך נאָך אַלץ באַזאָרגן די גאַנצע וועלט מיט רעפּועס?

זי איז ארויסגעשווומען פאַר אים, ווי אַלע איבעריקע, א שאָטן צווישן שאָטנס, און די שטים אירע, ווי אַלע איבעריקע שטימען, וואָס קלינגען אין די אויערן, ווי א ווײַטער אָפּהילך. נאָר דאָס פּאָנעם אירס, דער הוילעך אירער, ניט אזא, ווי זיי זײַנען פאַרבליבן אין זײַן זיקאָרן. אינגאַנצן אָן איצטיקע, און ווען זי איז צוגעקומען א ביסל נעענטער...

— אוי, איך מעג שווערן! מײַלעך!

— מומע זלאַטע! — האָט ער אויסגעשריגן א דערציטערטער און זיך דערשראָקן פאַר זײַן אייגענער שטים. זי האָט א קלונג געטאָן פאַר אים מיט איר הייזעריקלעכער איצטיקײַט, מיט זײַן פאַרקירצטן אָטעם און מיט יענעם שטיקנדיקן ווייטיק, וועלכן מע מוז גלײַך אויסהוסטן.

די מומע זלאַטע איז צוגעפאַלן צו אים מיט א געוויין, מיט א געיאָמער, און ער, נאָך אַלץ אין כאַלעם, האָט געפירט מיט דער האַנט איבער איר אַקסל, ווי געפּרוּווט זיך איבערצײַגן, אז דאָס איז טאַקע זי, מאַמאָשעסדיק זי, און ניט קיין אויסגעכאָלעמטע. און זי, ווי באַליידיקט זיך פאַר זײַן ניט־זיכערקײַט, האָט ארויסגערעדט:

— וואָס זשע, דו דערקענסט מיך ניט?

ער האָט זי טאַקע ניט דערקענט. צווישן די אַלע, מיט וועמען ער האָט זיך נאָרוואָס באַגעגנט, האָט זי, די מומע זלאַטע, אויך געדאַרפט אויסזען גאָר אנדערש. און זי האָט אָפּגעענטפערט, ניט נאָר פאַר זיך, נאָר פאַר אַלע די, מיט וועמען ער האָט זיך אָקאָרשט געזען:

— ווי, וואָס פון אונדז איז געוואָרן!

דערנאָך, ווען זיי זײַנען שוין געגאַנגען אינצווייען צו דעם אָרט, ווו עס האָט זיך געפונען זלאַטעס האַלב־רויִנירטע שטוב, האָבן זיי באַגעגנט נאָך אייניקע, וועלכע האָבן אופגענומען זיי ביידע מיט דעם זעלבן געיאָמער:

— אוי, מײַלעך!

— אונדזער מײַלעך, ווי איז מיר!

— אונדזער פאָרזיצער!

איינער, אַן אַלטער ייִד אין שמאַטעס, וועמען מײַלעכן איז שווער געווען צו דערקענען, ווײַל אין אים האָט איינגאַנצן געפּעלט דאָס אַמאָליקע, האָט אַרויסגערעדט גראָד יענץ, דאָס סאַמע אומפּאַר־געסלעכע, עפּשער טאַקע סאַמע דאָס בעסטע, וואָס איז געבליבן אין זײַן זיקאָרן פֿון די פֿרײַערדיקע צײַטן:

— מײַלעך עווייען!

אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן.

אָן אָנהייב פֿון גאָלע גאַרניט.

די מומע זלאַטע איז געווען ניט זײַן מומע, נאָר גיטעלעס. איר טאַטנס אַ שוועסטער. נאָר אין יענע שרעקלעכע מינוטן, ווען ער האָט אַרומגעשפּאַנט צווישן כוואָרעס און ניט געוווּסט, ווו וועט ער קאָנען זיך צולייגן, איז די מומע זלאַטע געווען פֿאַר אים די אייגנסטע מומע. זי האָט אים אוועקגע־פֿירט צו זיך אין דעם האַלב־צעוואַלגערטן שטיבל, אים אָנגעהאָדעוועט מיט וואָס זי האָט געהאַט, און אויסגעבעט פֿאַר אים אַ געלעגער. מיד איז ער געווען אויסערגעווײנלעך, און דער שלאָף איז געקומען טײקעף, ווי נאָר ער האָט זיך אוועקגעלייגט. אויפֿגעכאַפּט האָט ער זיך שוין פֿאַרנאַכטלעך. אויפֿגעכאַפּט זיך אַ דערשראָקענער, ווי נאָך אַ שרעקלעכן כאָלעם. און אָנגעהויבן זיך אַרומקוקן. דערזען די מומע זלאַטע, האָט ער זיך אָנגערופֿן:

— וועלן מיר צוגיין?

— צו וועמען?

— וואָס הייסט צו וועמען? צו מײַן גיטעלען, צו שיינדעלען, צו דער מאַמען, צו אַלעמען.

— וועסט נאָך באַווײַזן,— האָט זלאַטע געפּרוּווט אים אָפּרעדן.

— ניין, מע דאַרף שוין. טאַקע די מינוט.

וואָס האָט ער זיך אַזוי געײַלט אַהין, צום שרעקלעכן קייווער? וואָס האָט ער דאָרטן געוואָלט און געקאָנט זען? צווי הויכע בערגלעך, אין יעדערן באַ פֿינף הונדערט קאָרבאָנעס. מענער באַזונדער און פֿרויען באַזונדער.

— און די קינדער? — האָט מײַלעך געפֿרעגט.

— וועלכע קינדער?

— נו, שיינדעלע? גיטעלע איז דאָך אַוועק מיט שיינדעלען אויף די הענט!

זלאַטע האָט פֿאַרשטאַנען, אַז לאַנג לאָזן אים דאָ אַליין טאָר מען ניט. ער שטייט אַ פֿאַרגליווער־טער, קימאַט ווי אַ געלײמטער, און קיין איין טרער אין די אויגן! גלײַך אַלץ אין אים איז אויסגע־טריקנט געוואָרן. און די פֿראַגן זײַנע... גאָר ניט, ווי באַ אַ קלאָרן מענטשן.

— ווי אַנדערש? — האָט זי אים אָפּגעענטפֿערט. — אַלע מיט די קינדער אויף די הענט. נו, קום, קום שוין אַוועק, וועסט נאָך האָבן געגוג צײַט.

זי האָט אים אַ נעם געטאָן פֿאַרן אָרבל פֿונעם שינעל און אַוועקגעפֿירט. מײַלעך האָט זיך גע־לאָזט פֿירן אָן שום טײַנעס. ער האָט בלויז איבערגעכאַזערט פֿאַר זיך:

— מיט די קינדער אויף די הענט, מיט די קינדער אויף די הענט...

און נאָך דעם, ווי ער האָט אַ ביסל אָפּגעשוויגן, האָט ער אַרויסגערעדט, ווי באַקלאָגט זיך פֿאַר דער מומע זלאַטען:

— איך האָב שיינדעלען אַפֿילע קיינמאָל ניט געזען, נאָר זי שטייט מיר די גאַנצע צײַט פֿאַר די אויגן.

ערשט איצט, שוין פֿאַרנאַכטלעך, האָט ער געקאָנט זען דאָס שטעטל אַזאַ ווי דאָס איז. אין איניקע גאַנץ־געבליבענע הײַזער האָט שוין עמעצער געוווינט. אַנדערע זײַנען געשטאַנען נאָך פּוסטע. אָן טירן און פֿענצטער, און געוואַרט אויף זייערע באַלעבאַטים. פֿון פֿיל האַלבע און פֿערטל הײַזער, אַפֿילע פֿון איניקע קוריקלעך איז געגאַנגען אַ רויך. פֿענצטערלעך פֿאַרקלאַפּטע מיט ברעטלעך, פֿענצטערלעך פֿאַרשטאָפּטע מיט שטרוי און מיט שמאַטעס, אַבי אַ שטיקעלע זאַטישעק, אַבי מע איז שוין לעבן אין אייגענער וואַנט. לעבן אין אייגן אייוועלע. לעבן דער אייגענער כוראָווע.

איצט האָט אים שוין ניט געדאַרפֿט דוכטן זיך. ער האָט געזען זײַנע לאַנדסלײַט איינעם נאָכן אַנדערן, די, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פֿון די עוואַקואַציעס, די, וואָס זײַנען לעבעדיקע אַרויס פֿון בערשאַדער געטאָ. געזען זיי אַזעלכע, ווי זיי זעען אויס איצט, מיט זייערע הוסטן און קרעכצן, מיט זייערע ווייטיקן אויף ניט איבערצודערצײלן. ערשט איצט האָט ער דערזען עמעסדיקע שאָטנס. מענטשן — שאָטנס. הויט און ביין. זיי האָבן דורכגעשוועבט פֿאַר אים, אײַנגאַנצן אומבאַקאַנטע. און, זעט אויס, זיי האָבן אויך אים ניט דערקענט. עפּשער יאָ דערקענט נאָר ער איז זיי ווייניק־וואָס אָנגעגאַנגען, ס׳איז זיי ביכלאַל גאַרניט ניט אָנגעגאַנגען. זיי האָבן בלויז געזוכט, געזוכט און געזוכט: אַ ברעטל, אַ דרענגל, אַ צוועקל, אַ ציגל, אַ העמערל. און אין דער ערשטער רײ — אַ ביסעלע הייצונג און אַ שטיקעלע ברויט.

איז ער אַרומגעגאַנגען אַ דערשיטערטער פון די שאָטנס אין הוילע שמאַטעס, איבערגעבונדענע מיט שטריקלעך, אונטערגעגאַרטלטע מיט שטריקלעך און פאַרבונדן די שקראַבעס אויף די פיס אויך מיט שטריקלעך. און מען פון אַלץ איז ער געווען דערשיטערט דערפון, וואָס ער דערקענט זיי ניט. באַ אַלעמען די פּנימער איינגעפאַלן און אַלציינס פאַרוויכערט, פאַרקווילט. ער דערקענט ניט זיי, און זיי דערקענען ניט אים. אים איז דורך אַ גרויל איבערן לײַב פון אָט דעם געפיל פון פרעמדקייט, פון אָט דער קעגנזײַטיקער אָפּגעפרעמדטקייט. און נאָך שרעקלעכער איז אים געוואָרן פונעם דורכגעלאָפענעם געדאַנק, אַז דאָס, וואָס האָט געלעבט אין זײַן זיקאָרן, די אַלע, וועלכע ער האָט ערשט הײַנט גאַנצפרי געזען פאַר זיך, זײַנען אין איין אויגנבליק פאַרשוווּנדן געוואָרן אויף שטענדיק.

— ניין און ניין! — האָט פון אים אַרויסגעשריגן. — עס טאָר ניט פאַרשוווּנדן ווערן! ער וועט ניט דערלאָזן! ער מוז אַלץ אופשטעלן, אופלעבן, אַלץ, אַלץ!

ס'איז געווען, פאַרשטייט זיך, ניט מערער, ווי אַ הייסער פאַרלאַנג, ניט מער ווי אַ בליץ, וואָס האָט אַ ברי געטאָן דעם מויעך. נאָר אַ ביסל שפּעטער, טאַקע אין עטלעכע מינוט אַרום, האָט דאָס באַקומען אַ מער מאַמאָשעסדיקן און מער רעאַלן באַשלוס, כאָטש דאָס איז אויך געווען זייער ווײַט פון זײַנע ביז גאָר באַגרענעצטע מעגלעכקײַטן. געשען איז דאָס, ווען איינע פון די יאָגנדיקע שאָטנס איז צוגעקומען צו אים אַ ביסל נעענטער און אַ פליעסקע געטאָן מיט די הענט:

— אוי, איך מעג שווערן! גאָט מײַנער! מיילעך!

און ער האָט זי אויך דערקענט. ציפּע די נייטערן! נאָר אים איז געווען שטאַרק קאָשע: אַ נייטערן זאָל גיין אין הוילע שמאַטעס, אַרומגעבונדן מיט שטריקלעך! האָט ער זי צו לאַנג באַקוקט אַ דערשטוינטער און אַ פאַרווּנדערטער.

— וואָס באַקוקט איר מיך אַזוי? — האָט ציפּע ווי באַליידיקט זיך. — וואָס מיינט איר? נאָר אונדזערע שמאַטעס האַלטן זיך אויף שטריקלעך? די נעשאָמע אַליין אויך. דאָס גאַנצע לעבן אונדזערס איז אין הוילע כורוועס.

מוז ער זיך נעמען אופשטעלן די כורוועס?

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אומעגלעך. קיינער וועט שוין ניט קאָנען אופשטעלן דאָס, וואָס ס'איז געווען, פונקט ווי עס וועלן קיינמאָל ניט אופשטיין פון די גריבער די טויזנטער קאָרבאָנעס. און וויאַזוי אײַנשטילן דעם מוירעדיקן בראָך, דעם כורבן אין די מענטשלעכע נעשאָמעס? אַלץ, וואָס וועט נאָך לאַנג, דאָס גאַנצע לעבן באַ יעדערן יאַטרעווען אונטערן האַרצן? און דאָך...

וואָס איז דאָס געווען? הוילע אַקשאָנעס, צי יענער אומבאַזיגבאַרער דראַנג, וואָס וויל פון גאָרניט ניט וויסן? עטלעכע נעכט איז ער ניט געשלאָפן, ביז ס'איז אופגעקומען אַ פעסטער באַשלוס: ער מוז זיך נעמען אופשטעלן די האַלב־אײַנגעוואַלגערטע הײַזער. גיכער פון אַלץ איז דאָס געווען דאָס זעלבע, וואָס דאַן, ווען ער איז אין זײַנע פאָרזיצערישע יאָרן אַרומגעגאַנגען פון שטוב צו שטוב און פון זײַנע קנאַפּע פאַרדינסטן אײַנגעקויפט רעפּועס פאַר די נויטבאַדערפטיקע כאַלאָים. איצט האָט ער ניט פאַרמאָגט גאָרניט, כוץ אַ פּאָר הענט. טאַקע ניט מערער, ווי הענט. דער הינקעדיקער פוס האָט אים ווייניק־וואָס געקאָנט מיטהעלפן. די קראַנקע, פאַרווּנדעטע לונגען אַוואַדע ניט. נאָר די הענט. האָט מען געדאַרפט אין דער ערשטער רײַ קריגן אַ ביסל סטאָליערישן קלאַפערגעצײַג, כאָטש אַ האַק, אַ זעג, אַ הובל, אַ פּאָר העמערלעך און אַ ביסל צוועקעס. ער האָט איבערגעקליבן אין געדאַנק זײַנע אַמאָליקע פרײַנט פון דעם דאָרפישן טייל, באַ וועמען מע קאָן עפּעס קריגן. דעם צווייטן פאַרטאָג האָט ער דערהערט קלאַנגען פון אַ נאָענטער קוזניע. זיי האָבן אַ קלונג געטאָן אין די אויערן, ווי אַ דערמונטערנדיקער רוף. דאָס האָט אים אַראָפּגעריסן פונעם געלעגער. ער האָט אָפּגיך זיך אָנגעטאָן און אַוועקגעלאָפן אַהין, פונוואַנען עס האָבן זיך דערטראָגן צו אים אָט די זעלטענע, דערפרייענדיקע קלאַנגען.

אורציע קאָוועל האָט אויסגעזען ניט שענער און ניט בעסער, ווי אַלע איבעריקע שאָטנס, מיט וועלכע ער האָט זיך פריִער באַגעגנט. זײַן אַמאָליק רויט בערדל איז געוואָרן שיטער און גרוי, און מיט גאָרנישט ניט געקאָנט פאַרשטעלן זײַן אײַנגעפאַלן פּאָנעם, די אַרויסשפּאַרנדיקע קינבאַקן און דעם טרויער פון זײַנע אָנגעטרערטע אויגן. פריִער, פאַר דער מילכאָמע, איז ער טראָץ זײַן נידערוווקסיקייט געווען אַ קרעפטיקער מאַן, אַן עמעסדיקער גיבער, פאַר וועמען דער שווערער האַמער האָט אויסגעזען, ווי אַ שפּילכל. איצט, אָנגעווירן די גווורע, האָט ער פון קאָפּ ביז די פיס אויסגעזען ווי אַן אויסגעדאַרט נעבעכל — אַ טיפּער, אײַנגעהויקערטער, אָנמעכטיקער זאָקן.

זיי האָבן באַקוקט איינער דעם אַנדערן, זייער לאַנג און שווײַגנדיק באַקוקט. אַפילע פאַרגעסן דערלאַנגען איינער דעם אַנדערן די האַנט. אורציע האָט אַלץ געפּאָכעט מיטן בלאָז־זאַק, כאָטש דאָס פײַערל איז שוין געווען אַ גאַנץ נישקאָשעדיקס. דערנאָך האָט ער אויסגעגלײַכט דעם רוקן, שטיל אַ קרעכץ געטאָן און אַרויסגערעדט, גלײַך ער האָט אים ערשט איצט דערקענט. אַרויסגערעדט זיפצנדיק און באַקלאָגנדיק:

— נו, יאָ, מיילעך. אונדזער פאָרזיצער. איך זע שוין...

3*

דאָס איבעריקע איז געווען ניט שווער אָנשטויסן זיך. ס'הייסט, איך זע שוין, וואָס פון דיר איז געוואָרן, וואָס פון אונדז אַלעמען איז געוואָרן. דערנאָך, אָפּגעדעכעט און הויך אָנגעסאָפּעט זיך, הויך און האסטיק, האָט ער זיך צערעדט:

— וואָס זאָל מען טאָן? אַז מע האָט אַ קראַנק ווײַב, אַ שנור, אַ יונגע אַלמאָנע און אַן אייניקל, וואָס דאַרף שוין גיין אין שול. מוז מען דאָך פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט. איך זאָל כאָטש האָבן, ווער עס זאָל מיר אונטערהעלפן.

— איך וועל אײַך העלפן.

— דו? — האָט אורציע געפרעגט אַ דערשטוינטער, און גלייך איבערגעגאַנגען אַף „איר". — איר, אונדזער פאַרזיצער?

— וואָס פאַר אַ פאַרזיצער בין איך איצט? איר זעט דאָך. איך וועל אײַך העלפן און איר וועט מיר העלפן. איך וווין בא זלאַטען. דאַרף מען איר שטיבל ברענגען צו אַ טאַכלעס.

— טאַכלעס, טאַכלעס, — האָט אורציע אַרויסגערעדט. — אַ שיינעם טאַכלעס האָבן זיי געמאַכט פון אונדז, די היטלערס. מײַן זון, וועלוועלען, געדענקט איר דאָך. אומגעקומען אין די ערשטע טעג אַף דער מײַרעוודיקער גרענעץ.

— יאָ... — מיילעך האָט געוואָלט זאָגן, אַז ער האָט אויך אָנגעהויבן די מילכאָמע אַף דער מײַרעוודיקער גרענעץ, נאָר פאַרשטאַנען, אַז דאָס וואָלט פאַרנומען צופיל צײַט, איז ער אַנשוויגן געוואָרן. אורציע האָט אויך געשוויגן. ס'איז אויסגעקומען, אַז אַלץ, וואָס זיי האָבן געהאַט צו זאָגן איינער דעם אַנדערן, איז שוין געזאָגט געוואָרן, און מערער איז ניטאָ וועגן וואָס צו רעדן. אורציע האָט זיך ווידער אַ נעם געטאָן פאַרן בלאָז־זאַק און ערשט דערנאָך געפרעגט:

— איז וואָס זשע דאַרפסטו הײַנט האָבן?

— הײַנט, מאָרגן און איבערמאָרגן. אַ לאַנגע צײַט. ווײַל איך וויל ניט נאָר זלאַטעס שטוב...

— און וואָס וועל איך האָבן דערפון?

— האלב אַף האלב.

— גאַנץ לײַטיש, גאַנץ לײַטיש, — אורציע האָט אפילע אַ שמייכל געטאָן. — איך שטעל זיך שוין פאָר. דײַן האלב און מײַן האלב. נאָר, ווי דײַן טאַטע פלעגט זאָגן: די סאָנים אַפּצולאָכעס.

ס'איז געווען אַ גאַנץ אומגעווײנלעכער שוטפעס, וואָס האָט דערנאָך צוגעצויגן ניט איינעם פון די, וועמענס הײַזער מע האָט געדאַרפט ברענגען צו אַ טאַכלעס. אַ מין ניט־רעגיסטרירטער אַרטעל אָן שום סטאַטוטן און אָן וועלכע־ניט־איז פינאַנסן. ס'איז געווען ניט מערער, ווי אַ צײַטווײַליקע פאַראייניקונג פון מענטשן, איבערגעפולטע מיט די זעלבע ווייטיקן, איבערגעבונדענע און אונטערגעגאַרטלטע מיט די זעלבע שטריקעלעך. און בא אַלעמען דער זעלבער, אומויסדריקלעכער כורבן אַף דער נעשאָמע.

אָפּגעפאַרטיקט זיך מיט זלאַטעס שטוב, מע זאָל אין איר ווי־ניט־איז קאָנען איבערווינטערן, האָט מיילעך אָנגעהויבן אַרײַנקוקן אין אַנדערע כורוועס, ווו ס'איז געווען אַ לעבעדיקער נעפעש. ער האָט שוין, אייגנטלעך, ניט געדאַרפט אַרומגיין איבער די הײַזער. אַלעמאָל איז צו אים געקומען אַן אַנדערער, ווי מע פלעגט אַמאָל קומען צו אים אין יִשעוו־ראַט.

— כאַווער פאַרזיצער, עפּשער קאָנט איר מיר אויסמײַסטרעווען אַ שטיקל פענצטער?

— כאַווער פאַרזיצער, כאָטש וועלכע־ניט־איז טיר!

— כאַווער פאַרזיצער!..

און ער, מיילעך, אַט דער מעלעך עוויען, וואָס האָט שוין באַוויזן אײַנשאַפן זיך אַ ביסל סטאָליערישן קלאַפּערגעצײַג, איז אַרומגעגאַנגען פון איין כורווע צו דער צווייטער. אין איינער איז געווען אַרבעט אַף אַ טאָג, אין אַ צווייטער אַף אַ גאַנצער וואָך. אין איינער אָפּגעטאָן אַלץ אַליין, אין אַ צווייטער געמוזט ברענגען מיט זיך אַ גאַנצע קאָמיסיע. די „קאָמיסיע" איז באַשטאַנען פון אים מיט אורציען. און ער האָט שוין געמוזט ווערן ניט נאָר סטאָליער, נאָר אויך אַ שטיקל מוליער, און אפילע אַ גלעזער און בעמיילע שוין אויך אַ שטיקל שמיד. און אומעטום פון באַגינען ביז שפּעט אין אָוונט. און אומעטום מיט אַן אומבאַגרײַפלעכער פאַרביסנקײַט. און באַנאַכט האָט ער געהוסט. מוירעדיק געהוסט.

דער פריִערדיקער שטעטלשער יִשעוו־ראַט האָט שוין ניט געקאָנט אַפּסנײַ אויפקומען. איז געוואָרן איין דאָרפראַט פון ביידע העלפטן. פונעם אוקראַיִנישן דאָרף און פונעם יִידישן שטעטל, פון וועלכן עס איז אפילע קיין האלב ניט געבליבן. אפילע קיין פערטל. נאָר פאַר די, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון דער עוואַקואַציע, פון די פראָנטן און פון די געטאָס, איז מיילעך געווען און פאַרבליבן זייער פאַרזיצער. מיט אַלע זייערע נויטן זײַנען זיי געקומען צו אים. שוין ניט בלויז וועגן טירן און פענצטער, נאָר אויך וועגן פיל אַנדערע זאַכן: העלפן אָפּזוכן אַ פאַרפאַלן געוואָרן קינד, קריגן אַ פענסיע און אפילע אײַנאָרדענען אַ שידעך, פון יענע ניט פריילעכע און אָפטמאָל אומזיניקע שידוכים, וואָס זײַנען אויפגעקומען די ערשטע צײַט נאָך דער מילכאָמע.

איינִיקע האָבן געהאַלטן, אַז דאָס איז מייִלעכס אַ נאַרישע אַקשאָנעס. ווי קאָן מען אופשטעלן דאָס, וואָס איז שוין ניטאָ? דערצו נאָך אַזאַ זאַך. קיין געלט פאַר זייַן אַרבעט האָט ער ניט גענומען. ער האָט בלויז געשפּייַזט זיך דאָרטן, ווו ער האָט געאַרבעט, געשפּייַזט זיך מיט זייער אַ פּיסנע און קנאַפּע שפּייַז. האָבן איינִיקע דאָס געהאַלטן פאַר אַן אומזין און אים אַליין פאַר אַ שטיקל מעשוגענעם. יאָ, יאָ, טאַקע אַזוי האָט מען גערעדט וועגן אים. נאָר איך, ווען איך האָב געהערט סימעס דערציילונג, האָב איך אים גאַנץ גוט פאַרשטאַנען. בייַ מיר אַליין איז אויך געווען אַזאַ הייסער, אַזאַ הימלשרייַענדיקער, אַקשאָנעסדיקער פאַרלאַנג: אופשטעלן דאָס שטעטל אַזוי, ווי ס'האָט אויסגעזען פאַר דער מילכאָמע. און אויב עס איז ניט מעגלעך קיין טכיִאַס־האַמייסים אין דער נאַטור, האָב איך דאָס געפּרוּווט טאָן אויף די זייַטלעך פון מייַנע „יונגע יאָרן" און אין די „כאַשטשעוואַטער דערציילונגען". פאַרשטייט זיך, דאָס זייַנען ביז גאָר פאַרשיידענע זאַכן. בייַ אַ שרייַבער איינס, און בייַ אַ סטאָליער גאָר עפּעס אַנדערש. נאָר דאָס געפיל, דער דראַנג, די אַקשאָנעס איז בייַ אונדז געווען די זעלבע. און אויסהערנדיק סימען, האָב איך זיך געפילט באַנאַנד מיט מייִלעכן. און ווידער — מיט אַן אומפאַרשטענדלעכער שולד פאַר אים.

עפּשער וואָלט ער דערנאָך אַ ביסל געלינדערט די אַקשאָנעס און אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אייגענעם טאַכלעס. אַזוי צי אַזוי, נאָר דאָס שטעטל צי דאָס האַלבע שטעטל האָט ביסלעכווייַז אָנגעהויבן צו עטעמען. עס איז ווידער אופגעקומען דער אַרטעל פון די פעלצנמאַכער, דער שוסטער־ און שנייַדער־אַרטעל. מאָטל שיוועטשקעס, ווי מע האָט אים אַלע יאָרן גערופן, האָט געעפנט בייַ זיך אין שטוב אַ פאַבריקמאַכערייַ, און פאַר יעדן נייַעם קליִענט זיך באַרימט, אַז אַלע מילכאָמע־יאָרן האָט ער געשווירן און געגאָלט נאָר גענעראַלן און פּאָלקאָווניקעס. לייבעלע איסטעק און אַווראָם קאַלאטוכע — צוויי קאָלווירטניקעס פונעם פריִערדיקן יידישן קאָלווירט — האָבן זיך פאַרשריבן אין אַ אוקראַיִנישן. נאַפטאָלע שויכעט, וואָס איז די לעצטע יאָרן פאַר דער מילכאָמע געוואָרן אַ מעלוכישער אָנגעשטעלטער און אַפילע אַ מיטגליד פון פּראָפּאַריין, האָט דערווייַל געשאָכטן אויפעס אויף אַ פריוואַטן אויפן, און יאַנקעוו ליטוואַק, וואָס איז שוין אַלט געווען אַכציק יאָר, האָט כאַסענע געהאַט פאַר עסטער דער לאַנגער, וואָס איז שוין אויך געווען אַריבער די זיבעציק. מיט פערציק יאָר צוריק איז ער געבליבן אַן אַלמען, און זי אַן אַלמאָנע. אַלע יאָרן פאַר דער מילכאָמע האָבן זיי געשאַדכנט זיך איינער צום אַנדערן, און ס'האָט זיך בייַ זיי עפּעס ניט אויסגעשאַדכנט. און ערשט איצט, קוים לעבעדיקע, זיך אומגעקערט פון דער עוואַקואַציע... ווער האָט עס געקאָנט פון זיי אָפּשפּעטן, צי ביכלאַל דערקלערן, פאַרוואָס אין אַזאַ טיפן עלטער? מענטשן האָבן זיך געצויגן, געטוליעט איינער צום אַנדערן.

אַזוי צי אַזוי, האָט אַלץ ביסלעכווייַז אָנגעהויבן אָנעמען זיך... זייער שווער און זייער שוואַך זיך אָנגענומען, ווי בייַ אַן אַלטן, אונטערגעהאַקטן דעמב. נאָר... ס'האָט זיך אַ ביסל אָנגענומען מיט די רעשטלעך פונעם פּאַרמילכאָמעדיקן. נאַפטאָלע שויכעט האָט שוין אַפילע צונויפגענומען אַ מיניען און איז געוואָרן דער באַלטפילע. קינדער האָבן אָנגעהויבן גיין אין שול אַרייַן. נאָר ס'איז געווען ניט דאָס, ניט דאָס! עס האָט געפעלט די פריִערדיקע זיכערקייַט, די פריִערדיקע לוסטיקייַט, דער פריִערדיקער ברייטער אָטעם. און פון הינטער דער שול האָבן צום שטעטל אַרויסגעקוקט צוויי שרעקלעכע קוואָרים, איינער האַרט צוגעשפּאַרט צום צווייטן, אין וועלכן עס זייַנען געלעגן אַריבער טויזנט קאָרבאָנעס פון די פאַשיסטישע אַכזאָריעסן. מענער באַזונדער און פרויען באַזונדער. און יעדן טאָג איז עמעצער צוגעקומען אַהין. און יעדן טאָג האָט פון דאָרטן איבערן גאַנצן שטעטל זיך צעהילכט אַ מוירעדיקער געיאָמער. און געדוכט האָט זיך, אַז די אופגעשטעלטע הייַזער קאָנען זיך ניט באַפרייַען פון זייער גרויל. דאָס גאַנצע שטעטל זעט אויס ווי אין טיפן כאַלאָשעס. באַטאָג זייַנען די לעבעדיקע געגאַנגען צו די אומגעבראַכטע, און באַנאַכט פאַרקערט. זיי, די אומגעבראַכטע, זייַנען אַרייַנגעקומען אין יעדער שטוב. בייַ מייִלעכן אַליין איז אויך געווען דאָס זעלבע. ער האָט געהאַט, צו וועמען צו קומען יעדן טאָג, און ס'איז געווען, ווער ס'זאָל קומען צו אים יעדע נאַכט.

עפּשער וואָלט מייִלעכן פונדעסטוועגן געוואָרן אַ ביסל גרינגער, ווען ניט זייַן צוזאַמענשטויס מיט איציע קאַנדעבולע.

איציען האָט מייִלעך ווייניק געקענט. ווען ער איז געווען פאָרזיצער, האָט איציע ערשט אָנגעהויבן אונטערוואַקסן, און געשטאַנען איינעם מיט זייַן טאַטן, שעפּסל קאַצעוו, אין זייַן יאַטקע. ער האָט געיאַרשנט פון זייַן טאַטן ניט נאָר זייַן צונאָמען, נאָר אויך אַזוינס, וואָס האָט אים איינגיכן געמאַכט פאַר אַן אַגענט פון זאַגאָטסקאָט. שפּעטער, ווען מייִלעך איז אַ פּאָר מאָל געקומען אַהיים, האָט ער אים געזען אַרומפאָרן אויף אַ בעדאַרקע איבער די דערפער, און ווערדיק מע האָט דערציילט, האָט ער דאַן געמאַכט ניט קיין שלעכטע געשעפטן. גלייַך זייַן שטעלע האָט אַלע מילכאָמע־יאָרן געוואָרט אויף אים, האָט ער זי פאַרנומען אויפן צווייטן טאָג, ווי נאָר ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים. געקומען איז ער אַ ביסל אַ צעמאַזיקטער. אים האָבן געפעלט דרייַ פינגער אויף דער לינקער האַנט. נאָר די רעכטע האַנט האָט אים געדינט ניט שלעכט. ער האָט געקאָנט אַליין אייַנשפּאַנען די בעדאַרקע, געקאָנט אויסשרייַבן אַזאַ קוויטאַנציע, אים זאָל שטענדיק בלייַבן רעווער.

די כוצפּע האָט ער איבערגענומען בא זײַן טאַטן. נאָר קיין ביסל כאָכמע איז ניט געווען בא וועמען צו יאַרשענען. און עפּשער איז די סיבע געווען אין דעם, וואָס ער האָט גענומען אַן איבעריקע קויסע. אין אַלע הײַזער האָט מען איבערדערציילט דאָס, וויאַזוי ער האָט זיך באַרימט אַף איינער זייער אַ רײַכער סודע:

— איינס פון די ביידע: אָדער איך וועל ווערן פאַרוואַלטער פון דעם גאַנצן פּי־הויף, אָדער איך וועל טרעפן אין טורמע...

ער האָט ניט באַוויזן ניט דאָס, ניט יענץ. ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע. נאָר אַזאַ, ווי ער איז אַוועק, אַזאַ האָט ער זיך אומגעקערט. ווי האָט מען עס באַם קלאָרן געדאַנק געקאָנט אַף די פרישע כורוועס אָנהייבן בויען פאַר זיך אַ מויער און אַרומצוימען אַרום אים אַ הויף, וואָס האָט פאַר־נומען אַ פּלאַץ פון אַ גאַנץ געסל? פון אַ פאַרשוווּנדן געסל!

געווען איז דאָס אַ שמאָל און שטיל געסעלע, האַרט צוגעשפּאַרט צו דער מאַרק־גאַס. אָנדער־האַלבן צענדליק הײַזקעס איינס אַקעגן דעם אַנדערן. אַזאַ ענגס און אַזאַ שמאָלס, אַז מע האָט קוים געקאָנט דורכגיין דורך דעם. אַפילע אין די סאַמע הייסע זומערדיקע טעג איז דאָ געווען ביינהאַשמאָ־שעסדיק טונקל, קילבלעך און פײַכטלעך. זעלטן־ווען עס האָט דורך די קליינע פאַרשטויבטע פענצ־טערלעך זיך דורכגעריסן אין יענע הײַזלעך אַ זונען־שטראַל. איז דאָס אינגאַנצן פאַרשוווּנדן געוואָרן, יענץ געסל. נאָר מיילעך האָט עס די גאַנצע צײַט געזען פאַר זיך: דאָס געסל און זײַנע אײַנוווינער.

אָט שפּאַנט איבערן געסל שאָלעם דער האַלב־בלינדער זייגערמאַכער. ער גייט מיט אַ ברייטן שפּאַן, אָנטאַפּנדיק מיט די פיס יעדעס שטיינדעלע, דער קאָפּ זײַנער איז אַ ביסל פאַרוואָרפן אין אַ זײַט. און אָט גייט אַ פאַריאָצטער מוישע דער טויבער. זײַן רעקל, אַף וועלכן עס איז שוין לאַנג ניטאָ קיין איין קנעפּל, איז שטאַרק צעכראַסטעט, און די שטים זײַנע איז אויך אַ צעכראַסטעטע, ווען ער שרײַט אויס וועגן וואָלוועלע פיש. און ווער איז דאָס? איכיל שוסטער. דער פריילעכער קאַפּצן, בא וועמען דער גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען אַרויסרײַסן זיך פון זײַן פינצטער שטיבל אַפן זוניקן מאַרק, אַרומגיין צווישן די שטעלעכלעך און אויסשפּעטן פון אַלעמען און פון זיך אַליין. און אָט איז פעסיע די גראָבע. זי זיצט ווי שטענדיק אַפן פריזבעלע לעבן איר שטיבעלע און קוקט זיך אײַן מיט אירע קורצזיכטיקע, אָנגעטערערטע אויגן אין יעדן דורכגייער. זי וויל אים אָפּשטעלן, זאָגן אים עפּעס, נאָר וואָס צו זאָגן, ווייסט זי ניט. זיצט זי און רעדט מערער צו זיך אַליין. און עס לויפן אַרום איבערן געסל האַלבנאַקעטע כעווראַניקעס... און ערגעץ דאָ ליגט אַ קינד מיט אַ קראַנק בײַכעלע... און אין אַ צווייטער שטוב באַווײנט אַ מיידעלע איר קרום פיסעלע. דאָס פיסעלע... עס וויל זיך ניט אויס־גלײַכן.

ווי און ווי... און נאָכאַמאָל ווי... דאָס אַלץ איז געבליבן בא מיילעכן אין זיקאָרן פון יענע צײַטן, ווען ער איז אַרומגעגאַנגען אין די הײַזער. און טאַקע דאָ, אַף דעם פאַרטונקלטן געסל, האָט ער דערזען גיטעלען, ווען זי איז אַלט געווען פערצן יאָר. געווען איז זי אַ ביסל צו בלייך. און צו איר איבעריקער אויסגעיידלטקײַט — אַ ביסל צו הויך. ס'האָט איר געפעלט, אוי, האָט איר געפעלט אַ ביסעלע זון! נאָר ווען זי האָט זיך פאַרויטלט... ריכטיקער, דאַן, ווען זי האָט אַ קוק געטאָן אַף אים מיט איר פאַרשעמטן בליק... ער האָט אַפילע געטריבן פון זיך דעם געדאַנק, ניט געוואָלט גלייבן זיך אַליין, ווײַל ער האָט דאָס געהאַלטן פאַר אומדערלאָזבאַר. נאָר ער האָט זיך פאַרליבט. טאַקע אין יענער ערשטער מינוט. און גאַנץ מעגלעך, אַז בא גיטעלען איז דאָס געשען אויך אַזוי. אין יענער ערשטער מינוט. און די אַלע יאָרן, אין די סאַמע ערגסטע טעג, אין די סאַמע שווערסטע מינוטן, האָט ער געזען פאַר זיך גיטעלעס פאַרויטלט פּאָנעם און איר פאַרשעמטן בליק. איז בא אים פאַרבליבן אין שטעטל צווי הייליקע ערטער, צו וועלכע ער האָט יעדן טאָג געמוזט צוקומען: צום שרעקלעכן קייווער און צום פּוסטן פּלאַץ, ווו ס'איז אַמאָל געווען יענץ געסל.

דערזען, ווי איציע האָט אַרומגעצוימט דאָס שטיקל פּלאַץ מיט קורצע שטאַכעטלעך, איז ער צו צו אים אַ דערשטוינטער און אַ דערצאָרנטער:

— וואָס טוסטו עס? — האָט ער געפרעגט.

— אַ סאָד וועל איך דאָ פאַרפלאַנצן.

— מע טאָר ניט! — האָט מיילעך אויסגעשריגן.

— פאַרוואָס טאָר מען ניט?

— דאָס איז אַ הייליק אָרט!

— וואָס ציט דיך אַזוי צו הייליקע ערטער? קלײַבסט זיך אויך אַהין?

— וווּהין, וווּהין קלײַב איך זיך עס?

— אַפן הייליקן אָרט! אַפן בעסוילעם.

מיילעכן האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ שטאַרקע וואָרגעניש, און ער איז ניט געווען אימשטאַנד אַרויס־רעדן אַ וואָרט. דערנאָך איז אים באַפאַלן אַ מאָדנער גרויל. פון קעלט און היץ אײַנאײַנעם. ער האָט זיך שוין אָנגעשטויסן, אַז דאָס האָבן זיך צעשפּילט די דורכגעשאָסענע לונגען, און ס'וועט שוין מוזן

געשען עפּעס שרעקלעכס. נאָר מער פֿון אַלעמען האָט אים געבראָטן דער פּאַרדראָס. אַ ביטערער פּאַרדראָס. און שוין ניט אַזוי דערפֿאַר, וואָס מע נעמט בא אים צו דאָס שטיקעלע פּלאַץ, וואָס איז פֿאַר אים פֿול מיט אומפֿאַרגעסלעכן. אים האָט מוירעדיק געבראָטן דערפֿון, וואָס נאָך אַלעמען, נאָך אַזאַ מילכאָמע און נאָך אַזאַ כורבן זײַנען געבליבן אַזעלכע, אין וועלכע עס טליִעט די זשעדנעקײַט. ער האָט געמוזט אַ ביסל אַ טראַכט טאָן, קעדיי צו געפֿינען דאָס נייטיקע וואָרט — מאַראָדיאָרן!

— געווען אַ שווינדלער און געבליבן אַן אויסוווּרף! — האָט ער קוים אַרויסגערעדט און פֿאַרגאַנגען זיך מיט אַ שטיקנדיקן הוסט.

זיי זײַנען שוין געווען אָפּן שטיקל פּלאַץ ניט אַליין. אַרום זיי האָט זיך צונויפֿגעקליבן אַ היפּשער אוילעם. עס האָט שוין אָנגעהויבן אויפֿקומען יענער געפֿיל פֿון קאָלעקטיווער נײַגעריקײַט, ווען קיינעם גייט גאָרנישט ניט אָן. מע וויל נאָר זען, וואָס דערפֿון וועט אַרויסקומען.

— קוקט אים נאָר אָן, אָט דעם מעלעך עוויען! — האָט איציע זיך צעשריגן. — ער מיינט, ער איז נאָך אַ גאַנצער קנאַקער. אַנו, ווו איז דײַן פּאַרטיי־בילעט?

פֿאַר דער גאַנצער צײַט, זינט ער האָט זיך אומגעקערט פֿון האָספּיטאַל, אין אַלע הײַזער, ווו ער איז אויסגעווען, האָט קיינער ניט, מיט קיין איין וואָרט, מיט קיין רעמעזל ניט געגעבן אָנצוהערן, אַז מע איז אַ ביסל שאָקירט, צי פֿאַשעט פֿאַרווּנדערט מיט זײַן איצטיקער טועכץ. צי האָט מען יאָ געוווּסט, וואָס מיט אים איז געשען, צי ניין. כאָטש ער האָט דאָס ניט געהאַלטן בעסאָד. די מערהײַט האָבן בלויז מיטפֿילנדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. זיי האָבן געוווּסט: די מילכאָמע האָט אָפּגעטאָן מיט פֿיל מענטשן זייער ביטערע שפּיצלעך. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל, ווען מע האָט אים דאָס אויסגעוואָרפֿן. ער האָט אויסגעהאַלטן די שווערע אויספֿרעגן און די בלוטיקע קלעפּ אין געסטאַפּאָ, ער האָט אויסגעהאַלטן די דערנידערנדיקע אויספֿרעגן פֿונעם אייגענעם אויספֿאָרשער, נאָר דאָס אויסהאַלטן האָט ער ניט געקאָנט. ער האָט געוואָלט אָפּענטפֿערן אָט דעם אויסוווּרף, נאָר ניט געקאָנט אַרויסרעדן קיין וואָרט. עס האָט זיך אים פֿאַרדרייט דער קאָפּ, דער הימל האָט זיך שטאַרק צעשאָקלט, און ער האָט פּלוצעם זיך דערפֿילט אָפּן שלאַכטפֿעלד מיט די פֿלאַכע אָפּגעזונדערטע אָקאָפּטשיקלעך. און קעגן אים — דער געוועזענער פּאָליצײַ רײַקאָ. ניין, ווי ער האָט דערנאָך אַליין דערציילט, איז דאָס געווען אַ ביסל אַנדערש. דערזען האָט ער פּיאַדאָרן און לעבן אים רײַקאָ, וואָס איז געלעגן אַ דערשאָסענער. און אַלע די, רײַקאָס פֿרײַנט, האָבן זיך אַרופֿגעוואָרפֿן... ניט אויף פּיאַדאָרן, נאָר אויף אים, אויף מיילעכן. איז ער געשטאַנען אַ ווײַלע, געקוקט אַרום זיך, ווי געזוכט אַן אָרטעלע אויף אויסבאַהאַלטן זיך, דערנאָך זיך אַ וואַקל געטאָן און אומגעפֿאַלן. און פֿונעם מויל האָט אַ זעץ געטאָן אַ בלוטיקע פּינע.



דער ווייַבערשער טייל האָט זיך צעיאָמערט און צעגוואַלדעוועט. די מענער האָבן אים אופגעהייבן און אוועקגעטראָגן צו זלאַטען.

דאָס איז געווען די סיבע, וואָס ער איז אַזוי שווער קראַנק געוואָרן. צוויי טעג איז ער געלעגן קימאַט אָן באַוווסטזייַן, אָדער גערעדט ווי פון היץ. און אויסגעשריגן אַזוינס, וואָס איז שווער געווען פאַרשטיין. ער איז די גאַנצע צייַט געווען דאָרטן, אויפן שלאַכטפעלד, און ניט געקאָנט פון דאָרטן אַרויסקלייַבן זיך. דערנאָך, ווען ער איז אַ ביסל געקומען צו־זיך, האָט ער זיך דערפילט שרעקלעך אָפּגעשוואַכט. יעדער אייווער איז געווען פול מיט פרישע ווייטיקן, גלייַך ער איז נאָרוואָס אַרויסגעקראָכן פון די געסטאַפּאָווישע הענקער. און מערער פון אַלץ האָט אין אים געווייטיקט דאָס געפיל פון אָנמעכטיקייַט, אומבאַהאָלפנקייַט קעגן אַזעלכע, ווי אָט דער איציע. און עס וועט דאָך אויסקומען! עס וועט דאָך אויסקומען זיך שלאָגן מיט זיי! זיי קאָנען דאָך אַזוי־אָ!.. וואָס זיי קאָנען, האָט ער מוירע געהאַט דערטראַכטן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זלאַטע אָנגעשריבן סימען יענעם קורצן און שרעקלעכן בריוו, און זי האָט גלייַך אוועקגעיאָגט צו אים. און נאָך דעם, ווי מיילעך האָט זיך אַ ביסל פאַריכט, האָט זי אים אוועקגעפירט קיין אָדעס.

# אַ גלאָז ציגענע מילך

סימע האָט שטאַרק געוואָלט, אַז אָדעס זאָל אים געפעלן ווערן. דאָס איז געווען דאָס איינציקע ביסל נאַדן, וואָס זי האָט פאַרמאָגט. אָדעס! אָדעס, מיט איר פּרעכטיקער דעריבאַסאָווסקע, מיט אירע ראַשיקע רעסטאָראַנען, פאַרטויבנדיקער מוזיק, פאַרשיקערנדיקע קאָנדיטערייַען און דופּטיקע פּאַריקמאַכערוסקעס... אָדעס, וואָס האָט באַטאָג אויסגעזען ווי אַ שיינע קאַלע, פאַרפּוצט אין אירע בלענדנדיקע צירונגען, און באַנאַכט געווען פאַרקישעפנדיק סוידעספּול מיט די שייַנענדיקע גאַסן אין סאַמעצענטער און מיטן צוציִענדיקן יאַם פון אַלע זייַטן.

נאָר דאָס אַלץ האָט געלעבט בלויז אין איר מיידלשן זיקאָרן. שוין דער וואָקזאַל, וווהין זיי זייַנען אָנגעקומען נאָך דער שווערער נאַכט אין ענגן און דושנעם וואַגאָן, קעדיי צוּוואַרטן, ביז עס וועלן אָנהייבן גיין די טראַמווייַען, האָט אויסגעזען בעטלעריש־פאַרוואָרלאָזט, מיט האַלב־צעוואַלגערטע און פאַרקוילטע ווענט, אויף וועלכע מע האָט געקאָנט איבערציילן די צאָל אופגעריסענע באָמבעס. אָדעסער וואָקזאַל איז געווען ענלעך אויף די כורוועס אינעם אייגענעם שטעטל — ווו פאַרקלאַפּט מיט ברעטער, ווו פאַרשטאָפּט מיט שמאַטעס און ווו אינגאַנצן אָן גאָרניט, געבליבן דורכגעלעכערט, דורכגעשאָסן, אָפּגעריסן. די פאַרשווינען, אַלטע לייַט און פּיצלעך קינדער, מיטן גאַנצן הוילעך זייערן, מיט די פאַרקויטיקטע שמאַטעס, ווי אומיסטן צוגעפּאַסט צום פאַרוואָרלאָזטן וואָקזאַל, האָבן זיך געטוליעט צו די פאַרשטאָפּטע און פאַרקלאַפּטע ווענט, פאַרוקט זיך ווו ערגעץ אַ ווינקעלע, און אַלץ געהוסט און ניט געקאָנט אויסהוסטן פון זיך די נעכטיקע קעלט און די הייַנטיקע צוגעקילטקייַט.

סימע האָט, פאַרשטייט זיך, געקאָנט אוועקפירן מיילעכן אויפן פּריוואָז, וואָס איז ניט ווייַט פונעם וואָקזאַל. דאָרט איז פול געווען מיט קויפערס און פאַרקויפערס, מיט האַסטיקע און אימפּעטפולע דיגנענישן און מיט אויסטערלישע אויסטרישן פון איין שמאַטע אויף דער צווייטער. איבערן גאַנצן פּריוואָז האָט געשמעקט מיט נאַפטאַלין און מאַכאָרקע, מיט פוילן הערינג און איבערגערויכערטע פישלעך, מיט זויערלעכן ווייַן און שטינקענדיקן סאַמאָהאָן. סימע האָט געוווּסט, אַז דאָס איז ניט פאַר מיילעכס לונגען און ניט פאַר זייַן פאַרומערטן געמיט. די גאַנצע שטאָט, אויף וועלכער גאַס דו זאָלסט ניט דורכגיין, איז פול מיט מויערן־סקעלעטן, מויערן־סטראַשידלעס אָן טירן און אָן פענצטער. נאָך ניט אומעטום האָט מען באַוויזן צוקלייַבן די קופּעס ציגלברוך און פאַרשיטן אַלע גריבלעך פון די פּילצאַרפּלאַצן אופרייַסן. און דער טראַמוויי אַליין, דער באַרימטער אָדעסער טראַמוויי האָט געסקריפּעט, ווי אַ לאַנג ניט־אָנגעשמירטע טאַראַטייַקע, די איבערגעטריקנטע ברעטלעך פון די ווענטלעך האָבן געקלאַפּט איינס אינעם אנדערן, געקרעכצט און צוגעקוויטשעט, ווי אַ שלעכט צוגעמאַכט טירל בייַס אַ זאַווערוכע. אַלץ האָט נאָך געטראָגן אויף זיך די שפּורן פון דער ניט לאַנג אָפּגעבושעוועטער מילכאָמע.

אָדעס, אָדעס... די שטאָט, וואָס איז פאַרבליבן אין איר זיקאָרן מיט איר העפקערדיקער זאָרגלאָזיקייַט, מיט די פאַרפּוצטע פאַרעלער, מיט די הילכיקע גאַסן־לידלעך, מיט דעם אומפאַרגעסלעכן טאַנגאָ, וואָס האָט געקלונגען איבער אַלע גאַסן, ווי דער קילער יאַם־ווינט, ווי די אָפּפרישנדיקע שפּריצן פון די צעפינעטע יאַם־כוואַליעס... פון דעם אַלעמען איז קיין סימען ניט געבליבן. איר איינ־

ציקע האָפּענונג איז געווען אַפן יאַם. דער יאַם איז דאָך געוויס געבליבן ניט געענדערט. געבליבן אַזאַ, ווי אין יענע ווײַטע יאָרן, וואָס זעען איר איצט אויס, ווי אַ שיינער כּאַלעם. ווי איר קאָטשראַ־ווער פּילאָט, ווען מע האָט געגרופן אַלעקסאַנדער. ווען זי אים אָוועקפירן צום יאַם. דער יאַם וועט מײַלעכן געוויס געפעלן.

נאָר פריִער האָט מען אים געדאַרפט אָוועקפירן צו זיך אין צימער, וואָס איז ערגעץ אויף דער זיבעטער סטאַנציע, ווו ס׳איז דערווײַל ניט געווען גאָרנישט ניט, כּוץ אַ שמאָל אײַזערן בעטל, אַ קיך־שאַפּקעלע, וואָס האָט געדינט אויך פאַר אַ טישל, און אַ פּאָר אַלטע טאַבורעטקעס. און עטלעכע שאַטנס, וואָס וועלן קיינמאָל ניט פאַרשווינדן, און ווען זי וועט אַפּט זען אין כּאַלעם.

באַקוקט דאָס צימערל, דאָס גאַנצע רומל, האָט מײַלעך אַראָפּגענומען פון זיך דעם שינעל און זיך אָנגערופן:

— איך וועל זיך אויסבעטן אַפן דיל.

— וואָס רעדסטו, מײַלעך? — האָט זי אויסגעשריגן אַ דערשראָקענע. — וועסט זיך גלײַך צוקילן!

— ווי זשע דען?

— אַפן דיל וועל איך אויסבעטן פאַר זיך, איך האָב דאָך אויך אַ שינעל!

נאָר ביידע זײַנען די נאַכט ניט געשלאָפן. ביידע, יעדערער פאַר זיך, איז פול געווען מיט בי־טערער וואַרגעניש, מיט צווייפלען און מיט פאַרצווייפלונגען: צי וועלן זיי קאָנען שאַפן דאָס, וועגן וואָס זיי טרוימען און צו וואָס זיי שטרעבן פון פולן האַרצן? צי זײַנען דאָס ניט מערער, ווי גוטע קאַוואָנעס און אַ לעפּישער זינלאָזער פּרווו?

דעם צווייטן גאַנצפרי זײַנען זיי אָוועק צום יאַם.

געבענטשט זאָל זײַן דער יאַם, וואָס היילט פון אַלע קרענק, לינדערט די שווערסטע ווייטיקן, פאַרטרײַבט די ערגסטע מאָרעשכוירע, שטילט אײַן די סאַמע צעבושעוועטע נערוון און העלפט מיט אויסשפּילן זיך די סאַמע שענסטע ליבעס. די סאַמע הייסע און סאַמע האָפענונגסלאָזע.

זיי זײַנען געזעסן פאַרגאַפּטע און אײַנגעקוקט זיך אין די קאַלטע כוואַליעס, אין וועלכע קיינער האָט זיך ניט געבאָדן. אָרום און אָרום, לענגאויס דעם ברעג, איז מער ניט געווען קיין לעבעדיקער נעפעש. זײַנען זיי געזעסן און געשוויגן. זיי איז געווען גוט און אַ ביסעלע גרוילִיק פון דעם, וואָס זיי זײַנען דאָ אַליין. זיי איז געווען גוט פונעם געדאַנק, אַז נאָך די אַלע מילכאָמע־יאָרן, ווען זיי האָבן געשפּאַנט פון איין סריפע צו דער צווייטער, געשפּאַנט איבער פאַרכאַרעוועטע שטעט, פאַרוויסטעוועטע לענדער, האָבן זיי איצט געטראָפן צו אַן אָרט, ווו אַלץ איז געבליבן ניט געענדערט און ניט געריִרט אויף אַ האָר. דער גאַנצער אָרום האָט געעטעמט מיט אייביקייט. און די אייביקייט האָט זיך געצויגן העט־העט ביזן הימל. דער יאַם איז געלעגן אַן אײַנגעשטילטער, די דריבנע כוואַליעלעך האָבן ווי געקרישעט זיך, גלאַנציקע אַזעלכע, גלאַנציקע און בלענדנדיקע, ווי פּיצינקע שפּיגעלעך. סימע האָט געקוקט אַפן יאַם, וואָס איז געווען פאַר איר פול מיט אומפאַרגעסלעכן. מײַלעכן האָט דער יאַם אין גאָרנישט ניט דערמאָנט. ער האָט אים געזען צום ערשטן מאָל, און ער האָט אים דערשיטערט מיט זײַן נײַקייט און אומגעווייִנלעכקייט, ווען דאָס אויג קוקט און קוקט און קאָן זיך ניט אָנקוקן. האָט ער געקוקט און געעטעמט. ער האָט געפילט, ווי זײַנע לונגען שלינגען מאַמעש, טרינקען די אומגעוויינ־לעכע לופט. ער האָט זיך אַפילו דערשראָקן, מוירע געהאַט, עס זאָל זיך עפּעס ניט טרעפן מיט די צעוואַקסענע לונגען. האָט ער געפּרוווט אַן אָטעם טאָן אַ ביסל טיפער. פאַרזיכטיק, זייער פאַרזיכטיק, ער זאָל, באַלילע, ניט אַרויסרופן קיין שטיקנדיקן הוסט. נאָר דער הוסט איז ניט געקומען. האָט ער אַן אָטעם געטאָן נאָך טיפער, אַזוי, ווי ער האָט שוין לאַנג ניט געעטעמט. דער הוסט האָט געשוויגן. האָט ער זיך צעעטעמט, ווי צעזונגען, ייִנגלש־פאַרשײַט, און דערפילט אַזאַ גרינגקייט, אַזאַ שוין לאַנג פאַרגעסענע גרינגקייט. אַז ס׳האָט זיך אים געוואָלט אַרײַנשפּרינגען אין יאַם און אָוועקשווימען.

— דו ווייסט, — האָט ער אַרויסגערעדט און ניט דערקענט זײַן אייגענע שטים. זי איז שוין לאַנג ניט געווען אַזוי ריין. — באַם יאַם דאַרף דער מענטש זיך פילן געזינטער.

— וועלן מיר יעדן פאַרנאַכט גיין צום יאַם, — האָט סימע אַרויסגערעדט אַ דערפרייטע. — אין דערנאָך...

— וואָס דערנאָך?

— איך מיין, ווען עס וועט ווערן וואַרעמער, וועלן מיר אָנהייבן באָדן זיך. דו קאָנסט שווימען?

— מיר האָבן דאָך געוווינט ניט ווײַט פונעם בוג!

— אַך, סאַראַ פאַרגעניגן! — דאָס ערשטע מאָל פאַר פיל שווערע טעג האָט זי אַ רעד געטאָן וועגן פאַרגעניגנס. — דו שווימסט איבער די כוואַליעס, עס גיט דיך אַלעמאָל אַ הייב אויף און אַ לאָז אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ...

און מיטאַמאָל אַנשוויגן געוואָרן. זי האָט דאָך געדאַרפֿט דערציילן, ווי אַזוי איר אַלעקסאַנדער האָט זי געלערנט שווימען, ווי אַזוי ער האָט זי אונטערגעהאַלטן אויפֿן וואַסער, ווען זי האָט בלויז געפּאַטשט מיט די הענט. נאָר וועגן דעם האָט מען ניט געטאָרט דערציילן.

נאָך אַלעמען האָבן זיי ביידע זיך געפֿילט, גלײַך ס'האָט זיי אַרויסגעוואָרפֿן אויפֿן ברעג נאָך אַ שרעקלעכער ים־קאַטאַסטראָפֿע. און זיי ווייסן ניט, וווּהין זיך אַהינטאָן מיט זייער איינזאַמקייט, מיט זייערע גרויל, וואָס וועלן אַלעמאָל אופֿשווימען אין זייער אומרויִקן, צערודערטן זיכּאָרן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מײלעך זיך אָנגערופֿן:

— איך וועל פּרוּוון ערגעץ זיך אײַנאָרדענען אויף אַרבעט.

— וואָס רעדסטו, מײלעך? דו ביסט דאָך...

זי האָט ניט געוואָלט זאָגן, אַז ער איז נאָך אַ שוואַכער כוילע.

— דו דאַרפֿסט פֿריִער אַ ביסל באַקאַנען זיך מיט אַדעס. און טאַקע זיך אָנעמען מיט אַדעסער לופֿט. און בכלל, קעדײ אָנקומען אויף אַרבעט, דאַרף מען פֿריִער זיך צושרײַבן און קעדײ מע זאָל דיך צושרײַבן, דאַרף מען פֿריִער...

און אַ זאַג געטאָן ניט גלאַט אַזוי דאָס, וואָס מע דאַרף פֿריִער, נאָר דאָס, וואָס מוז אַזוי אָדער אַנדערש, פֿריִער אָדער שפּעטער געשען.

— מאָרגן גייען מיר אין זאַגס!

ס'איז געווען ניט אַרויסגערעדט, נאָר אויסגעשריגן. אויסגעשריגן, ווי מע שרײַט אויס אַ גוואַלד, קעדײ דערשטיקן דעם אייגענעם ווייטיק אָדער דעם אייגענעם שרעק. און ער, מײלעך, גלײַך זי האָט אַרויסגערעדט אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך, האָט אָפּגעענטפֿערט:

— בעסער איבערמאָרגן.

— פֿאַרוואָס איבערמאָרגן?

— עס רעדט זיך אַזוי, איבערמאָרגן. עפּשער נאָך אַ פּאָר טעג. איך וויל פֿריִער אַ ביסל אונדזער צימערל אײַנאָרדענען.

— וואָס קאָן מען און וואָס דאַרף מען דאָ אײַנאָרדענען?

— דאָס וועלן מיר זען. איך בין דאָך אַ סטאָליער. לאָמיך אַ ביסל זיך אַרומקוקן.

האָט ער אָנגעהויבן אַרומגיין איבער דער שטאָט, געגריבלט זיך צווישן קופּעס אַש און ציגלברוך, געטאַסקעט פֿון דאָרטן ווי עפּעס אַ ברעטל, ווי עפּעס אַ שוואַרצן אָדער אַ קליאַמקע, נאָך אַליין ניט וויסנדיק, צו וואָס דאַרף ער דאָס און צו וואָס וועט דאָס אים אויסטויגן. דערנאָך האָט ער ערגעץ געקויפֿט, צי פֿאַר עפּעס אויסגעביטן, אַ ביסל סטאָליעריש געצײַג — אַ הובל, אַ האַמער, אַ זעג, אַ סטאַמעסקע.

זייער צימערל האָט זיך געפֿונען אין ניט קיין גרויסער דירע. אָן וואַסערלייטונג און אָן קאַנאַליזאַציע. סימע האָט ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס האָט כאַנע מיט איר מאַן פֿאַרביטן זייערע ווינקעלעך אין פֿאַרשיידענע צוזאַמענוווינונגען מיט אַלע באַקוועמלעכקײַטן, אויף אָט דעם צימערל אָן גאָרנישט ניט. נאָר אַ הויף איז אַרום דער שטוב געווען אַ גאַנץ לײַטישער. ער איז אָבער געווען פֿאַרלאָזט, פֿאַרוואַקסן מיט ווילדע קוסטעס, וואָס האָבן זיך געצויגן אין דער הייך און פֿאַרשטעלט מיט זיך די זון. דערפֿון האָט זיך געוויס גענומען די שטענדיקע קעלט און די פֿײַכטקייט, וואָס האָט געהערשט אין זייער צימערל. האָט מען צוערשט געדאַרפֿט אויסהאַקן, אויסקאָרטשעווען די קוסטעס. דערמיט האָט מײלעך דערגרייכט נאָך עפּעס. ער האָט פֿרײַ געמאַכט אָן ערטעלע, ווו ער זאָל קאָנען אויסמײַסטרעווען און אוועקשטעלן אַ סטאָליער־ווערקשטעל.

דערנאָך האָט סימע זיך ניט אויפֿגעהערט כידעשן. מיט יעדן טאָג איז זייער צימערל געוואָרן ליכטיקער און דופּטיקער. גלײַך מע האָט געעפֿנט פֿאַר דעם די טויערן פֿונעם פֿרילינג, אַרײַנגעלאָזט אַהער די זון אַליין. אַלעמאָל איז צוגעקומען אַזוינס, פֿון וואָס דאָס צימערל האָט אָנגעהויבן גלאַנצן, כאָטש שפּיגל זיך אין דעם. דאָס שמאָלע אײַזערנע בעטל האָט ניט געסטײַעט, ס'האָט זיך באַוויזן אַ ברייטע הילצערנע בעט מיט הויכע, אויסגעפּאָלירטע ווענטלעך. און די ווענטלעך אַליין — שוין טאַקע ווי צוויי שפּיגלען. דערנאָך האָט זי דערזען צוויי נײַע בענקלעך, אויך אַזוי אויסגעפּאָלירט, און אויפֿן אָרט פֿונעם קיך־שאַפּקעלע איז שוין געשטאַנען אָן עמעסדיק טישל, פֿאַרשפּרייט מיט אַ טישטעך. דערנאָך, דערנאָך, דערנאָך... זי האָט זיך אַלץ געכידעשט, געפֿרייט און געשראָקן זיך. איר איז שווער געווען צו גלייבן אין די אַלע ענדערונגען, אין די אַלע פֿאַרוואַנדלונגען, שווער געווען צו גלייבן אין זיך אַליין. אין זיך און אין מײלעכן. זי האָט ניט געוווּסט, וואָס מיט איר קומט פֿאָר, ווען אין איינעם אַ פֿאַרנאַכט, ווען זי איז געקומען אַהיים, איז זי צוגעלאָפֿן צו מײלעכן, אים אַ קוש געטאָן, אַ פּאָר מאָל זיך אַ דריי געטאָן מיט אים איבערן צימערל, ווי מע טוט זיך אַ לאָז אין אַ טענצעלע. דאָס איז געווען דער ערשטער קוש, מיט וועלכן זיי האָבן זיך אויסגעטוישט. מײלעך האָט דערבײַ וווּליונגעריש אַ שמייכל געטאָן. אויך צום ערשטן מאָל פֿאַר דער גאַנצער צײַט, זינט זיי זײַנען באַקאַנט. און דער שמייכל איז געווען אַזאַ גוטער, אַזאַ צוגעלאָזטער, אַזאַ ליבלעכער... דערפֿון האָט

סימען זיך געוואָלט וויינען. פון דעם פּיצעלע האָפענונג, וואָס האָט א שיין געטאָן, ווי די פאַרנאַכ־טיקע זון. א האָפענונג, אין וועלכער זייביידע איז אזוי שווער געווען צו גלייבן. און זייערע הערצער, ביידע. אזעלכע פאַרשטיינערטע, פאַרוויכערטע און אָנגעבלוטיקטע, האָבן א צאַפּל געטאָן. און ביידן איז געוואָרן גוט און ווארעם פון אָט דעם אומדערוואַרטן פלאַטער...

צי קאָן א ליבע אופגיין אף הוילע ווייטיקן, פון הוילער ראַכמאָנעס? אף א פּיסנעם שיטערן זופּ?

אין איינעם אַן אָוונט, ווען זיי זיינען געווען באַם יאַם, זיך איינגעקוקט אינעם קישעפדיקן לע־וואַנע־סטעזשקעלע, און ווי שטענדיק לאַנג געשוויגן, האָט מיילעך זיך אָנגערופן:

— אָט דאָס זיץ איך און טראַכט. צוויי מאָל אין מיין לעבן בין איך געראַטעוועט געוואָרן פון זיכערן טויט. דאָס ערשטע מאָל, ווען דער סערזשאַנט פיאָדאָר האָט מיך, א דורכגעשאָסענעם, אַרויס־געטראָגן פונעם שרעקלעכן פייער, דאָס צווייטע מאָל דו, סימעלע... און דאָס גאַנצע לעבן... וויפל נאָר מיר...

— מע דאַרף ניט, מיילעך! — האָט סימע ניט געלאָזט אים ענדיקן.

ס'האָט געהייסן, אז דאָס האָבן זיי אפּאַנעמעסן גאַנץ עפנטלעך זיך דערקלערט אין ליבע. דער־נאָך האָט זי א גאַנצע נאַכט איבערגעכאַזערט פאַר זיך דעם אייגענעם נאָמען, וועלכן קיינער האָט ביז דאַן ניט אַרויסגעבראַכט ווער ווייסט וויפל יאָרן. סימעלע, סימעלע... און מיט אזויפיל צאַרטקייט, און מיט אזויפיל ווייטיק!

זייער שכיינע, פעדאָרע האָט מען זי גערופן, דערנאָך איז זי געוואָרן מומע פעדאָרע, איז די ערשטע טעג אפילע ניט אַרויסגעגאַנגען פון איר צימער, און זיי האָבן ניט געוווּסט, ווער ווינט דאָרטן. דערנאָך, ווען ס'איז געוואָרן א ביסל וואַרעמער, איז זי אַרויס אפן הויף אין א געלאַטעטער און פאַר־שמאַלצעוועטער וואַטיאַנקע, וואָס איז געהאַנגען אף איר, ווי א זאַק, און פאַרוויקלט דעם קאָפּ און דעם האַלדז אין א גרויסער שאַל.

— אזוי־ווי איר זעט, — האָט זי זיך באַקלאָגט, — פאַרן גאַנצן ווינטער ניט באַוויזן קיין איין מאָל זיך אָנוואַרעמען, ווי עס דאַרף צו זיין.

— נאָר איצט איז דאָך שוין פרילינג, — האָט מיילעך באַמערקט.

— פרילינג, זאָגט איר? איך האָב עפּעס ניט באַמערקט. איך פיל אים ניט, דעם פרילינג. איך קאָן ניט אַרויסטרייבן פון זיך די קעלט.

— ניט געזאָרגט, — האָט מיילעך זי געטרייסט. — נאָך א טאָג, נאָך צוויי. עס וועט ווערן וואַרעמער.

ווען זי האָט געזען, ווי ער מייַסטרעוועט אויס אזעלכע שיינע זאַכן, איז זי צוגעקומען צו אים.

— איר ווייסט, וואָס איך וויל אייַך בעטן? עפּשער וועט איר מיר אויך אויסמייַסטרעווען עפּעס א בעטל? פאַר די מילכאָמעדיקע ווינטערס האָבן מיר אויסגעהייצט אַלץ, וואָס בא אונדז איז געווען. דאָס הילצערנע בעט, די שאַפע, דעם בופעט, די בענקלעך. איצט שלאָף איך אף דער הוילער ערד.

— מיט א בעטל קאָן איך אייַך גלייַך באַזאָרגן. נעמט אונדזער אייַזערן בעטל. וואָס נאָך דאַרפט איר, א טיש, א שאַפקעלע, בענקלעך?

— בעסער א שאַפקעלע. און א פּאָר בענקלעך.

— וועל איך הייַנט זיך נעמען פאַר דעם. לאָמיך נאָר אָפּזוכן א ביסל ברעטער.

פאַר מיילעכן איז דאָס שוין געווען ווי א שטיקעלע טרוקן, ענלעך אף יענער, מיט וועלכער ער איז געווען פאַרנומען א גאַנץ יאָר בא זיך אין שטעטל. עמעצן א טיר, עמעצן א פענצטער און עמעצן א טיש.

ווען פעדאָרע האָט דערזען, ווי איר שאַפקעלע הייבט אָן באַקומען א פּאָנעם, אפילע מיט א הענטעלע, אפילע מיט קליאַמקעלעך, האָט זי א פליעסקע געטאָן מיט די הענט:

— אוי, וויי. טאַקע נאָר אף כאַריפּעס. איך ווייס אפילע ניט... שאַ, ווייסט איר וואָס? איך וועל אייַך געבן ציגענע מילך.

— ציגענע מילך? ווי קומט צו אייַך ציגענע מילך?

— איך האָב דאָך א ציג! — האָט זי זיך באַרימט.

— און ווו איז זי, אייַער ציג?

— אָט דאָרטן, הינטער דער שטוב, אין א קליין שטאַלכל.

— קומט, איך בעט אייַך, קומט, ווייַזט מיר אייַער ציג.

ווען מיילעך איז צוגעקומען צום שטאַלכל און אָן עפן געטאָן דאָס טירל, האָט די ציג ראַשיק זיך א הייב געטאָן פון איר אָרט און אָנגעשטעלט אף אים אירע ציגענע אויגן. און ער, מיילעך, האָט געשטוינט ניט ווייניקער. פאַר אַלע זייַנע פאַרמילכאָמעדיקע און מילכאָמעדיקע וואַנדערונגען האָט ער ניט געזען קיין לעבעדיקע ציג. פאַרן פאַרגאַנגענעם יאָר אין שטעטל — אויך ניט. איז ער געבליבן שטיין האַלב איבערראַשט און האַלב פאַרכאָלעמט. און געזען פאַר זיך שוין גאָר אַן אַנדערע ציג. די ציג פון זייַן ווייַטער קינדהייַט.

די מאַמע האָט ניט אויפֿגעהערט אײַנטײַנען מיטן טאַטן:

— לאָמיר קויפֿן אַ ציג. עס וואַקסט דאָך בײַ אונדז אַ ייִנגעלע. וועט ער כאָטש האָבן יעדן גאַנצפֿרי אַ גלאָז ציגענע מילך.

ס'איז געווען זייער אַ קלוגע ציג. און זייער אַ צוגעלאָזטע. זיי האָבן ליב באַקומען איינער דעם אַנדערן פֿונעם ערשטן טאָג. זי איז מיט אים אײַנײַנעם געגאַנגען אין כיידער, און יעדן פֿאַרנאַכט געוואַרט אויף אים אונטער דעם רעבנס טיר. ער האָט אָפֿט זיך דורכגעשמועסט מיט איר, אַמאָל ליבלעך, אַמאָל זיך געבייזערט, און די ציג האָט שטענדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, פֿאַרשטייענדיק און האַכנאָעדיק, און דערבײַ בעטנדיק אונטערגעמעקעט.

דאָס בעסטע אָרט פֿאַר די שטעטלשע ציגן איז געווען די לאַנקע הינטערן קלויסטער, וואָס האָט אַ גאַנצן זומער געגרינט מיט זאַפֿטיקן גראָז. און ווי זי זאָל ניט געווען זײַן פֿאַרנומען מיט אירע פֿליאַטקעס צווישן דער כאַפּטע שטעטלשע ציגן, האָט זי אים באַמערקט נאָך פֿונדערווײַטנס, געלאָפֿן אים אַנטקעגן מיט אַזאַ פֿריילעכער מעקערײַ, וואָס אים איז געווען ניט שווער אויסצוטײַטשן:

— איך גיי, איך גיי, — האָט זי אים באַרויִקט. — איך ווייס, איך ווייס, שוין צײַט מיך אויסמעלקן.

און ווען די ציג האָט געבוירן אַ ציגעלע... אַ ציגעלע אויף צו כידעשן זיך. די אַלטע ציג איז געווען אַ שוואַרצע און דאָס ציגעלע איז געווען ווײַס, ווי שניי. האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיט דעם ציגעלע גאַנצענע טעג, אַפֿילו דאָס אײַנגעמאָסטעט אויף נאַכט צו זיך אויפֿן געלעגער, און יעדן גאַנצפֿרי זיך געקושט מיטן ציגעלע אין די פּיסקלעך. און הערנערלעך געוואַקסן בײַ דעם, אַזעלכע פּיצינקע און ווייכינקע.

פֿונעם ציגעלע איז שוין געוואָרן אַ ציג. און דאָס איז שוין די ווײַסע ציג געלאָפֿן זיך פּאַשען הינטערן קלויסטער, און דאָס איז שוין די ווײַסע ציג אַרויסגעלאָפֿן צו אים, ווי נאָר זי האָט אים נאָך פֿונדערווײַטנס דערזען.

און ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די עפּידעמיע פֿון פֿלעק־טיפֿוס... דאָס גאַנצע שטעטל האָט געקרענקט אויף אָט דעם שרעקלעכן טיף, און בײַ זיי אין שטיבל, פֿריִער די מאַמע און אין אַ וואָך אַרום ער, מיילעך, נאָר דעם טאַטן האָט דער טיף ניט גענומען. די ציג אויך ניט. זי האָט בלויז אַ ביסל צוגעהונגערט און שרעקלעך געבענקט.

דער דאָקטער שאַץ איז יעדן טאָג אַרײַנגעקומען צו זיי, אויסגעשריבן די נייטיקע רעצעפּטן און געגעבן אַלץ נײַע אייצעס. דערנאָך האָט דער טאַטע אים דערלאַנגט אַ צענערל. דאָס איז געווען שוין ניט פֿון יענע ניקאָלײַעווער צענערלעך, נאָר פֿון די אָדעסער טשערוואָנצעס, וואָס האָבן זיך באַוויזן נאָך די קערענקעס. זייער ווערט איז געווען גאָר אַ קנאַפּע. איינמאָל, ווען דער טאַטע האָט אים דערלאַנגט דאָס צענערל, האָט ער גרינג אָפּגעשטופּט זײַן האַנט און זיך אָנגערופֿן:

— הערט זשע מיך אויס, רעב מיכל, מער זאָלט איר מיר ניט דערלאַנגען קיין צענערלעך. אויב ניט, וועל איך מער צו אײַך ניט אַרײַנקומען. און זײַט וויסן. אויף אײַער געסל נעם איך ניט קיין געלט.

ער איז נאָך געווען גאָר אַ יונגערמאַן, דער דאָקטער שאַץ, הויך און שטאַלטנע, אין אַ שוואַרצן אָנצוג, מיט אַ לויטער פּאָנעם און מיט אַ שטענדיק שמייכעלע, ווען ער האָט זיך צוגעזעצט צום כוילע אויפֿן בעטל. אַזאַ איז ער געבליבן בײַ מיילעכן אין זיכּרון, ווי אַ מענטש פֿון הוילער גוטסקײַט און לײַטישקײַט. אַ מענטש, אין וועמען ער האָט זייער געוואָלט זײַן געראָטן. אין אים און אין טאַטן.

ביז דאַן, ביז יענעם שווערן ווינטער פֿון די פֿלעק־טיפֿוסן האָט ער קיין פּוטער אין די אויגן ניט געזען, אַפֿילו ניט געוווּסט, וואָס דאָס איז און ווי זעט דאָס אויס. נאָר ווען זיי ביידע, די מאַמע און דען זון, האָבן אָנגעהויבן געזונט ווערן און מע האָט זיי געדאַרפֿט אונטערפּילנעווען, האָט דער דאָקטער שאַץ געייצעט אָנזאַמלען פֿון עטלעכע טעג די ציגענע מילך, אײַנשטעלן זי, דערנאָך אַראָפּנעמען די סמעטענע און אויסשלאָגן אַ שטיקעלע פּוטער. קיין ברויט האָבן זיי ניט געטאָרט נעמען אין מויל אַרײַן, נאָר סעכערלעך. קליינינקע, גוט אויסגעטריקנטע סעכערלעך. האָט דער דאָקטער געייצעט באַשמירן אַזאַ סעכערל, און דרײַ מאָל אין טאָג אַ סעכערל מיט פּוטער.

צי דערפֿאַר, וואָס דער טיף האָט אים שטאַרק אויסגעמאַטערט און ער האָט ביכלאַל ניט געקאָנט נעמען עפּעס אין מויל אַרײַן, צי טאַקע די פּוטער אַליין, די ציגענע פּוטער האָט געהאַט אַ פּריקרע זיסלעכן בײַטאַם, נאָר פֿון דאַן אָן האָט מיילעך פֿײַנט באַקומען פּוטער. אַפֿילו ניט געקאָנט קוקן אויף איר.

די מאַמע האָט געשריגן אויף אים, דער טאַטע האָט אים שטיל געמוסערט: סטײַטש, דאָס איז דאָך אַ שטיק געזונט, דער דאָקטער שאַץ האָט געהייסן! און דאָס איז דאָך פֿון זײַן ליבער ציג! און ער, וויינענדיק און כליפּענדיק, האָט זיך געבעטן:

— זאָל זײַן, זאָל זײַן פֿון מײַן ציג. איז גיט מיר בעסער אַ גלאָז ציגענע מילך.

און אין יענעם שרעקלעכן טאָג... ס'איז שוין געווען שפּעטער האַרבסט, שוין עטלעכע מאָל איז אויסגעפֿאַלן אַ שניי און ווידער זיך צעגאַנגען. נאָר די ציגן זײַנען אַלץ געלאָפֿן אַהין, הינטערן קלויסטער. איצט איז דאָס ביסעלע גרינע גראָז געווען באַזונדערס געשמאַק. יאָ, אין יענעם טאָג, ווען די דעניקינצעס האָבן אויפֿגעהאַנגען דעם טאַטן און אַף זײַן, מײַלעכקעס, נאָך קינדערשן פּאָנעם איז פֿאַרגליווערט געוואָרן אַ שרעק אַף ניט אַראָפּצוּוואַשן און ניט אַראָפּצוּרײַבן, די מאַמע איז געווען אין אַ טיפֿן כאַלאַשעס, און זי איז געקומען צו־זיך פֿאַרנאַכטלעך, ווען די דעניקינצעס האָבן שוין פֿאַרלאָזט דאָס שטעטל, און צו זיי אין שטוב האָט זיך צונויפֿגעקליבן אַ גרויסער אוילעם ווײַבער און באָוויינער...

— מײַלעך, — האָט פּלוצלינג די מאַמע זיך אָנגערופֿן, — מע דאַרף גיין אָפּזוכן די ציג.

זוכן האָט מען זי ניט געדאַרפֿט. ער האָט געוווּסט, אַז זי דאַרף זײַן הינטערן קלויסטער. איז ער אַוועקגעלאָפֿן אַהין. נאָר קיינער איז אים ניט געלאָפֿן אַנטקעגן. און ווען ער איז צוגעקומען אַ ביסל נעענטער... אַריבער אַ צענדליק ציגן זײַנען געלעגן מיט איבערגעשניטענע העלדזער. און אַרום זיי איז דאָס גראָז געווען באַדעקט מיט פֿאַרקילט בלוט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ציגן מײַנע, ציגן... איך הער סימעס דערציילונג און זע זיך אַליין אין יענעם שפּעט־האַרבסטיקן פֿאַרנאַכט, ווען איך בין אַוועקגעלאָפֿן זוכן אונדזער ציג און דערזען דאָס זעלבע — די איבערגעשניטענע העלדזער און דאָס פֿאַרקילטע בלוט. און מיר האָט זיך דאַן געדוכט, אַז אַלץ אין מיר, און טאַקע דאָס בלוט אַליין, הייבט אָן פֿאַרפֿרוירן ווערן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— איר פֿאַרשטייט, — האָט ער דערהערט פֿעדאָרעס פֿאַרקילטע שטים. — ביז דער מילכאָמע האָבן מיר געהאַלטן אַ קו. נאָר דערנאָך, איר ווייסט, וואָס דאָ האָט זיך אָפּגעבושעוועט? איך ציטער ביז הײַנט.

זי האָט טאַקע אַ ציטער געטאָן. איין מאָל און צוויי מאָל און אַלץ ניט געקאָנט בײַקומען דעם גרויל פֿון דער איצטיקער קעלט און פֿון די גליווערדיקע דערמאָנונגען.

— זאָל איך אײַך אַרײַנטראָגן אַ גלאָז מילך? צי עפּשער וועט איר בעסער אַרײַנקומען צו מיר? וועט איר זען, ווי איך לעב...

פֿעדאָרעס צימער איז געווען פּוסט און פֿאַרוויסטעוועט. ערשט נעכטן האָט זיך דאָ באַוויזן דאָס אײַזערנע בעטל, אַף וועלכן זי האָט אויסגעלייגט איר ביסל בעטגעוואַנט, פֿאַרבעט מיט אַן אַלטער רעדנע. אין איין ווינקל איז געשטאַנען אַ קליין טישעלע, אַף וועלכן עס זײַנען געווען אָנגעשטעלט אַן אַ שיר פֿאַרשיידענע פּוסטע פֿלעשעלעך פֿון אָדעקאָלאָן. ווער ווייסט, צוליב וואָס האָט זי געהאַלטן אַפֿן טישל אָט דאָס ביסעלע צירונג. עפּשער האָבן זיי אין עפּעס דערמאָנט. אַף דער וואַנט — אַ פֿאַרגרעסערטע פֿאָטאָ, וואָס האָט ווי צוגעקאָוועט מײַלעכס בליק.

— העמינגוויי, — האָט ער אַרויסגערעדט אין זיך, באַקוקנדיק דאָס בערדל, וואָס באַזוימט דאָס פּאָנעם מיט אַ פֿאַרלענגערטן האַלבקײַלעך, די גרויסע ברעמען, וואָס הענגען אַראָפּ איבער די אויגן, און די אַ ביסל גראָבלעכע נאָז.

— ווי קומט צו אײַך אָט דער פּאָרטרעט? — האָט ער געפֿרעגט.

— וועלכער פּאָרטרעט?

— נו, אָט דער, פֿונעם אַמעריקאַנער שרײַבער העמינגוויי?

— אוי, גאָט מײַנער! — האָט פֿעדאָרע ווי אויסגעקרעכצט. — ווידער דאָס זעלבע. דאָס איז דאָך מײַן קיריל. ווען די דײַטשן זײַנען אַרײַן און האָבן געיאָגט איבער דער שטאָט, ווי פֿאַרסאַמטע מײַז, האָבן זיי זיך אַרײַנגעכאַפּט אויך אַהער. דערזען מײַן קירילן, זײַנען צוויי אָפֿיצערן צוגעשפּרונגען צו אים.

— העמינגוויי! — האָט איינער אויסגעשריגן.

— איך מעג שווערן, העמינגוויי, — האָט צוגעגעבן אַ צווייטער. — ווי קומסטו אַהער, מיסטער ערנסט?

— איך בין קיריל! — האָט מײַן מאַן אָפּגעענטפֿערט.

— דריי אונדז ניט קיין קאָפּ. ביסט דאָך געווען אין שפּאַניע!

— איך בין קיינמאָל אין שפּאַניע ניט געווען, — טײַנעט מײַן קיריל.

— איך פֿאַרשטיי, איך פֿאַרשטיי. האָסט דערנאָך זיך אומגעקערט אַהיים קיין אַמעריקע.

און דערבײַ טוט מען אים אַ ריס בײַ דער באָרד, אַ טאַפּ די נאָז, צי דאָס אַלץ איז ניט צוגעקלעפּט, און ביידע האָבן זיך צעגאָגאָטשעט אַפֿן פֿולן קאָל.

זיי האָבן בעפֿייִרעש זיך געקליבן צונעמען בײַ אונדז די קו, נאָר דערנאָך זיך באַטראַכט און זי איבערגעלאָזט.

— נו, קיריל, — האָט איינער זיך אָנגערופן. — זאָג אַ דאַנק העמינגווייען.

— ווייסט זיי דער רוען, אָט די דײַטשן! — האָט מײַן קיריל דערנאָך ניט איידל זיך אויסגעזידלט. — וואָס איז זיי אַרײַן אין קאָפּ אַרײַן? ווער איז ער אָט דער העמינגוויי?

דעם עמעס געזאָגט, האָבן מיר דאַן ביידע ניט געוווּסט. ווער בין איך געווען? אַ פּאַשעטע נייטערן, געאַרבעט אינײַנעם מיט אײַער כאַנען אַף איין פאַבריק. דאָס האָב איך טאַקע זי אַריבערגעשלעפּט אַהער, ווען זי האָט כאַסענע געהאַט. און מײַן קיריל! באַטאָג און באַנאַכט אַפן יאַם, געכאַפּט פיש. נאָר אַ ביסל שפּעטער. אוי, וואָס דאָ האָט זיך דערנאָך אָפּגעבלוטיקט! וועגן די קאַטאַקאָמבעס האָט איר געהערט? געווען דאָרטן אַ היפּשע גרופּע פּאַרטיזאַנער, מיט אַ גאַנצן שטאַב. און מײַן קיריל איז געווען דער פאַרבינדלער פון די פּאַרטיזאַנער אין די קאַטאַקאָמבעס מיטן היגן אונטערערד. אָט דאָ־אָ, ניט ווײַט פון דאַנען. אַ וווּרסט אַכט צי נײַן איז געווען אַן אַרויסגאַנג פון די קאַטאַקאָמבעס, שטאַרק פאַרמאַסקירט, פאַרשטייט זיך. אַהין איז דאָס אָפּט געגאַנגען מײַן קיריל. געטראָגן עפּעס אַהין און געטראָגן עפּעס פון דאָרטן. און וואָס האָט ער געטראָגן, זאָל איך אַזוי וויסן פון בייז. גאַנצע צוויי יאָר אַרומגעוואָגלט אַהין און צוריק. זעלטן־ווען אינדערהיים גענעכטיקט. און וויפל מאָל האָב איך געפּרוווט עפּעס דערפרעגן זיך, דערוויסן זיך, האָט ער מיר אָפּגעענטפערט: „ניט דײַן זאַך". און אַזוי ביזן ווינטער פיר־און־פערציקסטן. וואָס איז דאַן געשען, ווייס איך ניט. אָדעס איז געווען בא די רומענער, און מיטאַמאָל איז די שטאָט פאַרפּלייצט געוואָרן מיט דײַטשן. אין איינעם אַ באַגינען האָבן זיך אַרײַנגעריסן צו אונדז אַ מאַן צען. שוין גאָר אַנדערע דײַטשן. גאָר ניט פון יענע, וואָס האָבן געפרעגט וועגן העמינגווייען. זיי האָבן אַ כאַפּ געטאָן קירילן און באַפוילן:

— פיר אונדז אַוועק צום אַרויסגאַנג פון די קאַטאַקאָמבעס.

פונוואַנען האָבן זיי זיך דערוווּסט? וואָס פאַר אַן אויסוואָרף האָט זיי דאָס איבערגעגעבן? נו, מײַן קיריל, פאַרשטייט זיך, — איינמאָל ניין! ער ווייסט ניט פון קיין שום קאַטאַקאָמבעס. אָט, צום יאַם, ביטע. דאָרטן שטייט זײַן שיפל. נו, יענע האָבן לאַנג ניט געטײַנעט. און טאַקע אָט דאָ־אָ, לעבן דער שטוב אים צעשאָסן. ערשט פאַראיאָרן האָב איך אָנגעהויבן זיך נאָכפרעגן און זיך דערוווּסט, ווער איז געווען אָט דער העמינגוויי. קומט אויס, אַז מיר מיט אים זײַנען טאַקע שטיקלעך קרויווים.

זיי האָבן זיך צוגעזעצט אַף די טאַבורעטלעך, וואָס מיילעך האָט אַריבערגעטראָגן אַהער פון זייער צימער, זיי זײַנען דאָרטן שוין געווען איבעריקע, און אָפּסנײַ באַקוקט איינער דעם אַנדערן. מיילעך האָט באַמערקט, אַז זי איז גאָר ניט אַזוי אַלט, די מומע פעדאָרע, און, זיצנדיק באַם טישל, אין דער גראָבער פאַטשיילע, האָט זיך פון איר אַראָפּגעשיילט אַ גאַנץ צענדליק יאָרן, מעגלעך, אַז דאָס איז געשען דערפאַר, וואָס נאָך אַ לאַנגער צײַט פון איינזאַמקײַט האָט זי דערפילט לעבן זיך אַ לעבעדיקן נעפעש, און דעריקער, אַ גוטן מענטשן. ס'איז זיי ביידע געוואָרן היימלעכער, און זיי זײַנען לאַנג געזעסן און דערמאָנט, דערציילט יעדערער וועגן זיך.

— ווייסט איר וואָס? — האָט זי אַ זאָג געטאָן. — נאָך וואָס זאָלט איר זיך פאַרען אַ פאָר שאַ באַם פּרימוס? גיט מיר וואָס איר דאַרפט, וועל איך אײַך אָפּקאָכן. פאַראַן דאָך אין קיכל אַן אייוועלע. עמעס, דאָס קיכל אַליין איז אין הוילע לעכער.

— נישקאָשע, מיר וועלן זיך אײַנגיכן נעמען פאַרן קיכל.

— טאַקע? מע קאָן דאָך מאַכן פון דעם אַן עמעסדיקן עסצימער.

ס'איז געווען עפּעס קרויווישס צווישן זײַן געהאַנגענעם טאַטן און איר דערשאָסענעם מאַן. האָט ער זיך אָנגערופן:

— גוט, מומע פעדאָרע. מיר וועלן אַלץ מאַכן. דערווײַל ווייסט איר וואָס? איך וועל גיין פאַשען אײַער ציג.

— וואָס רעדט איר, מיט אַזעלכע גאָלדענע הענט?

מיילער האָט טיף אַ זיפץ געטאָן:

— מײַן מאַמע פלעגט זאָגן: וואָס קומט אַרויס פון מײַן קלוגשאַפט, אַז דאָס מאַזל מײַנס איז היקעוואַטע.

אַזוי צי אַזוי, נאָר אומבאַמערקט פאַר ביידע צדאָדים איז אופגעקומען עפּעס ענלעך אַף איין פאַמיליע. סימע, מיילעך, די מומע פעדאָרע. מע האָט געקאָכט אינײַנעם, געגעסן אינײַנעם, פאַרבראַכט אינײַנעם די פרײַע אָוונטיקע שאָ, און יעדן גאַנצפרי האָט די מומע פעדאָרע, איידער מיילעך האָט אַוועקגעפירט די ציג אַף פאַשע, געצוווּנגען אים אויסטרינקען אַ גלאָז ציגענע מילך. זי האָט פאַרזיכערט, אַז דאָס איז די בעסטע רעפּוע צו זײַנע קראַנקע לונגען.

איז געווען אַ שטיקל צײַט, ווען באַגינען האָט ער מיט דער מומע פעדאָרע גענומען קנעטן ליים, אַרומוואַלקעווען דאָס האַלב־צעוואַלגערטע קיכל. און נאָכן פרישטיק, און נאָך דער גלאָז ציגענע

מילך איז ער אוועק מיט דער ציג אױף פּאַשע. דער פּרילינג האָט אָנגעהויבן ביסלעכווײַז פֿאַנאַנדערוויקלען זיך, און פֿון צווישן דעם פֿאַראַיאָריקן פֿאַרגעלטן און פֿאַרטריקנטן גראָז האָבן אָנגעהויבן אַרויסוואַקסן גרינע שפּראָצונגען. די גאַנצע טאָלאָקע פֿון אויבן און ביז אַראָפּ צום סאַמע יאַם איז געווען איבערגעשטרייפֿט מיט געל־גרינעם. די קי האָבן דאָ נאָך ניט געהאַט וואָס צו טאָן, נאָר פֿאַר די ציגן איז דאָס געווען גאַנץ גענוג אױף אַרומצושפּרינגען באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ. אַלעמאָל אַ שטשיפּע געטאָן דאָס געלע און פֿאַרבײַסן מיטן גרינעם. בײַ אים איז ניט איין מאָל אויפֿגעקומען אַ פֿאַרלאַנג אױף שטענדיק ווערן אַ פּאַסטעך פֿון די היגע ציגן, אַרויספֿירן זיי יעדן טאָג אױף פּאַשע און פֿאַרברענגען מיט זיי אַ גאַנצן טאָג. זיי וועלן זיך פּאַשען, און ער וועט זיצן אױף דער פֿרישער לופֿט, עטעמען און טראַכטן. געעטעמט האָט זיך גרינג, די לופֿט איז געווען אַ זויבערע, כאָטש אין איר איז געווען אַזוינס, וואָס ער האָט ניט פֿאַרשטאַנען, פֿונוואַנען איז דאָס — אָט די ביטערלעכקייט צי אָט די טערפּקייט? עפּשער איז דאָס ניט אַזוי פֿונעם פֿאַראַיאָריקן גראָז, נאָר פֿונעם יאַם, וועמענס מעכטיקער אָטעם דערגייט אַהער מיט איבערגעזעטיקטער פֿײַכטקייט? נאָר אים דוכט זיך, אַז פֿון דעם אַלעמען, פֿון דער ביטערלעכקייט און פֿון דער פֿײַכטקייט, ווערט אים גראַמער אין די לונגען. עס עטעמט זיך מיט יעדן טאָג גרינגער, ברייטער און טיפֿער.

און די ציגן אַרום אים... די אַלטע ציגן מיט די יונגע ציגעלעך... אים איז גוט צווישן זיי. עס האָט זיך באַקומען בײַ אים, גלײַך אָט דאָ, אױף דעם פֿאַרגראָזיקטן פּלאַץ, איז אויפֿגעקומען אַ שטיקל שטעטלדיקס. טאַקע בלויז אַ שטיקעלע פֿון זײַן שטעטלדיקער קינדהייט. און דאָס דאָזיקע שטיקעלע האָט אַרויסגערופֿן בײַ אים אַ זיסע בענקעניש. אַמאָל אַ זיסע און אַמאָל זייער אַ ביטערע. נאָר ער האָט זיך אַליין געוווּנדערט דערפֿון, וואָס אים איז גוט סײַ פֿון דער זיסקייט און סײַ פֿון דער ביטערקייט. גראָד דערפֿאַר, וואָס אין אַזעלכע מינוטן האָט ער געזען פֿאַר זיך גאָר אַן אַנדער פּלאַץ און גאָר אַנדערע ציגן.

דערנאָך האָט ער געפּרוווט אויסדינגען פֿאַר זיך גאָר אַזוינס, ער זאָל ניט דאַרפֿן טראַכטן. בלויז עטעמען. דאָס איז פֿאַר אים דאָס סאַמע נייטיקסטע און דאָס סאַמע געגאַרטסטע: בלויז עטעמען. אָט, ווי דאָס גרינע גראָז אױף דער טאָלאָקע, ווי די צעעפֿנטע קנאָספּן אױף די ביימער, פֿון וועלכע עס פּיקן זיך אויס אַזעלכע צאַרטע בלעטעלעך. ווי דער הימל, ווי דער יאַם. אָט, אָט האָבן די ציגן זיך אָנגעפּאַשעט, זיך אויסגעלייגט איבערן גראָז, צוגעמאַכט די אויגן און כאַפּן אַ געשמאַקן דרעמל. צי טראַכטן אַמאָל וועגן עפּעס די ציגן?

נאָר ניט טראַכטן האָט ער ניט געקאָנט. און אַפֿילו דער פּרוּוו אויסדינגען פֿאַר זיך דאָס ניט־טראַכטן איז אויך באַשטאַנען פֿון הוילע טראַכטענישן. איז ער שוין בעסערע אַרומגעשפּרונגען מיט די געדאַנקען באַרג־אַראָפּ און באַרג־אַרויף. פּונקט ווי די ציגן אַרום אים. אַריבערגעשפּרונגען פֿון טראַכטענישן וועגן וועלט־זאַכן ביז ריין שטייגערישע און פּערזענלעכע.

ער האָט געטראַכט, פֿאַרוואָס איז דער מענטש אַזוי נאַריש, אַזוי שלעכט, אַזוי בייז און אַזוי קאַרג? וואָס קומט אַרויס פֿון די רײַכשאַפֿטן, אַז סײַווי מיט זיך נעמט דאָס קיינער ניט מיט. און פֿאַרוואָס ווילן די מענטשן ניט פֿאַרשטיין, אַז מע טאָר ניט, מע טאָר ניט פֿירן קיין מילכאָמעס! און וואָס קומט אַרויס דעם באַזיגער? ביידע צדדים ווערן דאָך פֿאַרכאָרעוועט. און ניט נאָר די שטעט און דערפֿער, די גאַנצע ערד און יעדער מענטש באַזונדער, אין יעדער מענטשן אַ שרעקלעכער, אומפֿאַרפֿולבאַרער כורבן.

ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז אין זײַנע טײַנעס און אין זײַנע פֿראַגן פֿעלט אויס זייער וויכטיקס. אַז, אייגנטלעך, יעדער מילכאָמע פֿאַרמאָגט אירע היסטאָרישע, סאָציאַלע און קלאַסאָווע סיבעס. נאָר זיי האָבן אים ניט געקאָנט אַלץ פֿאַרענטפֿערן און לינדערן זײַן אייגענעם בראָך. ווײַל טאַקע, דער אייגענער בראָך און דער אייגענער ווייטיק, דער יאַטרענדיקער ווייטיק, וואָס וויל זיך ניט רעכענען מיט קיין שום היסטאָרישע צי אַנדערע סיבעס. ווײַל קיין שום סיבעס קאָנען דאָס ניט פֿאַרענטפֿערן.

האָט ער געעטעמט, געטראַכט און זיך אײַנגעהערט אין די אומגעוויינלעכע רייכעס פֿונעם צעבליטן פּרילינג, אינעם פֿריילעכן רויש פֿונעם יאַם און אין די פּישטשענדיקע קעלכלעך פֿון די אומבאַקאַנטע אָדעסער פֿייגעלעך. די רעאַלע וועלט איז געקומען צו אים יעדן אָוונט מיט דער צײַטונג, וואָס סימע האָט געבראַכט מיט זיך. אים איז שווער געווען פֿאַנאַנדערקלײַבן זיך אין דער נאָכמילכאָמעדיקער וועלט. זי האָט זיך אים געמאָלט גאָר אַנדערש. סײַ בײַ זיך אין לאַנד, סיי אין די אַלע אויסלאַנדס. פֿונוואַנען זשע קריכט זי ווידער אַרויס, די מענטשנפֿרעסערישע סינע? און וואָס וועט זײַן מיט איר, מיט דער איבערגעמאַטערטער וועלט? צי דען?.. דעם „צי דען" האָט ער מוירע געהאַט דערטראַכטן ביזן סאָף און געסטאַרעט זיך טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש. נאָר באַנאַכט האָט זיך אים געכאָלעמט די מילכאָמע. זי האָט אויסגעזען מאָדנע אין כאָלעם. אַ שטומע צי אַ טױבע מילכאָמע. זיי גייען זיך אַלעמאָל צונויף, זײַן ראָטע און יענע אין די לאַנגע און גרויע שינעלן. מע שיסט איינער אינעם אַנדערן, מע גוואַלדעוועט, מענטשן פֿאַלן דערשאָסענע און פֿאַרוווּנדעטע, קאָרטשען זיך פֿון

וויטיק, נאָר מע הערט גאָרנישט ניט. פון די כאַלוימעס האָט ער זיך אַלעמאָל אופגעכאַפּט א באַגאַסנער מיט שווייס, דאָס האַרץ האָט מוירעדיק געקלאַפּט און דער הוסט האָט זיך צעשפּילט אָף ניט איינצושטילן.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט סימע אַלעמאָל איבערגעפרעגט פול מיט שרעק.

— איך ווייס ניט, — האָט מיילעך זיך מודיע געווען. — נאָר... די מילכאָמע...

— וועלכע מילכאָמע? שוין אויס מילכאָמע.

— איך ווייס, איך ווייס... נאָר... זי לעבט אין מיר, די מילכאָמע. און איך קאָן זי ניט פאַרטרייבן.

— מע דאַרף צוגיין אין פּאָליקליניק, — האָט סימע אַרויסגערעדט אנטשיידן און באַפעלעריש. — ניין, בעסער אזוי, איך וועל היינט ברענגען דעם דאָקטער פון אונדזער פאַבריק.

— מע דאַרף ניט, סימע, — האָט ער זי באַרויִקט. — מע דאַרף ניט קיין שום פּאָליקליניק און קיין שום דאָקטער. ניט אין דעם גייט עס.

— אין וואָס זשע דען?

— אין דער צייט.

— אין וועלכער צייט?

— אין אונדזערער, אין אונדזער צייט.

ס'איז אויסגעקומען, אז נאָך די ערשטע זעלטענע אָוונטן באַם יאַם האָבן זיי אָנגעהויבן ערגער פאַרשטיין איינער דעם אנדערן. עפּשער דערפאַר, וואָס סימע האָט א גאַנצן טאָג געהאָרעוועט און ניט געהאַט ווען א טראַכט צו טאָן. און ער, מיילעך, האָט געטראַכט צופיל. די געדאַנקען האָבן אים פאַרפירט צו ווייט. ער האָט אָנגעהויבן צווייפלען אין דער וועלט, צווייפלען אינעם לעבן, צווייפלען אין זיך אליין. וואָס איז ער, ווער דאַרף אים און וואָס קאָן ער עפּעס אופטאָן אָף דער וועלט? און צי נאַרט ער ניט אָפּ זיך אליין, זיך און סימען? צי וועט ער קאָנען ווערן א באַלעבאָס באַ זיך אין שטוב, א פולווערטיקער מאַן, וואָס באַזאָרגט דאָס ווייב מיט אלץ דעם נייטיקן? און אויב באַ זיי וועט געבוירן ווערן א קינד? צי וועט ער קאָנען ווערן פאַר דעם אן עמעסער טאַטע? עס זאָל אים ליב האָבן, אכטן און שעצן? און ניט קוקן אָף אים, ווי אָף אן אָנלייגער, וואָס ברענגט אריין אין שטוב די בידנע פּענסיע פון אן אינוואַליד פון דער צווייטער גרופּע.

סימע האָט זיך איינגעקוקט אין איר מאַן מיט אומרו און מיט האָפענונג. זי האָט געזען, ווי די ציגענע מילך, דאָס פּאַשען די ציג, דאָס פאַרברענגען א גאַנצן טאָג אָף דער פרישער לופט קימאַט באַם יאַם, גיט אים צו יעדן טאָג א שטיקל געזונט. זי האָט יעדן טאָג, ריכטיקער, יעדן אָוונט נאָכגעשפּירט, ווי אויסגעמאָסטן זיינען אָטעם, און א גליקלעכע פעסטגעשטעלט, אז ער הייבט אָן אָפּאָטעמען לעבן, איר מיילעך! נאָר ס'איז אויך געוואַקסן איר אומרו. ער שווייגט אָפּ קימאַט דעם גאַנצן אָוונט, ס'איז שווער באַ אים ארויסציִען א וואָרט. און פרעגן האָט זי מוירע געהאַט פאַרן ענטפער. צי דען האָט ער זיך אנטוישט? אין איר, אינעם אַרט לעבן, אין אלץ דעם אָרעמיקן? צי דען טראַכט ער, טראַכט און וויל צוטראַכטן, וויאַזוי אומבאַמערקט פאַרשווינדן ווערן? צי דען קאָן זי אין איינעם אן אָוונט קומען פון דער אַרבעט און אים ניט טרעפן?

אירע געדאַנקען, איר כשאַד זיינען געווען ניט ווייט פונעם עמעס. טאַקע גאָר, גאָר נאָענט. אין איינעם אן אָוונט, ווען די אַלע צווייפלען זיינען אַריבערגעוואַקסן אין פאַרצווייפלונג אָף ניט איינצושטילן, און עס האָט טאַקע געהאַלטן דערביַי, ער זאָל אַנטלויפן אין עק וועלט, איז ער געקומען אַהיים שרעקלעך א צערודערטער, און איידער סימע האָט באַוויזן אים פרעגן וועגן עפּעס, האָט ער זיך אָנגערופן:

— שוין, איך וועל דאָס פּאַשעט ניט אויסהאַלטן.

— וואָס וועסטו ניט אויסהאַלטן?

— דאָס טראַכטן, — האָט מיילעך געענטפערט. — מאָרגן גיי איך אין בוי־טרעסט זיך צונויפרעדן וועגן אַרבעט.

— איך האָב זיך שוין צונויפגערעדט, — האָט סימע אָפּגעענטפערט.

— ווו האָסטו זיך צונויפגערעדט?

— אין דער קאָנדיטער־פאַבריק.

— פאַרוואָס אין דער קאָנדיטער־פאַבריק?

— ווי פאַרשטייסטו ניט? וועסטו כאַטש האָבן אין טאָג א פלאַדן צי א שטיקל שאָקאָלאַד. פאַר דיינע לונגען!

# ביטערע פלאָדן

אין דער קאָנדיטער־סאַבריק איז געווען פאַר מײלעכן בלויז איין אַרבעט: קעסטלעך. מאַכן נײַע און פאַריכטן אַלטע. און דאָס האָט געהייסן טאַרע־צעך. אין דעם צעך איז ער געווען בלויז איינער. איין מענטש — אַ גאַנצער צעך. מערער האָט מען ניט געדאַרפט. און אויב מע האָט געדאַרפט, האָט ער געקאָנט אַרבעטן פאַר צוויי. און אויב מע האָט נאָך געדאַרפט — אַפילו פאַר דרײַ. ס׳איז געווען ניט יענע סטאָליערײַ, וועגן וועלכער ער האָט געטרוימט. נאָר קעסטלעך האָט מען אויך געדאַרפט. און דער איקער איז טאַקע געווען דאָס, מיט וואָס מע האָט דערנאָך פאַרפולט די קעסטלעך. מיט פלאָדן און טאָרטן, מיט קאָנפעטן און ריינעם שאָקאָלאַד. עס איז געגאַנגען דער זומער פון זיבן־און־פערציקסטן. דער לעצטער זומער פון דער קאַרטל־סיסטעם און דער סאַמע הונגעריקסטער זומער נאָך דער פאַראיאָריקער טריקעניש. ווען מײלעך האָט געזען, ווי פון די טויערן פון דער פאַבריק פאָרן אַרויס מאַשינען מיט זײַנע קעסטלעך, אָנגעפּאַקעוועטע מיט אַזאַ גוטס, איז אים געוואָרן אַ ביסל פריילעכער אויפן האַרצן, און ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן, אַז גראָד זײַנע קעסטלעך איז איצט די סאַמע נייטיקסטע סטאָליערײַ. אָט וועט מען פאַנאַנדערפירן די סכוירע אין די קלייטן און יעדערער וועט באַקומען דאָס, וואָס אים קומט לויט די שפּײַז־קאַרטלעך. וועט איין קינד באַקומען אַ פלאָדן, אַ צווייט קינד אַ קאָנפעטל. און אויב אַ פאַמיליע פון פינף־זעקס מענטשן, וועלן זיי באַקומען אַ גאַנצן טאָרט. האָט זיך געאַרבעט מיט כיישעק, ער האָט מיט פאַרגעניגן אײַנגעזאַפּט די זיסע רייכעס, וועלכע האָבן אַרומגעשוועבט איבער אַלע צעכן פון דער פאַבריק, און אַ ביסל אויך אין דעם טאַרע־צעך. דערצו האָט יעדן טאָג עמעצער פון די אַרבעטער אים אונטערגעטראָגן אַ „פּרעמיע”, ווי זיי האָבן געזאָגט, פאַר זײַן גוטער אַרבעט. ווער אַ פּיראָזשנע און ווער אַ שטיקעלע שאָקאָלאַד. איז געווען וואָס אַ באַש טאָן בײַס דער אַרבעט און ברענגען אַ שטיקל נאַשערײַ פאַר סימען און פאַר דער מומע פעדאָרען.

סימע איז געווען צופרידן. די מאָרעשכוירע זײַנע האָט אָנגעהויבן ביסלעכווײַז אָפּטרעטן. ס׳איז געווען צו באַמערקן, אַז די אַרבעט איז אים צום האַרצן, ער הייבט אָן פילן זיך זיכערער אינעם לעבן, אין דער אַרומיקער וועלט. בלויז די מומע פעדאָרע, וואָס האָט מיט קינדערשן פאַרגעניגן געסמאַקעט אַ צוקערקעלע, וואָס זי האָט שוין ניט געזען אין די אויגן ווער ווייסט וויפל צײַט, האָט אַלעמאָל געהאַט טײַנעס צו אים:

— ווען זשע וועלן מיר פאַרענדיקן דאָס קיכל? מע קאָן דאָך מאַכן פון דעם אַ גוטן עסצימער, אַן עמעסדיקע זאַלע.

— ניט געזאָרגט, מומע פעדאָרע, — האָט ער זי באַרויִקט. — מיר וועלן אַלץ באַווײַזן.

די מערהײַט אַרבעטער אויף דער פאַבריק זײַנען געווען פרויען. דער דירעקטאָר איז געווען אַ מאַנצבל. ראָמאַן וואַסיליעוויטש האָט מען אים גערופן. געהאַלטן האָט ער בא די פופציק, צי אַריבער די פופציק, מיט אַן אומגעווײנלעכן פאַר יענע צײַטן רונד פּאָנעם און בוילעטע סימאָנים פון אָנוואַקסנדיקער בײַכיקײַט. געטראָגן האָט ער אַ האַלב־מיליטערישן, שוין נײַעם, נאָכמילכאָמעדיקן קיטעל, און אויך אַזעלכע גאַליפע־הויזן, אַרײַנגעלאָזטע אין כראָמעווע שטיוול מיט הויכע כאָליעוועס. זעט אויס, אַז ער האָט שוין באַוויזן גוט אָנפּאַשען זיך אויף דער קאָנדיטער־פאַבריק, דער מיליטערישער אָנצוג איז געווען פאַר אים צו ענג. דאָס אַלץ האָט ניט געוווּנדערט מײלעכן און ניט אַרויסגערופן בא אים קיין ווידערגעפיל. קיין קינע אויך ניט. אויב מע טראָגט אונטער אים, מײלעכן, יעדן טאָג אַזעלכע „פּרעמיעס”, טראָגט מען אונטער דעם דירעקטאָר אַ ביסל אַ גרעסערן כײלעק. אַ סטאָליער איז אַ סטאָליער, און אַ דירעקטאָר איז אַ דירעקטאָר.

געווען איז ראָמאַן וואַסיליעוויטש אַ מענטש אַ צוגעלאָזטער, אָן יענע ביוראָקראַטישע קונצן, מיט באַשטימטע שאָען פון אויפנעמען און מיט אַנדערע אַזעלכע זאַכן. ער האָט זייער שיין גערעדט, נאָר זײַנע רעדעס זײַנען געווען זאַכלעכע און ניט קיין לאַנגע. יעדן אָפּגעגעבן אַ גוט־מאָרגן, און מיט פיל זיך באַגריסט פאַר דער האַנט. מיט מײלעכן אויך.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט, ווען ער איז אַרײַנגעקומען צו אים אין קאַבינעט וועגן עפּעס אַן איניען, האָט אים איבעראַשט די אָרעמקײַט און די אָפּגעריבנקײַט פון זײַן אויסשטאַטונג. אַ פּאָר אַלטע טאַבורעטקעס, אַ הוילער אָפּגעריבענער טיש מיט געלע פלעקן, דער פּאָטעל איז געווען אין הוילע לעכער, פון וועלכע עס האָט, ווי שטיקלעך ווונד־פלייש, אַרויסגעשטעקט גרוילעכע קלאָטשע.

— עפּעס פּאַסט ניט דאָס מעבל פאַר אַזאַ דירעקטאָר, — האָט מײלעך אַ שפּאַס געטאָן.

— אַ ברייטערע האָבן מיר? — האָט ראָמאַן וואַסיליעוויטש ווי באַקלאָגט זיך. — מע האָט געדאַרפט פריִער די פאַבריק ברענגען צו אַ טאַכלעס. איר האָט ניט געזען, וואָס דאָ האָט זיך געטאָן מיט אַ פּאָר יאָר צוריק. ניט געווען, ווען צו טראַכטן וועגן מעבל.

מײלעך האָט ווידער אַ קוק געטאָן אַרום זיך, באַלמעלאָכיש צוגעזשמורעט די אויגן, באַטראַכטנדיק, וואָס ער האָט דאָ צו טאָן.

— איז אָט וואָס, — האָט ער גענומען אויסלייגן זײַן פּלאַן. — קריגט מיר א לײַטיש שטיקל געוואַנט מיט פֿאַרשיידענע צאַצקעלעך און א ביסל פֿאַרב. וועט דער פּאַטעל ווערן ווי א נײַער. ווען איך האָב א ביסל מאַטעריאַל, וואָלט איך אײַך געמאַכט א שרײַבטיש און כאָטש א האַלב טוץ בענקלעך. ס'איז דאָך פּאָשעט א ביזאָיען.

— אין אַלץ, וואָס מע דאַרף, וועט קיין מעניע ניט זײַן.

— וועל איך מאָרגן צוביסלעך אָנהייבן. ווי נאָר איך וועל האָבן א פֿרײַע שאָ.

דער טאַרע־צעך, א פֿאַרוואָרפֿענער מיט קעסטלעך מיקאָל־האַמינים, איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עמעסדיקן סטאָליער־וואַרשטאַט. ראָמאַן וואַסיליעוויטש איז קימאַט יעדן פֿאַרנאַכט אַרײַנגעקומען צו מײַלעכן און ניט אויפֿגעהערט כידעשן זיך.

— גאָלדענע הענט באַ אײַך, מײַלעך מיכײַלאָוויטש, — האָט ער אים ניט אויפֿגעהערט לויבן.

ראָמאַן וואַסיליעוויטש האָט אפֿילע אים אָנגעהויבן אײַנלאַדן אויף די באַראַטונגען פֿון די צעך־נאַטשאַלניקעס און מײַסטערס, צוגלײַכנדיק אים צו די פֿאַבריק־ספּעציאַליסטן. ניט איין מאָל אים אַרויסגעשטעלט אַלס בײַשפּיל.

— אָט באַ וועמען מע דאַרף זיך לערנען, וויאַזוי באַציִען זיך צו דער אַרבעט און וויאַזוי אָפּהיטן דאָס סאָציאַליסטישע אייגנטום! באַ אים ווערט קיין מינדסט ברעטעלע ניט פֿאַרפֿאַלן.

אין א כוידעש אַרום, ווען דער פּאָטעל, דער שרײַבטיש און דער האַלבער טוץ בענקלעך זײַנען אויסגעשטעלט געוואָרן אויף זייערע ערטער, האָט ראָמאַן וואַסיליעוויטש ניט געוווּסט, וויאַזוי אויסדריקן זײַן אָנציקונג. ער האָט באַקוקט דעם באַנײַטן קאַבינעט און אים ניט דערקענט. ער האָט זיך עטלעכע מאָל צוגעזעצט אויפֿן פּאָטעל און ווידער זיך אויפֿגעהויבן. אפֿילע א פּאָר מאָל זיך אונטערגעהוידעט אויף די גוט אָנגעצויגענע פּרוזשינעס. און פֿריילעך א שפּאַס געטאָן:

— איר ווייסט, מײַלעך מיכײַלאָוויטש, אין דעם נײַעם מעבל... איך דערקען ניט זיך אַליין.

— נישקאָשע, — האָט מײַלעך אים באַרויִקט. — צו גוטע זאַכן ווערט מען געוווינט.

ראָמאַן וואַסיליעוויטש האָט נאָכאַמאָל זיך אײַנגעמאָסטעט אינעם פּאָטעל, פּעסט זיך אײַנגעמאָסטעט, שוין ניט אויף אונטערהעצקען. דערנאָך האָט ער אַרויסגערעדט מיט דירעקטאָרישער ערנסטקײַט:

— אָט דאָס זיץ איך און טראַכט: וויאַזוי באַלוינען אײַך פֿאַר אײַער אַרבעט? ניטאָ באַ אונדז דערויף קיין פֿאָנדן.

— פֿאַרוואָס עפּעס באַלוינען? — האָט מײַלעך דערווידערט. — איך האָב דאָך דאָס אַלץ געמאַכט בײַס מײַן אַרבעטס־צײַט, און אַרבעטלוין באַקום איך רעגולער, צוויי מאָל אין כוידעש!

דערויף האָט ראָמאַן וואַסיליעוויטש גוטברודעריש א ווונק געטאָן.

— אָבער א פּרעמיע האָט איר פֿאַרדינט? וועל איך אײַך אויסשרײַבן א טאָרט.

ווען מײַלעך איז געקומען אַהיים מיטן טאָרט אין דער האַנט, האָט פֿעדאָרע ניט געוווּסט ווו דעם טאָרט אַוועקצושטעלן.

— אוי, גאָט מײַנער, — האָט זי א זאָג געטאָן, — איך געדענק שוין ניט... אפֿילע אין כאָלעם... איך וועל טאַקע באַלד אָנצינדן דעם פּרימוס און אויפֿזידן א טשײַניק טיי. סימע וועט קומען פֿון דער אַרבעט, וועלן מיר פּראַווען א סימכע.

(פֿאָרזעצונג קומט)

# נײַע לידער

## פעדעריקאָ לאָרקאַ

ווען מ'האָט דערשאָסן פעדעריקאָ לאָרקאַ
אין זײַן שפּאַניע דער פרײַלעכער און ליבער,
די וועלט האָט ניט געביטן דאַן דאָרט אירע בליקן.
ווי פריער, באַ די פיס האָבן זיך העגנגלעך ווײַנטרויבן געטאַרקעט,
און וואָלקנס ניט געלאָשן האָבן זיך אין הימל טריבן,
ווען אַ פאַרבלוטיקטער איז ער געפאַלן, פעדעריקאָ.

ער איז גלײַך געוואָרן פרעמד די טויבן, וועלכע וואָרקען,
דער פראָסטיקײַט דער שטעכיקער פון ווײַטע שטערן.
ווי נאָר אַף אייביק איז אוועק פון לעבן פעדעריקאָ לאָרקאַ,
די ערד האָט צוגעדעקט זײַן ברוינעם קערפער שווערן.
אַף אייביק צוגעדעקט און פון דער וועלט באַהאַלטן,
ווי יענעם בלויען הירש — דער מידבער אײַזיק־קאַלטער...

אָ, ווי געטרויערט דאַן האָט יעדער קלאַנג און פליעסק פון וואַסער.
די העגנגלעך ווײַנטרויבן, די פרוכטן אַף די ביימער,
ווײַל פרעמד געוואָרן איז זײַן האַרץ דעם הימל בלאַסן,
דעם מוט און ווי און ווייִ אַלע מאָכיק־גרינע שטיינער.
ווײַל צוגענומען האָט די ערד אים און באַהאַלטן,
ווי יענעם בלויען הירש — דער מידבער אײַזיק־קאַלטער...

איך ווייס: דער דיכטער פון דער ליבע שטאַרבן קאָן ניט,
ער לעבט אין האַרץ פון פאָלק אפילע נאָך זײַן אומקום.
און כאָטש ער איז געוואָרן פרעמד דעם טרוים און דער לעוואָנע,
און ס'האַרץ זײַנס פלאַמט ניט מער, ווי יענע זון אום זומער, —
ער לעבט, כאָטש צוגעדעקט האָט אים די ערד, באַהאַלטן,
ווי יענעם בלויען הירש — דער מידבער אײַזיק־קאַלטער.

אָ, גלייב, זײַן אָטעם וועט זיך אומקערן צום לעבן
מיט שאָרך פון גראָזן און מיט קלאַנגען, פיירעס רײַפע.
און כאָטש זײַן בליק וועט מער ניט אופלאַמען דערנעבן,
ווײַל שטרענג די לאַבירינטן פונעם טויט, וואָס גרייכן.
אַף אייביק צוגעדעקט האָט אים די ערד, באַהאַלטן,
ווי יענעם בלויען הירש — דער מידבער אײַזיק־קאַלטער...



די רעדאקציע און די רעדקאָלעגיע פון
„סאָוועטיש היימלאַנד" באַגריסן האַרציק
דעם דיכטער מאָטל גאָלבשטיין אין צוזאַ-
מענהאַנג מיט זײַן 70־טן געבורטסטאָג און
ווינטשן אים געזונט, אַריכות־יאָמים און
נײַע שעפערישע דערפאָלגן.

---

אָ, זאָגט מיר, גוטע מענטשן, בערג! שרײַט אויס אין הייכן,
אָ, פרישע קוואַלן, ווינטן, ענטפערט מיר מיט סייכל:
געבוירן ווערט אַמאָל נאָך אַזאַ שיינער דיכטער
מיט ערשטע פרילינגדיקע דונערן און בליצן?

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווען פּעדעריקאָ לאָרקאַן זינג איך מיט פאַרקלעמטע ציינער,
און טרויעריק עס שושקעט זיך דער ווינט צווישן די ביימער...

## די דעפיניִרונג פון פּאָעזיע

דאָס איז אַ ווייגעשריי פון אַ וווּנד — אַ וואָלפיש געוואָי,
אַ פאַרקלאָמערטער גוף — אַ בוים אַ יעלאָווער,
אַ קײַישער הונגער פונעם גראָז נאָך אַ טראָפּן טוי,
דער כאָלעם פון אַ לייב — נאָך אַ ליכטיקן אָוואַר!

דאָס איז פּאַשעט אַן אויפבליץ פון אַ פונק אויף דעם טראַקט,
אַ שווערע צעשיידונג אין נאַכט פון הערצער אַן מעקוימעס,
אַ שטיינערנער אויסגעשריי — דער באַרג טשאַטיר־דאַג, —
דער שענסטער פּאַראַל פון די טרוימען!

דאָס איז אַ ליב־געזאַנג פון דעם סאָלאָוויי־פּײַפּיאַל,
דער גלאַנץ פונעם אַקער, וואָס וועסנע אין טאָל,
ווי אַ בליץ, שײַנט מיט זײַן שטאָלענעם שווײַגן.

ווען שאַרפקײַט ס'פאַרלאַנגט בלויז די ערד און דאָס גראָז,
דער פּאַעט, וואָס זיצט אָפּט פאַרפאַלגט און פאַרלאָזט
און האָרכט, ווי די זון קילט די ביימערשע צווייגן...

# א נאַטיורמאָרט

אָ, פּאָמידאָר! — פֿון זומער גאָלדענעם א ווײַטער רוף,
אין וועמענס האַרץ דער זשאַר צעשמעלצטער גיסט זיך איבער!
און גלײַך דערנעבן — העגנלעך ווײַנטרויבן, וואָס זייער דופט
עס זינגט, ווי ווײַן געפאַנגענער פון גרויסער ליבע.

און אויף א טעלער — מייערלעך און פלייש, וואָס ברוינט די לופט
און גלאַנצט, ווי פון דעם זון־פאַרגאַנג א רויטע הליבע.
וואָס לייגט זיך, ווי צעגליטער סטראַנצײַ, אויפן טיש און פּרוווט
די קופּלען־ציבעלעס, דער רויג אין די סאַלאַנקעס זיבן.

אָ, ווי זשע דער סאַלאַט דער פּילקאָליריקער פון א שיסל,
קוקט אייפערזיכטיק אויף דער וואָבלע, דעם רעדיסל,
אויף דעם היפּטל קרויט, וואָס שימערירט און שנייִיק רוט.

און עטוואָס ווײַטער, — ווי קײַלעכדיקע צוויי לעוואָנעס,
צעעפנט ברייט די גרינע אויגן מיט ראַכמאַנעס,
אויף ראָזע לאַסטעס ליגט א ווילדע, ווײַסע שוואַן אין בלוט...

* * *

קעדיי זײַן זאָל עלאַסטיש מײַן ליבע,
שענק איר, מוילעד, דײַן האַלב־סערף דײַן ליבן!

לערן אויס זי, אָ, טיגער קודלאַטער,
ווי דורכרײַסן אײַזערנע גראַטעס!

גיב צוויי פליגל איר, אָדלער פון הייכן,
זי זאָל קאָנען צו שטערן דערגרייכן!

שענק איר, פאַלק, די ניט־שלאָפלאָזע אויגן,
זי זאָל קלאָר זען דעם רעגנבויגן!

גיב די ציין דײַנע, בלויער גיאַור, איר,
זי זאָל קאָנען באַזיגן דעם שטורעם!

און דו, געלער פּיטאָן, אין גראָז פרישן,
דײַן דינעם היפּנאָז שענק, וואָס קישעפט!

גיב איר, אינד, אָפּ דעם דופט פון ליוצערנע,
דײַן קיניגלעכן שטאָלץ פון ווענערע!

שענק איר, זון, דײַן פלאַם־שטראַל דײַן העלן,
קעדיי צוניפּסילען גאָלדענע קאַרעלן!

גיב, אָ, בליץ, איר — אָ, וואָרצל פון הימל,
דאָס גינגאָלד פון א פײַערדיק בלימל. —

קעדיי קענען זי זאָל אויף דער פרײַהײַט
פון א קיזלשטיין אויסהאַקן פײַער!

שענק איר, ווירבלווינט,
דײַן אויסהויך און בענקשאַפט,
קעדיי אָטעמען הייס זאָל זי שטענדיק!

אין דײַן גרינקײַט, אָ, צעדערבוים ווילדער, —
דעק צו בלויז איר נאַקעטקײַט מילדע!

ברענג איר, שניי־ווײַסע טויב באַהעלטע,
דעם ליכטיקן שאָלעם פון וועלטן. —

קעדיי קאָנען זאָל זי מיט איר נאַקן
איבערשמעלצן די שפּיז אויף אַן אַקער!

זײַ, כאַנוקאַס־האַבאַיִס, איר פרילינג,
און דו, ראָזער באַגין, — איר צווילינג!

זאָל פאַר די, ווער אין וועלט וועט זי רימען,
ווערן פּאָשעט זײַן שטערן אין הימל!..

# א לויב־געזאנג דער שוואנגערער פרוי

דערפֿאַר, ווײַל דער פרוכטבאַרער בויך פֿון דער פֿרוי גיט אָפּ איר בלוט:
דעם קינד — מיט א רויז, דער ערד — מיט געדולד, דעם הימל — מיט דעם אויסגעשריי פֿון א בונט.
דערפֿאַר, ווײַל אַפילו אין דער שטערנדיקער ליכטיקײַט אײַנגעהילט איז איר ווי און מוט, —
זײַ גליקלעך און הייליק איר בלוט! זײַ גליקלעך!

דערפֿאַר, וואָס איר איז געגעבן צו שפּאַנען אונטער דעם שלאַקסרעגן גרויזאַם און מילד,
טרינקען דאַרשטיק די זון און. די שיינקײַט פֿון לעבן, ווי א פֿרילינגדיקער ווינט,
דערפֿאַר, ווײַל דעם וועג פֿון דער מענטשהײַט באַשײַנען איז איר געגעבן אצינד, —
זײַ גליקלעך און הייליק איר בלוט! זײַ גליקלעך!

דערפֿאַר, וואָס איר שמייכל שײַנט העל אויף אפֿן שיינעם פּאָנעם פֿון איר קינד,
ווי אן אופגעהעלטער פונק אין פּורפּורנעם ווײַן פֿון א קויסע, וואָס רימט לינד,
דערפֿאַר, ווײַל איר אוראַלטע שיינהײַט און ליבע מיט שטראַלן פֿון זון העלט אצינד, —
זײַ גליקלעך און הייליק, איר בלוט! זײַ גליקלעך!

דערפֿאַר, וואָס זי צערייניקט די צעלינא פֿונעם לעבן און מאַכט זי פרוכטבאַר און גרין,
צעאַקערט די ערד מיט די אייגענע הענט און פּאַרזייט זי מיט קערנער פֿון באַגין,
דערפֿאַר, וואָס זי גיט אָפּ דעם באָדן איר שווייס און איר ליבע און מי, ווי א קינד, —
זײַ גליקלעך און הייליק איר בלוט! זײַ גליקלעך!

דערפֿאַר, ווײַל אירע בליקן זויגן אײַן זיך, ווי אין א לינזע, אין אַנגעשוואָלענעם הימל פּרײַ,
און פֿון דעם באַגילדן זיך אויף די ביימער די פּרוכטן, און אין פֿעלד — יעדער זאַנגל רײַפּט.
דערפֿאַר, וואָס געוואָרן איז זי א מאַלקע פֿון גערעכטיקײַט און די יונגע וועלט באַשיינט, —
זײַ גליקלעך און הייליק איר בלוט! זײַ גליקלעך!

דערפֿאַר, ווײַל פֿאַרליבט זי איז אין איר לאַנד, אין איר גרינעם אומענדלעכן פֿעלד,
אין דער זון, אין די ביימער — סײַ אין בלי, סײַ אין היץ, סײַ אין קעלט,
דערפֿאַר ווײַל צו אירע פֿיס ליגט זיך א ווייצענער גאָלדענער סנאָפּ, ווי א וועל, —
זײַ גליקלעך און הייליק איר בלוט! זײַ גליקלעך!

דערפֿאַר, וואָס זי האָט באַנומען דעם קישקע פֿונעם געטלעכן פֿײַער און שטיין,
די אויספֿורעמונג פֿון דער וועגנערע, פֿון א זוניקן שטראַל, פֿון א קוויט, וואָס איז ליב און שיין.
דערפֿאַר, וואָס אין אן אייסצאָרע זי קאָן סײַ אין וואַסער, סײַ אין פֿײַער גיין, —
זײַ גליקלעך און הייליק איר בלוט! זײַ גליקלעך!

דערפֿאַר, וואָס זי איז דער עמעסער האָר פֿון דער וועלט, וואָס דעם לעבנס־רינג ציט,
און זינגט מיט אן אָפֿענעם האַרץ פֿונעם לעבן די אייביקע ליד,
דערפֿאַר, וואָס די מוטער זי איז פֿון ליבע און זון, פֿון אַלע זאַפּטיקע וואָרצלען פֿון דער ערד, —
זײַ גליקלעך און הייליק איר בלוט! זײַ גליקלעך!..

# די בענקשאַפֿט נאָך דיר

ווידער ווי פֿון צעשיידונג, וואָס פֿאַרטרויערט די וועלט, —
די בענקשאַפֿט נאָך דיר.
ווי די ביטערע טרער פֿון קורײַ אינעם פֿעלד, —
די בענקשאַפֿט נאָך דיר.

ווי ס'געשריי פֿון א קראָ באַם האַרבסטיקן פֿליין, —
די בענקשאַפֿט נאָך דיר.
ווי די אָרעמע שרעק, וואָס אין שטוב וווינט אַליין, —
די בענקשאַפֿט נאָך דיר.

ווי די פינצטער, וואָס לעשט יעדע שײַן און באַגער, —
די בענקשאפט נאָך דיר.
ווי דער קנאַל פון א בײַטש, וועלכע בריט אָפּ די פערד, —
די בענקשאפט נאָך דיר.

ווי דער הארבסט־טאָג, וואָס איז גרויער פון אשיקן ווײ, —
די בענקשאפט נאָך דיר.
ווי דער סקריפּ פון א הילצערנעם שליטן אין שניי, —
די בענקשאפט נאָך דיר.

ווי די שקיִע, וואָס בלוטיק פארגייט אינעם יאַם, —
די בענקשאפט נאָך דיר.
ווי ס׳געשריי פון א מעווע אין ברויזיקן פלאַם, —
די בענקשאפט נאָך דיר.

ווי דער טרויער פון הירש בײַס א ווילדן געוויטער, —
די בענקשאפט נאָך דיר.
ווי דער רעווע פון בוהײַ, וועלכן מע פירט צו דער שכיטע, —
די בענקשאפט נאָך דיר.

ווי ס׳געוואָי פון א וואָלף, וואָס צו נאכט האָט פארשפּעטיקט, —
די בענקשאפט נאָך דיר.
ווי א מענטש, ווען מע לעבן מיט ווינט בלויז זיך זעטיקט, —
די בענקפאפט נאָך דיר!..



---

נײַס פון אויסלאַנד

## א דענקמאָל אלפרעד דרייפוסן

אין פאריזש איז אוועקגעשטעלט א דענקמאָל אלפרעד דרייפוסן, דעם קאָרבן פון איינער פון די גרעסטע פּאָליטישע אפערעס אַף דער שוועל פון XIX און XX יאָר־הונדערטער. דער אוטאָר פונעם דענקמאָל איז דער קינסט־לער לויִס מיטבערג.

דער קאפּיטאַן פונעם פראנצויזישן גענעראַל־שטאב א. דרייפוס, א ייִד, איז אין 1894 ארעסטירט געוואָרן פאר זײַן קלוימערשטער שפּיאָנאזש־טעטיקײַט לעטויוועס דײַטשלאנד. דער מיליטער־גע־ריכט האָט אפּן יעסאָד פון א געפעלשטן בריוו פארמישפּעט דרייפוסן אַף לעבנסלאנגער פאר־שיקונג. ערשט אין צוויי יאָר ארום נאָך דעם מישפּעט איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אז די געהיימע דאָקומענטן האָט איבער־געגעבן פאר די דײַטשן גאָר אן אנדערער אָפיצער.

גלײַך נאָכן ארויסטראָגן דעם אורטייל האָט עמיל זאָליא פאר־עפנטלעכט זײַן בארימטן אָפּע־נעם בריוו, אין וועלכן ער איז ארויסגעטראָטן קעגן דער מי־ליטערישער מאכט פאר פאר־מישפּעטן דעם אומשולדיקן מענטשן. לעסאָף, אין 1899 האָט מען דרייפוסן פרײַגעשפּראָכן, און ערשט אין יול 1906 איז ער רעא־בילּיטירט געוואָרן און זיך אומגעקערט צו דער מיליטערי־שער דינסט.

לייב דאַמב
(לעאָפּאָלד טרעפּער)

# די רויטע קאַפּעלע

.21
## דער גענעם פֿון ברענדאָנק

די פֿעסטונג פֿון ברענדאָנק איז אויסגעבויט געוואָרן אין 1906, אַפֿן וועג, וואָס פֿירט פֿון בריסל קיין אַנטווערפּן. אין 1940 האָט ברענדאָנק געדינט, ווי דאָס זיך־אָרט פֿונעם הויפּט־שטאַב פֿונעם קיניג לעאָפּאָלד III. דעם 29־טן אויגוסט איז די פֿעסטונג פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אופֿנאַם־לאַגער, און שפּעטער, דעם 20־טן סעפּטעמבער, האָט דער שטורעמבאַנפֿירער שמידט אַרײַנגעפֿירט אין דער פֿעסטונג די ערשטע אַרעסטאַנטן. די צאָל איז קעסיידער געוואַקסן (אין נאָיאַבער 1940 האָבן זיך שוין דאָרט געפֿונען פֿופֿציק אַרעסטאַנטן) און דערגאַנגען אין יוני 1941, בײַם דעם דײַטשישן אָנגריף אויפֿן ראַטנפֿאַרבאַנד, צו אַ נײַעם הויכפּונקט.

הונגער־ראַציאָן, קאַטאָרגע־אַרבעט, פֿאַרפֿאָלגונגען, קלעפּ און פּײַניקונגען זײַנען געווען דאָס טעגלעכע ברויט פֿון די אַרעסטירטע. פֿון נאָיאַבער 1941 האָט די וואַך אין דער פֿעסטונג איבערגענומען די בעלגישע עסעס צוזאַמען מיט די פֿאַרעטער פֿון אַנדערע לענדער. איינער פֿון זיי האָט די פֿריש־געקומענע אופֿגענומען מיט די ווערטער: „דאָ איז דער גענעם, און איך בין דער טײַוול!" ער האָט ניט איבערגעטריבן... פֿאַר אַ טייל איז דאָס אָרט געווען ניט מער, ווי אַ טראַנזיט צו אַ טויט־לאַגער.

זינט דעם פֿאַראַט פֿון יעפֿרעמאָוו האָבן מיר פֿאַרלוירן די שפּורן פֿון פֿיל קעמפֿער פֿונעם רויטן אָרקעסטער, וואָס זײַנען אַרעסטירט געוואָרן אין בעלגיע.

איך וויל פֿאַר אַלעמען אָנהייבן פֿון דעם פֿאַל ווינטערינק. ער איז געווען שעף פֿון האָלענדישן רויטן אָרקעסטער. דעם 16 סעפּטעמבער 1942 איז ער אַרעסטירט געוואָרן אַפֿן סמאַך פֿון יעפֿרעמאָווס מעסירע — און פֿון דעמלט האָבן מיר פֿאַרלוירן פֿון אים יעדן שפּור. פֿיל „היסטאָריקער" פֿונעם רויטן אָרקעסטער, דעריקער פֿון מײַרעוו־דײַטשלאַנד, האָבן נאָך דער מילכאָמע געשריבן, אַז אונדזער כאַווער איז מאַסקים געווען מיטצואַרבעטן מיט דער זאָנדערקאָמאַנדע, און אין 1944 איז אים געלונגען צו אַנטלויפֿן אין אַ לאַסט־אויטאָ פֿון דעם סוינע. איך האָב ניט געוואָלט גלייבן אין דער טענדענציעזער ווערסיע און זיך באַמיט אַליין אויספֿאָרשן דעם איניען. איך בין געווען צופֿרידן פֿון די רעזולטאַטן, מאַכמעס דער עמעס איז גאָר אַן אַנדערער: ווינטערינק איז צוערשט אַרײַנגעוואָרפֿן געוואָרן אין דער טורמע סאַן־זשיל אין בריסל. דעם 18 נאָיאַבער 1942 איז ער איבערגעפֿירט געוואָרן אין ברענדאָנק. אין דער זעלבער צײַט האָט זײַן ראַדיאָ־זענדער ווידער אָנגעהויבן שיקן די עמיסיעס... אויב מיר זאָלן גלייבן אונדזערע „ספּעציאַליסטן", האָט מען אים געצוווּנגען צו רעדאַגירן די דעפּעשן צווישן איין פּײַניקונג־סעאַנס און צווייטן. די, וואָס זײַנען בעמעס איבערגעגאַנגען אויף דער זײַט פֿון די דײַטשן, ווי יעפֿרעמאָוו, האָבן גענאָסן פֿון באַקוועמע וווינונגען.

---

פּ אָ ר ז ע צ ו נ ג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד", 1988, נומ. 9, 10.

דעם 6 יול 1944 האָט מען אים געבראַכט אין דער טורמע סאַן־זשיל און אין זעלבן טאָג איז ער דערשאָסן געוואָרן. קעדיי צו פאַרווישן זײַן טויט, האָבן די הענקערס, ווי ס׳איז געווען זייער געווינהײַט, אָנגעשריבן אויף זײַן קייווער: „אומבאַקאַנט"[1].

איך זעץ פאָר:

דער „פּיאַניסט" אווגוסט סעזע, וואָס איז אויך, אַזוי צו זאָגן, „איבערגעדרייט" געוואָרן פון די דײַטשן, ווערט אַרעסטירט דעם 28 אווגוסט 1942 און ביז אַפּרעל 1943 זיך געפינען אין ברענדאָנק. ער איז געוואָרן פאַרורטיילט צום טויט און איבערגעפירט קיין בערלין, וווּ אין יאַנוואַר 1943 איז דער טויט־אורטייל איבער אים אויסגעפירט געוואָרן.

איזבוצקי (באָב): דעפּעשן אין זײַן נאָמען זײַנען קעסיידער געשיקט געוואָרן קיין מאָסקווע. אין דער ווירקלעכקײַט האָט מען אים נאָך זײַן אַרעסט, אין אווגוסט 1942, געבראַכט קיין ברענדאָנק, וווּ מ׳האָט אים קאָנפראָנטירט מיט סאָרע גאָלדבערגס שוואָגער, מאַרקוס לוסטבאַדער[2]. באָב איז געווען אַזוי שטאַרק פאַרפּײַניקט, אַז אים איז שווער געווען צו דערקענען, — האָט דערציילט לוסטבאַדער נאָך זײַן אומקערן זיך פון אוישוויץ. איזבוצקי איז געטייט געוואָרן דעם 16 יול 1944 אין בערלין, אין דער טפיסע פון שאַרלאָטענבורג.

אויך אַלאַמאָ און קאַמי זײַנען אין יון 1942 אָנגעקומען אין ברענדאָנק. נאָך די פּײַניקונגען זײַנען זיי דעם 18 פעברואַר 1943 פאַרמישפּעט געוואָרן צום טויט דורכן מיליטערישן טריבונאַל בעראָש מיט רעדערן. דעם 30־טן אַפּרעל איז קאַמי דערשאָסן געוואָרן, און מיר איז געלונגען צו ראַטעווען אַלאַמאָ־מאַקאַראָוון. כ׳האָב זיך דערמאָנט, אַז זײַן שוועסטער האָט געאַרבעט בײַ מאַלאַטאָוון. אין אַ שמועס, וועלכער איז פאָרגעקומען אין אָנהייב 1943, האָב איך „אַנטדעקט" גירינגן, אַז ער איז אַ שוועסטערקינד פון דעם פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר אויסערלעכע ענינים. דער שעף פון דער זאָנדערקאָמאַנדע האָט דאָס איבערגעגעבן דעם מאַרשאַל גערינג, וואָס האָט באַשלאָסן אָפּצולייגן דאָס אויספירן דעם טויט־אורטייל. מאַקאַראָוו איז געוואָרן דעפּאָרטירט. אין די לעצטע טעג פון דער מילכאָמע האָט מען אַנטדעקט זײַנע שפּורן — ער האָט זיך געפונען אין אַ לאַגער ניט ווײַט פון דער איטאַליעניש גרענעץ. באַפרײַט דורך די אַמעריקאַנער, איז ער איבערגעגעבן געוואָרן דער סאָוועטישער מאַכט.

דעם 28 סעפּטעמבער 1942 האָט סאָפיע פּאָזנאַנסקאַ, די שיפרירערן פון אַטרעבאַט־גאַס, זיך אויפגעהאַנגען אין איר טפיסע־קאַמער אין סאַן־זשיל.

הערש און מירע סאָקאָל זײַנען עטלעכע כאַדאָשים נאָך זייער אַרעסט אין מעזאָן־לאַפיט, אַ פאָרשטאָט אין פּאַריזש, דעם 9 יון 1942, אויך אוועקגעפירט געוואָרן אין דער פעסטונג פון פּײַניקונגען. פון אַ געוועזענער אַרעסטאַנטקע אין דער פעסטונג ווייסן מיר זייער וועג פון פּײַן:

„מע האָט אָנגעווענדט אַלע פּאָליצײַישע מיטלען צו מאַכן מירען ריידעוודיק", — האָט געשריבן די פרוי בעטי דעפּעלסענער אין איר בוך „די ברידערלעכע סימפּאַניע". „נאָך לאַנגע טעג האַלטן זי מיט געשמידטע הענט אויפן רוקן האָט מען אין דער אָנוועזנהײַט פון פיל עסעס־לײַט איר אָפּגעשפּילט אַן אָפּשרעקונג־סצענע, קעדיי זי צו מאַכן „פאַרנונפטיק". דערנאָך זײַנען פאָרגעקומען עטלעכע קאָנפראָנטאַציעס מיט קלעפּ און פּײַניקונגען".

„דער אויספאָרשער האָט געבונדן מירען, ווי זי וואָלט געווען אַ ווילדע כײַע, פאַרשטאָפּט איר מיט דער האַנט דאָס מויל און פאַר די האָר געשלעפּט זי איבער אַ שמאָלן און טונקעלן קאָרידאָר, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ קייווער און געפירט אין אַ צימער אָן פענצטער, וואָס איז קיינמאָל ניט געוואָרן געלופטערט. אַ רויך פון צוגעברענט לײַב און שימל האָט אַ שלאָג געטאָן אין די נאָזלעכער און געציבלט אויפן האַרצן. אַ טישל, אַ טאַבורעטקע איז מיט אַן אײַזערנעם רינג געווען צוגעפעסטיקט און פון סופיט — אַ גראָבע שטריק אויף אַ ראָד. אַ טעלעפאָן־אַפּאַראַט, דירעקט פאַרבונדן מיט דער געסטאַפּאָ אין בריסל. דער אויספאָרשער באַפעלט מירען זיך אַראָפּלאָזן אויף די קני און זיך אוועקלייגן אויף דער טאַבורעטקע, די נאַהײַקע פאַלט איבער איר קערפּער איין מאָל, צוויי מאָל. די פּאָליצײַ־לײַט געבן זיך אָפּ אַ כעזשבן, אַז מע מוז זיך מיט איר באַגיין האַרבער. דער לאַגער־קאָמענדאַנט, צוויי עסעס־לײַט מיט פּאָליצײַ־הינט זײַנען אויך דאָ און דערגאַנצן דאָס בילד. נאָך דעם, ווי מע האָט פון איר אַראָפּגענומען די קייטן, שליסט מען אײַן אירע הענט אין אַן אײַזערנעם שטאַנג, צו וועלכן מע פעסטיקט צו די שטריק, ווײַל אַזוי קאָן מען דעם קערפּער אויפהייבן בעהאַדראָגעדיק, אַז די שפּיץ־פינגער פון די פיס זאָלן נאָר קאָנען אָנרירן דעם באָדן. די שמיץ פאַלן אומופהערלעך אויף איר קערפּער. די נאַהײַקע איז ניט גענוג האַרט, ניצן זיי רימענס, און לעסאָף — פעסטע שטעקנס. מירע

[1] זײַנע מיטאַרבעטער יאַקאָב הילבאַלינג און זײַן פרוי האָבן זיך אויך געפונען אין ברענדאָנק. יאַקאָב איז אומגעבראַכט געוואָרן אין יאַנוואַר 1943, דער גורל פון דער פרוי איז אומבאַקאַנט.

[2] נאָך איזבוצקיס אַרעסט האָט זיך סאָרע גאָלדבערג אַנגאַזשירט אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, געוואָרן אַרעסטירט און דעפּאָרטירט קיין אוישוויץ.

שרײַט, וואָס מאַכט איר לײַכטער, אָבער זי רעדט ניט. דער אויספֿאָרשער, א דערצאָרנטער, באַשליסט — ארופֿציִען זי העכער מיטן שטריק. דער גאַנצער געוויכט פֿונעם קערפּער האַלט זיך אַף די אָרעמס, און די קאַנטן פֿון די אײַזערנע שטאַנגען שנײַדן זיך אײַן אין לײַב. העיוויס דער קערפּער הוידעט זיך, פֿארלירן די קלעפּ פֿונעם שטעקן זייער קראַפֿט. אַף א צייכן פֿון דעם אויספֿאָרשער בינדט מען איר קערפּער, קעדיי אים אײַנצוהאַלטן אין א ווערטיקאַלער ליניע, די קלעפּ זאָלן זיך בעסער פֿילן. מירע קאָן שוין מער ניט אויסהאַלטן, זי כאַלעשט. ווען זי קומט צו־זיך, דערזעט זי אירע הענט אײַנגאַנצן בלויז און דעפֿאָרמירט. זי גלײַכט זיך אויס — און איז ווידער גרייט צו שטעלן א ווידערשטאַנד. דעם סוינעס צאָרן לאָזט ניט לאַנג אַף זיך וואַרטן. די פֿרי־ערדיקע סצענע הייבט זיך אָן פֿונדאָסנײַ.

אזא „באַהאַנדלונג” האָבן הערש און מירע סאָקאָל אויסגעטראָגן עטלעכע כאָדאָשים. זיי האָבן געוווּסט דעם קאָד פֿון זעקס הונדערט דעפּעשן, געשיקט דורך זייערע ראַדיִאָ־זענדערס — און ביזן סאָף געהאַלטן דעם סאָד. קעדיי זיי אײַנצוברעכן, האָבן די הענקערס אָפּגעצווּנגען מירע און הערשן, אז יעדער איינער זאָל צוזען די פּײַניקונגען פֿון דעם צווייטן. מירע האָט געמוזט צוזען די יעסורים פֿון הערשן, און הערש — די פּײַן פֿון מירען. הערש, א קראַנקער, האָט שוין געווען ניט מער ווי זיבן און דרײַסיק קילאָ.

דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט אָבער באַשלאָסן מיט אים צו ענדיקן — און האָט עס דערגרייכט. ער האָט אַף אים אָנגערייצט די הינט, וועלכע האָבן הערשן צעריסן, מירע איז, אָן אויסגעשעפּטע, אויסגעגאַנגען אין א לאַגער אין דײַטשלאַנד.

גראָספּאָגעלס פֿרוי, זשאַן, איז פֿיר כאָדאָשים געווען אינטערנירט אין ברענדאָנק, ווו זי האָט געטיילט דעם גוירל פֿון אירע כאַווײרים. אויך מאָריס פּעפּער, דער האָלענדישער פֿאַרבינדונג־אַגענט, האָט זיך דאָ געפֿונען. ער איז דערשאָסן געוואָרן דעם 28 פֿעווראַל 1944. זשאַן זשעיסער, בא וועמען מ׳האָט געפֿונען א ראַדיִאָ־זענדער, איז אויך דערשאָסן געוואָרן. מאָריס בעבלע, דער יורידישער אייצע־געבער פֿון „סימעקס”, האָט פֿיל כאָדאָשים „פֿאַרבראַכט” אין ברענדאָנק, ווו ער איז פֿיל מאָל „אײַנ־געלאַדן” געוואָרן אין דער טאָרטור־קאַמער, איידער זיי האָבן אים אין 1943 דערשאָסן אין בערלין. וויליאַם קרייט, מיטגליד פֿון דער האָלענדישער גרופּע, איז געוואָרן פּאַראַשוטירט בא זײַנע דרײַ און זעכציק יאָר און מ׳האָט אים פֿאַרהאַלטן, ווי נאָר ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן. ער האָט אַראָפּגעשלונגען ציִאַן־קאַלי, אָבער געבליבן לעבן. די געסטאַפּאָ האָט אים געפּײַניקט, ער זאָל אויסגעבן די אידענ־טיטעט פֿון דעם צווייטן פּאַראַשוטיסט, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אין דער זעלבער צײַט, וואָס ער. וויליאַם האָט אָבער קעסיידער געשוויגן... האָבן די דײַטשן אים אַרײַנגעפֿירט אין טויט־קאַמער, אַראָפּ־געריסן דעם לײַלעך, וואָס האָט פֿאַרדעקט דעם טויטן קערפּער פֿון זײַן כאַווער — דאָס איז געווען זײַן אייגענער זון, וואָס איז דערשאָסן געוואָרן באַם אַראָפּלאָזן זיך מיטן פּאַראַשוט. קרייטן האָט מען געבראַכט קיין ברענדאָנק און אויך אים האָט מען דערשאָסן.

אין ברענדאָנק איז אויך געפּאָרשט געוואָרן „מיט הינט” נאַזאַרען דריילי. אין 1942 איז ער געווען דירעקטאָר פֿון „סימעקסאָ”, אַרעסטירט געוואָרן דעם 6 יאַנוואַר 1943. מ׳האָט אים געבראַכט אין אַנטווערפּענער שפּיטאָל מיט צעפֿרעסענע פֿיס, וועלכע מ׳האָט געמוזט אַמפּוטירן. נאָך דעם, ווי ער איז צוריקגעקומען קיין ברענדאָנק, איז ער פֿאַרמישפּעט געוואָרן צום טויט און איבערגעפֿירט קיין בערלין מיט דעם צוג, וועלכער האָט געפֿירט א דעפּאָרטאַציע די גרעסטע צאָל מיטגלידער פֿונעם רויטן אָרקעסטער, וואָס מ׳האָט אַרעסטירט אין פֿראַנקרײַך און אין בעלגיע. מיט דעם צוג איז אויך געפֿאָרן זײַן פֿרוי זשערמען. זי האָט אים געזען פֿירן פֿון צוויי געסטאַפּאָווצעס. ער איז געווען שטאַרק בלאַס, און זי האָט אים ניט דערקענט. עמעצער האָט זי א שטויס געטאָן מיטן עלנבויגן:

— דאָס איז דאָך אײַער מאַן!

איר איז געלונגען אים צו זען פֿינף מינוט אין קאָרידאָר פֿון וואַגאָן.

— האָסט עפּשער באַמערקט? כ׳האָב איין פֿוס קירצער פֿונעם אַנדערן, — האָט ער איר געזאָגט.

זי האָט אים מער ניט געזען. דעם 28 יולי 1943 האָט מען אין בערלין אים אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ. זשערמען דריילי, נאָך א לענגערער צײַט זײַן פֿאַרשפּאַרט אין די טפֿיסעס פֿון בערלין, האָט זיך געוואַלגערט אין די לאַגערן ראַווענסבריק, שענפֿעלד, אָראַנענבורג, ווו זי האָט געזאָלט פֿאַרגאַזט ווערן דעם 19 מאַרט 1945. דעם 15־טן איז דער לאַגער באָמבאַרדירט געוואָרן דורך דער ענגלישער אַוויִאַציע. זי איז אַנטלאָפֿן. האַגאַם זי האָט ניט געקאָנט שווימען, איז זי אַדורך א קאַנאַל. זי האָט שפּעטער דערציילט: „כ׳האָב געהאַט דאָס געפֿיל, אז כ׳גיי אַפֿן וואַסער”. די געסטאַפּאָ האָט זי ווידער געכאַפּט און פֿאַרשיקט אין לאַגער זאַקסענהאַוזן, און די לעצטע טעג פֿון דער מילכאָמע האָט זי אָנטיילגענומען אין טויטן־מאַרש. זי האָט דאָס איבערגעלעבט און געדענקט אַלץ...

אין דעם צוג האָבן זיך געטראָפֿן די אַלע, וואָס זײַנען אַרעסטירט געוואָרן אין פֿראַנקרײַך: דאָס פּאָרל קאָרבען, מאַן און פֿרוי זשאַספּאַר, ראָבער ברייער, סוזאַן קואַנט, קעלער, פֿראַנץ און זשערמען שניידער, די גריִאָטאָס — מיט אַלע אַרעסטירטע פֿון בעלגיע: שאַרל דריילי (נאַזאַרענס ברודער), ראָ־בער קריסטען, לוי טעווענע — דער פֿאַבריקאַנט פֿון סיגאַרעטן, דער מאָלער ביל האַריקס, א פֿרײַנט



אלפרעד קאָרבען



מארי קאָרבען

פון אַלאַמאַן, וואָס האָט אים געהאָלפן דינגען וווינונגען, העגרי ראוך, א טשעך, א קאַרעוו פון מארגארעט באַרטשא, וואָס איז דעריקער געווען פאַרבונדן מיט דער ענגלישער געהיים־דינסט.

פון די זיבן און צוואַנציק קעמפער פונעם רויטן אָרקעסטער, וואָס זײַנען דורכגעגאַנגען ברענדאָנק, זײַנען זעכצן פאַרמישפּעט געוואָרן צום טויט, די אַנדערע זײַנען פאַרשיקט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן מיטן שטעמפּל „נאַכט און נעפּל" (וואָס האָט דערלויבט צו דערשיסן זיי אָן א מישפּעט).

אַדאַנק בעטי דעפּעלסענערן איז אונדז באַקאַנט, אַז אין אַפּרעל 1943 האָבן זיך געפונען צוזאַמען אין דער טויט־קאַמער פון דער מאָאַביט־טפיסע אין בערלין זשאַן גראָספּאָגעל, קעטע פעלקנער, סוזאַן קוואַנט, ריטע אַרנאָלד און פלאָר וועלאַגסט. זיי האָבן אָפּגעוואַרט דעם טויט מיט מוט, וועלכער האָט אַרויסגערופן באַוווּנדערונג בא זייערע שאָמרים גופא... ווען דער אָוונט איז צוגעפאַלן, האָט סוזאַן קוואַנט געזונגען און פלאָר האָט געטאַנצט. ריטע אַרנאָלד, וואָס האָט בייס דער אויספאָרשונג נאָך דעם אַרעסט אויף דער אַטרעבאַט־גאַס, אַרויסגעגעבן דעם נאָמען פון שפּרינגערן, האָט געבעטן מעכילע בא זײַן פרוי פלאָר, ווען מ'האָט זי אין פרימאָרגן פון 3 יול 1943 געפירט צום טויט — און זי איז אים מויכל געווען. קעטע, אָפּוואַרטנדיק דעם טויט־אורטייל, האָט אויפגעהויבן אירע פויסטן און זיך צעשריגן צו די ריכטער: „איך בין א גליקלעכע צו האָבן עפּעס געטאָן פאַרן קאָמוניזם!" סוזאַן, פלאָר, ריטע און זייערע כאַווײרים זײַנען אומגעקומען אונטער דער האַק פון הענקערס...

אַכציק מענטשן פונעם רויטן אָרקעסטער זײַנען אַרעסטירט געוואָרן אין פראַנקרײַך און אין בעלגיע. פון זיי זײַנען צוויי און דרײַסיק פאַרמישפּעט געוואָרן צום טויט. פינף און פערציק זײַנען פאַרשיקט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן, פון וועלכע דרײַצן זײַנען ניט צוריקגעקומען. פון דער רויטער קאַפּעלע אין דײַטשלאַנד זײַנען פון די הונדערט דרײַסיק אַרעסטירטע אומגעבראַכט געוואָרן פינף און זיבעציק. פינף זײַנען אומגעקומען פון די פּײַניקונגען און דרײַ זײַנען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. און אַלץ איז נאָך ניט באַקאַנט... וואָס איז געוואָרן פון מאַרגעריט מאַריווע, די סעקרעטאַרן פון „סימעקס" אין מאַרסעל, פון מאָדעסט ערליך, בא וועמען ס'איז אַרעסטירט געוואָרן הילעל קאַץ, פון שרייבער, יויסעף קאַץ, האַרי ראָבינסאָן, די צוויי שוועסטער און די שוויגער פון זשערמען שניידער?

וויפל אומשולדיקע זײַנען אַרעסטירט געוואָרן פאַרן קלוימערשטן אָנטייל אין רויטן אָרקעסטער! גאַנצע מישפּאָכעס, ווי די דרייליס, גראָספּאָגעלס, שניידערס און די קאָרבענס, זײַנען שווער געפּײַניקט געוואָרן. אין די דײַטשישע פּאָליציישע אַרכיוון האָב איך געפונען, אַז נאָך אַטרעבאַט זײַנען אַרעסטירט געוואָרן פאַר אָנגעהעריקײַט צום רויטן אָרקעסטער מאַרסעל ווראַנקס, לוי בורגען, רעגינאַל

גאָלדמאַיער, עמיל קאַרלאָס, עמיל באַלאַנגיע — קיינער פון זיי האָט ניט געהאַט צו טאָן מיט אונדזער נעץ.

אין פרילינג 1945 זײַנען לויטן באַפעל פון בערלין פאַרברענט געוואָרן די אַרכיוון פונעם רויטן אָרקעסטער אין שלאָס פון גאַמבורג. נאָך דער מילכאָמע איז נאָר פאַרבליבן א באַריכט פון מיולערן, דאַטירט פון דעקאַבער 1942, און די דאָקומענטן פון דעם אַבווער.

## 22.
## דער צענטער נעמט איבער די איניציאַטיוו

דעם 23 פעוורואַל 1943, אין דעם זעלבן טאָג, ווען ס'איז אָנגעקומען די דעפּעש פונעם צענטער, האָב איך געהאַט א לענגערן שמועס מיט גירינגן. ער האָט מיך אינפאָרמירט, אז ער האָט זײַנע שעפן טייקעף איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פון דעם ענטפער. זיי זײַנען בא דער זעלבער מיינונג, ווי ער, אז מ'איז שוין אַריבער דעם שווערפּונקט און איצט קאָן מען פאָרויסגיין אין דער „גרויסער שפּיל". גירינג האָט צו גוט באַהערשט זײַן פאַך, אז ער זאָל באַשטעטיקן, איידער ער קאָנטראָלירט די אינפאָרמאַציעס פון די צוויי דעפּעשן, מיך צו דעקאָרירן.

דער צוטרוי פונעם צענטער איז פאַר גירינגן געווען אַן אויסגעצייכנטער גוטער סימען און אים געשטעלט אין א באַקוועמער פּאָזיציע לעגאַבע דער אָנפירונג אין בערלין, וועלכע האָט אָנערקענט, אז ער האָט געהאַט רעכט מיט זײַן אַקשאָנעס אונטערצוהאַלטן מײַן ראָליע אין דער „גרויסער שפּיל".

פון מאָסקווע איז אָנגעקומען א נײַע דעפּעש מיט אינסטרוקציעס, וויאַזוי מאַקסימאַל אויסברייטערן די באַזע פון די ראַדיאָ־זענדערס און באַשטימען פאַר יעדן איינעם נײַע אויפגאַבן, באַגרענעצט אויסשליסלעך צו מיליטערישער אינפאָרמאַציע. דער שעף פרעגט זיך אָן גלײַכצײַטיק, וואָס עס איז געשען מיט „סימעקס" און „סימעקסקאָ". גירינג האָט באַשלאָסן צו ענטפערן, אז די צוויי האַנדלס־געזעלשאַפטן זײַנען דורכגעפאַלן, זיי געפינען זיך אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ, אָבער דער רויטער אָרקעסטער איז פון די אַרעסטן ניט געטראָפן געוואָרן. מ'האָט געקאָנט דערוואַרטן דאָס ערגסטע פאַר אונדזערע אַרעסטירטע כאַווירים פון „סימעקס". אין מאַרט 1943 איז אָנגעקומען קיין פּאַריז דער בלוטדורשטיקער פּרעזעס פונעם מיליטערישן טריבונאַל רעדער. ער האָט אָרגאַניזירט א קלוימערשטן פּראָצעס מיט פאָרויס צוגעגרייטע שׂכיטעס. די „ריכטער" האָבן ניט געקאָנט קריגן קיין שום באַווײַזן, אז די אָנגעקלאָגטע האָבן געהערט צו אונדזער נעץ — און דאָך פאַרמישפּט צום טויט אַלפרעד קאָרבען, ראָבער ברייער, סוזאַן קוואַנט, קעטע פעלקנער און איר מאַן פּאָדסיאַלדאָ. קעלערן האָבן זיי פאַרמישפּט צו טפיסע. אונדז איז געלונגען, אַראָנק מײַנע און גראָספּאָגעלס דערקלערונגען בײַס דער אויספאָרשונג, צו ראַטעווען לודוויק קענץ, דעם אינזשעניער פון דער טאָדט־אָרגאַניזאַציע אין פּאַריז. פיל יאָרן שפּעטער, נאָך דער מילכאָמע, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז דעם 28 יולי 1943 זײַנען אין דער בערלינער טורמע פּלעצענזעע געקעפּט געוואָרן אַלפרעד קאָרבען, ראָבער ברייער, גריאַטאָ, קעטע פעלקנער, סוזאַן קוואַנט, פּאָדסיאַלדאָ און נאַזאַרען דריילי — אין איין צײַט מיט דער אָנפירונג פון דער בערלינער גרופּע.

זינט מיר איז געלונגען צו וויסן געבן דעם צענטער אין מאָסקווע וועגן דעם דורכפאַל פון דער נעץ, האָט שוין גירינג באַוויזן אויסצוטוישן זײַן ערשטע דעפּעש מיט מאָסקווע. די זאָנדערקאָמאַנדע האָט זיך פאַרנומען אין גרויסן מאַסשטאַב מיט אָפּנאַרן מאָסקווע. אַלץ איז געטאָן געוואָרן, אז מאָסקווע זאָל זיך ניט דערוויסן וועגן די אַרעסטן פון די אַגענטן פונעם רויטן אָרקעסטער (גראָספּאָגעל, קאַץ, מאַקסימאָוויטש, ראָבינסאָן, באַזונדערס יעפרעמאָוו און קענט). מיך גופא האָט מען איבערגעפירט פון דער סאָסיי־גאַס (ווו מײַן אופהאַלט אלס „אויסנאַם־געפאַנגענער" האָט אָנגעהויבן ווערן א סאָד פאַר גאַנץ בראָד...) קיין נויאי.

דאָ, אין סאַמע האַרץ פון דער געסטאַפּאָ, איז מיר געלונגען צו רעדאַגירן מײַן באַריכט. גירינג און זײַנע פרײַנט האָבן געקאָנט דערציילן, וואָס זיי האָבן געוואָלט, שיקן דעפּעשן לויט זייער אויסוואַל און פאָרזעצן די נעפּלהאַפטע שפּיל פון א סעפּאַראַטן שאָלעם, פון פּרוּוון אָפּנאַרן מאָסקווע מיט דער הילף פון צונויפגענומענע, אַלטע שפּיצלעך און אויסטראַכטענישן פון פאַרדאַרבענע פּראָוואָקאַטאָרן — אָבער דאָס אַלץ איז ניט וויכטיק, ווײַל מאָסקווע ווייסט דעם עמעס.

אין די עקן פונעם בולוואַר וויקטאָר הוגאָ רוורעי־גאַס אין נויאי האָט בעמעלבורג, דער שעף פון פּאַריזשער געסטאַפּאָ, קאָנפיסקירט א פּריוואַטן האָטעל צו האַלטן דאָרט בעקאָוועדיקע אַרעס־

טאנטן. מיט אירע צען צימערן, ווײַסע קאַלאָנעס אין פראָנט און גערטנדלעך פון הינטן האָט די געבײַדע געהאַט אַן עלעגאַנטן אויסזען.

די אײַזערנע שטאַכעטן און דאָס גערדיכט באַוואַקסענע גראָז, וועלכע האָבן ארומגערינגלט די געבײַדע, האָבן פאַרשטעלט די „באַרימטע אַרעסטאַנטן" פאַר די בליקן פון די דורכגייער. מיך האָט מען באַזעצט אויפן ערשטן שטאָק, אין אַ מעבלירטן צימער אין דאָרפישן סטיל. דאָס פענצטער איז ניט געווען פאַרגראַטעוועט, די טיר — טאָמיד פאַרמאַכט. מ'האָט מיר אָנגעזאָגט, אויב כ'וועל וועלן אַרויסגיין, זאָל איך קלינגען צום זעלנער, וואָס געפינט זיך אויף דער וואַך. איך האָב אויך רעכט אַ שאָ אָדער צוויי צו שפּאַצירן יעדן טאָג אין גאָרטן. מיר איז אָבער שטרענג פאַרבאָטן צו ריידן מיט די אַנדערע אַרעסטאַנטן. דאָס הויז האָט זיך געפונען אונטער דער וואַך פון אַ קליינער גרופּע סלאָוואַקישע מיליטערלײַט, וועלכע האָבן, פון זייער שעף, קעסיידער געשיקערט און שרעקלעך געטומלט. הערנדיק זיי שנאַרכן און זינגען, האָב איך געטראַכט וועגן אַנטלויפן... כ'האָב דער ווײַל אָפּגעלייגט דעם פּרוּוו. איך האָב דאַך געמוזט שפּילן מײַן ראָל אין דער „גרויסער שפּיל". אין מעשׂעך פון מײַנע שלאָפלאָזע נעכט האָב איך זיך פאַרגעשטעלט, ווי איך רײַס אויף דעם שלאָס פון דער טיר, דערהאַרגע דעם וועכטער און אַנטלויף, פאַרשליסנדיק הינטער זיך די טיר.

הילעלס אָנוועזנהײַט אין נוויאַי האָט מיך געשטאַרקט. ער האָט געהאַט רעכט קומען צו מיר און באַגלייטן בײַס די שפּאַצירן. העיויס מיר זײַנען געווען זיכער, אַז אַן אונטערהער־אַפּאַראַט איז ערגעץ־וווּ באַהאַלטן אין צימער, האָבן מיר זיך באַמיט, אויף אַ דיסקרעטן אופן, צו פאַרזיכערן גי־רינגען אין אונדזערע קאָוואָנעס. בײַס אונדזערע שפּאַצירן אין גאָרטן, ריידנדיק שטיל יידיש אָדער העברעיש, האָבן מיר אומגעשטערט באַהאַנדלט די פּראָבלעמען. ער האָט זיך שטאַרק באַאומרויִקט איבערן גורל פון זײַניקע, וואָס האָבן זיך געפונען אונטערן אופזיכט פון דער געסטאַפּאָ, און מע האָט אונדז געוואָרנט, אַז די מישפּאָכעס פון די קאַמפּער פונעם רויטן אָרקעסטער ווערן באַטראַכט ווי קריגס־געפאַנגענע — אַלס אָרעוווּניקעס. אין מאַרט 1943 זײַנען אויך קענט און מאַרגאַרעט באַרטשאַ אָנגעקומען אין נוויאַי. קענט האָט געאַרבעט גאַנצע טעג צו שיפרירן דעפּעשן, וועלכע גי־רינג האָט באַשטימט פאַרן צענטער. זיי זײַנען געווען געכאַסמעט מיט מײַן נאָמען, אָבער דער קאָד איז געווען אײַנגעשטעלט דורך אַ ספּעציאַליסט פון דער זאָנדערקאָמאַנדע נאָך דעם, ווי איר האָב איין מאָל פאַר אַלע מאָל דערקלערט, אַז כ'האָב ניט קיין שום אנונג אין די איניאַנים און עס איז צוועקלאָז צו מיר זיך צו ווענדן וועגן דעם.

גירינג האָט זיך מיט מיר באַראַטן בענעגייע פאַרגעבונגען, וועלכע ער באַקומט פונעם צענטער און די טשוועס, וועלכע מע דאַרף אויף זיי געבן. בערג איז פון צײַט צו צײַט געקומען מיך נעמען אויף דער סאָסיי־גאַס. איך האָב אָפט געהאַט די געלעגנהײַט צו טרעפן זיך מיט מײַן „גאַסטגעבער" בעמעלבורג, דעם לאַנגיאַריקן „קאָלעגע" פון גירינגען און בערגן. זיי האָבן אָפּנערהײַט שטאַרק פײַנט געהאַט איינער דעם אַנדערן. די סינע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אומגעצווימטן קאַס פון דעם טאָג, ווען בערלין האָט צו וויסן געגעבן בעמעלבורגן, ער זאָל ניט שטעקן זײַן נאָז אין די אי־ניאַנים פון דער זאָנדערקאָמאַנדע. בערג האָט מיר אָנגעזאָגט: „האַלט זיך פונדערווײַטנס פון בע־מעלבורגן, דעריקער, ווען ער איז אָנגעשיקערט!"

די אייצע איז געווען איבעריק, ווײַל איך האָב אים סײַווי קיינמאָל ניט געטראָפן אין אַנדערן מאַצעוו...

אין איינעם אַ נאַכמיטיק, ווען כ'בין מיט בערגן צוריקגעקומען פון דער סאָסיי־גאַס, האָב איך דערהערט שיסן. בערג, זעענדיק מײַן פאַרווונדערונג, האָט מיך אַרײַנגעפירט אין גאָרטן. בע־מעלבורג איז דאָרט געשטאַנען אַ וואַקלדיקער, פולשטענדיק שיקער, מיטן רעוואָלווער אין האַנט.

— אין וועמען שיסט ער אַזוי? — האָב איך געפרעגט.

— קוקט זיך גוט צו! — האָט געענטפערט בערג.

בעמעלבורג האָט זיך אײַנגעאָרדנט אַ צילברעט, אויף וועלכן עס זײַנען געהאַנגען די בילדער פון די פירער פון ראַטנפאַרבאַנד און פון דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און לעבן זיי — אַ ריי קאַריקאַטורן אויף יידן. אָט מיט וואָס ס'האָט זיך פאַרנומען דער שעף פון דער פּאַרי־זשער געסטאַפּאָ צווישן איין שיקרעס און זײַנע שטראָף־עקספּעדיציעס!

בעמעלבורג האָט פאַרגעזעצט זײַן שיסערײַ־איבונג... באַ יעדן שאָס האָבן די וועלף־הינט, וואָס האָבן אים באַגלייט, שרעקלעך געבילט. פּלוצעם האָט בעמעלבורג גענומען שלאָגן איין הונט, שרײַענ־דיק: „פאַרמאַך דעם פּיסק, סטאַלין. שווײַג!" אין דעם מאָמענט האָט ער מיך באַמערקט און גע־זאָגט:

— איר זעט דעם שיינעם נאָמען, וועלכן כ'האָב געפונען פאַר מײַן הונט? סטאַלין!

— אויב אַזוי, — האָב איך געענטפערט, — מיין איך, אַז דאָס איז פון אַ זייער שלעכטן געשמאַק! איך האָב אין מאָסקווע געזען הינט, וועלכע מע האָט גערופן היטלער...

שיקער און ווילד פון צאָרן, האָט בעמעלבונג זיך געריסן צו מיר, אָנצילנדיק זײַן געווער:

— גאָס איז מיט אײַך, אָטאָ!

בערג האָט זיך אַרײַנגעשטעלט צווישן אונדז, מיך פֿאַרשטעלט מיט זײַן קערפּער... שפּעטער האָט ער מיר פּירגעוואָרפֿן מײַן אומפּאַרזיכטיקייט:

— מיר זײַנען געווען אַ טראָט פֿון אַ קאַטאַסטראָפֿע און די „גרויסע שפּיל" וואָלט זיך אַזוי נאַריש געענדיקט!

.23

## די זאָנדערקאָמאַנדע אין דער פּאַסטקע

אין יענער צײַט האָט זיך אָנגעהויבן מײַן אַרומפּאָרן פֿון איין אָרט אָפּן צווייטן, אין פּאַריזש און אומגעגנט. איך האָב דאָס געקאָנט דערגרייכן ערשט נאָך דעם, ווי איך האָב פֿאַרגעשטעלט גי־רינגן אַן איבערצײַגעוודיקן אַליבי, אין וועלכן ער האָט טמימעסדיק געגלייבט. בייס מײַן ערשטער אויספֿאָרשונג האָב איך איבערצײַגט גירינגן, אַז שוין יאָרנלאַנג עקזיסטירט אַ ספּעציעלע גרופּע פֿון קאָנטער־שפּיאָנאַזש, אופּגעשטעלט בעסאָד־סוידעס, קעדיי צו באַוואָרענען די זיכערקייט פֿונעם רויטן אָרקעסטער. איך האָב אים דערציילט, אַז כ'האָב געמוזט באַקאַנט מאַכן מאָסקווע מיט די ערטער פֿון מײַנע באַזוכן (קאַפֿע־הײַזער, פֿריזירער, רעסטאָראַנען, שנײַדערס, מאַגאַזינען) און אויך די צײַט פֿון די באַזוכן. אַזויאַרום, האָבן די אַגענטן פֿון דער זיכערהײַט־גרופּע, וועלכע איך האָב ניט געקענט, נאָכגעפֿאָלגט מײַנע טריט.

מאָסקווע, האָב איך דערקלערט גירינגן, דאַרף זיך וווּנדערן, האַלעמײַ איך בין זינט אַ לענ־גערע צײַט ניט געקומען אַף די אָנגעגעבענע ערטער מאַכמעס מײַן אַרעסט, העיויס איך האָב אויס־דריקלעך געשריבן אין מײַנע ראַפּאָרטן קיין מאָסקווע, זיי זאָלן פֿאַרלאַנגען אין זייערע דעפּעשן, איך זאָל קומען אַף די געוויינלעכע טרעף־פּונקטן. אַזאַ דעפּעש מיט דער אָנווײַזונג איז צוריק־געקומען פֿונעם צענטער אין מאָסקווע. גירינג האָט שוין אַנדערש ניט געקאָנט האַנדלען, ווי מאַסקים זײַן מיך צו צולאָזן צו די אָנגעגעבענע ערטער, וואָס איז געוואָרן אַ געוווינהײַט. דאָס ערשטע מאָל האָבן צוויי אוטאָס פֿון דער געסטאַפּאָ באַגלייט דעם אויטאָ, אין וועלכן איך האָב זיך געפֿונען. דערנאָך בין איך אַרויסגעגאַנגען, נאָר אין דער באַגלייטונג פֿון בערגן און דעם שאָפֿער — און דער פֿאַשעטער אויפֿן פֿון באַוועגן זיך, ווי דאָס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז געווען קע־דײַ... אַזוי זײַנען מיר געפֿאָרן צו די צוגעטראַכטע ערטער: צו אַ שערער אַף פּאַרטיני־גאַס, צו אַ שנײַדער אין דער געגנט פֿון מאָנפּאַרנאַס, אין אַ וועש־געשעפֿט אַף בולוואַר האוסמאַן. דעסגלײַכן אויך צו קאַפֿע־הײַזער, רעסטאָראַנען אין פֿאַרשיידענע ערטער אין פּאַריזש און אומגעגנט.

די אַגענטן פֿון דער זאָנדערקאָמאַנדע האָבן געפּאַטערט פֿיל צײַט אַף אויסצוגעפֿינען די מענטשן פֿון דעם קאָנטער־שפּיאָנאַזש. זייערע אומזיסטיקע אָנשטרענגונגען האָבן מיך שטאַרק גע־פֿרייט. אין דער צײַט, ווען רייזערס פֿאָליציי־מאַשין האָט זיך געדרייט אין דער פּוסטקײַט, האָט מען דערוויַיל צורו געלאָזט די אַגענטן פֿונעם רויטן אָרקעסטער, וואָס האָבן זיך נאָך געפֿונען אַף דער פֿרײַ.

די דעפּעשן, וועלכע זײַנען געקומען פֿונעם צענטער, זײַנען טאָמיד געווען אַדרעסירט צו פֿאַר־שיידענע שעפֿן פֿון דער גרופּע. איך האָב דאָס אויסגעניצט אַף איבערצײַגן גירינגן, ער זאָל ניט דורכפֿירן קיין פֿראָצעס קעגן קאַצן, גראָספֿאָגעלן און די אַנדערע. מײַן באַגרינדונג האָט אים אויס־געוויזן לאָגיש. איך האָב אים געזאָגט:

— איר זעט, מאָסקווע קאָן צו יעדער צײַט פֿאַרלאַנגען מיט זיי זיך פֿאַרבינדן. אויב איר וועט זיי מישפּעטן און פֿאַרורטיילן, וועט איר גופֿע זיך פֿאַראַטן...

ער איז אַף דעם אײַנגעגאַנגען.

דער צענטער האָט אויסגעצייכנט אויסגעניצט די „גרויסע שפּיל" און אומופּהערלעך פֿאַרלאַנגט וואָס מער מיליטערישע ידיעס. אָנהייבנדיק פֿון פֿעוורואַל 1943, זײַנען די דײַטשן געווען געצוווּנגען צו שיקן קיין מאָסקווע אַזעלכע ידיעס, וואָס די בעסטע נעץ וואָלט אין נאָרמאַלע באַדינגונגען געהאַט שווועריקײַטן זיי צו באַקומען.

אַן אינטערעסאַנטע פֿראַגע: מאָסקווע האָט פֿאַרלאַנגט מיליטערישע אינפֿאָרמאַציע — אָבער ווער האָט דעצידירט, וועלכע ידיעס מעג מען יאָ אָדער ניט שיקן? קוידעמקאָל האָט מען געדאַרפֿט די האַסקאָמע פֿון די פֿאַראַנטוואָרטלעכע פֿאַר דער „גרויסער שפּיל" אין בערלין: געסטאַפּאָ — מיולער און מאַרטין באָרמאַן. די זאָנדערקאָמאַנדע האָט דערנאָך געדאַרפֿט באַקומען די באַשטעטיקונג פֿונעם

אבווער אין פּאַריזש, וואָס האָט ווידער איבערגעשיקט די וועגדונגען דעם הויפּט־שטאַב פון דער ווערמאַכט אויפן מייַרעוו־פראָנט — דעם מאַרשאַל פאָן רונדשטעט, וואָס האָט יעדעס מאָל געגעבן די „גרינע שייַן" אויף איבערצושיקן די מאַטעריאַלן. העוויס ער האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין איבעריקע פּריַנטשאַפט צו הימלערן אָון צו דער געסטאַפּאָ — דאָס איז דאָס ווינציקסטע, וואָס מע קאָן מע וועגן דעם זאָגן, — און אויסער דעם, האָט אויך ער ניט געוווּסט מער ווי דער אַבוועהר די ציִלן פון דער „גרויסער שפּיל", האָט ער אָפט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייַט פון בערלין אויף דעם שטרענג־סוידעסדיקן כאַראַקטער פון דער פאַרלאַנגטער אינפאָרמאַציע.

פאָן רונדשטעט האָט זיך געוווּנדערט — און מע קאָן אים פאַרשטיין. וואָס שייַך די שעפן אין בערלין, וואָס זייַנען געווען די איניציאַטאָרן, איז זייער אייַנציקע זאָרג געווען, אַז די מיליטערישע יעדיעס, וועלכע מע שיקט קיין מאָסקווע, זאָלן נאָר האָבן אַ שייַכעס צום מייַרעוו־פראָנט. דער צענ־טער האָט אָבער אַליין מער געשטעלט פראַגן, וועלכע זייַנען געווען וויכטיק פאַר דער רויטער אַרמיי.

אין די אַרכיוון פון דעם אַבוועהר אין בערלין זייַנען פאַראַן זייער באַלערעוודיקע דאָקומענטן פון די פאַרגעבונגען, וועלכע עס האָט געשיקט מאָסקווע, באַזונדערס אין שייַכעס מיט די ציִלן, וואָס דער צענטער האָט זיך געשטעלט. דאָס לאָזט זיך רעזומירן אין עטלעכע פּאַשעטע ווערטער: צונויפזאַמלען דעם מאַקסימום יעדיעס פון מיליטערישן כאַראַקטער.

אָט זייַנען עטלעכע בייַשפּילן:

20 פעברואַר 1943, דעפּעש צו אָטאָן:

„פאַרלאַנגען באַם פאַבריקאַנט צו שיקן אינפאָרמאַציע וועגן טראַנספּאָרט פון די מיליטערישע אייַנהייטן און זייער באַוואָפענונג, וואָס ווערן געשיקט פון פראַנקרייַך אויף אונדזער פראָנט".

און צומאָרגנס — די פאָרזעצונג פון דער דעפּעש:

„וועלכע דייַטשישע דיוויזיעס ווערן געהאַלטן אין רעזערוו און ווו? די פראַגע איז פאַר אונדז זייער וויכטיק".

דעם 9־טן מאַרט האָט דער צענטער פאַרלאַנגט צו וויסן, וועלכע אייַנהייטן שטייען איצן אין פּאַריזש און אין ליאָן, די נומערן פון די דיוויזיעס און זייער באַוואָפענונג.

אַזעלכע פראַגן האָבן אַוועקגעשטעלט די זאָנדערקאָמאַנדע אין דער גרעסטער פאַרלעגנהייַט. איר איז געווען אוממעגלעך צו ענטפערן — און ענטפערן מיט פאַלשער אינפאָרמאַציע איז געווען געפערלעך. ס'איז געווען קלאָר, אַז מאָסקווע נייטיקט זיך ניט אַזוי אין דער אינפאָרמאַציע, ווי זי וויל קאָנטראָלירן די יעדיעס, וועלכע זייַנען שוין אין איר באַזיץ. די קומענדיקע דעפּעש האָט דאָס פאָרמעל באַשטעטיקט:

„וועלכע דיוויזיעס געפינען זיך אין שאַלאָן־סור־מאַרן און אין אַנגולעם? לויט אינפאָרמאַציע, געפינט זיך אין שאַלאָן די נייַנטע אינפאַנטעריע־דיוויזיע און אין אַנגולעם — די צענטע טאַנקען־דיוויזיע. דורכקאָנטראָלירן".

די זאָנדערקאָמאַנדע האָט ניט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג, ווי געבן דעם 2־טן אַפּרעל אַ גענויעם ענטפער:

„די נייַע עסעס־דיוויזיע אין אַנגולעם האָט ניט קיין נומער. די סאָלדאַטן טראָגן אוניפאָרמען פון גרויען קאָליר מיט שוואַרצע עפּאָלעטן — דער עסעס־צייכן". דעם 4־טן אַפּרעל איז געקומען אַ העמשעך פון דער דעפּעש מיט פּראָטים וועגן דער באַוואָפענונג פון דער דיוויזיע.

דער צענטער האָט מיר פאַרלאַנגט אַזאַ אויפגאַבע:

„אָטאָ, פאַרבינדט זיך מיטן פאַבריקאַנט, דערוויס זיך, צי גרייט זיך די אָקופּאַציע־אַרמיי צו באַניצן זיך מיט גאַז? צי ווערט איצט טראַנספּאָרטירט דער סאָרט מאַטעריאַל? צי זייַנען סקלאַדירט גאַז־באָמבעס אויף די אַעראָדראָמען? ווו און וויפל? דער קאַליבער פון די באָמבעס? וועלכן גאַז באַ־ניצט מען? זייַן פאַרסאַמונג־קראַפט? צי ווערט אויסגעפּרוווט דער נייַער טיפּ באַוואָפענונג? צי האָט איר געהערט וועגן אַ נייַעם גיפט פאַר מיליטערישע צוועקן, וועלכער טראָגט דעם נאָמען „גייַ־העלע"? איר דאַרפט שטעלן די אויפגאַבע פאַר אַלע אַגענטן, וואָס אַרבעטן אין פראַנקרייַך..."

דאָס מאָל איז שוין געווען צופיל. אין די הויפּט־שטאַבן פון דער ווערמאַכט האָט געהערשט צערודערונג. זיי האָבן דיסקוטירט צווישן זיך און צו וויסן געגעבן בערלין, אַז ס'איז אוממעגלעך צו ענטפערן אויף די פראַגן... פאַרשטייט זיך, אַז די זאָנדערקאָמאַנדע איז ניט געווען באַ אָט דער מייַ־נונג. גירינג האָט זיך באַקאַנט מיט די דעפּעשן, וועלכע איך האָב געשיקט פאַר מייַן אַרעסט. זיי זייַנען דעשיפרירט געוואָרן אין בערלין. איך האָב שוין אין זיי געגעבן געוויסע אינפאָרמאַציע וועגן גאַז. באַזונדערס זייַנען קעטע פעלקנער און מאַקסימאָוויטש געווען גוט אינפאָרמירט דורך דער אָנפירונג פון דער סאָוקעל־אָרגאַניזאַציע וועגן די אַנטדעקונגען פון דער כימישער אינדוסטריע אין דייַטשלאַנד.

לויט דער מיינונג פונעם שעף פון דער זאָנדערקאָמאַנדע אין בערלין, דאַרף מען ענטפערן אויף

דער דעפּעש כאַטש טיילווײַז. דער הויפּט־שטאַב פֿון דער ווערמאַכט האָט פֿון זײַן זײַט געזוכט אויסצונוצן דעם איניען, קעדיי עפּנטלעך ברענגען צום אויסדרוק זײַן קעגנערשאַפֿט. צוויי דאָקו־מענטן פֿון די דײַטשישע אַרכיוון באַשטעטיקן דעם קאָנפֿליקט.

דעם 20 יון 1943 האָט די דירעקציע פֿון אַבווער קווידעמקאָל אינפֿאָרמירט בערלין, אַז „די העכסטע אָנפֿירונג פֿון דער אַרמיי איז באַ דער מיינונג, אַז זינט אַ געוויסער צײַט שטעלט מאָסקווע צופֿיל פּרעציזע פֿראַגן... די אויבער־אָנפֿירונג פֿון דער אַרמיי קאָן ניט מער געבן קיין גענויע טשוועס, וועז מאָסקווע פֿאַרלאַנגט, צום בײַשפּיל, די נומערן פֿון די דיוויזיעס, נעמען פֿון די קאָ־מאַנדירן אאַזוו. „די אַרמיי־אָנפֿירונג שטייט אויפֿן שטאַנדפּונקט, אַז זי קאָן ניט מער געבן קיין טשוועס פֿון אַזאַ כאַראַקטער, וועלכע שטעלן אין געפֿאַר זיכערקײַט־פּראָבלעמען...” און פֿאָן רונדשטעט גופֿא האָט צוגעגעבן: „איך זע ניט די נויטווענדיקײַט פֿאַרצוזעצן די שפּיל...”

ווי מיר זעען, האָט די העכסטע דײַטשישע אַרמיי־אָנפֿירונג דײַטלעך אָנגעצילט אירע באַטאַ־רייע־שאָסן קעגן דער „גרויסער שפּיל”. זיי האָבן דאָס געטאָן עפֿנטלעך און מיט טומל. זיי זײַנען אַוועק נאָך ווײַטער, און דעם 25 יון 1942 דערקלערט, אַז „די ווערמאַכט־אָנפֿירונג האַלט, אַז זי קאָן מער ניט געבן קיין שום אינפֿאָרמאַציע, ווײַל זי איז פֿולשטענדיק זיכער, אַז דער סוינע האָט אופֿגעדעקט די שפּיל...”

דאָס איז געווען גלײַך ווי אַ באָמבע וואָלט אופֿגעריסן.

באַ אָט דער מיינונג איז באַזונדערס געווען דער שעף פֿון דעם אַבווער, אַדמיראַל קאַנאַריס, וואָס האָט מיט אַ שלעכט אויג געקוקט אויף די גרויסע מאַנעוורס פֿון דער קליקע געסטאַפּאָ—מילער און הימלער. אינדערעמעסן זײַנען ניט דער אַבווער, ניט שעלענבערג (שעף פֿונעם דײַטשישן קאָנטער־שפּיאָנאַזש) און אַפֿילע ניט רונדשטעט געווען אינפֿאָרמירט וועגן די צילן פֿון דער „גרויסער שפּיל”. אין יענע באַדינגונגען איז זייער כשאַד און אומצוטרוי געווען באַרעכטיקט. מע האָט זיי אַפֿילע געזאָגט, אַז די „גרויסע שפּיל” האָט דערמעגלעכט צו דעמאַסקירן די סאָוועטישע שפּיאָנאַזש־נעצן אין די אָקופּירטע לענדער. אָבער פֿאַרן הויפּט־שטאַב פֿון דער ווערמאַכט איז דאָס ניט געווען קיין גענוגנדער אַרגומענט אויסצוגעבן געהיימע, וויכטיקע מיליטערישע ידיעות. די זאָנדערקאָמאַנ־דע האָט ניט געהאַט די זעלבע מאָטיוון זיך צו וווּנדערן איבער דער וויכטיקײַט און פּרעציזקײַט פֿון דער אינפֿאָרמאַציע, וועלכע מאָסקווע האָט פֿאַרלאַנגט, ווײַל זי האָט געוווּסט, אַז דער רויטער אָרקעסטער האָט טאָמיד איבערגעשיקט אַהין ידיעות פֿון גרויסער מיליטערישער ווערט. לעסוף האָבן די אַרגומענטן פֿון דער זאָנדערקאָמאַנדע גענומען די אויבערהאַנט, און די מיליטערלײַט זײַנען געווען געצוווּנגען, ווי פֿריִער, צו געבן טשוועס אויף די געשטעלטע פֿראַגן.

אין אַפּרעל 1943 האָט די זאָנדערקאָמאַנדע באַקומען אַ לאַנגע דעפּעש, אַדרעסירט צו מיר, מיט גענויער אינפֿאָרמאַציע וועגן די פֿאַרלוסטן פֿון דער דײַטשישער אַרמיי אין סטאַלינגראַד. גי־רינג, אַ שטאַרק פֿאַרוווּנדערטער, האָט געפֿרעגט, צוליב וואָס האָט מאָסקווע געפֿונען פֿאַר נייטיק צו אינפֿאָרמירן מיך וועגן דעם. איך האָב געזאָגט:

— פֿון צײַט צו צײַט האָט דער צענטער מיר געשיקט אופֿקלערונגען, קעדיי צו האָבן אַ גע־נויע פֿאַרשטעלונג וועגן דער מיליטערישער לאַגע אויף דעם אָדער אַנדערן פֿראָנט־אָפּשניט.

שפּעטער האָב איך פֿאַרשטאַנען דעם זין און ציל פֿון דער דעפּעש. דער צענטער, אָנגעבנדיק העכערע ציפֿערן פֿון די דײַטשישע פֿאַרלוסטן באַ סטאַלינגראַד, איידער די, וועלכע האָבן צירקו־לירט אין דער הויפּט־שטאָט פֿונעם דריטן רײַך, האָט געצילט אַרײַנצוברענגען אין בערלין אַ צע־מישונג אין די מויכעס. די באַריכטן פֿונעם הויפּט־שטאַב, וועלכע זײַנען געשיקט געוואָרן צו די אָנפֿירנדיקע דײַטשישע קרײַזן, האָבן פֿאַרקלענערט דיווירקלעכע פֿאַרלוסטן. אויף אַזאַ אויפֿן האָט הימלער, אַדאַנק דעם צענטער, געהאַט אַ וויכטיקע דערגרייכונג באַ היטלערן, פֿאַרשטעלנדיק אים אַ גענוי בילד וועגן די גרויסע פֿאַרלוסטן פֿון דער ווערמאַכט. די זאָנדערקאָמאַנדע, זײַענדיק זיכער, אַז זי האָט דעם צוטרוי פֿון מאָסקווע, האָט אָנגעהויבן צו פֿירן אַ פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע האָט גע־צילט צו צעשטערן די אַנטינאַציִשע קאָאַליציע און אַראָפּפֿירן פֿון וועג דעם סוינע. די שטעך זײַנען געווען גראָב גענייט, זיי האָבן אָבער באַוויזן, מיט וועלכע מיטלען די אָנהענגער פֿון אַ סעפּאַראַטן שאָלעם ווילן דערגרייכן זייער ציל. אין מײַן נאָמען זײַנען געשיקט געוואָרן קיין מאָסקווע אַ ריי דעפּעשן, וועלכע האָבן אינפֿאָרמירט וועגן אַן אַנקעטע, וואָס געבעלס זאָל האָבן דורכגעפֿירט צווישן דער דײַטשישער באַפֿעלקערונג וועגן דעם אויסגאַנג פֿון דער מילכאָמע. די אַנקעטע זאָל האָבן באַוויזן, אַז די עפֿנטלעכע מיינונג איז באַהערשט פֿון שטאַרקע אַנטיסאָוועטישע שטימונגען. די דעפּעשן האָבן אויך „אַנטדעקט”, אַז אין דער גרעסטער מערהײַט גלייבן די דײַטשן אין ענד־גילטיקן זיג. נאָר אין פֿאַל, ווען ס׳איז נייטיק צו פֿירן אונטערהאַנדלונגען, האָבן אַלע אויסגעפֿרעגטע זיך אַרויסגעזאָגט פֿאַר אַ סעפּאַראַטן שאָלעם מיטן מײַרעוו.

אַנדערע דעפּעשן זײַנען געשיקט געוואָרן אין צענטער בענעגייע די שטימונגען צווישן די ענגליש־אַמעריקאַנישע סאָלדאַטן און אָפֿיצערן. מיר האָט מען געהייסן זאָגן, אַז די אַגענטן פֿונעם

רויטן אָרקעסטער, וואָס האָבן געהאַט אַ געלעגנהייט צו קומען אין קאָנטאַקט מיט די ענגלישע פּליִער, וועלכע מ׳האָט אַראָפּגעשאָסן אין דער געגנט פֿון פּאַריזש און ווערן איצט געהיילט אין שפּיטאָל פֿון קלישי, האָבן דערקלערט, אַז זיי האָבן שוין גענוג צו שטאַרבן פֿאַרן ראַטנפֿאַרבאַנד און זיי זײַנען זעלבסטפֿאַרשטענדלעך אָנהענגער פֿון אַ שאָלעם מיט דײַטשלאַנד.

כ׳האָב ניט געקאָנט בלײַבן ערנסט, ווען גירינג האָט מיר אונטערגעטראָגן די דעפּעשן. איך האָב זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז ווען דער צענטער וועט באַקומען די „שטרענג געהיימע דאָקומענטן”, וועט דאָס אַרויסרופֿן כויזעק בײַ אַלעמען. מע דאַרף בעעמעס זײַן קלײנקעפּלדיק צו גלייבן, אַז אַזעלכע פּלוידערײַען וועלן זײַן בעיעכוילעס צו שעדיקן די סאָוועטישע מאָראַל. אין צענטער האָט מען געוווּסט אָפּצושאַצן די ווערט פֿון די אַנקעטעס, אָרגאַניזירט פֿון געבעלסן, דעם ספּעציִאַליסט פֿון באַהערשן מויכעס, גלײַך אין נאַצי־דײַטשלאַנד וואָלט מעגלעך געווען ברענגען צום אויסדרוק אַ נײַעם געדאַנק!

קאַרל גירינג האָט מיר „אָנגעטאָן דעם קאָוועד” און זיך באַראַטן. איך האָב אים געגעבן די פֿולע האַסקאָמע בענוגייע דעם אינהאַלט פֿון די דעפּעשן און אַפֿילע צוגעוואָרפֿן, מיט אַ סאַך ערנסטקײַט, אַז אַזאַ אינפֿאָרמאַציע וועט „צווינגען מאָסקווע זיך באַטראַכטן...” ער איז געווען פֿון זיך צופֿרידן און ווײַטער געגאַנגען מיט דעם וועג: פּראָוואָצירן אַ ריס צווישן די פֿאַרבינדעטע — און רעדאַגירט אַן אַנדער דעפּעש, וואָס האָט זיך באַמיט אויפֿצוווײַזן, אַז די ענגלענדער פֿאַרקויפֿן געווער די דײַטשן. גירינגס באַווײַזן האָבן זיך געשטיצט אויף דעם פֿאַקט, וואָס דײַטשישע זשאַנדאַרן אין קאַלע (אַ שטאָט אין צפֿון־פֿראַנקרײַך) זײַנען באַוואָפֿנט מיט מאַשין־געווער פֿון ענגלישער פּראָדוקציע. ער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז די דײַטשן קויפֿן דאָס געווער אין נייטראַלע לענדער, מיטן באַדינג ניט צו באַניצן דאָס אויפֿן סאָוועטישן פֿראָנט.

די דאָזיקע אינפֿאָרמאַציע האָט ניט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען. ער האָט ניט באַוויזן, אַז די ענגלענדער האָבן געגעבן זייער האַסקאָמע צו פֿאַרקויפֿן געווער דעם סוינע, וואָס האָט געקאָנט אַרײַנפֿאַלן אין דײַטשישע הענט בײַס אַ שלאַכט. די צוגעטראַכטע מײַסע איז געווען נאָך לעכער־לעכער דערמיט, וואָס אין דער זעלבער צײַט האָבן די פֿאַרבינדעטע געשיקט אַ גרויסע צאָל געווער דעם ראַטנפֿאַרבאַנד.

אין יענער טקופֿע האָט גירינג זיך געוואָלט באַניצן מיטן רויטן אָרקעסטער, קעדיי אַרײַנדרינגען אין דער סאָוועטישער שפּיִאָנאַזש־דינסט אין דער שווייץ.

גירינג האָט געהאַט שוועריקײַטן מיטן פֿינאַנסירן דעם רויטן אָרקעסטער. ביזן אַרעסט האָבן די האַנדלס־געזעלשאַפֿטן, „סימעקס” און „סימעקסקאָ” געדעקט די הויצאָעס פֿון רויטן אָרקעסטער, און מאָסקווע האָט ניט באַדאַרפֿט פֿאַר אים זאָרגן. הײַנטיקס גירינג איז מוידע געווען אין זײַנע דעפּעשן אין צענטער, אַז די צוויי האַנדלס־געזעלשאַפֿטן זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן צום סוינע, איז לאָגיש, אַז ער זאָל פֿאַרלאַנגען די הויצאָעס פֿאַרן רויטן אָרקעסטער.

איך האָב געהאַט די געלעגנהײַט, אויף דעם געביט, ווי אויף פֿיל אַנדערע, צו באַהאַנדלען די פֿראַגע מיט גירינגן, און אים געגעבן אײצעס, וועלכע האָבן אים אויסגעשטעלט צו לײַטיש געלעכטער אין מאָסקווע. איך האָב אים פֿאָרגעלייגט אָנצוהייבן פֿון בעלגיע און האָלאַנד און פֿאַרלאַנגען אַן אַדערויף פֿון וועגצעלס כאַווײרים. פֿון בולגאַריע איז פֿאַר אים אָנגעקומען אַ „מאַטאָנע” (ווען ער איז, אַגעוו, אַנטלאָפֿן) — אַ גרויסע פּושקע קאָנסערווירטן אַרבעס, אונטער וועלכער ס׳האָט זיך געפֿונען אַ באַנקנאָט פֿון צען פֿונט סטערלינג. די לײַט פֿון דער זאָנדערקאָמאַנדע האָבן אָן וועלכן ס׳איז כוש פֿאַר הומאָר געזוכט אַ לאָגישע אויפֿקלערונג בענוגייע דער לעכערלעכער סומע. איך האָב זיי געגעבן אַ צופֿרידנשטעלנדיקן פּיירעש:

— דער צענטער האָט פּאָשעט געוואָלט פּרוּוון אויספּרובירן די פֿאַרבינדונג, אײדער זי שיקט אַרויס אַ באַדײַטנדיקע סומע...

זיי האָבן לאַנג געוואַרט, אַז די „באַדײַטנדיקע סומע” זאָל אָנקומען.

פֿאַר האָלאַנד האָט די זאָנדערקאָמאַנדע פֿאַרלאַנגט אַ היפּשע סומע אין נאָמען פֿון ווינטערינקן. דער צענטער האָט געענטפֿערט, אַז ער איז מאַסקים, מיטן באַדינג, מע זאָל אים אָנווײַזן אַ זיכער „פּאָסטקעסטל”. די לײַט זײַנען געווען שטאַרק באַגײַסטערט פֿונעם ענטפֿער און טײקעף איבערגעגעבן דעם אַדרעס פֿון אַ געוועזענעם מיטגליד פֿון דער האָלענדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי... אָבער דער ענטפֿער פֿון מאָסקווע האָט זיי דערשלאָגן: „ווי איז דאָס מעגלעך, איר זאָלט אונדז שיקן אַן אַדרעס, וואָס איז באַקאַנט דער געסטאַפּאָ?” די זאָנדערקאָמאַנדע האָט זיך „פֿאַרפּלאָנטערט” אין די טשוּוועס. האָט דער צענטער גענומען די איניציִאַטיוו און געייצעט ווינטערינקן, ער זאָל זיך קאָנטאַקטירן מיט אַ געוויסן באָגדאַן סערווינקאַ, אַ בריסעלער אינזשעניער, וואָס וועט אים איבערגעבן פֿינף טויזנט דאָלאַר. די זאָנדערקאָמאַנדע איז געווען אויסער זיך פֿון פֿרייד און געשיקט אַן אַגענט צו דעם אינזשעניער. דער, ווידער, אַ שטאַרק פֿאַרוווּנדערטער, האָט געגלייבט, אַז דאָס איז אַן ערשטער אַפּרעל־וויץ. די זאָנדערקאָמאַנדע איז ווידער געבליבן בײַ אירע איליוזיעס.

דער צענטער האָט זיך דערלויבט דאָס פאַרגעניגן פון א נײַער מיסטיפיקאַציע, אַנגעבנדיק יעפרעמאָווין דעם אדרעס פון א סוֹיכער מיט מאַציוועס, וואָס זאָל זײַן, קלוימערשט, א באַלכויוו פון פופציק טויזנט פראַנק דער מאָסקווער אדמיניסטראַציע. אינדערעמעסן איז עס געווען פאַרקערט. דער צענטער האָט געוואָלט פון זיי כויזעקן און אַנגעגעבן דעם אדרעס פון א סויכער מיט מאַציווע־שטיינער, אַנדײַטנדיק סימבאָליש, אז ס'איז שוין די עכטסטע צײַט ברענגען צו קווורע פאַרשע פון פאַדערן געלט. נאָר אַף דעם זײַנען די לײַט פון דער זאַנדערקאָמאַנדע ניט געווען גענוג פאַרשטענדיק צו כאַפּן זיך...

## 24.

## דער הענקער פון פראַג

אין יון 1943 האָט זיך דער געזונט־צושטאַנד פון גירינגן פאַרערגערט, זײַן האַלדז־קאַנצער האָט זיך פאַרשטאַרקט. אפילע מײַן רעפּוע — כ'האָב אים רעקאָמענדירט צו טרינקען קאָניאַק, האַגאַם כ'בין איבערצײַגט, אז אויך אָן מײַן אײַצע וואָלט ער דאָס געטאָן, — האָט זיך ארויסגעוויזן פאַר ניט ווירקזאַם. ער האָט וואָס א מאָל געטרונקען אַלץ מער, פאַרגעפּילט, אז ער איז פאַרורטײַלט און וועט מוזן בעקאַרעוו פאַרלאָזן זײַן ארבעט. ניט געקוקט אַף די אָפּטימיסטישע באריכטן, וועלכע ער האָט מיטגעטײַלט בערלין, איז געווען קלאָר, אז ער גופע איז ניט פולשטענדיק איבערצײַגט אין דעם. דער ציל פון די האַפּעדיקע באריכטן איז געווען: פאַרזיכערן זײַנע עלטסטע, אז דער „גרויסער שפּיל" איז איבערגעגאַנגען אַף דער דײַטשישער זײַט. נאָר בייס די לאַנגע שמועסן, וועלכע כ'האָב מיט אים געפירט, איז ער קעסיידער צוריקגעקומען צו דער זעלבער טעמע, וועלכע האָט ארויסגעוויזן זײַן אומזיכערקײַט. ער האָט געוואָלט וויסן: וועלכע זײַנען די עמעסדיקע סיבעס, וואָס האָבן מיך באַוווגן אַנטײלצונעמען אין דער „גרויסער שפּיל"? מײַן טשוווע אַף דעם האָט זיך ניט געענדערט: די פּערספּעקטיוו פון א סעפּאַראַטן שאָלעם צווישן דעם ראַטנפאַרבאַנד און דײַטשלאַנד.

דאָס האָט אים ניט איבערצײַגט, ווײַל ער האָט דאָך געוווסט, אז איך בין א ייִד, געבליבן א קאָמוניסט און א פאַרביסענער אַנטינאַצי.

ווען פּאַנוויץ האָט פאַרטראָטן גירינגן בעראָש פון דער זאַנדערקאָמאַנדע, האָט ער ניט געהאַט קײן אַנדערע מאַטעריאַלן צו באַקענען זיך מיט דער טעטיקײַט, ווי נאָר די ראַפּאָרטן, וועלכע גירינג האָט געשיקט קײן בערלין. די ראַפּאָרטן זײַנען אָבער געווען זײער ווײַט פון דער פאַקטישער לאַגע. איך האָב זיך צוגעוווינט צו גירינגן ווי צו אַן אומבעראַכמאָנעסדיקן סוינע, וואָס איז כיטרע און קלוג. דאָך האָב איך זיך געשראָקן, אז זײַן נאָכפאָלגער זאָל ניט דערפירן די „גרויסע שפּיל" צו א מער בלוטיקן אויסגאַנג. איך דאַרף קלאָר מאַכן, אז אין דער זעלבער צײַט איז רײַזער באַפרײַט געוואָרן פון זײַן אמט און באַשטימט געוואָרן אין דער געסטאַפּאָ־אַנפירונג אין קאַרלסרוהע. מײַנע הויפּט־מיטשמועסער האָבן זיך געביטן.

אין אָנהייב יול 1943 האָב איך זיך באַקאַנט מיט פּאַנוויצן. איך דערמאָן זיך אויסגעצייכנט דעם טאָג, ווען ער איז ארײַן צו מיר אין צימער אין נויאי. איך האָב מיט גרויס אופמערקזאַמקײַט און נײַגעריקײַט באַטראַכט דעם נײַעם שעף פון דער זאַנדערקאָמאַנדע, וואָס וועט זײַן מײַן הויפּט־סוינע. פּיזיש איז ער געווען פיל אַנדערש פון זײַן פאָרגײער. יונג, דיק, א קײַלעכיקער ראָזעווער פּאַרצעף, א שאַרפער בליק, באַהאַלטן הינטער דיקע ברילן־גלעזער, אָנגעטאָן מיט געשמאַק, געהאַט דעם אויסזען פון א קלײנבירגער.

ווען דעם 29 סעפּטעמבער 1941 ווערט היידריך באַשטימט אַלס וויצע־גאַולייטער פון טשעכאָסלאָוואַקיע און באַזעצט זיך אין פּראָג, ווערט זײַן רעכטע האַנט פּאַנוויץ. א טקופע פון שרעקלעכע יעסורים האָט זיך אָנגעהויבן פאַרן טשעכישן פאָלק. די קאָנצענטראַציע־לאַגערן ווערן שנעל פאַרפולט, אין די הונדערטער ווערן די קעגנער פון נאַציזם דערשאָסן, דערפאַרטירט און געפּײַניקט. נאָך א געהעריקער צוגרייטונג איז דעם 27 מײַ 1942 אטאַקירט געוואָרן דער אווטאָ, וועלכער האָט געפירט היידריכן. ער איז געוואָרן שווער פאַרוווּנדעט און דעם 4 יון געשטאָרבן.

די רעוואַנש־אַקציע איז געווען א שרעקלעכע. פּאַנוויץ, דער פּערזענלעכער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר היידריכס זיכערקײַט, האָט, א פאַרביטערטער פון זײַן דורכפאַל, אונטערגענומען א יאַגד אַף מענטשן. געבעלס האָט דערקלערט, אז די ייִדן זײַנען די הויפּט־פאַראַנטוואָרטלעכע — און עטלעכע הונדערט פון זיי האָט מען צוזאַמענגעטריבן אין לאַגער טערעזיענשטאַט און דערמאָרדעט. אַף דער גאַנצער טשעכישער טעריטאָריע זײַנען ארעסטירט געוואָרן דרײַ טויזנט מענטשן. נאָכן טויט פון

היידריכן האָט דער טעראָר זיך פֿאַרטאָפּלט, מאַמעש א בלוטבאָד. בלויז אין דער פּראַגער טפיסע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן טויזנט זיבן הונדערט טשעכן: אין ברנאָ — טויזנט דריי הונדערט. דעם 10 יון זיינען אַלע מענער און קינדער פֿונעם דערפֿל לידיצע געוואָרן דערמאָרדעט, און די פֿרויען האָט מען דעפּאָרטירט קיין ראַווענסבריוק.

פּאַנוויץ האָט פּערזענלעך אָנגעפֿירט מיט דער אויספֿאָרשונג צו אַנטדעקן די אַטענטאַטלער. דער פֿאַראַנטוואָרטלעכער פֿאַר די אַלע מאָרדן איז געווען ער גופֿא.

נאָך די געשעענישן האָט פּאַנוויץ געהאַט א ביסל צאָרעס מיט מיינע שעפֿן אין בערלין. ער האָט געזוכט א וועג, מע זאָל א געוויסע צייט אין אים פֿאַרגעסן און איז אַוועק אַפֿן רוסישן פֿראָנט. בעסאַכאַקל איז ער פֿאַרבליבן אין זיין מיליטערישער איינהייט פֿיר כאַדאָשים, האַלטנדיק, וואַרשיינלעך, אַז דער רוסישער קלימאַט איז צו שווער פֿאַר זיין ווערטפֿול געזונט. אין אָנהייב 1943 איז ער צוריק געקומען קיין בערלין, ווי א מיטאַרבעטער פֿון געסטאַפּאָ־שעף מיולער. ער האָט באַקומען די אויפֿגאַבע אויסצופֿאָרשן די ראַפּאָרטן פֿון דער זאָנדערקאָמאַנדע, וואָס קומען אָן פֿון פּאַריז.

ווען פּאַנוויצן איז געקומען אין האַנט אַריין דער באַריכט פֿון דער פּאַריזשער זאָנדערקאָמאַנדע, איז ער אויפֿגעשפּרונגען: דאָרט, וויניקסטנס, האָבן זיי פֿאַרשטאַנען און זיינען אַפֿן וועג צו פֿאַרווירקלעכן זיין פּלאַן. פּאַנוויץ איז מער איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פֿון דער אידיי, ווי גירינג, וואָס קעדיי זיך אַרויסצוהייבן, גיט ער צו וועגן דעם פֿאַראַט פֿונעם „גרויסן שעף" און די אַנדערע מיטגלידער פֿון דעם רויטן אָרקעסטער, אַז זיי האָבן זיך ניט קעגנגעשטעלט באַם אַריבערגיין אַף דער דייטשישער זייט. פֿאַר אים איז קלאָר, אַז גירינג איז קראַנק און האַלט באַם פֿאַרלאָזן זיין אַמט. ער מוז פֿאַרנעמען גירינגס אָרט.

ווען איך האָב געזען פּאַנוויצן צום ערשטן מאָל, האָב איך ניט געצווייפֿלט, אַז די הענט פֿון דעם באַלעבאַטישן מענטשל מיטן אויסזען פֿון א קליינעם בוכהאַלטער אין א באַשיידענער אונטערנעמונג זיינען איינגעטונקט אין בלוט פֿון טשעכישע פּאַטריאָטן. איצט וועט ער שפּילן די ראָל פֿון א דזשענטלמען, וואָס פֿאַרנעמט זיך נאָר מיט „גרויס־פּאָליטיק".

די געשעענישן גופֿא דיקטירן א נייע פּאָליטיק. די מילכאָמע האָט געביטן איר גאַנג. פֿון סטאַלינגראַד איז די רוסישע „פּרעס־מאַשין" געלאָזט געוואָרן אין גאַנג און קיין שום זאַך וועט זי שוין ניט אָפּהאַלטן. דעם 10 יולי 1943 האָבן די אַמעריקאַנער זיך אַרויסגעזעצט אין סיציליע. דעם 25־טן האָבן די איטאַליענער אַראָפּגעוואָרפֿן דעם דוטשע. עס האָט זיך אויך דערנענטערט דער דעסאַנט פֿון די ענגליש־אַמעריקאַנער קויכעס אַף די מייַרעוו־ברעגן. אין בערלין האָבן זיי שוין געוווּסט, אַז א מיליטערישער ניצאָכן איז אויסגעשלאָסן. הימלער, שעלענבערג, קאַנאַריס, וואָס האָבן שוין ניט געהאַט קיין אילוזיעס וועגן דעם אויסגאַנג פֿון דער מילכאָמע, האָבן אַלע זייערע האָפֿענונגען געלייגט אַף א סעפּאַראַטן שאָלעם מיטן מייַרעוו. אין שיין פֿון דער האָפֿענונג האָט די „גרויסע שפּיל" באַקומען אין זייערע אויגן ערשטראַנגיקע וויכטיקייט. מע מוז דעריבער פֿאַרשנעלערן דעם גאַנג פֿון דעם איניען.

פּאַנוויץ איז געקומען קיין פּאַריז מיט דער דאָזיקער אָנווייזונג.

דער נייער שעף פֿון דער זאָנדערקאָמאַנדע האָט פֿאַרגעלייגט מיך איבערצופֿירן פֿון דער טפיסע אין נויאי אין א פּריוואַטער וווינונג, וווּ איך וועל זיך געפֿינען אונטער א דיסקרעטער וואַך. ער האָט מיר דערקלערט, אַז לויט זיין מיינונג, ווי אויך לויט דער מיינונג פֿון זיינע שעפֿן, איז דער קאָנטאַקט מיט מאָסקווע דורך די דעפּעשן ניט גענוג. איצט, אין צווייטן עטאַפּ, איז נייטיק איינצושטעלן א דירעקטע פֿאַרבינדונג. ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן אַמביציעזן געדאַנק צו שיקן אין צענטער א שאַליעך, וואָס זאָל אינפֿאָרמירן מאָסקווע וועגן דעם פֿאַרלאַנג פֿון א וויכטיקער גרופּע דייטשישע מיליטערלייט צו פֿאַרהאַנדלען וועגן א סעפּאַראַטן שאָלעם מיטן ראַטנפֿאַרבאַנד. דער ספּעציעלער שאַליעך וועט מיטנעמען מיט זיך גענוג איבערצייגעוודיקע דאָקומענטן פֿאַר דעם געדאַנקענגאַנג. ער וועט אָבער אויך האָבן מיט זיך קעגנזעצלעכע באַווייזן פֿון אַנדערע דייטשישע גרופּעס, וועלכע זוכן די זעלבע לייזונג... נאָר מיטן מייַרעוו.

די דאָזיקע אויסגעקליגטע סטראַטעגיע האָט געהאַט א ציל: דערפֿירן צום אויפֿרייס פֿון דער אַנטינאַצישער קאָאַליציע. זיי האָבן פֿאַר קיין פֿאַל ניט געוואָלט פֿאַרלאָזן אָט דעם געדאַנק. פּאַנוויץ איז געווען זייער באַגרענעצט אין דענקען, אָבער פֿאַר אַלעם איז ער געווען א טיפּישער נאַצי פֿון „ריינעם אָפּשטאַם", אַן אָנהענגער פֿון ראַסן־העכערקייט. ער האָט געניי געוווּסט, אַז איך בין א ייִד, און אין דער בלינדקייט פֿון זיין לעכערלעכער איינשטעלונג האָט ער אונטערשאַצט דעם קעגנער. נאָר א כאַסערדייע און א פֿאַרסאַמטער פֿון דער נאַצישער פּראָפּאַגאַנדע האָט געקאָנט טראַכטן, אַז די קעמפֿער פֿונעם רויטן אָרקעסטער האָבן אַף איין סעקונדע צוגעלאָזט דעם געדאַנק צו גיין מיט די נאַציס. נאָר פּאַנוויץ איז געווען אומפֿעיִק צו באַגרייפֿן, אַז דעם קאַמף, וועלכן מיר האָבן אונטערגענומען, איז געווען א קאַמף אַף לעבן און טויט.

5*

הימלער, אינפאָרמירט וועגן פאַנוויצעס פּראָיעקט, האָט געהאַלטן, אַז ס'איז צופיל ריזיקירט צו שיקן אַ וואַיאַזשאָר קיין מאָסקווע. פאַנוויץ האָט מיר דערציילט, אַז הימלער שרעקט זיך פאַר דער ווירקונג פון קאָמוניזם אויף אַ דענקענדיקן נאַצי. דער בײַשפּיל פון די מיטגלידער פון דער בערלינער גרופּע פונעם רויטן אָרקעסטער האָט נאָך געשוועבט פאַר זײַן זיקאָרן; אַז אַזעלכע מענטשן, ווי שולצע־בויזען, אַרוויד האַרנאַק, האָבן געקאָנט ווערן „סאָוועטישע אַגענטן"; אַז פּערזענלעכקײַטן, באַפרײַטע פון פינאַנסיעלער זאָרג, זאָלן זיך אַנגאַזשירן אין קאַמף קעגן נאַציזם — דאָס האָט איבערגעשטיגן דעם סייכל פון די געסטאַפּאָ־לײַט.

פאַנוויץ האָט ניט פאַרלוירן דעם מוט, ער האָט פאָרגעשטעלט אַן אַנדערן פּלאַן: פאַרלאַנגען פון דעם צענטער צו שיקן אַ פאָרשטייער קיין פּאַריז. סימולירנדיק מײַן צופרידנקײַט פון דעם נײַעם פאָרשלאָג, האָב איך אים אָן וואַקלענישן געענטפערט, אַז די אידיי זעט מיר אויס צו זײַן פולשטענדיק רעאַליזירבאַר.

ס'איז געשיקט געוואָרן אַ דעפּעש צו דעם צענטער, אַז אַ גרופּע אָפיצערן פאַרלאַנגען צו שטעלן זיך אין פאַרבינדונג מיט מאָסקווע. אין דער זעלבער צײַט האָט מען פאָרגעלייגט די רוסן צו דעלעגירן אַ פאָרשטייער צו די דײַטשן. דער פּראָיעקט איז אַוועק אַזוי ווײַט, אַז די טרעפונג איז געווען פאָרויסגעזען אין דער אַמאָליקער ווױנונג פון הילעל קאַץ, אויף עדמאָן־ראָזשע־גאַס, 3. ס'איז געוואָרן באַשטימט, אַז אַלע צען טעג וועל איך אין דער דירע אָפּוואַרטן דעם שאַליַעך פון מאָסקווע. די זאָנדערקאָמאַנדע האָט זיך פיבערהאַפט געגרייט צו דער טרעפונג. פאַנוויץ און זײַנע מיטהעלפער האָבן אומופהערלעך דיסקוטירט, וויאַזוי זאָל פאָרקומען די טרעפונג. צוזאַמען מיט בערגן דאַרף איך אײַנשטעלן דעם ערשטן קאָנטאַקט און צוגרייטן די הויפּט־טרעפונג. פאַנוויץ וועט שפּילן די ראָל פונעם דעלעגאַט פון דער בערלינער גרופּע. ס'איז בעעמעס געווען קאָמיש צוצוזען, מיט וואָס פאַר אַ היסלײַוועס ער בויט דעם קאָרטן־פּאַלאַץ... דער וואָלף האָט אויף זיך אַרופגעצויגן אַ שעפּסן־פעל; דער פּראַגער טאַליען וועט זיך שפּילן אין „מעקלערײַ" מיט מאָסקווע!

די אַמביציעס פון פאַנוויצן זײַנען געווען: אַרײַנדרינגען אין די סאָוועטישע נעצן פון געהיים־דינסט אין שוועדן און אין טערקײַ, מיט דער אויסזיכט אויסצובריייטערן די „גרויסע שפּיל". דאָס איז געווען אויסשליסלעך אָפּהענגיק פון לעאָנען און פון מיר צו באַנײַען די פאַרבינדונגען, וועלכע מיר האָבן געהאַט אין דענעמאַרק, שוועדן און אין פינלאַנד. דאָס זײַנען געווען די לענדער, ווו מיר האָבן אונטערן דעק־מאַנטל פון דער האַנדלס־געזעלשאַפט „קיניג פון קאַוטשוק" פאַרלייגט באַזעס פאַר אונדזער טעטיקײַט. מיר האָבן זיך באַמיט, אַז די פּוסטע פאַרלאַנגען פון פאַנוויצן זאָלן דורכפאַלן.

אין יענע טעג, נאָכן פאַלן פון מוסאָליניץ, האָט דער צענטער פאַרלאַנגט יעדיעס, דעריקער אַזעלכע, וואָס האָבן אַ שײַכעס צו איטאַליע. אין דער זעלבער צײַט האָבן פאַרשיידענע קרײַזן אין בערלין געפּרוווט אָנקניפּן קאָנטאַקטן מיטן מײַרעוו. דאַלעס אַליין, דער שעף פון דער אַמעריקאַנער געהיים־דינסט, האָט זיך געטראָפן אין דער שווייץ מיט מערערע דײַטשישע אַגענטן. דער צענטער איז וועגן דעם אינפאָרמירט געוואָרן אַדאַנק דער „גרויסער שפּיל".

וואָס שײַעך פאַנוויצן, איז ער געוואָרן אַלץ מער נערוועז, וואַרטנדיק אויפן פאָרשטייער פון דעם צענטער. זײַן איליוזאָרישע אײַנשטעלונג האָט אים געבראַכט שווערע אַנטוישונגען. דער מאָסקווער שאַליַעך איז ביכלאַל ניט דערשינען. איך האָב דאָס געוווּסט, אָבער אין דער גאַנצער געשיכטע האָב איך געווונען עטלעכע אויספלוגן אין דער ווױנונג פון הילעלן אויף עדמאָן־ראָזשע־גאַס, נומער 3. אין סאָף אויגוסט בין איך אַוועק אין דער ווױנונג, ווו איך האָב אַמאָל פאַרבראַכט אַזויפיל שאָ אין דער וואַרעמער היימישקײַט בא דער מישפּאָכע קאַץ. איצט איז די דירע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַסטקע, ווו רייכמאַן האָט געדאַרפט זײַן דער „פאַנגער" — אָבער דאָס געפאַנג איז ניט געקומען.

אין צען טעג אַרום, ווי ס'איז געווען אָפּגעמאַכט לויט פאַנוויצעס פּלאַן, האָבן מיר זיך אומגע־קערט אויף עדמאָן־ראָזשע־גאַס, אָפּוואַרטן דעם שאַליַעך פון מאָסקווע. קאַץ האָט אונדז באַגלייט. דערבײַ האָט רייכמאַן געמאַכט דעם לעצטן פּרווו אַרויסצוגיין אויף דער אויבערפלאַך. ער האָט אַוועק־גענומען קאַצן אין אַ זײַט און אים געבעטן מיר זאָגן, אַז ער ווייסט, אַז מיר זעצן פאָר דעם קאַמף און ער באַדויערט זײַן האַנדלונג. ער האָט דאָס מאָטיווירט מיטן שאַנטאַזש, וועלכן זיי האָבן אָנגעווענדט לעגאַבע זײַן פרוי און קינדער, ווי אויך דעם פאַראַט פון זײַן שעף יעפּרעמאָוו, וואָס האָט אויסגעגעבן אים און אַלע אַנדערע. איצט איז ער גרייט עפּעס צו טאָן, ער זאָל זיך אויסקויפן... קאַץ האָט זיך געמאַכט, אַז ער פאַרשטייט ניט.

ס'איז געווען אומעגלעך צו האָבן צו אים צוטרוי. ער האָט שוין איין מאָל פאַראַטן, און בא דער ערשטער געלעגנהײַט וועט ער ווידער פאַראַטן. ער אַליין האָט פאַרמאַכט אַלע וועגן. ווען מע געפינט זיך אין די נעגל פונעם סוינע, איז נאָר פאַראַן איין אויסוואַל. צווישן „מיטאַרבעט" און „ווידערשטאַנד" איז פאַראַן אַ טהאָם, און מע גייט ניט אַריבער איינעם צום אַנדערן.

.25

## דער גרויסער שעף איז אנטלאָפן

אָנהייב סענטיאַבער 1943. דעם טאָג איז ווילי בערג, ווי זיין שטייגער, געקומען מיך זען אין מיין געפאַנגענשאַפט אין נויאַי. ווי נאָר ער איז אַריבער די שוועל, האָב איך באַמערקט ענדערונגען אין זיין פירונג. ער איז געווען צעטראָגן, ווי ער וואָלט זיך דערוווּסט אַן אויסערגעוויינלעכע נייַס. איך בין געוואָרן נייַגעריק, אַפילע אומרויִק. איך האָב זיך באַמיט, מע זאָל דאָס אַף מיר ניט באַמערקן, אָבער פון דעם, וואָס ער האָט געזאָגט, בין איך געוואָרן ווי געליימט:

— אויסערגעוויינלעך, דיוואַל איז אַרעסטירט!

אין מיין באַריכט קיין מאָסקווע אין יאַנוואַר האָב איך פאַרלאַנגט, אַז פערנאַן פּאָריאַל זאָל פאַרשווינדן. מע האָט אים קעסיידער אַרומגעזוכט. אָנהייב זומער האָב איך זיך דערוווּסט פון זיכערע קוואַלן, אַז די דייַטשן האָבן פאַרלוירן זיינע שפּורן. וויאַזוי האָט ער געקאָנט אַריינפאַלן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ? איך בין געווען דערשלאָגן. בערג האָט מיר אויפגעקלערט, וויאַזוי דאָס איז פאָרגעקומען: פערנאַן איז געוואָרן אַרעסטירט דעם 13־טן אויגוסט אין פּיערפיט (אַף צאָפן פון פּאַריזש). עטלעכע טעג פאַר דעם איז אַ ראַדיאָסטאַנציע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אַריינגעפאַלן צו דער געסטאַפּאָ. איינעם פון די „פּיאַניסטן" איז געלונגען זיך אַרויסצודרייען פון איר און זיך קאָנטאַקטירן מיט פּאָריאַלן, וואָס איז מאַסקים געווען מיט אים זיך צו טרעפן, האָגאָם דער איניען איז געווען פאַרדעכטיק — און... ער איז אַריינגעפאַלן אין דער פּאַסטקע, וועלכע די געסטאַפּאָ האָט פאַר אים אויסגעשפּרייט.

די געסטאַפּאָ האָט אָבער ניט געוווּסט, מיט וועמען זי האָט צו טאָן. פון 1940 איז פערנאַן איינער פון די בעסטע אַקטיוויסטן אין דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ער פירט אָן מיט דער ראַדיאָ־אָפּטיילונג, זייַענדיק אין דער זעלבער צייַט פאַרבונדן מיטן רויטן אָרקעסטער. דאָס האָט ער אויסגעשולט די „פּיאַניסטן" און אויך צוגעשטעלט אַ צאָל ראַדיאָ־זענדערס. נאָך מער, ער האָט פאַרזיכערט די פאַרבינדונג צווישן זשיליעט און דער פּאַרטיי־אָנפירונג. אין יאַנוואַר האָט ער אין דער „אָפּעראַציע זשיליעט" געשפּילט די הויפּטראָל. ווי נאָר ער האָט באַקומען דעם מאַטעריאַל, וואָס איז געווען באַשטימט פאַרן צענטער, האָט ער דאָס ווערטפולע פּעקעלע גלייַך איבערגעגעבן דער פּאַרטיי. זינט די אַרעסטן פון 3 דעקאַבער 1941 אין בריסל, אַף דער אַטרעבאַט־גאַס, האָט ער צוזאַמען מיט לעאָ גראָספּאָגעלן אויפגעשטעלט אַ ספּעציעלע גרופּע, וועלכע האָט געהאַט פאַר אַן אויפגאַבע צו קאָנטראָלירן די פאָרגעקומענע אַרעסטן פון די גרופּעס פונעם רויטן אָרקעסטער אין בעלגיע, ווי אין פראַנקרייַך. פאַר מיין אַרעסט האָב איך מיט אים אויסגעאַרבעט די אויפאַנים פון די קאָנטאַקטן, וועלכע וועלן דערמעגלעכן אויפצודעקן די אַקציעס פון דער זאָנדערקאָמאַנדע קעגן דעם צענטער. ער איז דעריבער גוט באַקאַנט געווען מיטן גאַנג פון דער „גרויסער שפּיל".

דאָס, וואָס איך האָב דאָ אויסגערעכנט, גיט אַ באַגריף פון דער גרויסער ראָליע פון פערנאַן פּאָריאַל. ער פאַרטיידיקט זיך אַקשאָנעסדיק און טייַנעט, אַז ער איז נאָר אַ פּאָשעטער מעכאַניקער, אַ צווייטראַנגיקער אַקטיוויסט. ליידער, האָבן אין אויגוסט די מענטשן פון דער זאָנדערקאָמאַנדע, פאַרשנדיק די קאַרטאָטעק פון די אָנגעהעריקע צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, געפונען די פּאַטאָ פון פערנאַן פּאָריאַל און אָריענטירן זיך, אַז דער אַרעסטירטער איז דער באַרימטער דיוואַל, וועמען זיי האָבן צייַטווייַליק אויפגעהערט צו זוכן.

דער שאָדן איז אומגעהייַער גרויס... איך קען זייער גוט פערנאַנען און בין איבערצייַגט, אַז ער איז פּעיִק מאַקריוו צו זיין דאָס לעבן. אָבער טראָץ זיין מוט, ווי לאַנג וועט ער אויסהאַלטן די פּייַניקונגען, וואָס דערוואַרטן אים? ווער קאָן גאַראַנטירן, אַז זייַנע פאַרפּייַניקטע ליפּן וועלן זיך ניט אַרויסכאַפּן מיט אַ נאָמען? אייַנהיטנדיק מיין פולשטענדיקן צוטרוי צו אים, האָב איך דאָך פאַרגעזען די מעגלעכקייַט, אַז דאָס, וואָס מיר איז געלונגען אויפצובויען, קאָן זיך איינברעכן און מיין „שפּיל" זאָל ווערן אויפגעדעקט.

נאָר פערנאַן האָט זיך פעסט געהאַלטן. די זאָנדערקאָמאַנדע דראָט צו אַרעסטירן און דערשיסן זיין פרוי און טאָכטער... אַן אומזיסטע טירכע. דער וווּנדערלעכער מענטש, דער אויסערגעוויינלעכער קעמפער האָט אין מעשך פון אַ גאַנץ יאָר זיך קעגנגעשטעלט זייַנע פּייַניקער און ניט נאָכגעגעבן. ער האָט אויסגעהאַלטן ביזן סאָף.

די שווערע קלעפּ הערן ניט אויף. דעם 10־טן סענטיאַבער האָב איך זיך דערוווּסט פון בערגן, אַז דער זאָנדערקאָמאַנדע איז געלונגען צו אַנטדעקן אין ליאָנער ראַיאָן אַ ראַדיאָסטאַנציע פון דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אויך אַ גרויסע צאָל דעפּעשן און אַרכיוו־מאַטעריאַלן זייַנען געוואָרן פאַרהאַלטן. די דייַטשן זייַנען איבערצייַגט, אַז זיי האָבן ענדלעך אַנטדעקט די אונטערערדישע

הויפּט־סטאַנציע פון דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. צווישן די שיפרירטע דעפּעשן האָפן זיי צו אַנטדעקן די זענדונגען, וואָס האָבן אַ שײַכעס צום רויטן אָרקעסטער און זײַנען געשיקט געוואָרן קיין מאָסקווע דורך דעם אונטערערדישן פאַרטיי־צענטער.

דער שטורעם ווערט יעדן טאָג דראָענדיקער. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז די זאָנדערקאָמאַנדע האָט באַשלאָסן צו ברענגען קיין פאַריזש די ספּעציאַליזירטע גרופּע דעשיפרירער, מיט וועלכער עס פירט אָן דער באַרימטער ד׳ר וואָק. דעם 11־טן סענטיאַבער האָב איך טאַקע געזען אויף רי דע־סאָסיי דעם ד׳ר וואָק באַ דער אַרבעט מיט זײַנע מיטהעלפער. אויך בערג איז געווען אַנוועזנד און מיר דערציילט, אַז דאָס דעשיפרירן גייט צו זייער גוט. די איינציקע פּראָבלעם וועט זײַן: צווישן די אַלע דעפּעשן דערקענען די, וועלכע האָבן אַ שײַכעס צום רויטן אָרקעסטער. און בערג האָט צוגעגעבן: „דאָס איז אַן איניען פון צוויי־דרײַ טעג״.

איך האָב געוווּסט, אַז די קאָמוניסטישע פאַרטיי באַזיצט ערגעץ־ווו אין דאָרעם־פראַנקרײַך אַ גרויסע סטאַנציע פון ראַדיאָ־זענדערס. איך האָב געגלייבט, אַז דער מאַטעריאַל, וועלכן כ׳האָב איבערגעגעבן זשיליעט אין יאַנוואַר 1943, איז געוואָרן איבערגעשיקט דורך דעם קאַנאַל. די זאַך איז דראָענדיקער, ווײַל דער ראַפּאָרט איז ניט שיפרירט געוואָרן דורך מיר, נאָר דורך דעם קאָד פון דער פאַרטיי. אויב דעם ד׳ר וואָק געלינגט צו אַנטדעקן דעם קאָד, וועט די זאָנדערקאָמאַנדע ניט מער באַדאַרפן, ווי לייענען מײַן אינפאָרמאַציע שוואַרץ אויף ווײַס.

די אויספירן דערפון זײַנען פּאַשעט און קלאָר. די „גרויסע שפּיל״ געפינט זיך אויפן וועג אויפגעדעקט צו ווערן. איך מוז האַנדלען — און האַנדלען שנעל. די נעכט פון 10־טן, 11־טן און 12־טן סענטיאַבער זײַנען פאַר מיר געווען קאָשמאַרפולע נעכט, יעדן מאָמענט האָב איך זיך געקאָנט דערוויסן, אַז זיי ווייסן דעם עמעס; יעדן אויגנבליק איז צו דערוואַרטן, עס זאָלן באַווײַזן די צערייצטע פּאַרצעפן פון פאַנוויצן און זײַנע היצלס. איך שרעק זיך ניט פאַר קיין פּײַניקונגען, איך שרעק זיך ניט פאַרן טויט, זיי זײַנען טאָמיד געווען די באַגלייטערס פון מײַן לעבן. אָבער אין יעדן טייל פון מײַן קערפּער פיל איך די דערנידעריקונג, וועלכע דערוואַרט מיך. איך בין אויפגעציטערט פונעם געדאַנק, אַז עס ווערט אומפאַרמײַדלעך פאַרווירקלעכט די דראָונג, וועלכע ס׳האָט מיר פאַרגעזאָגט גירינג בייס מײַן אַרעסט: „הער, אַטאַ, איר האָט פאַרשפּילט...״ איצט וועל איך אַ באַזיגטער מוזן דערשײַנען פאַר דער גאַנגסטער־באַנדע!

אומעגלעך, איך מוז אַנטלויפן. אַנטלויפן — איז אַ פאָרם פון ווידערשטאַנד. אַנטלויפן — איז די האָפענונג צו שטאַרבן ווי אַ קעמפער. אין די טעג, ווען אַלץ אין מיר האָט געברויזט, האָב איך זיך באַמיט, מע זאָל ניט דערקענען אויף מײַן פּנים דעם צעשטורעמטן געמיט. איך האָב שאָענלאַנג געפּלוידערט מיט בערגן, גלײַך ס׳וואָלט גאָרניט געשען. איך האָב זיך אויך געטראָפן מיט פאַנוויצן און אַנדערע מיטגלידער פון דער זאָנדערקאָמאַנדע. צוימענדיק מײַן אינערלעכע שפּאַנונג, האָב איך מיט דרייסטקייט זיי געזאָגט, אַז איך וועל זײַן צופרידן צו זען, ווי די דעשיפרירטע דעפּעשן וועלן באַשטעטיקן מײַנע פאַרשלאָגן אין שײַכעס מיט דער אינפאָרמאַציע, וועלכע מיר האָבן איבערגעשיקט דורך דער קאָמוניסטישער פאַרטיי קיין מאָסקווע.

דעם 11־טן סענטיאַבער, בייס דעם שפּאַציר, וואָס מ׳האָט אונדז דערלויבט אין גאָרטן, האָב איך הילעלן באַקאַנט געמאַכט מיטן גאַנג פון די געשעענישן. ער איז געקומען צום זעלבן אויספיר, ווי איך, אַז ס׳איז פאַראַן אַ געפאַר, מע זאָל אונדז צו יעדער מינוט אַנטדעקן. איך האָב אים פאָרגעשלאָגן, אַז אין דער נאַכט פון 12־טן אויפן 13־טן זאָלן מיר צוזאַמען אַנטלויפן. אַרויסגיין פון מײַן צימער און אַז קאַץ זאָל אַרויסגיין פון זײַן קעלער־צימער — איז מאַמעש אַ קינדער־שפּיל. פיל שווערער איז דורכצוגיין דעם הויפּט־טויער, באַוואַכט פון אַ סלאָוואַקישן סאָלדאַט. מיט אַ ביסל אָפּטימיזם קאָן מען האָפן צו טייטן דעם סאָלדאַט — ביפראַט ווען מיר ווייסן, אַז ער איז קימאַט טאָמיד שיקער. דערנאָך דורכגיין דעם טויער און אים פאַרמאַכן פונדרויסן. מיר מוזן זיך רעכענען אויך מיט די אַנדערע וועכטער. פאַראַן אָבער אַ שאַנס, אַז דאָס זאָל געלינגען.

מיטן עצם געדאַנק פון אַנטלויפן איז קאַץ מסכים. ער האַלט אָבער, אַז ער האָט ניט קיין רעכט דאָס צו טאָן. אפילו די פּערספּעקטיוו פון שטאַרבן אין טפיסע וועט ניט ענדערן זײַן באַשלוס. די סיבה: זײַן פרוי סעסיל מיט די צוויי קינדער געפינען זיך אין ביעראָן, באַוואַכט פון דער געסטאַפּאָ. אויב ער וועט פאַרשווינדן, וועלן זיך די נאַציס אין זיי נוקעם זײַן. איך האָב ווי געהעריק אָפּגעשאַצט דעם אַרגומענט, אָבער דאָך אים דערמאָנט, אַז בייס דער זשיליעט־אַקציע האָט ער שוין איין מאָל ריזיקירט מיטן לעבן פון זײַניקע.

— די אומשטאַנדן זײַנען ניט די זעלבע, — האָט ער געענטפערט. — בייס דער זשיליעט־אַקציע האָב איך געהאַנדלט אין אינטערעס פון דער אַלגעמיינער זאַך. עס האָט זיך געהאַנדלט אין געבן דעם צענטער אין מאָסקווע דעם שליסל קעגן די מאַנעווערס פון דער זאָנדערקאָמאַנדע. האָב איך געהאַט דאָס רעכט, וואָס איז דעמאָלט אויך געווען מײַן פליכט, צו ריזיקירן מיט מײַן לעבן און פון מײַניקע. די באַדײַטונג פון יענער אַקציע איז ווײַט איבערגעשטיגן אונדזער פּערזענלעך לעבן. אָבער

איצט האַנדלט זיך אויסשליסלעך אין מײַן פּערזאָן, וואָס באַרעכטיקט ניט, איך זאָל ריזיקירן מיטן לעבן פֿון מײַן פֿרוי און קינדער.

וואָס האָב איך געקאָנט זאָגן אױף דעם? וויאַזוי האָב איך געקאָנט זיך קעגנשטעלן? מיר איז פֿאַרבליבן נאָר צו שווײַגן... קאָץ האָט געהערט צו די אויסדערוויילטע מענטשן, וואָס זייער גאַנץ לעבן איז פֿולשטענדיקע קאָרבאָנעס־גרייטקײַט און אַבסאָליוטע איבערגעגעבנקײַט. ניין, איך האָב אים ניט וואָס צו ענטפֿערן. פֿאַר מיר איז אָבער געווען קלאָר, אַז נאָך מײַן אַנטלויפֿן וועט די גאַנצע כּײַישע אַכזאָריעס פֿון דער געסטאַפּאָ זײַן געווענדט קעגן אים.

צומאָרגנס האָב איך הילעלן אָנפֿאַרטרויט מײַן נײַעם פּלאַן צו אַנטלויפֿן. ער האָט מיר געווּנטשן האַצלאָכע און געבעטן, אויב מיר וועט געלינגען דאָס אַנטלויפֿן, זאָל איך טאָן וואָס נאָר מעגלעך צו ראַטעווען זײַן פֿרוי און קינדער. דאָס איז זײַן איינציקער ווּנטש. דעם 12־טן סעפּטעמבער, אין אָוונט, האָב איך זיך געזעגנט מיט מײַן לאַנגיאָריקן לעבנס־כאַווער. ניט לײַכט איז אונדז אָנגעקומען צו באַהערשן אונדזערע געפֿילן. דערנאָך האָב איך אינגאַנצן זיך געווידמעט דעם פּלאַן פֿון אַנטלויפֿן. דאָס וועט זײַן אַ שווערער גערانגל, וואָס לאָזט ניט איבער קיין אָרט פֿאַר אימפּראָוויזאַציע. איך מאַך דעם סאַכאַקל פֿון אַלע עלעמענטן, וואָס האָבן אַ שײַכעס צו דער פּראָבלעם און אויך פֿון די שאַנסן און קום צום אויספֿיר, אַז נאָך קיינמאָל זײַנען די אומשטאַנדן ניט געווען אַזוי גינסטיק צום אַנטלויפֿן, ווי איצט: יעדן טאָג קומט בערג מיך באַזוכן אין דער טפֿיסע פֿון בויאַי און פֿירט מיך אױף רי דע־סאָסיי. באַם איבערפֿירן האָב איך אַ מעגלעכקײַט צו אָבסערווירן, אַז די וואַך איבער מאַר האָט זיך פֿאַרקלערט. די צווייטע אויטאָ, וואָס פֿלעגט אין אָנהייב מיך טאָמיד באַגלייטן, איז מער ניטאָ. אויך דער אַגענט, וואָס האָט זיך געפֿונען מיט בערגן אין אויטאָ, ווו איך בין געזעסן, איז פֿאַרשווּנדן. די, וואָס פֿירן מיך איצט איבער, זײַנען דער שאָפֿער (פֿאַרשטייט זיך — אַ געסטאַפּאָ־אַגענט) און בערג. דער שאָפֿער איז פֿאַרנומען מיט פֿירן די אויטאָ, און בערג, אַדאַנק די „פֿרײַנטלעכע" באַציִונגען, וועלכע מיר האָלטן אָן, איז זײַן אומצוטרוי צו מיר אָפּגעשוואַכט. איך האָב דעריבער פּאַסיקע באַדינגונגען צום אַנטלויפֿן. איך דאַרף נאָך צוגעבן, אַז בערג איז שווער געטראָפֿן פֿון פֿאַרשיידענע ערנסטע פּאַמיליע־אומגליקן און איז דערפֿון זייער אָנגעווייטיקט. אויך זײַן געזונט־צושטאַנד איז אַ שלעכטער — זוכט ער די רעפֿוּע אין פֿלעשל. טאָמיד, צווישן איין גלעזל און צווייטן, קלאָגט ער זיך אױף שאַרפֿע ווייטיקן אין מאָגן.

בערגס צעבראָכן געמיט איז דער שוואַכער פּונקט אין דער פּאַנצער־שיף פֿון דער זאָנדערקאָמאַנדע, וועלכן איך האָב באַשלאָסן אויסצוניצן. איבעריקנס, איך האָב עס שוין אויסגעניצט, קעדיי צו געווינען זײַן צוטרוי. איך האָב זיך פֿאַרינטערעסירט מיט זײַן געזונט־צושטאַנד און געראָטן, ער זאָל זיך היילן. איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז אַ געוויסן טאָג וועל איך אים פֿירן אין דער באַרימטער פּאַריזשער אַפּטייק בייאַי, אױף דע־ראָם־גאַס, 15, און פֿאַרזיכערט, אַז אין דער אַפּטייק וועט ער באַקומען דעם פּאַסיקן רעצעפּט צו שטילן זײַנע ווייטיקן. דער געדאַנק איז ניט געקומען צופֿעליק. די אַפּטייק בייאַי איז באַ מיר געווען פֿאַרויסגעזען פֿון לאַנג, ווי איינס פֿון די ערטער, וועלכע זײַנען זייער פּאַסיק אין פֿאַל פֿון אַנטלויפֿן. די אַפּטייק האָט זיך אונטערשיידט פֿון אַנדערע דערמיט, וואָס זי האָט צוויי אַרײַנגענג, איינעם דורך רי דע־ראָם און דעם צווייטן דורך רי די־ראַשע.

ווען איך בין דעם 12־טן סעפּטעמבער אָנגעקומען אױף רי דע־סאָסיי, האָט מיר ד״ר וואָק מיטגעטיילט מיט אַ זיכערקײַט, וואָס לאָזט ניט איבער קיין שום צווייפֿל, אַז צומאָרגנס וועט ער זײַן מעסוגל צו דעשיפֿרירן די דעפּעשן. דאָס האָט מיר סיגנאַליזירט, אַז דער 13־טער איז דער לעצטער טערמין צום אַנטלויפֿן. דערנאָך וועט זיך פֿאַר מיר אומבעראַכמאָנעסדיק פֿאַרמאַכן די שטײַג. איך האָב ענדגילטיק אויסגעאַרבעט מײַן פּלאַן:

ווי יעדן טאָג, איז בערג אויך צומאָרגנס געקומען מיך נעמען אױף רי דע־סאָסיי, וווּ מיר וועלן אָנקומען מיטיקצײַט. ער וועט זיכער פֿאָרלייגן, מיר זאָלן זיך אָפּשטעלן באַ דער אַפּטייק, און ער וועט אַהין אַרײַנגיין צוזאַמען מיט מיר. איך האָב פֿאָרויסגעזען צוצוגיין צו איינעם פֿון די טישן און צו דער קאַסע — און גלײַך דערנאָך מאַכן פּלייטע דורך דעם קעגנאיבערדיקן אַרויסגאַנג. בערג וועט ווערן צעטומלט, שרײַען אױף דײַטש צווישן אַ פֿראַנצויזישן אוילעם — אין דער בייאַי־אַפּטייק זײַנען טאָמיד פֿאַראַן זייער פֿיל קוינים, וואָס וועט ניט זײַן אַזוי ווירקזאַם. זאָל ער מיר נאָכשיסן — איז פֿאַראַן אַ זיכערע געפֿאַר, ער זאָל טרעפֿן אין די אָנוועזנדע קוינים. זאָל ער מיך נאָכיאָגן — האָב איך אויסגערעכנט אױף מײַן שנעלקײַט און... אױף זײַן שיקרעס. ער איז קימאַט טאָמיד געווען בעגילופֿן. איך האָב געהאָפֿט, אַרויסגייענדיק פֿון דער אַפּטייק, צו דערגרייכן אין עטלעכע מינוט די מעטראָ־סטאַנציע, פֿאָרן ביז צום סאָף פֿון דער ליניע, אַרויסשטײַגן אין בויאַי און פֿאָרן מיטן אויטאָבוס קיין סאָן־זשערמען (אַ פּאַריזשער פֿאָרשטאָט), ווו איך האָב אַ מעגלעכקײַט אײַנצושטעלן די ערשטע פֿאַרבינדונג. אויסגעשלאָסן, איך זאָל זיך באַניצן מיט דער באַן צו דערגרייכן סאָן־זשערמען, ווײַל, אויב איך נעם דעם צוג אױפֿן סאָן־לאַזאַר־וואָקזאַל, ניט ווײַט פֿון דער אַפּטייק, איז פֿאַראַן אַ זיכערע געפֿאַר, אַז די געסטאַפּאָ וועט טייקעף נאָך מײַן פֿאַרשווינדן אָפּשליסן די אַרומיקע געגנט און פֿאַרלייגן אַ נעץ. איך האָב אויך

ניט פארגעסן צו האָבן בא זיך מײַנע דאָקומענטן אין אָרדענונג, פארן ארויספאָרן פון נויאי האָט בערג געגעבן מיר אַן אידענטיטעט־קארטע און א געוויסע סומע געלט.

איך בין גרייט אויסצופּרוּוון דעם לעצטן שאַנס. אין מעשעך פון דער נאַכט האָב איך איבערגעלעבט אין דער פאנטאזיע דעם אַקט פון מײַן אנטלויפן, וועלכער מוז אומבאַדינגט געלינגען.

13־טער סעפּטעמבער. איך בין אומרויִק, איך האָף, אַז מײַן פּלאַן וועט ניט צעשטערט ווערן, אַז בערג, וואָס איז איצט מער קראַנק ווי אַלעמאָל, וועט ניט באַטל מאַכן זײַן וויזיט אָדער שיקן אַן אַנדערן אויף זײַן אָרט. ניין, אַלץ גייט, ווי פאָרויסגעזען. בערג איז געקומען פּינקטלעך האַלב צוועלף. מיר זײַנען אַרײַן אין אויטאָ און אַדורך דעם טויער. איך האָב דערזען הילעלן, געמאַכט צו אים א געזעגענונג־צייכן. איך ווייס, אַז כ׳וועל מײַן קאַמפּס־כאַווער שוין מער ניט זען. מיר קאָנען ניט אויסטוישן קיין וואָרט צווישן זיך, אונדזער לעצטע צעשיידונג איז א שווײַגנדיקע.

אָט געפינען מיר זיך שוין אין האַרץ פון פּאַריז: מיר דערנעענטערן זיך צום אָרט. מיט א מינע פון א שטאַרק מיטפילנדיקן, פרעג איך אים:

— ווי פילט איר זיך הײַנט?

— וואָס א מאָל ערגער... (ער איז נאָך מער דערשלאָגן ווי געוויינלעך). מיר מוזן צוגיין אין דער אַפּטייק.

ער האָט געדרעמלט, ווען מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט פאַר דער אַפּטייק בייאַי. כ׳האָב אים געגעבן א לײַכטן שטויס מיטן עלנבויגן און זאָג אים:

— מיר זײַנען אָנגעקומען! איר גייט?

— גייט אַראָפּ קויפן דעם מעדיקאַמענט און קומט גלײַך צוריק...

וואָס איז מיט אים געשען? איז דאָס ניט א מאַנעוור? וויל ער מיך אויספּרוּוון? איך קוק אים רויִק אין די אויגן און לאָז פאַלן א באַמערקונג:

— אָבער בערג, די אַפּטייק האָט אויך אַן אַנדערן אַרויסגאַנג.

— כ׳האָב פולשטענדיק צוטרוי צו אײַך, — וואַרפט ער מיר צו שמייכלענדיק, — איבעריקנס, איך בין צו מיד צו קלעטערן אויף טרעפּ.

איך וואַרט ניט, ער זאָל איבערכאַזערן זײַנע רייד. איך גיי אַרײַן אין דער אַפּטייק... און גיי גלײַך אַרויס דורך דער אַנדערער זײַט. עטלעכע מינוט, און כ׳בין שוין אין מעטראָ. איך בײַט די ריכטונג צו דער נויאי־בריק. דאָס מאָל האָט מיר אויסערגעוויינלעך צוגעשפּילט. באַם אַרויסגאַנג פון מעטראָ האָב איך גענומען דעם אויטאָבוס קיין סאַן־זשערמען. ביסלעכווײַז געפין איך צוריק מײַן רויִקייט. פונדעסטוועגן האָב איך זיך אַרומגעקוקט. ס׳איז געווען אַן אויטאָמאַטישער רעפלעקס. כ׳האָב ניט צוגעצויגן קיינעמס אויפמערקזאַמקייט — און אָנגעהויבן זיך פאָרשטעלן די רעאַקציע פון בערגן. די ערשטע צען מינוט וועט ער זיך ניט וווּנדערן, האַלטמײַ איך האָב זיך נאָך ניט אומגעקערט, ווײַל דאָס איז די נייטיקע מינימום־צײַט אײַנצוקויפן אין א גרויס געשעפט, ביפראַט אין א שאָ, ווען עס זײַנען פאַראַן א סאַך קוינים. פאַרינטריגירט, וואָס מע זעט מיך ניט צוריק, וועט ער אַרופקלעטערן אויפן ערשטן שטאָק פון דער אַפּטייק און מיך זוכן אומעטום, דאָס וועט נעמען נאָך א גוטע צען מינוט. העיויס ער וועט מיך ניט געפינען, וועט ער זיך נייטיקן אין נאָכאַמאָל אַזויפיל צײַט, קעדיי צו קומען אויף רי דע־סאָסיי און מאַכן דעם אַליאַרם. די זשאַנדאַרקאָמאַנדע וועט ניט אָנקומען פריִער אויף דעם אָרט, ווי אין פערציק אָדער פופציק מינוט נאָך מײַן אנטלויפן. דעמלט וועל איך זיך שוין געפינען אין א פיל רויִקער געגנט...

אַרום האַלב איינס בין איך אָנגעקומען קיין סאַן־זשערמען. איך בין פרײַ, נאָר איך ווייס, ווי ס׳איז לײַכט צו פאַרלירן די פרײַהײַט, ווען מ׳איז אַן אַנטלאָפענער און פאַרפאָלגטער פון דער געסטאַפּאָ.

פאַרוואָס איז מײַן אויסוואַל געפאַלן אויף סאַן־זשערמען? ערשטנס, בין איך געווען דעצידירט צו זוכן א מאָקעם־מיקלעט בא מענטשן, וועלכע איך קען ניט פּערזענלעך, אײדער בא זיכערע פרײַנט. מיר האָט אויסגעוויזן אומנוצלעך און אפילע געפערלעך צו שטעלן אין א סאַקאָנע די מיטגלידער פונעם רויטן אָרקעסטער, וואָס זײַנען נאָך אויף דער פרײַ. איבעריקנס, האָט די געסטאַפּאָ געקאָנט אַרײַנשמוגלען אירע אַגענטן צווישן מײַנע באַקאַנטע. איך ווייס, אַז אין יאָר 1942 האָט זשאָרזשי דע ווינטער געדונגען א קליינע ווילע אין דער געגנט פון וועזינע. צי זי וווינט נאָך דאָרט — ווייס איך ניט. אַגעוו, זי גופע איז ניט פאַרהיט פון די אַלע געפאַרן. זי איז אַן אַמעריקאַנער בירגערין, און נאָך דעם, ווי די פאַראייניקטע שטאַטן זײַנען אַרײַן אין קריג קעגן די אַקס־מעלוכעס, האָט זי זיך פאַרקאָנספּירירט. מיר האָבן זיי באַזאָרגט מיט א בעלגישער אידענטיטעט־קאַרטע אויפן נאָמען פון טהעווענע, געבוירן אין א דערפל אין צאָפן־פראַנקרײַך. בײַס א לײַטישער אויספאָרשונג וואָלטן די פּאַפּירן פון זשאָרזשין דורכגעפאַלן.

מיר איז אויך באַקאַנט, אַז זשאָרזשיס זון, פּאַטריק, האָט מען אין זומער 1942 אײַנגעאָרדנט אין סאַן־זשערמען אין א פּאַנסיאָן, אָנגעפירט פון צוויי שוועסטער, לערערנס. אָבער דאָ שטעלט זיך

אַ נײַע פֿראַגע: צי וועל איך זײ געפֿינען? צי האָט ער פֿון דעמלט ניט געביטן זײַן אַדרעס? אַלנפֿאַלס, איך בין בײַ דער מײנונג, אַז זוכן דאָ אַ מאָקעם־מיקלעט איז זיכערער און די סאַקאָנע אַ קלענערע. איך וועל זיך קאָנען פֿאַרופֿן אױף זשעאַרזשי און בעטן מיך אױפֿנעמען. איך האָף, אַז איך וועל אױך געפֿינען אירע שפּורן.

דעם פּאַנסיאָן האָב איך געפֿונען אָן שוועריקײַטן. אַ יונג מײדל מיט אַ טיפּיש רוסישן אױסזען האָט מיר געעפֿנט די טיר. מיט פֿולן צוטרױ האָב איך די צוויי שוועסטער דערציילט מײַן לאַגע. צו מײַן פֿאַרוווּנדערונג, האָבן זײ ניט אַרויסגעוויזן קײן שום אױפֿרעגונג צו דער געשיכטע פֿון מײַן אַנטלויפֿן. כ'וועל דאָס קײנמאָל ניט פֿאַרגעסן. איך דערוויס זיך פֿון זײ, אַז פּאַטריק איז ניטאָ מער אין פּאַנסיאָן, ער געפֿינט זיך בײַ אַ פֿאַמיליע אין סירען (אַ פּאַריזשער פֿאָרשטאָט). בענעגײַע זשעאַרזשין האָט זי שוין אױפֿגעגעבן דעם קאָנטראַקט מיט דער ווילע, מעגלעך, אַז זי וווינט נאָך אין וועזינע. מײַנע גאַסטגעבערנס האָבן אַ גאַנצן נאָכמיטיק געפּרוּווט זי אַרויסרופֿן טעלעפֿאָניש און פֿאַרגעשלאָגן, אַז אין פֿאַל, ווען איך קאָן זי ניט אָפּגעפֿינען, זאָל איך דערווײַל בלײַבן בײַ זײ. אין אָוונט האָבן זײ ענדלעך גערעדט מיט איר אין טעלעפֿאָן. זי איז טײַקעף געקומען און געווען שטאַרק גערירט פֿון דער באַגעגעניש. זי האָט זיך ניט געשראָקן צו העלפֿן אַ מענטשן אַפֿילע פֿון דער געסטאַפּאָ. זי איז געווען גרייט צו טאָן פֿאַר מיר עפּעס מאַמאָשעדיקס. מיר האָבן פֿאַרלאָזט די צוויי שוועסטער נאָך דעם, ווי מיר האָבן זײ האַרציק באַדאַנקט.

וואָס פֿאַר אַ טאָג האָב איך דורכגעמאַכט! פֿאַר פּאַנוויצן און זײַנע לאַקײען איז דער 13־טער סענטיאַבער געווען אַ שוואַרצער טאָג...

איך בין איבערצײַגט, אַז כ'האָב דערגרײכט אַ וויכטיקן פּונקט אינעם קאַמף מיט דער זאָנדערקאָמאַנדע. איך האָב צוריק איבערגענומען די איניציאַטיוו און דעם קאָנטראָל איבער דער לאַגע. דער קאַמף הײבט זיך ווידער אָן. דאָך, ווי קאָן איך פֿאַרגעסן דאָס, וואָס מיך דערוואַרט?

ס'איז ניט שווער צו פֿאַרשטײן, אַז די ווילע אין וועזינע בײַ זשעאַרזשין איז ניט דאָס אידעאַלע אָרט צו באַהאַלטן זיך. אין דעם איזאָלירטן ווינקל פֿונעם שטעטל וועלן מיר בײדע צוציען אױף זיך די אױפֿמערקזאַמקײַט. מיר מוזן פֿונדאַנענ ווי אַמשנעלסטן זיך אַרויסציען. קלאָר, אַז איך בין ניט קײן „סטאַם" אַ געראָטעפּטער, נאָר טראָג אױך אַ גרויסע פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט. ביז איצט האָט זשעאַרזשי ניט געוווּסט פֿון מײַנע באַשעפֿטיקונגען, איר איז נאָר געווען באַקאַנט, אַז איך באַטײליק זיך אין קאַמף קעגן די נאַציס. זי האָט קײנמאָל ניט געשטעלט קײן פֿראַגן. נאָר איצט גיט זי זיך אָפּ אַ כעזשבן, אַז זי איז אומיטלבאַר באַטײליקט אין מײַן טעטיקײַט און איר דראָען ערנסטע געפֿאַרן. איך האָב אַ היסכײַוועס ניט נאָר לעגאַבע איר און איר זון, נאָר אױך לעגאַבע די אַלע, וואָס האָבן מיר געהאָלפֿן.

דער קאַמף גײט ווײַטער אָן. פֿון מיר איז ווײַט דער געדאַנק, איך זאָל זיך פֿאַרשטעקן אין אַ לאָך און אָפּוואַרטן דעם סאָף פֿון דער מילכאָמע. איך מוז וואָס שנעלער אָפּגעפֿינען דעם קאָנטאַקט מיט מישעלן, דעם פֿאַרבינדלער פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטײ, און צו וויסן טאָן מאָסקווע וועגן מײַן אַנטלויפֿן. פֿאַר יעדן פּרײַז מוז איך וויסן, צי איז מײַן ראַפּאָרט דורכגעגאַנגען דורכן ראַדיאָזענדער פֿון דער פּאַרטײ, וועלכער איז אַרײַנגעפֿאַלן צו דער געסטאַפּאָ. פֿון דעם ענטפֿער איז אָפּהענגיק די צוקונפֿט פֿון דער „גרויסער שפּיל".

איך מוז אױך באַשיצן די אַרעסטירטע כאַווײרים, וואָס זײַנען באַדראָט צוליב מײַן אַנטלויפֿן. דאָס איז פֿאַר מיר אַן ערשטראַנגיקער כויוו. קעדײ דאָס צו פֿאַרווירקלעכן, איז מיר פֿאַרבליבן זײער ווייניק צײַט. איך האָב ניט קײן סיבע צו צווײפֿלען, אַז אינגיכן וועט מען אַרויסלאָזן אַ מאַכנע יעגער־הינט צו געפֿינען מײַנע שפּורן...

„אַטאָ איז אַנטלאָפֿן!"

ווען בערג, וואָס איז איצט מער קראַנק ווי אַלעמאָל, איז צוריק געקומען אױף רי דע־סאָסײ מיט דער נײַעס, איז זײ באַפֿאַלן אַ פּאַניק און דערשלאָגנקײַט. פּאַנוויץ האָט גלײַך פֿאַרשטאַנען, אַז מע וועט אים האַלטן פֿאַר דעם הויפּט־פֿאַראַנטוואָרטלעכן. ער רעאַגירט, ווי איך האָב פֿאָרויסגעזען, אָפּן שטײַגער פֿון די געניטע יעגערס, וואָס פֿאַרפֿאָלגן די כײַעס ניט שפּאָרנדיק קײן שום מיטלען. פּאַנוויץ איז דער מאַן, וואָס האָט נאָך דעם אַטענטאַט אױף הײדריכן, אָנגעפֿירט מיט דער אונטערדריקונג אין גאַנץ טשעכאָסלאָוואַקיע — ער איז געוווינט צו אַזעלכע סיטואַציעס. דאָס הויז, וווּ ס'געפֿינט זיך די אַפּטײק בייאַי, איז גלײַך געוואָרן אַרומגערינגלט און צענדליקער קונים ווערן אַרעסטירט. פּאַנוויץ האָט דורכגענישטערט די גאַנצע געבײַדע, גלײבנדיק, אַז איך האָב זיך דאָרטן באַהאַלטן און וואַרט איבער די זוכונגען. דער וואָקזאַל סאַן־לאַזאַר איז אױך געוואָרן אָפּגעשלאָסן (איך האָב עס פֿאָרויסגעפֿילט). די צוגן, וועלכע האָבן געהאַלטן באַם אָפּגײן, זײַנען געוואָרן דורכגעזיפּט. די געסטאַפּאָ האָט קאָנטראָלירט אַלע ערטער (געשעפֿטן, קאַפֿע־הײַזער, רעסטאָראַנען, פֿריזיר־אַנשטאַלטן), וועלכע איך האָב מיט באַגלייטונג באַזוכט אין פּאַריזש. פּאַנוויץ ווענדט אָן די טאַקטיק פֿון פֿישפֿאַנג מיט אַ נעץ: אויב ער וועט פֿאַרהאַלטן הונדערט, וועט צווישן די הונדערט זײַן אײנער, וואָס וועט געבן

די נייטיקע אָנווײַזונגען. ער איז אָבער געבליבן בא גאַרנישט. האָט ער זיך גענומען צום לעצטן מיטל: טעראָר קעגן די קעמפער פונעם רויטן אָרקעסטער.

קעדיי פאַרווישן די שפורן, האָב איך צוגעטראַכט צו שרײַבן פאַנוויצן:

„איך בין ניט אַנטלאָפן, נאָר געווען געצוווּנגען צו פאַרשווינדן. צוויי אומבאַקאַנטע פאַרשוינען האָבן זיך צו מיר געווענדט אין דער אַפּטייק און אָנגעגעבן, אַז זיי זײַנען פון דעם קאָנטער־שפּיאָנאַזש. די צוויי מענער האָבן מיר פאַרזיכערט, אַז די געסטאַפּאָ איז אויפן וועג מיך צו אַרעסטירן און אַז זיי האָבן באַקומען אַ פאַראָרדענונג מיך איבערצופירן אויף אַ זיכערן אָרט".

איך האָב אויפגעקלערט פאַנוויצן, אַז כ׳האָב געהאַלטן פאַר צוועקמעסיק, „קעדיי ניט קאָמפּראָמעטירן אונדזער בעשוטפעסדיקן אינטערעס" — ניט קעגנשטעלן זיך די צוויי און מיט זיי מיטגיין. איך בין מיט זיי אײַנגעשטיגן אין אַן אויטאָ און פאַרלאָזט פּאַריז. הונדערט קילאָמעטער פון פּאַריז האָבן מיר גענומען די באַן ביז דער שווייצאַרישער גרענעץ. כ׳האָב אויסגענוצט די ניט־אויפמערקזאַמקייט פון מײַנע שומרים אַפּצושיקן דעם בריוו אין בעזאַנסאָן. איך האָב אים אויך פאַרזיכערט, אַז איך וועל אים האַלטן אין גאַנג פון די ווײַטערדיקע געשעענישן. באַזונדערס האָב איך דערמאָנט, ער זאָל ניט מאַכן פאַראַנטוואָרטלעך בערגן פאַר דעם, וואָס עס איז געשען, ווײַל זײַן אָנוועזנהייט אין דער אַפּטייק וואָלט סײַווי ניט געקאָנט שטערן מײַן פאַרשווינדן.

איינע פון די צוויי שוועסטער פון דעם פּאַנסיאָן אין סאַן־זשערמען איז מסכים געווען צו נעמען די באַן קיין בעזאַנסאָן און פון דאָרטן אָוועקשיקן דעם בריוו אויף דער פּאָטשט.

נעמענדיק די דאָזיקע איניציאַטיוו, האָב איך געוואָלט מאַכן גלייבן פאַנוויצן, אַז איך געפין זיך ווײַט פון פּאַריז — און אין דער זעלבער צײַט צוימען זײַנע חשדים. אָבער דעריקער האָב איך געציילט, אַז אין פאַל, ווען די געסטאַפּאָ וועט ניט געפינען מײַן ראַפּאָרט אין די אַרכיוון פון די ראַדיאָ־זענדערס, דערמעגלעכן דעם צענטער פאָרצוזעצן די „גרויסע שפּיל", טראָץ מײַן אַנטלויפן.

מיט אַ סאַך דרייסטקייט האָט גלײַך נאָך דעם זשעאָרזשי זיך גענומען אויפזוכן די פאַרבינדונג מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. איך האָב פאַקטיש געהאַט די מעגלעכקייט אײַנצושטעלן דעם קאָנטאַקט מיט דער פּאַרטיי־אָנפירונג דורך אָנרופן אַ טעלעפאָן־נומער און איבערלאָזן פאָלגנדיקע ידיעה: „הער זשאַן איז געוואָרן אָפּערירט, ער נייטיקט זיך אין מעדיקאַמענטן...

ווי נאָר די פּאַרטיי באַקומט דעם טעלעפאָן, איז זי מחויב צו שיקן אַ פאַרבינדלער אויף אַלע פיר אָפּגערעדטע פונקטן פון פּאַריז: אין צפון, דרום, מזרח און מערבֿ.

צוויי טעג נאָך דער טעלעפאָן־ידיעה פון זשעאָרזשי האָט אַ יונג מיידל זיך געטראָפן מיט איר אין ווענינע, אַ פאָרשטאָט אין מערבֿ פון פּאַריז. זשעאָרזשי האָט בא איר פאַרלאַנגט פאַר מײַנטוועגן דאָקומענטן, סאַם און אַ ידיעה וועגן מײַן ראַפּאָרט, וועלכן כ׳האָב איבערגעגעבן זשיליעט. צוויי טעג שפּעטער איז זי צוריקגעקומען מיט די פּאַפּירן, וואָס כ׳האָב פאַרלאַנגט, מיט אַ קאַפּסול ציאַנקאַלי צום אַראָפּשלינגען בייס אַן ערנסטער געפאַר. דערבײַ האָב איך זיך אויך דערוווּסט אַ נײַס, וועלכע האָט מיך צערודערט: דער ראַדיאָ־זענדער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין ליאָנער ראַיאָן האָט נאָר געדינט איבערצושיקן פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל פאַר אַנדערע געגנטן. אַז דער ראַדיאָ־זענדער איז אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ, האָט זי דאָרט געפונען נאָר אויפרופן, אָן באַזונדערע סודות. פיל שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זשאַק דיוקלאָ האָט מײַן ראַפּאָרט, וועלכן כ׳האָב איבערגעגעבן זשיליעט פאַרן צענטער אין מאָסקווע, געהאַלטן פאַר צו וויכטיק, ער זאָל ווערן טראַנסלירט דורך ראַדיאָ. דער ראַפּאָרט איז געוואָרן אַריבערגעפירט קיין לאָנדאָן דורך אַ ספּעציעלן קוריער און אָנגעקומען קיין מאָסקווע מיטן דיפּלאָמאַטישן וועג. מיר איז געוואָרן קלאָר, אַז מײַן אַנטלויפן איז געווען אומנוצלעך. ווען דאָס וואָלט מיר געווען באַוווּסט דעם 13־טן, און ניט דעם 17־טן, וואָלט איך וואַרשײַנלעך נאָך איצט זיך געפונען אין נויאַי. די זאָנדערקאָמאַנדע האָט ניט געהאַט קיין שאַנס צו אַנטדעקן דעם סוד פון דער „גרויסער שפּיל".

דער איניען שטעלט זיך פאָר צו זײַן נאָך ערנסטער, ווײַל מײַן אַנטלויפן האָט געדראָט צו צעשטערן די „גרויסע שפּיל", וועלכער מאָסקווע האָט צוגעגעבן אַזאַ גרויסע באַדײַטונג. ווי עס זאָל ניט זײַן, וועל איך שוין קיין לעבעדיקער אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ ניט אַרײַנפאַלן. דער סאַם אין מײַן קעשענע גיט מיר צו קוראַזש און ביטאָכן. עס האָט ניט געפעלט קיין סאַך, כ׳זאָל אים אַראָפּשלינגען צומאָרגנס נאָך דעם, ווי כ׳האָב אים באַקומען.

יענעם פרימאָרגן האָט זשעאָרזשי, אַרויסגייענדיק, פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, ווי זי האָט עס געטאָן יעדעס מאָל, ווען זי האָט פאַרלאָזט די ווילע. די לאָדנס זײַנען געבליבן פאַרמאַכט אַ גאַנצן טאָג. זי האָט דאָס געטאָן צוליב פּאָשעטע טעמים: צו שאַפן דעם אײַנדרוק, אַז די ווילע איז אומבאַוווינט... פּלוצעם דערהער איך, ווי מע האָט צוויי מאָל לאַנג געקלונגען. איך בין אין שפּאַנונג, גרייט צו אַנטלויפן. אָבער דער באַזוכער איז אַוועק. ס׳איז געווען אַ פאַלשער אַליאַרם.

צומאָרגנס האָט זיך דער שפּאַס איבערגעכאַזערט: עטלעכע שטאַרקע קלעפּ אין טיר האָבן אונדז אַרויסגעריסן פון שלאָף. איך האָב שנעל גענומען זיך אָנטאָן און נאָכגעקוקט, צי כ׳האָב בא זיך די

ציִאַן־קאַלי. איך בין אַרויף אויפֿן פענצטער און געוואָלט גרייט צו שפרינגען, ווי נאָר מע וועט די טיר אויפֿרייַסן. אָבער דאָס קלאַפּערײַ האָט זיך דערווײַל אָפּגעשטעלט. איך האָב געהערט, ווי דער באַלע־באָס פון דער ווילע קלערט אויף זשעאַרזשין, אַז שוין עטלעכע טעג קומט ער ווײַזן דאָס הויז עוועג־טועלע נײַע קוואַרטיראַנטן. העיויס ער געפינט טאָמיד די ווילע פאַרמאַכט, האָט ער געפרוווט זײַן מאַזל אין דער פרימאָרגן־שאָ.

דער טאָפּלטער אינצידענט האָט אונדז אָנגערעגט צו האַנדלען וואָס שנעלער. די אינצידענטן האָבן באַוויזן, אַז מיר זײַנען אָפּהענגיק פון אַ צופאַל. פאַר אונדז איז געוואָרן דרינגענד נויטווענדיק צו פאַרלאָזן דאָס אָרט. נאָר פון אָנעמען אַ באַשלוס ביזן אויספירן — איז אַ טהאָם, וועלכן ס'איז ניט טאָמיד לײַכט אַריבערצושפרײַזן, ביפראַט ווען יעגער־הינט פון דער געסטאַפּאָ זײַנען אויף דײַנע שפורן.

אוועקגיין... אוועקגיין... אָבער וווּהין? מיר באַטראַכטן אַלע מעגלעכקײַטן און באַשליסן צו ווענדן זיך צו דער מישפּאָכע קוויִער, ווו עס האַלט זיך אויף דער קלײנער פּאַטריק, זיי זאָלן אויך מיר אויפֿנעמען. זייער מוטער וווינט ניט ווײַט פון זיי אין אַ קלײנער וווינונג, וועלכע געפינט זיך אין אַ גרויסן באַוווינטן גאָרטן. אַזוי ווי די מוטער איז אוועקגעפאָרן אויף עטלעכע טעג און די וווינונג איז פרײַ, קאָן איך דערווײַל דערפון געניסן. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב זיך ניט געלאָזט בעטן צוויי מאָל.

איך געווין, אַלזאָ, עטלעכע טעג לעגאַבע דער זאַנדערקאָמאַנדע, האַגאַם די פאַרזיכטיקײַט פאַרלאַנגט, איך זאָל זיך צופיל ניט שפּײַזן מיט אילוזיעס. פאַנוויצעס לײַט באַמיִען זיך אוואַדע, דורך אויפזוכן זשעאַרזשין, צו געפינען מײַנע שפורן. פריִער אָדער שפּעטער וועלן זיי דורך סאַן־זשערמען דערגרייכן וועזינע, און דורך וועזינע — סירען. און ווירקלעך: אַ וואָך שפּעטער האָבן זיי דערגרייכט דעם פּאַנסיִאָן אין סאַן־זשערמען. דאָס איז געשען נאָך דעם, ווי זיי האָבן אַרעסטירט — ווי באַקאַנט, שפּאָרט ניט פאַנוויץ קיין מיטלען — אַ גרעסערע צאָל פרײַנט, מיט וועלכע זשעאַרזשי איז געשטאַנען אין פאַרבינדונגען. אין בריסל איז זשעאַרזשיס מוטער און מערערע פרײַנט געפּאַרשט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ. וואַרשײַנלעך, אַז דורך דעם וועג האָבן זיי זיך דערוווּסט, אַז זשעאַרזשיס זון געפינט זיך אין אַ פּאַנסיִאָן אין דער געגנט פון פאַריזש. יעטווידע אינפאָרמאַציע ברענגט זיי גרויס נוץ. וויסנדיק, אַז זשעאַרזשי האָט גענומען טאַנץ־לעקציִעס אין אַ הויף אויף פלאַץ־קלישי (אַ געגנט אין פאַריזש), זײַנען די געסטאַפּאָ־לײַט אוועק אויף דעם אָרט און זיך דערוווּסט בא איינער פון אירע כאַ־ווערטעס דעניז, אַז פּאַטריק געפינט זיך אין סאַן־זשערמען.

אָן שום סאָפעק, אַז די געסטאַפּאָ דערנעענטערט זיך צו מיר, כ'בין אין דעם איבערצײַגט. עס זײַנען ניט אַדורך קיין פולע דרײַ טעג, ווי איך בין אין סירען, און באַקום אַ טעלעפאָן־קלונג פון די צוויי שוועסטער, אַז אַ מאַן האָט זיך פאַר זיי פאָרגעשטעלט מיטן אויסרייד, אַז ער האָט עטוואָס איבערצוגעבן פאַר מאַדאַם דע ווינטער (זשעאַרזשי). לויט דער שילדערונג פונעם אויסזען פון דעם מאַן, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז קענט. קענט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין דער „ברוינער עמינענץ" פון דער זאָנדערקאָמאַנדע. איך האָב דערנאָך אַנטפּלעקט זײַן אָנוועזנהײַט אויף אַלע הייסע פונקטן פון מײַנע פאָרשונגען. דרײַ טעג שפּעטער איז דערשינען אַ נײַע גרופּע פון „נײַגעריקע" אין פּאַנסיִאָן, צווישן זיי איז אויך געווען — הילעל קאַץ!

נאָך מײַן אַנטלויפן האָט פאַנוויץ קאָנצענטרירט אַלע זײַנע אָנשטרענגונגען אויף הילעל קאַץ. דער שעף פון דער זאָנדערקאָמאַנדע האָט זיך גענומען אין קאָפּ אַרײַן, אַז דורך הילעלן וועט ער געפינען דעם פּאָדעם, וואָס וועט פירן צו מיר. קעדיי דאָס צו דערגרייכן, האָט דער אויסוווּרף זיך באַניצט מיט ביטערע מיטלען: פאַר אַלעם האָט ער פאַרלאַנגט בא הילעלן, ער זאָל טעלעפאָנירן צו זײַן פרוי סעסיל און באַשטימען מיט איר אַ דרינגענדע טרעפונג אין פאַריזש. סעסיל האָט געוווּסט, אַז פון דעקאַבער 1942 געפינט זיך איר מאַן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ. זי האָט אויך געוווּסט, אַז זי איז קעסיידער באַוואַכט, און אויב זי וועט זיך אָפּזאָגן צו גיין אויף דער טרעפונג, שטעלט זי זיך אויס אויף רעפּרעסיִעס. איז איר געבליבן דער איינציקער אויסוועג: ענטפערן פּאָזיטיוו. זי האָט זיך געטראָפן מיט הילעלן אין אַ קאַפע־הויז און באַמערקט, אַז אים באַגלייט אַן אומבאַקאַנטער מאַן. פאַרשטייט זיך, אַז קאַץ האָט ניט געהאַט קיין אַנדער ברירע, ווי אויספילן די אָנווײַזונגען פון פאַנוויצן. דאָך האָט ער באַוויזן אויפצודעקן פאַר סעסיל מײַן לאַגע.

— מײַנע פרײַנט, — זאָגט ער איר, — זײַנען זייער פאַרזאָרגט איבערן גורל פון אָטאָן. מע וואַרט, ער זאָל וואָס שנעלער זיך אומקערן...

אין אַ קלאָרער שפּראַך האָט דאָס באַטײַט, אַז איך בין אַנטלאָפן. פאַנוויץ האָט געגלייבט אין דער צוועקמעסיקײַט פון אַזעלכע שריט. העיויס אָבער די אַלע מאַכינאַציעס האָבן ניט געגעבן קיין רעזולטאַטן, האָט ער באַשלאָסן אָנצווענדן די כאַראַקטעריסטישע פאַר אים מיטלען: אַרעסטן און פײַניקונגען. פאַר דעם באַשליסט ער נאָך אויסצופרוּוון דאָס לעצטע מיטל: ער שיקט קאַצן אין באַגלייטונג פון זײַנע אַגענטן קיין סאַן־זשערמען. אויך דאָ האָט קאַץ באַוויזן זײַן אויסערגעוויינלעכע האַלטונג. נאָך דעם, ווי ער האָט געשטעלט דער שוועסטער עטלעכע אומבאַדײַטנדיקע פראַגן וועגן

זשעאַרזשי און פּאַטריק, איז אים געלונגען אין לעצטן מאָמענט אַרײַנשושקען אין אויער איינער פון די צוויי שוועסטער: „הער זשילבער איז אין לעבנס־געפאַר, די געסטאַפּאָ יאָגט זיך נאָך אים".

העלדישער הילעל! ביז דער לעצטער מינוט האָט ער געקעמפט פאַר אונדזער זאַך. קעדיי צו ראַטעווען דאָס לעבן פון אַנדערע, האָט ער זײַן אייגן לעבן געשטעלט אין געפאַר.

פיל שפּעטער, אין טאָג פון באַפרײַען פּאַריז, האָב איך באַזוכט די טפיסע פון נויאי צוזאַמען מיט אַ כאַווער אַלעקס לעסאַוואַ. הער פּרודהאָם, דער פראַנצויזישער וועכטער, האָט מיר דערציילט, וועלכע יעסורים הילעל קאַץ האָט געהאַט אויסצושטיין.

צען טעג נאָך מײַן אַנטלויפן האָט די זאַנדערקאָמאַנדע געפירט הילעלן יעדע נאַכט אויף רי דע־סאָססיי און אים צוריק געבראַכט אין די פרימאָרגנס אין אַ שוידערלעכן מאַצעוו. די יעסורים זײַנען געוואָרן וואָס אַ מאָל פּײַנלעכער. די אַכזאָריעסן האָבן זיך פאַרשטאַרקט. פון איין פּײַניקונג־סעאַנס ביז דעם אַנדערן האָבן די וווּנדן ניט באַוויזן זיך צו פאַרהיילן. דער וועכטער האָט אויסגעניצט דעם מאָמענט, ווען ער האָט אים געבראַכט עסן, קעדיי מיט אים אויסטוישן עטלעכע ווערטער און זיך דערוויסן, וואָס ער האָט געליטן. די טאַליאָנים פון דער זאַנדערקאָמאַנדע האָבן אים באַשולדיקט, אַז ער האָט צוגעגרייט מײַן אַנטלויפן, אַז ער ווייסט, וווּ איך באַהאַלט זיך אויס און וויל ניט אויסגעבן. זיי האָבן אים פאָרגעוואָרפן, אַז בײַס דעם אָרגאַניזירטן וויזיט אין סאַן־זשערמען זאָל ער מיך האָבן געוואָרנט.

הער פּרודהאָם דערמאָנט זיך אויסגעצייכנט דעם טאָג, ווען דאָס פּאָנעם און די הענט בײַ קאַצן זײַנען געווען מערדערלעך צעשלאָגן און פול מיט וווּנדן. ער האָט אים דאַן געזאָגט:

— נאָך דער מילכאָמע וועט הער זשילבער זיכער צוריקקומען אַהער, זאָלט איר ניט פאַרגעסן אים זאָגן, אַז טראָץ דעם פּײַן און די יעסורים, באַדויער איך ניט און בין זייער גליקלעך, אַז כ'האָב געטאָן דאָס, וואָס איך האָב באַדאַרפט טאָן. בעט אים, ער זאָל זיך פאַרנעמען מיט מײַנע קינדער...

עטלעכע שאָ נאָך דעם האָבן די געסטאַפּאָ־לײַט אוועקגעפירט הילעלן. מיר האָבן קיינמאָל ניט געקאָנט דערגיין, וויאַזוי איז הילעל קאַץ אומגעקומען, אָבער דער הענקער פאַנוויץ ווייסט. ער האָט אים געפּײַניקט און דערמאָרדעט מיט אָדער אָן אַ קלוימערשטן געריכט. נאָך איצט זע איך פאַר מיר הילעל קאַצן. איך זע אים, דעם וווּנדערלעכן קעמפער. העלדישקײַט איז פאַר אים געווען די נאַטירלעכע האַלטונג, ווי פאַר די אַלע, וואָס האָבן אויסגעקליבן מאַקריוו צו זײַן זייער לעבן פאַר אַ בעסערער צוקונפט.

אין סאַן־זשערמען האָט די זאַנדערקאָמאַנדע אַרעסטירט די צוויי שוועסטער. זיי האָבן זיך געהאַלטן זייער מוטיק און קיינעם ניט אויסגעגעבן. זיי האָבן אויך ניט דערציילט וועגן זייער נעסיִע קיין בעזאַנסאָן און וועגן דעם בריוו, וואָס פאַנוויץ האָט פון מיר באַקומען. צומאָרגנס האָט די געסטאַפּאָ שוין געקלאַפּט אין דער ווילע פון וועזינע. די יעגער־הינט דערנענטערן זיך. אין עטלעכע טעג, מעגלעך, אַז אין עטלעכע שאָ אַרום, וועט זייער בילן אָפּהילכן אין סירען. מע מוז דעריבער ווידעראַמאָל שנעל האַנדלען. קודעם ראַטעווען די פרוי קוויִער. מיר איז געלונגען זי איבערצײַגן, אַז זי מוז פאַרלאָזן דאָס אָרט. זי איז אַוועקגעפאָרן מיט פּאַטריקן צו איר שוועגערן אין קאָרעז (אַ דעפּאַרטאַמענט אין מיטל־פראַנקרײַך). זשעאַרזשי און איך האָבן ווידער געמוזט נעמען דעם וואַנדער־שטאָק אין האַנט. נאָר וווּהין גיין? אין וועלכער ריכטונג? מיר האָבן דורכגעטראַכט דעם איניען און מײַן אויסוואַל איז געפאַלן אויף די ספּאַאַקס, סיוזאַן און קלאָד, וועמען איך האָב צום ערשטן מאָל באַגעגנט זומער 1942. איך בין דעמלט געגאַנגען זיי זען אין זייער וווינונג אויף דער באַזשאַלע־גאַס, קעדיי זיי צו וואָרענען וועגן דעם אַרעסט פון זייערע פרײַנט מירע און הערש סאָקאָל. איך בין געוואָרן דערשטוינט פון זייער קאַלטבלוטיקײַט, מיט וועלכער זיי האָבן אויפגענומען די נײַעס. זיי האָבן קיין איין מינוט ניט געצווייפלט אין דער פעסטער האַלטונג פון די סאָקאָלס און געווען איבערצײַגט, אַז זיי וועלן גיכער אויסקלײַבן דעם טויט, איידער זיך מוידע זײַן. און אַזוי איז טאַקע געשען: די סאָקאָלס האָבן צוגעגעבן זייערע נעמען צו דער לאַנגער רעשימע מאַרטירער פון די ווידערשטענדלער קעגן נאַציזם און ווי פיל אַנדערע — מיטגענומען דעם סאָד אין זייער קייווער.

דער קעגנזײַטיקער צוטרוי, וועלכן מיר האָבן אַרויסגעוויזן איינער צום אַנדערן, האָט באַרעכטיקט מײַן באַשלוס. זשעאַרזשי איז אַוועק צו די ספּאַאַקס און זיי דערציילט, וואָס מיט אונדז קומט איצט פאָר. זיי האָבן זי פאַרזיכערט, אַז זיי וועלן אַלץ טאָן מיר צו העלפן. אַ שטראַל אין דער פינצטערניש... קלאָד איז געקומען מיך זען אין מײַן צימער אין סירען. ווי גוט איז צו וויסן, אַז מיר זײַנען מער ניט אַליין. דאָס ערשטע, וואָס איז געווען דרינגענד, — געפינען אַן אָרט, וווּ מיך צו פאַרשטעקן, מיט דעם באַדינג, אויף וועלכן מיר זײַנען ביידע געווען מאַסקים, אַז דאָס אָרט זאָל ניט האָבן קיין שום שײַכעס צו די קעמפער פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. די צווייטע נויטווענדיקײַט: אײַנשטעלן אַ רעגולערע פאַרבינדונג מיט דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

פאַר אַלעם מוזן מיר אויסזוכן אַ באַהעלטעניש, ווײַל עס קאָן ניט זײַן קיין רייד פון בלײַבן לענגער אין סירען. ביז מיר וועלן געפינען אַ זיכער אָרט, וועט דאָס אונדז דערווײַל דינען ווי אַ

פּאַטשט־טרעפֿונג. דעניז, זשעאַרזשיס פֿרײַנט פֿון די טאַנץ־לעקציעס, האָט איר אָנפֿאַרטרויט די שליסלען פֿון איר בוידעם־שטיבל אויף דער שאַבאַנע־גאַס. דעם 24־טן נאָיאַבער אין אָוונט זײַנען מיר אַרײַן אין דעם שטיבל. איך בין דערצו מאַסקים געווען מיט אַ ווידערווילן. מיך האָט געפּײַניקט אַ פֿאַרגעפֿיל, אַז דעניז איז ניט קיין זיכערע און מעגלעך, אַז מיר אַליין יאָגן זיך צום וואָלף אין פּיסק. אַ שטאַרק אומרויִקער, האָב איך דורכגעמאַכט די נאַכט פֿון 24־טן אויפֿן 25־טן, שלעכט געשלאָפֿן, אויפֿגעכאַפּט זיך בײַ יעדן שאָרך און יעדע מינוט געוואַרט צו דערהערן עמעצן בײַ אונדזער טיר. מיט טיפֿער דערלײַכטערונג האָב איך צומאָרגנס, גאַנץ באַגינען, פֿאַרלאָזט די צווייפֿלהאַפֿטע באַהעלטעניש און אַוועק צו די ספּאַאַקס. מײַנע פֿאַרגעפֿילן האָבן ניט אָפּגענאַרט. מיר האָבן געהאַט מאַזל, וואָס מיר האָבן זיך באַצײַטנס אַרויסגעצויגן. גלײַך נאָך דעם האָט די געסטאַפּאָ אַרעסטירט דעניז און זי האָט בײַ דער ערשטער אויספֿאָרשונג גענומען „שיטן". זי האָט אויסגעגעבן דעם אַדרעס פֿון די קוויִערס — און דערפֿאַר האָט מען זי אַרויסגעלאָזט. פּאַנוויץ האָט געגלייבט, אַז מיט דעם אַדרעס האָט ער שוין אַלץ אַנטדעקט. די יעגער־באַנדע האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דער ווילע. אָבער צו שפּעט. די צײַט צו שרײַען הוראַ איז נאָך ניט געקומען, הגם זיי האָבן זיך גענומען צום הער קוויִער, וואָס איז פֿאַרבליבן אין דער ווילע.

פּאַנוויץ צילט דאָן זײַן געווער אין אַן אַנדערער זײַט. ער האָט אַ פּאַסטקע, פֿון וועלכער ער דערוואַרט זייער פֿיל. ער איז איבערצײַגט, אַז פּאַטריק איז מײַן זון. העיוויס אים איז געלונגען צו באַקומען דעם אַדרעס, וווּ עס האָט זיך אויפֿגעהאַלטן די פֿרוי קוויִער מיטן קינד, גלייבט ער, אַז ער וועט דאָס קאָנען אויסניצן מיך צו שאַנטאַזשירן. ער קלינגט צו דער פֿרוי קוויִער דורך אַ „שאַכן", אַז איר מאַן האָט צעבראָכן אַ פֿוס, און זי מוז שוין קומען. אָבער די שטריק פֿון דער נעץ זײַנען צו דיק, די פֿרוי קוויִער דערפֿילט אַ געפֿאַר און פֿאַרבלײַבט אין קאַרעז.

דער שעף פֿון דער זאָנדערקאָמאַנדע פֿאַרלירט ניט דעם קוראַזש און באַשליסט, אַז אויב דער „זון" פֿון אָטאָ וויל ניט צו אים קומען, וועט ער גיין צו אים. ער שטעלט צונויף אַ גאַנצע עקספּעדיציע צו זוכן דעם קליינעם פּאַטריק אין קאַרעז. פּאַנוויץ רעכנט זיך גאָר ווייניק מיט די אויסגעדראָשענע רעדעס פֿון ד״ר געבעלס, וואָס נאָך באַם סאָף פֿון יאָר 1943 האַלט ער אין איין שרײַען וועגן דעם ניצאָכן פֿונעם דריטן רײַך. העיוויס פּאַנוויץ איז גוט אינפֿאָרמירט וועגן דער פּאַקטישער לאַגע אין קאַרעז, וועלכע איז באַהערשט פֿון די אויפֿשטענדלער, אָרגאַניזירט ער אַ גאַנצע מיליטערישע אָפּעראַציע. אויטאָס, אָנגעשטאָפּטע מיט באַוואָפֿנטע געסטאַפּאָ־אַגענטן, לאָזן זיך אין וועג מיטן ציל — אַרעסטירן אַ געפֿערלעכן אַגענט פֿונעם רויטן אָרקעסטער אין עלטער פֿון... פֿיר פֿרילינגס.

די אויפֿגאַבע איז אויסגעפֿילט, פּאַנוויץ רײַבט זיך די הענט. נאָך דעם געיעג, וועלכן ער האָט אויף מיר געמאַכט אין די לעצטע צוויי וואָכן, גלייבט ער, אַז איצט האַלט ער שוין אין האַנט דעם שליסל פֿון מײַן אַרעסט־קאַמער. דער זון פֿונעם גרויסן שעף איז אין זײַן באַזיץ, דערפֿאַר איז ער זיכער, אַז אַזויאַרום וועט ער דערגרייכן צום פֿאָטער. ער האָט זיך נאָך מער איבערצײַגט אין דעם נאָך דעם עקזאַמען, וואָס ער האָט דורכגעפֿירט אויפֿן קליינעם פּאַטריק. ער האָט געוויזן מײַן פּאָטאָ דעם קליינעם, ער זאָל אים זאָגן, ווער איז דער „הער" — און דערהערט אַן ענטפֿער: „פּאַפּאַ נאַנו". דאָס מאָל איז ער פֿולשטענדיק זיכער. דער שעף פֿון דער זאָנדערקאָמאַנדע איגנאָרירט, אַז דער קליינער פּאַטריק האָט די געוווינהײַט צו רופֿן אויפֿן זעלבן אופֿן אויך די פֿרוי קוויִער: „מאַמי אַני".

איך בין צופֿרידן פֿון פּאַנוויצעס נאַרישקײַטן, אָבער באַזאָרגט וועגן דעם גורל פֿונעם קינד. אָן ספֿק, אַז פּאַנוויץ וועט אָנעמען אַלע מיטלען צו אַרעסטירן זשעאָרזשין. פֿיל שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די געסטאַפּאָ איז ניט געווען צווישן זיך איינשטימיק וועגן דעם גורל פֿון פּאַטריקן. טייל האָבן פֿאָרגעשלאָגן אים צו שיקן קיין דײַטשלאַנד, אַנדערע — ער זאָל בלײַבן אין אויג פֿון דער זאָנדערקאָמאַנדע. העיוויס זיי איז געווען שווער צו האַלטן אים אין טורמע, האָבן זיי אים אָפּגעגעבן אין אַ רעקוויזירטער אינסטיטוציע אין סאַן־זשערמען צוזאַמען מיט דער פֿרוי קוויִער און דאָרט אים געהאַלטן ביז יאַנואַר 1944. דערנאָך האָבן זיי אים אַריבערגעפֿירט אין אַ הויז אין סירען, וואָס איז געווען באַוואַכט טאָג און נאַכט. דאָס האָבן זיי געטאָן מיטן גלויבן, אַז וואַרשײַנלעך וועל איך זיך אַרומדרייען אין דער געגנט, נאָענט פֿון „מײַן זון" און לעסוף אַרײַנפֿאַלן אין זייערע הענט.

פּאַנוויץ האָט זיך מוירעדיק טויע געווען. איך האָב מײַן באַהעלטעניש געהאַט בײַ די ספּאַאַקס. אָבער ניט געקוקט אויף מײַן צוטרוי צו זיי, האָב איך אָנערקענט, אַז דאָס באַהעלטעניש איז דאָס סאַמע אומזיכערסטע, וואָס איך האָב געהאַט זינט מײַן אַנטלויפֿן. איך האָב געוווּסט, אַז ביידע געהערן צו דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, הגם איך האָב ניט געהאַט קיין אַנונג, אין וועלכער מאָס זיי באַטייליקן זיך אין דעם. סיוזאַן נעמט אָנטייל אין פֿיל געהיימע אַקציעס. אין 1942 האָט זי זיך געווידמעט צו ראַטעווען ייִדישע קינדער, איז געווען טעטיק אין דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג קעגן ראַסיזם. אָבער אין סעפּטעמבער 1943, ווען זי האָט מיך אויפֿגענומען בײַ זיך, האָב איך ניט געוווּסט, אַז זי אַרבעט אויך מיט מערערע גאָליסטישע און קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, נעמט אָנטייל אין די געפֿער־

לעכסטע אקציעס, ניט רעכענענדיק זיך מיט געפֿאַרן, זי איז דעריבער זייער באַדראָט. מיר קומען צו דער מיינונג, אַז ס'איז פֿיל סייכלדיקער, מיר זאָלן זיך צעשיידן. די קומענדיקע צוויי נעכט האָבן מיר פֿאַרבראַכט אין אָראַטואַר־קלויסטער, ניט ווײַט פֿון לוווּר. מיר זײַנען דאָס מאָל אופֿגענומען געוואָרן דורכן פּראָטעסטאַנטישן גאַלעך, וואָס פֿלעג געבן צימערן פֿאַר ייִדישע קינדער, וועלכע סיוזאַן ספּאַאַק האָט אַרויסגעריסן פֿון די דײַטשישע נעגל.

פֿון יענעם קלויסטער בין איך אַריבער, אַדאַנק די ספּאַאַקס, אין אַ פּענסיאָנערן־הויז, וואָס זאָל האָבן געווען, ווי אייניקע האָבן געמיינט, דאָס בעסטע אָרט זיך אויסצוהיטן פֿאַר דער געסטאַפּאָ. אָבער פֿון דעם וואָרט „פּענסיאָנער" איז מיר דורכגעגאַנגען אַ שוידער איבערן לײַב.

## .26
## שאַרפֿער דועל מיט דער געסטאַפּאָ

מיט מײַנע נײַן און דרײַסיק יאָר און, ווי דער שעף פֿונעם רויטן אָרקעסטער, בין איך געצוווּנגען צו שפּילן די ראָל פֿון אַ מער־ווייניקער עלטערן פּענסיאָנער אין אַ רויִק הויז, וואָס טראָגט דעם נאָמען „דאָס ווײַסע הויז" (מעזאָן בלאַנש) און געפֿינט זיך אין בורג־לאַ־רען, אַ פֿאָרשטאָט אין דאָרעם־זײַט פֿון פּאַריז. איך האָב אָבער ניט קיין ברירה און באַשליס צו דערשײַנען ווי אַ לײַדנדיקער פּענסיאָנער, וואָס בייטיקט זיך אין אַ קראַנקן־שוועסטער. זשעאָרזשיס אָנוועזנהײַט אין דעם הויז איז אויסגעשלאָסן. האָבן מיר זיך געווענדט צו מאַדאַם מיי, דער אַלמאָנע פֿון אַ באַוווּסטן לידער־זינגער, וואָס האָט געטראָגן אַ ביטערע סינע צו די נאַציס און איז גרייט געווען אָנטיילצונעמען אינעם אונטערערדישן קאַמף. מיר האָבן צו פֿאַרדאַנקען זשעאָרזשין די „זעלטענע פּערל", וואָס זי האָט אַנטדעקט (געפֿינען אַ פֿרוי, צו וועלכער מע קאָן האָבן פֿולן צוטרוי און איז אויך אַנטשלאָסן צו ריזיקירן, איז ניט געווען פֿון די לײַכטע זאַכן). פֿאַר דער אויסערלעכער וועלט וועט זי זײַן אונדזער אַן אַלטע, טרײַע מומע. פֿאַקטיש האָט זי געדינט ווי אַ פֿאַרבינדלערן.

די ערשטע צײַט זײַנען אין „ווײַסן הויז" געווען רויִקע טעג. איך האָב אָבער באַמערקט, אַז פֿיל פּענסיאָנערן האָבן די זעלבע שוועריקײַטן, ווי איך, צו שפּילן די ראָל פֿון אַלטע לײַט. אָן שום ספֿק, אַז פֿיל סימנים פֿאַראַטן סײַ די עלטער, סײַ דעםווירקלעכן מצבֿ. קימאַט אַלע זעען אויס, ווי איך, וואָס עס האָט מיך שטאַרק באַאומרויִקט. איך האָב דעם אײַנדרוק, אַז אויך זיי זײַנען געצוווּנגען אויסצומײַדן די דײַטשישע נײַגעריקײַט... די אַטמאָספֿער איז אַ פּרײַנטלעכע, אָבער יעדער האַלט זיך פֿונדערווײַטנס, ווי ער וואָלט זיך געשראָקן פֿאַרן שאָכן, און נעמט די מאָלצײַטן צו זיך אין צימער. יאָ, ס'איז ניט קיין דורכשניטלעך עלטער־הויז...

די מעגלעכקײַטן צו צעשטערן פּאַנוויצעס פּלענער זײַנען ניט קיין גרויסע, דאָך איז קעדײַ צו פּרוּוון דאָס צו טאָן. סאָף סעפּטעמבער האָב איך געשריבן צו פּאַנוויצן אַ צווייטן בריוו. אין ערשטן, ווי מע דערמאָנט זיך, האָב איך אים געשריבן, אַז איך פֿאָר אין דער שווייץ, באַגלייט פֿון אַגענטן פֿון סאָוועטישן קאָנטער־שפּיאָנאַזש. אָבער פֿון דעמלט האָט ער אָפּגעפֿונען שפּורן פֿון מײַן זײַן אין סאַן־זשערמען, אין וועזינע, אין סירען. איז געווען נייטיק, איך זאָל אים איצט געבן אַ באַגלייבלעכע אויפֿקלערונג וועגן דעם. איך האָב אים דערציילט, אַז מיט דער האַסקאָמע פֿונעם קאָנטער־שפּיאָנאַזש, בין איך צוריקגעקומען קיין פּאַריז.

איך פֿאַרשטיי די באַמערקונג, וואָס וועט אײַך קומען אויפֿן געדאַנק:

האָט איר ניט געפֿונען עפּעס בעסערס, ווי אָנווײַזן דער זאָנדערקאָמאַנדע די שטאָט, וווּ איר געפֿינט זיך? פֿאַר אַ מענטש, וועמען ס'איז געלונגען זיך אַרויסצורײַסן פֿון זייערע הענט און ווערט קעסיידער ווײַטער פֿאַרפֿאָלגט, איז דאָס אַן אומפֿאַרשטענדלעכע איניציאַטיוו. עס הייסט פּשוט: אויפֿקשטעלן דעם יעגער אויף די שפּורן פֿון דער חיה! איך פֿאַרשטיי זייער גוט די פֿאַרוווּנדערונג. מײַן תּשובֿה אויף דעם: מע מוז נעמען אין אַכט די פּסיכיק פֿון אַ געסטאַפּאָ־אַגענט. איר זאָגט אים, אַז איר זײַט אין פּאַריז, וועט ער אײַך זוכן אין אַלע ווינקלען פֿון אייראָפּע! איבעריקנס, האָב איך געהאַט ערנסטע סיבֿות דערצו. פּאַריז איז אַ גאַנײדן פֿאַר דעם אונטערגרונט. אויף וויפֿל אַ מענטש, וואָס ווערט פֿאַרפֿאָלגט, איז מסוגל איבערצורײַסן מיט זײַנע אַמאָליקע פֿאַרבינדונגען, האָט ער דאָ רעאַלע שאַנסן צו ראַטעווען זיך פֿון די פֿאַרפֿאָלגער.

איך האָב בעקיצור געשריבן דעם בריוו מיט אַ רויִקן, זיכערן טאָן און אויסגעדריקט מײַן פֿאַרביטערונג אויף דער האַלטונג פֿון דער זאָנדערקאָמאַנדע. איך האָב זי באַשולדיקט אין אַרויסרופֿן באַוווּסטזיניק אַ פּאַניק מיטן אַרעסטירן אומשולדיקע מענטשן, וואָס האָבן ניט קיין שײַכות צו מײַן נעץ. איך האָב צוגעגעבן, אַז אין דער צוקונפֿט וועל איך פֿון דער באַפֿרײַונג פֿון די אַרעסטירטע מאַכן אָפּהענגיק מײַן באַציִונג צו דער זאָנדערקאָמאַנדע.

פּאַנוויץ, וואָס האָט פון אָנהייב גע־גלייבט, אַז די זאַנדערקאָמאַנדע איז דער באַלעבאָס פון דער „גרויסער שפּיל", האָט אים מײַן בריוו באַוויזן, אַז ס'איז ווײַט ניט אַזוי. ער האָט געזוכט צו דערגיין מײַנע קאָוואַנעס און ניט פאַרשטאַנען, האַלעמײַ האָב איך נאָך מײַן אַנטלויפן ניט אויפגע־דעקט פאַרן צענטער דעם גאַנצן עמעס. פאַרשטענדלעך, אַז ער האָט ניט געוווּסט, אַז פון פעברואַר 1943, ווען איך האָב איבערגעגעבן זשיליעט מײַן ראַפּאָרט, איז מאָסקווע געווען באַקאַנט מיט דער לאַגע.



אַרוויד האַרנאַק און זײַן פרוי מילדרעד — מיטגלידער פון שולצע־בויזענס גרופּע

מײַן הויפּט־ציל איז איצט געווען: אײַנשטעלן די פאַרבינדונג מיטן צענטער דורך דער אָנפירונג פון דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. איך האָב געהאָפט דאָס צו דערגרייכן אַדאַנק סיוזאַן ספּאַאַק, זי אַליין איז ניט געווען קיין מיטגליד פון דער פּאַרטיי. זי האָט אָבער באַם ראַטעווען יידישע קינדער מיטגעאַרבעט מיט אַ יונגן דאָקטער שערטאָק, וואָס איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיטן אַדוואָקאַט לעדערמאַן — אַ קאָמוניסטישן קעמפער, אײנעם פון די הויפּט־פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרן ייִדישן ווידערשטאַנד אין פראַנקרײַך. איך האָב זיך מיט אים פיל מאָל באַגעגנט, ווען כ'בין געווען טעטיק אין די רייען פון דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

לעדערמאַן האָט געהאַט די פאַרבינדונג מיט דער אָנפירונג פון אויסלענדישע קאַמפּס־גרופּעס, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און מיטן כאַווער קאָוואַלסקי, דעם גע־היילף־שעף פון מ.א.י. (מ.א.י. — פראַנצויזישע ראָשעטייוועס פון דער אָנפירונג פון די אײַנגעוואַנ־דערטע אַרבעטס־קויכעס). איך האָב גוט געקענט קאָוואַלסקין. ער איז טאַקע דער מענטש, אין וועלכן איך האָב זיך איצט געניייטיקט. קאָוואַלסקי איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דער פּאַרטיי־אָנפירונג און מיט מישעלן. און מישעל איז דער, וואָס האָט פון 1941 פאַרזיכערט די פאַרבינדונג צווישן מיר און דער פּאַרטיי.

דערגרייכן קאָוואַלסקין איז ניט געווען פון די לײַכטע זאַכן. מיר האָבן דאָס געמוזט מאַכן שטופּנווײַז. דורך דער צײַט, וואָס איך האָב געזוכט אַ וועג אין דער ריכטונג, האָב איך דערוויַיל יעדן 1־טן און 15־טן פונעם כוידעש געשיקט אַ שאַליעך צום קלויסטער פון ביטשאַמאַן (געגנט אין פּאַריזש), וועלכער איז בעשײַטע געווען אַ סטאַבילער טרעף־פּונקט, באַשטימט פון לאַנג דורכן צענ־טער. עקזיסטירט ער נאָך? דעם 1־טן אָקטיאַבער האָב איך געשיקט זשאָרזשין צו דעם פּונקט, אָבער זי האָט דאָרטן קיינעם ניט געפונען.

אַדאַנק דער מיטהילף פון צוויי ענגלישע פרײַנדנס, רוט פּעטערס און אַנטאָניאַ ליאָן־שמיט, וועלכע האָבן געלעבט אומלעגאַל אין פּאַריזש, איז געלונגען די ספּאַאַקס אויסצובאַהאַלטן זשאָרזשין. אַנטאָניאַ ליאָן־שמיט האָט פאַרגעלייגט זיך ווענדן צו אײנעם פון אירע פאַרבינדעטע, ד״ר דע יאַנקער, וואָס האָט געוווינט אַ צוויי טריט פון דער שווייצאַרישער גרענעץ, אין שטעטל סאַן־פּיער דע שאַרט־רעס, ער זאָל העלפן זשאָרזשין דורכגיין אין דער שווייץ. דער דאָקטער איז געווען אַן איבערצײַגטער און אַקטיווער אַנטי־נאַצי. אַדאַנק זײַן פּריווילעגירטער לאַגע, האָט ער געהאָלפן דורכגיין די גרענעץ אַלעמען, וועמען עס איז געלאָפן זיך ראַטעווען אין דער שווייץ. ביז זײַן ענטפער וועט אָנקומען, האָבן מיר באַשלאָסן, אַז זשאָרזשי זאָל זיך דערווײַל באַהאַלטן אין אַ קליין דערפל אין באָס (אַ געגנט אין פראַנקרײַך), וואָס געפינט זיך ניט ווײַט פון שאַרטער. אין דעם דערפל וועט זי וואַרטן אַפן סיגנאַל אַריבערצוגיין די שווייצאַרישע גרענעץ. אָבער זשאָרזשי האָט ניט געהאַט קיין געדולד צו וואַרטן. דעם 14־טן אָקטיאַבער איז זי צוריקגעקומען אַ נערוועז דערשיטערטע אין בורג־לאַ־רען. לעסאָף איז מיר געלונגען זי איבערצײַגן, זי זאָל זיך אומקערן אין דעם דערפל. דעם 15־טן אָקטיאַבער אינדערפרי, פאַרן צוריקפאָרן, האָט זשאָרזשי אָן מײַן וויסן איבערגעלאָזט אויף אַ שטיקל פּאַפּיר איר נײַעם אַדרעס דער מאַדאַם מיי, מע זאָל וויסן, וווּ זי צו געפינען. די מאַדאַם מיי האָט דאָס פּאַפּירל מיטן אַדרעס גענומען צו זיך. ס'איז געווען פאַרגעזען, אַז אין דעם זעלבן טאָג וועט מאַדאַם מיי גיין אויף דער טרעפונג צום ביטשאַמאַן.

די טרעפונג האָב איך זאָרפעליק מיט איר צוגעגרייט. זי האָט זיך געדאַרפט האַלטן אויף אַ פאַרזיכטיקן מעהאַלעך פון דעם קלויסטער. איך האָב דאָס באַזונדערס אונטערגעשטראָכן און אָנגע־

זאָגט, אז נאָך דעם, ווי זי וועט אײַנשטעלן די פאַרבינדונג, זאָל זי פאַר קיין פאַל ניט ארופגיין צו זיך אין ווינונג, וועלכע געפינט זיך ניט ווײַט פון ביטשאָמאָן.

מיר דאַרפן ניט פאַרגעסן אין דעניז, וואָס האָט פריִער געטאַנצט מיט זשעאַרזשין אַף די טאַנץ־לעקציעס. אָן שום סאָפעק, אז פון יענער צײַט האָט זי געטאַנצט מיט דער זאַנדערקאָמאַנדע. איך האָב די פולע איבערצײַגונג, אז פונעם געסטאַפּאָ־איבערפאַל אַף סירען, האָט זי זיך אײַנגעטונקט אין פאַראַט פון אויבן ביז אַראָפּ... דעניז איז געווען גוט באַקאַנט מיט דער מאַדאַם מיי, איר איז אויך געווען באַוווּסט דער אַדרעס פון איר ווינונג.

בײַס מײַן אופהאַלט אין „ווײַסן הויז" האָב איך געקאָנט דערלערנען די מאַדאַם מיי. אָן עלטערער מענטש, גענוג אינטעליגענט און ניט ווייניקער אָפנהאַרציק. פונקט ווי די אַלע, וואָס האָבן מיר געהאָלפן זינט מײַן אַנטלויפן, איז זי געווען אַ פאַרביסענע אַנטי־נאַצי, ברייטהאַרציק, קעמפעריש, נאָר אָן דער מינדסטער אַנונג, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר אָן אונטערערדישער קאַמפער, און צוליב זייער אומדערפאַרנקײַט האָבן זיי פאַרלײַכטערט די אופגאַבע פון די פּראָפעסיאָנעלע געסטאַפּאָ־לײַט. זי האָט זיך פאַר מיר פאַרטרויט, אז נאָכן טויט פון איר מאַן האָט זי איר מוטערלעכע ליבע איבערגעטראָגן אַף איר אײנציקן זון, אַ פראַנצויזישן אָפיצער, וואָס געפינט זיך איצט ווי אַ קריגס־געפאַנגענער אין דײַטשלאַנד. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט דעם שוידערלעכן שאַנטאַזש, וועלכן די גאַנגסטערס וועלן לעגאַבע איר אָנווענדן, אויב זי וועט, כאַלילע, אַרײַנפאַלן אין זייערע נעגל. מאַכמעס דעם האָב איך זי געבעטן, אז אין פאַל, ווען דער אומגליק וועט געשען און זי וועט דורכפאַלן, זאָל זי פאַר יעדן פרײַז זיך באַמיִען די ערשטע צוויי אָדער דרײַ שאָ פולשטענדיק צו שווײַגן.

די טרעפונג אין ביטשאָמאָן איז געווען באַשטימט אַף 12 אַזייגער באַטאָג. איך האָב געוואַרט, זי זאָל צוריקקומען אין אַ שאָ אַרום, העכסטנס אין אָנדערהאַלבן שאָ. די צײַט איז אַדורך — און זי איז ניטאָ. דער זייגער איז שוין דרײַ, און מע זעט זי נאָך אַלץ ניט צוריק. מע האָט ניט געדאַרפט זײַן קיין גרויסער טרעפער צו פאַרשטיין, אז מיט איר איז עפּעס געשען. איך האָב אָנגעהויבן צוטראַכטן פאַרשיידנאַרטיקע האַשאָרעס.

לויט מיר, איז אויסגעשלאָסן, אז מאַדאַם מיי זאָל ווערן פאַרהאַלטן אַפן אָרט פון דער טרעפונג דורך דער געסטאַפּאָ, מאַכמעס וועגן דעם אָרט האָבן נאָר געוווּסט זשעאַרזשי, דער צענטער און איך. איז פאַרבליבן די צווייטע האַשאָרע: אז טראָץ מײַן וואָרענונג, זאָל מאַדאַם מיי האָבן אַרופגעגאַנגען צו איר אין ווינונג. צום באַדויערן, איז אַזוי געשען. פיל שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, וויאַזוי דאָס איז פאָרגעקומען. זי האָט געוואַרט אַ פערטל שאָ ניט ווײַט פונעם קלויסטער. העיויס קיינער האָט זיך ניט באַוויזן, איז אָנשטאָט צוריקקומען קיין בורג־לאַ־רען, ווי מיר האָבן אָפּגערעדט, האָט זי באַשלאָסן אַרופגיין צו זיך אין ווינונג. ווער קאָן וויסן, וואָס עס קומט פאָר אין האַרץ פון אַ מאַמען, וועלכע האָט ניט אַ לענגערע צײַט קיין ידיִעס פון איר באַליבטן זון, ביפּראַט נאָך, ווען ער געפינט זיך אין געפאַנגענשאַפט אין דײַטשלאַנד?

טראָץ מײַן אָנזאָג, האָט זי געהאָפט, אז אַ בריוו וואַרט אַף איר. ס'איז דאָך ניט מער ווי אַ צוויי טריט פונדאַנען. פאַרפאַלן, זי וועט ריזיקירן...

אָנשטאָט אַ בריוו האָט זי געטראָפן די לײַט פון דער לאַפאָן־באַנדע, די פראַנצויזישע מעשאָרסים פון דער געסטאַפּאָ. איר ווינונג האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פאַסטקע... אין טאַש פון דער מאַדאַם מיי האָבן זיי געפונען דאָס קליינע שטיקל פּאַפּיר מיטן אַדרעס פון זשעאַרזשי אין באָס.

דעניז איז ניט דערגאַנגען צו איר באַרוף פון אַ קליין, ווײַס מײַזל (באַלעט־טענצערן) און זיך פאַרנומען צו זײַן אַ „גרוי מײַזל" (די באַצייכענונג האָט מען געגעבן די פרויען, וואָס האָבן בײַס דער אָקופּאַציע מיטגעאַרבעט מיט דער גרוי־מונדירטער ווערמאַכט). דאָ האָט זי געהאַט פאַר זיך אַ צוקונפט.

פאַנוויץ האָט באַזעצט די ווינונג פון מאַדאַם מיי מיט זײַנע מערדער־געהילפן פון דעם באַרימטן הענרי שאַמבערלען־לאַפאָן. ער האָט געהאַט צו זיי צוטרוי, זיי האָבן אים שוין באַוויזן זייער דינסט־גרייטקײַט און קענטעניש. ער האָט געוווּסט, אז יעדער, וואָס וועט באַזוכן די ווינונג פון מאַדאַם מיי, וועט מוזן דורכגיין אַ שאַרפן פאַרהער. אָבער דאָס איז ניט פאָרגעקומען אַזוי, ווי זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט. מאַדאַם מיי, אָן אופגעברויזטע פון דער נעץ, וועלכע מע האָט פאַר איר פאַרשפּרייט, האָט אָנגעהויבן דערלאַנגען קלעפּ די לאַפאָן־מערדער, וואָס זײַנען גיכער געווען געווינט אַליין צו געבן, ווי צו באַקומען. די מערדער האָבן ווי געהעריק באַקומען זייער כיילעק. זיי איז ניט גרינג אָנגעקומען צו באַהערשן די דאָזיקע פרוי. זיי האָבן גערופן צו הילף פאַנוויצן, ער איז געקומען צו לויפן... און אויך באַקומען זײַן כיילעק.

נאָך דעם האָט די לאַגע פון מאַדאַם מיי זיך פאַרשאַרפט. מ'האָט זי אַוועקגעפירט אַף דע־סאָסייגאַס, און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן דער שאַנטאַזש: אָדער דאָס לעבן פון איר זון, אָדער די אַדרעסן, ווי ס'איז געווען פאָרויסגעזען. דאָך איז איר געלונגען אין מעשעך פון עטלעכע שאָ צו שווײַגן. אַרום זעקס אין אָוונט האָט זי ניט געקאָנט מער אויסהאַלטן און זיך אײַנגעבראָכן. זי האָט אויסגעגעבן

מײַן אַדרעס פֿונעם „ווײַסן הויז“ פֿון די ספּאַאַקס און צוגעגעבן, אַז זי איז געווען אַ פֿאַרבינדלערן צווישן זיי און מיר.

פֿאַרפֿײַניקטע מאַדאַם מיי — זי איז ניט געווען צוגעגרייט פֿאַר אַן אונטערערדיש לעבן. אין עטלעכע שאָ איז געלונגען דער געסטאַפּאָ צו געבן אַ געפֿערלעכן קלאַפּ. די ספּאַאַקס, זשעאַרזשי און איך — זײַנען באַדראָט. מע דאַרף האַנדלען, שנעל האַנדלען. אַרום דרײַ אַזייגער נאָך מיטיק, פֿעסטשטעלנדיק, אַז מאַדאַם מיי איז ניטאָ צוריק, האָב איך דרינגענד פֿאַרלאַנגט צו זען די דירעקטאָרן פֿונעם „ווײַסן הויז“, מאַדאַם פֿאַרענד. איך האָב זי אינפֿאָרמירט וועגן די לעצטע געשעענישן און געמאַכט אויפֿמערקזאַם, אַז די געסטאַפּאָ קאָן יעדע מינוט אָנקומען, און איר געראָטן צו וואָרענען די אַלע „ספּעציעלע“ קליענטן, וועלכע וווינען בײַ איר אין הויז. מיט אַ וווּנדערלעכער רויִקייט האָט זי אָנגעזאָגט אַלע באַדראָטע פּענסיאָנערן, זיי זאָלן זיך טייקעף אַרויסציִען.

וואָס שייך מיך, האָב איך אָפּגעמאַכט מיט מאַדאַם פֿאַרענד, אַז אויב מע וועט זיך אָנפֿרעגן טעלעפֿאָניש וועגן מיר, זאָל זי ענטפֿערן, אַז איך בין אַוועק שפּאַצירן און וועל צוריק קומען צווישן זיבן און אַכט אין אָוונט. איך האָב געטראַכט, אַז פֿאַנוויץ וועט ניט גלײַך וואַרפֿן זײַנע באַנדעס אויפֿן „ווײַסן הויז“. ער וועט פּרוּוון מיך באַרויִקן צוליב דער פֿאַרשפּעטיקונג פֿון מאַדאַם מיי. מאַכנדיק גלייבן די זאַנדערקאָמאַנדע, אַז איך וועל קומען פֿונעם שפּאַציר אַרום זיבן, שאַף איך דעם אײַנדרוק, אַז כ׳בין ניט באַאומרויִקט. איך שטעל זיך פֿאָר, אַז פֿאַנוויץ וועט פֿאַר אַלעמען קאָנצענטרירן אַלע זײַנע קויכעס אויף בורג־לאַ־רען. ער איז ניט מסוגל צו מאַכן עטלעכע אָפּעראַציעס מיט איין מאָל. מוז איך איצט וואָס לענגער צוציִען זײַן אויפֿמערקזאַמקייט אויפֿן „ווײַסן הויז“.

אַרום האַלב פֿיר נאָך מיטיק האָב איך פֿאַרלאָזט דאָס „ווײַסע הויז“, נאָך דעם ווי כ׳האָב פֿאַרניכטעט מײַן אידענטיטעט־קאַרטע. מײַנע רעזערוו־דאָקומענטן, וועלכע איך האָב באַקומען פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָבן פֿעסטגעשטעלט, אַז איך בין אַ פֿאָלקס־דויטש. דאָס האָט געהאַט די מײַלע, וואָס מיט די פּאַפּירן האָב איך געקאָנט זיך באַוועגן אַפֿילע אין די שפּעטע אָוונט־שאָען, ווען ס׳איז געווען פֿאַרבאָטן צו געפֿינען זיך אין דרויסן. איך האָב בעקיוון איבערגעלאָזט אין צימער אַלע מײַנע זאַכן, ניט פֿאַרמאַכט די טיר, קעדיי צו שאַפֿן דעם אײַנדרוק, אַז איך בין ניט אַוועק אויף לאַנג. און קעדיי נאָך מער אונטערשטרײַכן דעם מאָמענט, האָב איך געלאָזט אויפֿן טיש אַן אָפֿענעם בוך, דאָס בעט ניט פֿאַרבעט און די מעדיקאַמענטן — אויפֿן נאַכט־טישל. דאָס אַלץ האָב איך אינסצענירט, קעדיי איבערצײַגן די געסטאַפּאָ צו וואַרטן אויף מײַן צוריקער.

איך בין פֿאַרבליבן קאַלטבלוטיק. דאָס איז בײַ מיר געוואָרן אַ צווייטע נאַטור פֿון פֿאַרטיידיקונג קעגן אַן אָנקומענדיקער געפֿאַר. ליידער, זײַנען מײַנע מעגלעכקייטן צו ראַטעווען איצט די ספּאַאַקס פֿון פֿאַנוויצן און זײַנע באַנדעס געווען זייער באַגרענעצט. איך בין אַן אָפּשטעל געגאַנגען ביז פּלעסיס־ראָבינזאָן. ס׳איז געווען אַ שיינער וועטער. די גאַסן זײַנען געווען פֿול מיט אַ שפּאַצירנדיקן עולם. די דורכגייער האָבן אויסגעזען פֿריילעך און זאָרגלאָז. עפּעס האָט זיך מיר אַזוי אויסגעוויזן. איך האָב דאָס געזען מיט אויגן פֿון מײַן צעשטורעמט געמיט, אָנגעלאָדן מיט טויזנטער זאָרגן — לעהייפֿעך דער האָפֿערדיקייט פֿון דעם זונטיק־אויסגעפּוצטן עולם.

מיטאַמאָל — אַ צופֿאַל און העכסטע איבעראַשונג: כ׳האָב דערזען מישעלס סילועט, וואָס איז געווען דער פֿאַרבינדלער צווישן מיר און דער אָנפֿירונג פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ער איז געווען ניט אַליין. איך האָב געהאַט גרויס כיישעק אים אָפּצושטעלן, דערציילן וועגן דער דראַמע, וועלכע מיר קומט איצט אויס דורכצומאַכן, און בעטן בײַ אים אַן אייצע און הילף. איך האָב זיך אָבער מאָמענטאַל דערפֿון אָפּגעזאָגט. איך האָב ניט געהאַט קיין רעכט אים צו קאָמפּראָמעטירן. עפּעס גייט מען מיר שוין נאָך. זינט מײַן אַנטלויפֿן קומט פֿאָר איין אומגליק נאָכן אַנדערן (די דורכפֿאַלן פֿון די שוועסטער אין סאַן־זשערמען, פֿון די קוויִערס, מאַדאַם מיי, דאָס „ווײַסע הויז“, און איצט — די ספּאַאַקס). איך האָב זיך שטרענג פֿאַרבאָטן צו פֿאַרבינדן מיט אַ מענטשן, וועמען מײַן פֿאַרבינדונג קאָן שטעלן אין געפֿאַר. איך האָב זיך באַמיט אַליין זיך איבערצײַגן, אַז אַן אַנטלאָפֿענער פֿון אַ טפֿיסע אָדער פֿון אַ נאַצי־לאַגער, מוז אויסרעכענען נאָר אויף די אייגענע קויכעס. אויב דער געדאַנק האָט געשטאַרקט מײַן מוט, האָט ער אָבער ניט געגעבן קיין טשוווע אויף דער פֿראַגע: וואָס טאָן? וווּהין גיין? וואָס טאָן — האָב איך געוווּסט. איך מוז ראַטעווען די ספּאַאַקס, אָבער וווּהין גיין — דאָס איז שוין געווען אַן אַנדער פּראָבלעם...

די נאַכט איז צוגעפֿאַלן אויף אַן איינזאַמען, פֿאַרפֿאָלגטן מענטשן... איך האָב געהאַלטן אין איין איבערכאַזערן: וואָס טוט מען? פּלוצעם, מיט אַ קימאַט אומבאַרעכנטן זשעסט, האָב איך אַ רוף געטאָן אַ טאַקסי און אָנגעגעבן דעם שאָפֿער די גאַס דע באָזשאָלע, ווו עס האָבן געוווינט די ספּאַאַקס...

אין פֿלוג — אַ מאָדנער געדאַנק. איך אַליין באַנעם איצט זײַן אויסטערלישקייט. מע האָט ניט געדאַרפֿט זײַן אַ גרויסער קענער פֿון אונטערערדישן קאַמף, קעדיי פֿאַרשטיין, אַז גיין איצט צו די ספּאַאַקס הייסט בוכשטעבלעך זיך וואַרפֿן אין די אָרעמס פֿון פֿאַנוויצן! מאַסקים, פֿולשטענדיק מאַסקים!

האָב איך דען געהאַט אַן אַנדערן אויסוועג צו ראַטעווען מײַנע פֿרײַנט? איך האָב געשפּילט „אָדלער אָדער קאָפּ" — קיין אַנדער ברייִרע האָב איך ניט געהאַט.

פֿאַר דער קורצער צײַט האָב איך אויסגערעכנט, אַז די געסטאַפּאָ האָט וואַרשײַנלעך אָנגעהויבן די אַקציע אַרום זעקס אין אָוונט. און אַזוי איז טאַקע געווען: איך האָב טעלעפֿאָנירט אין „ווײַסן הויז" און אַן אומבאַקאַנטע שטים — ניט פֿאַר אַלע אומבאַקאַנט — האָט געענטפֿערט: „מאַדאַם פֿאַרענד איז ניטאָ...". איך האָב רויִק געענטפֿערט:

— איר ווילט אַזוי גוט זײַן, אַרופֿגיין אין מײַן צימער און זאָגן מײַן מומען, דער מאַדאַם מיי, אַז איך וועל זײַן צוריק אַרום אַכט אין אָוונט, זי זאָל אַף מיר וואַרטן מיטן נאַכט־עסן...

שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די לײַט פֿון דער זאַנדערקאָמאַנדע זײַנען געווען איבערגליקלעך פֿון דעם טעלעפֿאָנישן שמועס, זײַענדיק זיכער, אַז זיי האָבן דערגרייכט זייער ציל און זיך אײַנגעאָרדנט באַקוועם, קעדיי מיך אָפּצוּוואַרטן. אַז מע וואַרט אַף מיר אין „ווײַסן הויז" — איז מיר שוין באַקאַנט. נאָר איך בין ניט זיכער, צי וואַרט ניט אַף מיר אַן „אופֿנאַם־קאָמיטעט" אין דער וווינונג פֿון די ספּאַאַקס.

כ'האָב געטראַכט: אויב די הענקער פֿון דער זאַנדערקאָמאַנדע איז געלונגען אין דער ערשטער פּאַזע אײַנצוברעכן דעם ווידערשטאַנד פֿון דער מאַדאַם מיי, באַנוצנדיק זייערע אויסגעפּרוּווטע מעטאָדן, איז ניט פֿאַראַן קיין שום אַנדער סיבע, אַז זיי וועלן אויסניצן זייער ערשטע דערגרייכונג און פֿאַרשטאַרקן די דראָונגען, קעדיי אויסצופּרעסן בא דער מאַדאַם מיי ווײַטערדיקע ידיעס. דער אויפֿן פֿון פֿאָרשונגען איז בא זיי געווען אַ געוויינלעכער איניען, און לײַדער — דערפֿירט צו אומגליקלעכע רעזולטאַטן. דער מענטש, וואָס ווערט אײַנגעבראָכן פֿון די פּײַניקונגען, באַמיט זיך לעצאַטכילע צו באַגרענעצן זײַן „ווידוי" נאָר מיט איין נאָמען. אָדער מיט איין געשעעניש. נאָך דעם געפֿינט ער אין זיך פֿרישע קויכעס זיך קעגנצושטעלן. אָבער די ספּעציאַליסטן פֿון מענטשלעכע יעסורים און זייערע גרענעצן, די קענער פֿון פּסיכאָלאָגישן צושטאַנד פֿון זייער קאָרבן, פֿאַרשטאַרקן די פּײַניקונגען — ביזן פֿולשטענדיקן מודיע זײַן. זיי ווייסן, אַז זיי האָבן אַלע שאַנסן צו געווינען. איך האָב זיך ניט געמאַכט קיין איליוזיעס, וואָס שײַעך דער מאַדאַם מיי. זי איז שוין ניט יונג, און אין אַלע הינזיכטן ווייניקער ווידערשטאַנדספֿעיִק, ווי אַ יינגערע, וואָס איז פֿול מיט לעבן. זי איז אויך געווען שלעכט צוגעגרייט צו אונטערערדישער טעטיקײַט און ניט פֿאַרמאָגט די ווידערשטאַנד־קראַפֿט פֿון אַ הילעל קאַץ, פֿון אַ הערש סאָקאָל, וואָס זײַנען געשטאָרבן אונטער די פּײַניקונגען, ניט אַרויסברענגענדיק קיין וואָרט.

די טאַקסי האָט זיך פֿאַרהאַלטן בא ספּאַאַקס וווינונג. די אַזאַרט־שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן. איך האָב זיך געפֿילט, ווי יענער צאַרישער אָפֿיצער בא דער רולעטקע, וואָס האָט צוגעלייגט דעם רעוואָלווער צו זײַן שלייף נאָך דעם, ווי ער האָט אַרײַנגעלייגט אַ קויל אין דער לופֿע. טיילמאָל האָט די קויל געטראָפֿן אין כאָלעל — און ס'האָט זיך גוט געענדיקט. אָבער אָפּטמאָל...

איך בין פּאַמעלעך אַרויס פֿון דער טאַקסי, צונויפֿנעמענדיק אַלע מײַנע קויכעס. אָן צווייפֿל, כ'האָב זיך געפֿונען — שוין צום וויפֿלטן מאָל — אַף דער שוועל פֿונעם גורל. אומעגלעך זיך צוריקציִען. כ'בין אַרויף אַף די טרעפּ, האַלטנדיק פֿעסט אין האַנט דעם ציִאַן־קאַלי־קאַפּסול, וועלכן כ'האָב שוין ניט אָפּגעלאָזט. איך האָב געקלונגען, נאָך עטלעכע מינוט וואַרטן האָט זיך די טיר געעפֿנט. אַ קורצער בליק, וועלכער האָט זיך באַגעגנט מיטן בליק פֿון מײַן פֿרײַנט. ער איז דאָ! אויסערלעך זעט אַלץ אויס אין אָרדענונג. איך בין גליקלעך, אָבער איך האָב מוירע צו פֿרייען זיך צו פֿרי. אין מײַן בליק, מיט וועלכן כ'האָב זיך צו אים געווענדט, איז געווען נאָר איין פֿראַגע, איינע, וועלכע ער האָט טייקעף פֿאַרשטאַנען. צי איז ער אַליין? צי „זיי" זײַנען דאָ? אין דעם אויפֿן פֿון זײַן באַנעמען זיך האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז איך קאָן זײַן רויִק. דאַן האָב איך געהאַט דאָס געפֿיל, אַז מײַן בלוט, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן פֿאַרגליווערט צו ווערן, נעמט אָפּסנײַ פֿליסן אין מײַנע אָדערן. איך האָב אים געזאָגט אין איין אָטעם: „מיר מוזן שוין פֿאַרלאָזן די וווינונג!" די רעאַקציע פֿון קלאָדן האָט מיך פֿאַרוווּנדערט:

— ווען איר האָט געקלונגען, — זאָגט ער מיר, — האָב איך געמיינט, אַז דאָס זײַנען די דײַטשן. עס איז דער גורל פֿון יעדן ווידערשטענדלער צו געפֿינען זיך אַ געוויסן טאָג אין אַן ענלעכער סיטואַציע... אָבער איר, וואָס ווערט אומופֿהערלעך פֿאַרפֿאָלגט פֿון דער געסטאַפּאָ, קומט מיך וואָרענען, איך זאָל זיך ראַטעווען אין אַ וווינונג, וואָס איז עפּשער פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פֿאַסטקע. ניט צו פֿאַרשטיין!

איך האָב געענטפֿערט:

— נאָך דעם, וואָס ס'איז געשען אין סאַן־זשערמען, האָב איך ניט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג. איך האָב נאָר געטראַכט וועגן איין זאַך: עס טאָרן מער ניט זײַן קיין קאָרבאַנעס!

יאָ, די אידיי האָט מיך באַהערשט.

ס'איז אַדורך אַ ווײַלע פֿון אָנגעשטרענגטע נערוון... מיר האָבן אָבער ניט קיין צײַט צו הערן, ווי אונדזערע הערצער קלאַפּן און צולאָזן דאָס פֿאַרגעניגן נאָכצופֿאָלגן אונדזערע געפֿילן. מיר מוזן אָנעמען אַ באַשלוס און טייקעף איבערגיין צו מעשים. מיר זײַנען גלײַך אַריבער צו פּראַקטישע פֿראַגן: וווּ געפֿינט זיך דײַן פֿאַמיליע, וויאַזוי קאָנען מיר זיי צו וויסן טאָן און פֿאַרהיטן קעגן רעפּרעסיעס פֿון פּאַנוויצן? מיר באַשליסן, אַז סיוזאַן מיט די קינדער דאַרפֿן נאָך דעם זעלבן טאָג צוריקקומען פֿון אָרלעאַן (שטאָט אין פֿראַנקרײַך). אַרום נײַן אין אָוונט וועט קלאָד זיי באַגעגענען אויפֿן וואָקזאַל און אוועקפֿירן צו פֿרײַנט. די פֿרוי ספּאַאַק מיט די קינדער וועלן ווי מעגלעך שנעל אוועק קיין בעלגיע, בײַס קלאָד וועט אומלעגאַל פֿאַרבלײַבן אין פּאַריזש.

מיט דעם האָבן מיר דערלעדיקט דעם איניען מיט דער מישפּאָכע ספּאַאַק. דערווײַל האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז פֿאַראַן אַן אַנדער געפֿאַר, וועלכע איז פֿיל שווערער צו לייזן און זי פֿאַרלאַנגט, מיר זאָלן טייקעף עפּעס אונטערנעמען. מיר האָבן באַשטימט אַ טרעפֿונג מיטן פֿאָרשטייער פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי כאַוער קאָוואַלסקי אויף דעם 22־טן אין בורג־לאַ־רען. די שעה איז ניט באַשטימט. ס'איז געוואָרן אָפּגערעדט: צוויי טעג פֿאַר דער טרעפֿונג וועט ד"ר שערטאָק אָנקלינגען טעלעפֿאָניש ספּאַאַקן צו באַשטימען די שעה. אָבער די דאַטע פֿון דער טרעפֿונג האָט מיר איבערגעגעבן מאַדאַם מיי פֿאַר איר אַרעסט. מע מוז דאָס אַלץ אַנולירן.

נאָר איין וואָך טיילט אונדז אָפּ פֿון דער טרעפֿונג. צו דערגרייכן קאָוואַלסקין פֿירט דער וועג דורך ד"ר שערטאָק און אַדוואָקאַט לעדערמאַן. זיי אויפֿצוזוכן צווישן די שאָטנס פֿון דער אונטערגרונט איז פּונקט ווי וועלן אַנטדעקן אַן ערלעכן מענטשן צווישן פּאַנוויצעס רויבער־באַנדעס. דאָס איז אוממעגלעך אָדער קימאַט ווי אוממעגלעך. אַז קאָוואַלסקי, דער פֿאַראַנטוואָרטלעכער פֿאַר די אויסלענדישע קאַמפֿס־גרופּעס, וואָס געפֿינט זיך אין פֿאַרבינדונג מיטן הויפּט־שטאַב פֿון די פֿראַנצויזישע פּאַרטיזאַנער און איז דער פֿאַרטרויונגס־מאַן פֿון דער פֿראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, זאָל אַרײַנפֿאַלן אין די הענט פֿון דער געסטאַפּאָ — פֿון דעם געדאַנק אַליין באַשלאָגט מיך אַ קאַלטער שווייס. מע טאָר ניט צו דעם דערלאָזן פֿאַר יעדער פּרײַז. פֿאַר אונדזער פֿאַנאַנדערגיין זיך האָב איך מיט קלאָדן אָנגענומען אַ ריי מאָסמיטלען און באַשלאָסן צו טרעפֿן זיך דעם 21־טן אָקטיאַבער אין אָוונט באַם קלויסטער דע לאַ טריניטע.

איך און קלאָד זײַנען פֿאַמעלעך, אָן אַרויסרײדן אַ וואָרט, אַראָפּ פֿון די טרעפּ פֿונעם הויז. וועלן מיר זיך נאָך זען? מיר דריקן זיך די הענט. באַם צעשיידן זיך פֿאַר דער טיר גיט ער אַ פֿרעג:

— וווּהין גייט איר? איר האָט כאָטש וווּ זיך צו פֿאַרשטעקן?

— זאָרגט ניט, איך האָב אַ מאָקעם־מיקלעט...

אַלס מאָקעם־מיקלעט האָב איך פֿאַרמאָגט ניט מער ווי דעם פּאַריזשער ברוק. אַ פֿײַנלעכע סצענע פֿון צוויי מענער, וואָס פֿאַרשווינדן אין דער נאַכט...

איך בין אַרײַן אין אַ קליינעם קאַפֿע־הויז, אויסגעטרונקען עטלעכע גלעזלעך און דורכגעטראַכט די לאַגע. מיט אַ רויִקן קאָפּ, אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, האָב איך ווידעראַמאָל איבערגעלעבט דעם דראַמאַטישן טאָג פֿון 15־טן אָקטיאַבער: זשעאַרזשיס אוועקפֿאָרן (איך האָב זיך געפֿרייט, וואָס זי וועט אַנקורצן זיך געפֿינען אין אַ זיכער באַהעלטעניש); דאָס אָפּוואַרטן די מאַדאַם מיי; מײַן אײַליק אוועקגיין פֿון בורג־לאַ־רען; מײַן וויזיט באַ קלאָד ספּאַאַק. דאָס אײַנציקע, וואָס עס האָט מיך געשטאַרקט, איז דער געדאַנק, אַז כ'בין ניט פֿאַרבליבן פּאַסיוו צו די געשעענישן. איך האָב געפּרוווט אָפּשלאָגן די קלעפּ פֿונעם סוינע. מיטן אָפּציִען די אויפֿמערקזאַמקײַט פֿון דער זאָנדערקאָמאַנדע אויפֿן „ווײַסן הויז" איז מיר געלונגען צו ראַטעווען די ספּאַאַקס.

„מיר האָבן זיי אײַנגעצוימט!" — איז דער צופֿרידענער אויסרוף פֿון אַלע אַנטי־נאַציס, וואָס דערגרייכן עפּעס אַ ניצאָכן. איך האָב דאָס געפֿיל, אַז כ'האָב אַ רעכט אויך אויף מײַן כעזשבן עפּעס צוצושרײַבן. זיצנדיק אַליין אין קאַפֿע־הויז, געזוכט פֿון דער גאַנצער געסטאַפּאָ, האָב איך דאָך אַ געפֿיל פֿון אַ זיגער. אָבער מיר האַלטן נאָך ניט באַם סאָף פֿון דער מילכאָמע. איך היט זיך פֿאַר אַן איבערגעטריבענעם אָפּטימיזם. איך האָב זיי אײַנגעצוימט: אויף ווי לאַנג? וואָס טאָן? וווּהין גיין? און מאָרגן? שפּעטער?

איך האָב נאָרוואָס פֿאַרלאָזט ספּאַאַקן און בין אָפּסנײַ געצוווּנגען איבערצוטראַכטן דעם גאַנצן איניען. אין איין וויכטיקן פּונקט בין איך איבערצײַגט: די זאָנדערקאָמאַנדע מיט די לאַפֿאָנס און זייערע באַנדעס וועלן אָן אין איצטיקן מאָמענט אַלע מיטלען, קעדיי מיך צו כאַפּן. אָבער די אַרויסגעלאָזטע יאַגד־הינט זײַנען געצוווּנגען אײַנצוהאַלטן זייער בילן. צו וואָס די אויפֿגעצוווּנגענע פֿאַרזיכטס־מיטלען פֿון פּאַנוויצן און זײַנע קנופּיעס? ווײַל זיי איז ניט באַוווּסט, צי איך האָב אינפֿאָרמירט מאָסקווע. זיי מוזן זיך היטן ניט אויפֿצוהייבן קיין טומל אַרום מײַן אַנטלויפֿן. אויב אָנעמען, אַז דער צענטער איז ניט באַקאַנט מיט די לעצטע געשעענישן און ער וועט איצט פּראָוואָצירן אַן אַלגעמיינעם אַליאַרם און וואַרפֿן די גאַנצע פּאָליציי אויף מײַנע שפּורן, איז פֿאַראַן אַ געפֿאַר, אַז דער צענטער זאָל זיך דערוויסן.

איך האָב זיך געפילט פאַרהעלטניסמעסיק זיכערער אויף דער גאַס, אין קינאָ־זאַלן, אין קאַפע־הײַזער. איך בין אין ערגעץ ניט געווען אַזוי קאַלטבלוטיק און רויִק, ווי דעמאָלט, ווען איך האָב אין גאַנצן זיך פאַרלוירן צווישן דעם פּאַריזער האַמוין. מײַנע פּאַפּירן אַלס פאָלקס־דויטש, וועלכע האָבן מיר געגעבן ברייטערע רעכט, אײדער דעם פראַנצויזישן בירגער, דערונטער אויך די רעכט צו באַוועגן זיך באַנאַכט, האָבן געשאַפן אַ געפיל פון מערער זיכערקײַט.

וואָס טוט אַ גליקלעכער פאָלקס־דויטש, ווען ער געפינט זיך אין פּאַריז עטלעכע טעג? ער לאָזט זיך וווילגיין... אָט וועל אויך איך מאַכן אַ לעבן. אין דער ווירקלעכקײַט בין איך ניט געווען בעיכולעס זיך פאַרצושטעלן, ווי שווער איז פאַר אַ מענטשן צו מאַכן זיך פריילעך, ווען דער טויט באַגלייט זײַנע טריט. פאַרלאָזנדיק דאָס קאַפע־הויז, בין איך אַרײַן אין אַ קינאָ. געפּרוווט ניט פרעגן, וועלכן פילם האָט מען דעמאָנסטרירט יענעם אָוונט. איך דערמאָן זיך נאָר, אַז ס'איז געווען אַ באַקוועמער פאָטעל. די טונקלקײַט אין זאַל האָט מיך באַרויִקט, און די צײַט איז פאַריבער. פאַרלויפיק איז דאָס פאַר מיר געווען גענוג.

נאָך דעם פילם בין איך אַוועק צום וואָקזאַל מאָנפּאַרנאַס. ס'איז שוין געווען שפּעטע נאַכט. איך האָב זיך געדרייט אין די אַרומיקע גאַסן, אָפּוואַרטנדיק דעם פרימאָרגן. גאָר שנעל האָט דער הימל זיך גענומען ליכטיקן איבער די דעכער פון פּאַריז. די שטאָט האָט זיך אויפגעוועקט און אָנגעהויבן באַוועגן. אַ נײַער טאָג איז געבוירן. נאָר די געשעענישן און איבערגעגעבן פון נעכטן האָט די צײַט, וועלכע איך האָב געהאַט פאַר זיך, מיר אויסגעזען פולשטענדיק אויסגעהוילט פון אַלץ. איך וועל האָבן צײַט צו ציילן די שעה, די מינוטן און אָפּוואַרטן דאָס אומפאַרויסגעזעענע. העיויס איך האָב ניט דערווײַל וואָס צו טאָן, האָב איך באַשלאָסן צו באַשעפטיקן די זאַנדערקאָמאַנדע. פון אַ קאַפע־הויז האָב איך אָנגערופן טעלעפאָניש דאָס „ווײַסע הויז":

— אַנטשולדיקט, — האָב איך געזאָגט דער אומבאַקאַנטער שטים פון דער אַנדערער זײַט טעלעפאָן. — איך בין נעכטן אין אָוונט ניט געקומען אַהיים, ווײַל פרײַנט האָבן מיך פאַרהאַלטן בײַ זיך. איך וועל קומען אין אָוונט, נאָך מײַן וויזיט בײַם דאָקטער...

אַזוי־אַרום, האָב איך זיך פאַרזיכערט, אַז כ'וועל ניט זײַן אַליין צו וואַרטן אומגעדולדיק ביזן סוף טאָג!

ליידיקע שעה, גיין אָן אַ ציל, מיט איבעררײַסן פון צײַט צו צײַט אין אַ קאַפע־הויז אָדער אין אַ רעסטאָראַן — און ווידער די גאַס, וואָס ענדיקט זיך ערגעץ־ווו מיט אַ נײַעם אָפּשטעל, ווי אַ יאַם־מושל, אָן אַרויסגעוואָרפענער אויפן זאַמד. איך פאַרלאַנגזאַם די טריט, אָבער דער מויעך באַוועגט זיך שנעל, די אויגן זײַנען וואַך און די שפּאַנונג גרויס. דער אָוונט דערנענטערט זיך, איך גיב זיך אָפּ אַ חשבון, אַז כ'וועל זײַן בעיכולעס צו פאַרברענגען נאָך אַ נאַכט אונטערן פרײַען הימל. איך ניייטיק זיך אין אַ בעט, כאָטש אויף עטלעכע שעה, אַ „ריקשע" האָט מיך אַוועקגעפירט צום מאָנפּאַרנאַס־וואָקזאַל. איך בין אַהין אַרײַן, זיך פאַרהאַלטן אַ קורצע ווײַלע און דערנאָך ווײַטער געפאָרן צום אָרלעאַן־וואָקזאַל. בעשאַסן פאָרן האָב איך אײַנגעדרעמלט. אָנקומענדיק צום אָרט, האָט דער שאָפער באַמערקט, אַז איך שטײַג ניט אויס, און מיך אויפגעוועקט. וואָס פאַר אַן אויסזען האָב איך דעמאָלט געמוזט האָבן? וואַרשײַנלעך — אַ טרויעריקן, ס'איז ניט שווער געווען צו דערקענען, אַז ניט אַלץ איז בײַ מיר אין אָרדענונג.

מײַן שאָפער, אַ מענטש אין די יאָרן, מיט אַ סימפּאַטיש און אינטעליגענט פּאָנעם, גיט אַ פרעג:

— איר האָט עפּשער ניט ווו איבערצונעכטיקן? אויב איר ווילט, קומט צו מיר. איך מוז נאָר אָבער מאַכן איין נעסיִע פאָרן פאָרן אַהיים.

ניט הערנדיק פון מיר קיין וואָרט, האָט ער באַגריפן, אַז איך געפין זיך אין אַן אײַסצאָרע. איך האָב געהאַט צו אים צוטרוי און פאָרגעשלאָגן צו באַצאָלן די נעסיִע, וואָס פעלט אים.

דער מענטש האָט געוווינט אַליין אין אַ מאַנסאַרדע. ווען ער וואָלט געוווינט אין אַ פּאַלאַץ, וואָלט איך זיך ניט געפילט גליקלעכער! זײַן אָנוועזנהײַט האָט מיך געשטאַרקט, איך בין ניט מער אַליין. אַ ליכט־שטראַל פון כאַוורשאַפט אין דער נאַכט פון אַ פאַרפאָלגטן... צו מײַן גרויס פאַרוווּנדערונג, האָט ער מיר ניט געשטעלט וועלכע־ס'איז אומדיסקרעטע פראַגן. אַרום דעם מאָגערן מאָלצײַט האָבן מיר געשמועסט וועגן דעם פאַרבאָט צו באַוועגן זיך אין די אָוונטן, וועגן מאַנגל אין שפּײַז, צוגעטיילטע ראַציאָנען און שווערער לאַסט פון דער אָקופּאַציע... איך בין אײַנגעשלאָפן אַ גליקלעכער. ווען כ'האָב זיך אויפגעכאַפּט אַרום פיר פאַרטאָג, בין איך געווען אַ נײַער מענטש! מײַן שאָפער האָט מיך אַוועקגעפירט צום צאָפּן־וואָקזאַל, ווײַל איך האָב אים דערציילט, אַז כ'דאַרף נעמען אַ צוג. איך האָב אים וואַרעם באַדאַנקט און מיר האָבן זיך געזעגנט, ווי לאַנגיאָריקע פרײַנט. וואָס בין איך פאַר אים געווען? וואַרשײַנלעך אַ פּראָווינציאַל, וואָס האָט אַרומגעבלאָנקעט אין פּאַריז און איצט פאָרט ער צוריק אַהיים, צו זיך.

ליבער פרײַנט! איך ווייס ניט, ווער דו ביסט, און וועל עס ווארשײַנלעך ניט וויסן. אויב די לייענסט אָט די שורעס, זײַ וויסן, אז כ'וועל קיינמאָל ניט פארגעסן, וואָס דו האָסט פאר מיר געטאָן אין יענעם אָוונט.

17־טער אָקטיאבער. איך האָב שוואכע האָפענונגען אָנצובינדן קאָנטאקטן. סיוזאַן ספּאַאק האָט פּאראלעל צו די טרעפונגען, וועלכע זי האָט געהאט מיט די פאָרשטייער פון דער קאָמוניסטישער פארטיי, מיר אײַנגעאָרדנט א באגעגעניש מיט איינעם פון אירע פרײַנט, א געוויסן גרו־ראָדענעז, וואָס האָט אָנגעהערט צו א ווידערשטאנד־גרופּע, וועלכע איז געשטאנען אין קאָנטאקט מיט לאָנדאָן. מײַן גערדאַנק איז געווען דורך דעם וועג זיך שטעלן אין פארבינדונג מיטן סאָוועטישן אַמבאסאדאָר אין ענגלאַנד. ס'איז געוואָרן באשטימט, אז אין מיטיק־שאָ טרעפן מיר זיך באַם קלויסטער פון אַטוי (א געגנט אין מײַרעוו פון פאריזש). איך בין געקומען צו דער באשטימטער שאָ. פּאַרזיכטיק (ווי טאָמיד, איז פּאָרזיכטיקײַט דער ערשטער געבאָט) האָב איך אַרומגעקרײַזט די סוויווע פונעם קלויסטער. דערנענטערנדיק זיך, האָב איך באמערקט א שווארצע סיטראָען־אויטאָ פון דער געסטאַפּאָ, וואָס איז געשטאנען פארן קלויסטער־טויער. איך האָב נאָך געהאט צײַט צו מאכן פיס... ניט פאָדערנדיק מײַן רעשט. איך האָב זיך קיינמאָל ניט געקאָנט דערוויסן, וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען און צי דער פאָר־שטייער, מיט וועלכן איך האָב זיך געדאַרפט טרעפן, איז ארעסטירט געוואָרן.

זשעאַרזשין האָט די געסטאַפּאָ ארעסטירט דעם 17־טן אָקטיאבער אין דעם קליינעם דערפל פון באָס. פארשטענדלעך, אז איך האָב זיך דערפון דערוווּסט פיל שפּעטער. דאָס זײַנען געווען די לײַט פון דער לאָפּאָן־באנדע, וואָס האָבן דעם 15־טן אנטדעקט זשעאַרזשיס אַדרעס אָפן פּאַפּירל, וועלכן זי האָט אָנפאַרטרויט דער מאדאם מיי. די זאָנדערקאָמאנדע האָט געוואַרט צוויי טעג, איידער זי האָט זיך געלאָזט אויף אירע שפּורן.

ווען פאנוויץ האָט געזען, אז איך קום ניט צוריק אין „ווײַסן הויז", האָט ער פארשטאנען, אז איך געפין זיך בא זשעאַרזשין, וואָס וואָלט פון מײַן זײַט געווען די גרעסטע אומפאָרזיכטיקײַט. דאָס דערפל איז געוואָרן ארומגערינגלט מיט א פארשטארקטער באנדע געסטאַפּאָ־אַגענטן. די לײַט פון דער זאָנדערקאָמאנדע זײַנען געבליבן אויף מיר וואַרטן ביז שפּעט אין אָוונט, קעדיי דורכצופירן דעם אָנגריף. ענדלעך האָבן פאנוויץ און בערג, מיט אָנגעצילטע רעוואָלווערן, בעראָש פון זייערע אַגענטן, אָנגעהויבן דעם איבערפאַל. פאנוויץ האָט, ווײַזט אויס, זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע אַספּיראַציעס, קעגנ־זעצלעכע פאר א רעזשיסער. דורך זשעאַרזשין און איר זון האָט ער געהאָפט צו באַקומען אויסער־געוויינלעכע דרוק־מיטלען. נאָר מאָדנע, וואָס אַזעלכע דיפּלאָמירטע ספּעציאַליסטן פון פיזישע און מאָראַלישע פּײַניקונגען האָבן ניט פארשטאנען, אז שאנטאַזש, ווי זיכער ער זאָל ניט אויססזען, קאָן טיילמאָל ניט ברענגען קיין שום נוצן.

## 27.
## געזוכט פון אַלע פּאָליצײַ־אַמטן

איך האָב ניט געקאָנט פארשטיין זשעאַרזשיס ארעסט. אין משך פון א לענגערער צײַט, ביז דער באַפרײַונג, האָב איך זיך געשטעלט די זעלבע פראַגע: וויאַזוי איז געשען, אז די אַלע, וואָס האָבן זיך פארנומען מיט איר אָפּפאָר, זײַנען געווען מענטשן, צו וועלכע מיר האָבן געהאַט דעם פולן צוטרוי און, ווארשײַנלעך, אויך זיך געפונען אויף דער פרײַ. איך האָב די פראַגע באטראַכט פון אַלע זײַטן — און קיין טשוווּע ניט געפונען. דאָס איז גראָד געווען א פּאַסעטער איניעז, ווײַל אונדז זײַנען געווען אומבאַקאַנט די עטלעכע פארשריבענע שורעס אויף דעם שטיקל פּאַפּיר, וואָס האָט זיך געפונען אין טאַש פון מאדאם מיי. נאָר וועגן דעם האָבן מיר זיך דערוווּסט ערשט נאָך דער מילכאָמע.

דער 17־טער אָקטיאבער, אין אָוונט. די נײַס וועגן זשעאַרזשיס ארעסט איז מיר נאָך ניט באַ־קאַנט. די דורכגעפאַלענע טרעפונג אין אַטוי איז א גענוגנדער אַליאַרם־אָנזאָג, איך זאָל פארטאָפּלען מײַן פּאָרזיכטיקײַט. די געסטאַפּאָ געפינט זיך אין דער געגנט. די העכסטע צײַט, אז איך זאָל א סאָך מאכן צו מײַן ארומשלעפּן זיך איבער די גאַסן פון פאריזש. הײַנט איז שוין צו שפּעט, איך זאָל אונ־טערנעמען עטוואָס ערנסטע שריט. איך האָב ווידער אָנגעהויבן מײַן וואַנדערנדיקן גאַנג, זוכנדיק מיטן אויג אַן אָפן קאַפע־הויז, ווען איך האָב פּלוצעם באמערקט אויף דער שאַבאַנע־גאַס א שילד: „נור פיר דויטשע". דאָס איז איינע פון די באַקאַנטע שאַנד־הײַזער, רעזערווירט פאַר דער ווערמאַכט. ניט איין מאָל האָבן מיר די מיטגלידער פון דער זאָנדערקאָמאנדע דערציילט וועגן דעם סאָרט „הײַזלעך", וועלכע זיי זײַנען געוווינט צו באַזוכן אין דער געגנט פון שאַנז־עליזע.

ס'איז שוין האַלבע נאַכט, איך נייטיק זיך ווי דעם קאָפּ אַוועקצולייגן, כאָטש אַף א פיר, פינף שאָ. פון דעם „הויז" הערן זיך געשרייען און שיקערע מעלאָדיעס. די אָנגעזויפטע סאָלדאַטן פאַרגעסן די מילכאָמע אין... אָרגאַניזירטע ליבעס. זיי זײַנען אַף אַזויפיל שיקער, אַז זיי וועלן אַף מיר קיין אַכט ניט לייגן. פאַר די „פריילינס", וואָס זייער באַשעפטיקונג איז צו צעשטרייען דעם זיגער, וועל איך זײַן א „יעקע", ווי אַלע אַנדערע. נו, זאָל זײַן. איך האָב א שטויס געטאָן די טיר און בין אַרײַן. איך מײַד אויס דעם סאַלאָן, ווו עס הערשט א טומל. איך פאַרלאַנג בא דער „מעטרעסע" גלײַך מיך אַרופירן אויבן. די אײַנריכטונג פון די צימערן זײַנען צוגעפּאַסט צו די דאָזיקע אופגאַבן. איך באַזעץ זיך אין א באַקוועמען פאָטעל. אין עטלעכע מינוט באַווײַזט זיך אין „אַנגעשטעלטע" פון הויז און גיט מיך אומגעשטערט א פרעג: „אַף א האַלבער שאָ אָדער אַף א גאַנצער נאַכט?" איך האָב וועגן דעם פראַט ניט געטראַכט... א האַלבע שאָ איז צו ווייניק, איך זאָל קאָנען פון דעם מאָקעם־מיקלעט האָבן א נוץ. איך ענטפער, אַז איך אײַל זיך ניט און א פלעשל שאַמפּאַניער וועט דערלויבן, מיר זאָלן מיט פאַרגעניגן זיך באַקאַנען. מײַן „פריילין" האָט דאָס גוט אופגענומען און צוריקגעקומען מיט דער מאַשקע. איך האָב ניט באַוויזן אויסצוטרינקען דאָס ערשטע גלעזל, ווי דער קאָפּ האָט זיך גענומען דרייען און מיר האָט אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן. איך האָב זיך א פאַרשעמטער אופגעשטעלט, זיך געוואַקלט און אונטער די פאַרוווּנדערטע בליקן פון דעם מיידל — מיט די מאַלבושים זיך אויסגעצויגן אפן בעט. אַזוי איז אַדורך א האַלבע שאָ, ביז איך בין געווען בעיכוילעס צונויפצונעמען די געדאַנקען און זיך אָפּגעבן א רעכענונג, ווו כ'געפין זיך.

דאָס מיידל האָט געדולדיק און רויִק מיך באַטראַכט. אין א האַלב־שלאָפנדיקן, האַלב־דרעמלענדיקן צושטאַנד האָט זי געוואַרט, ביז איך וועל זיך אופוועקן. איך האָב זיך אויסגעגלײַכט — און מיר האָבן ווידער אָנגעהויבן אונדזער פלוידערײַ. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז איך בין א „ספּעציִעלער גאַסט", וואָס איז ניט געקומען אויספּילן די פּראָגראַם פון דעם „הויז".

קוקנדיק מיר גלײַך אין די אויגן, גיט זי א זאָג: „נאָך וואָס זײַט איר געקומען אהער? איר וואָלט בעסער געטאָן, ווען איר גייט אין א האָטעל... איר שרעקט זיך פאַר עפּעס? דאָ האָט איר ניט וואָס מוירע צו האָבן, די פעלד־זשאַנדאַרן קומען ניט אהער... איר קאָנט בלײַבן ווי לאַנג איר ווילט, דאָ זײַט איר ווייניקער אין געפאַר, ווי אַנדערש־ווו..." איך האָב געענטפערט, אַז איך האָב ניט קיין שום סיבע זיך צו שרעקן, און איר געוויזן מײַנע פּאַפּירן פון א פאָלקס־דויטש. אַן אומזיסטע טירכע! וואָס איך זאָל ניט זאָגן, וועט עס איר ניט איבערצײַגן. זי האָט גענומען מיר דערציילן לאַנגע געשיכטעס וועגן די דײַטשישע אָפּיצערן, וואָס באַזוכן דאָס הויז. פאַנוויץ און זײַנע מיטהעלפער האָבן פאַרגעסן אָנצוזאָגן די גאַסטגעבערנס צו זײַן מער דיסקרעט... אין יענעם האַרבסט 1943 דערוויס איך זיך זייער א סאַך וועגן דער „הויכער" מאָראַל פון די ווערמאַכט־אָפּיצערן, וועלכע איז אַזוי טונקל, ווי דער דנאָ פון די פלעשער, וועלכע זיי ליידיקן איצט אויס אונטן, אין סאַלאָן!

פינף אַזייגער אינדערפרי האָב איך פאַרלאָזט דאָס גאַסטפרײַנטלעכע אָרט, געפרעגט דאָס מיידל, וויפל בין איך איר שולדיק...

— איך וויל גאָרניט, איך האָב גאָרניט געטאָן צו פאַרדינען דאָס געלט...

איך האָב אַרויסגענומען פון טאַש א סומע.

— דאָך נעמט עס, אין צייכן פון פרײַנטשאַפט!

לעסאָף האָט זי עס גענומען באַם געזעגענען מיר געראָטן:

— זײַט פאָרזיכטיק, שלעפּט זיך ניט אַרום אין די גאַסן! אויב איר האָט ניט וווּהין צו גיין, קאָנט איר קומען צו מיר, איר וועט ניט זײַן באַדראָט...

אָבער פון דעם אַלעם האָב איך געמאַכט דעם אויספיר, אַז די מענוכע פון די קריגער איז אין אָט דעם הויז ניט אַף אייביק!

18־ער אָקטיאַבער, דער פערטער טאָג, ווי כ'האָב אָנגעהויבן מײַן וואַגאַבונדעווען. איך גיי „סטאַם אין דער וועלט אַרײַן", ניט ווייסנדיק, וועלכן וועג צו נעמען. אַזוי גאַס־אײַן, גאַס־אויס, און דער צופאַל האָט מיר געדינט אַלס וועגווײַזער. איך האָב זיך פאַרהאַלטן פאַר א הויז, ווו ס'האָט זיך געפונען דאָס זיץ־אָרט פון דער פראַנאַצישער פּאַרטיי פון מאַרסעל דעאַ. אין דעם מאָמענט קומט מיר אפן זיכּאָרן דער באַרימטער אַרטיקל פון דעאַ, דערשינען אין דער צײַטונג „ל'עוור" אונטערן קאָפּ „שטאַרבן פאַר דאַנציק". דער געוועזענער סאָציִאַליסטישער פירער שטויסט איצט זײַנע אָפּגענאַרטע אָנהענגער צו שטאַרבן פאַר היטלערן: ס'איז א פראַגע פון אויסוואַל!

צוזאַמען מיט די זיכרוינעס האָט אופגעבליצט א דערמאָנונג, אַז אין זעלבן הויז וווינט די קראַנקן־שוועסטער מאַדאַם ליוסי, וואָס האָט בעשײַטע מיר געמאַכט אײַנשפּריצונגען. פונוואַנען איז צו מיר געקומען דער מעטורעפדיקער געדאַנק, אַז איך, דער אַנטלאָפענער און גערוידעפטער פון דער געסטאַפּאָ, זאָל זוכן א באַהעלטעניש אין דעם הויז, ווו ס'געפינט זיך די אָרגאַניזאַציע „ראַסעמבלעמאַן נאַסיאָנאַל פּאָפּולער" (פּאָפּולערע נאַציִאָנאַלע צונויפזאַמלונג). דאָס איז געווען די פאַרביסנסטע באַוועגונג, וועלכע האָט פּראָפּאַגאַנדירט מיטאַרבעט מיטן דײַטשישן אָקופּאַנט. אויב דאָס

איז נאָך ווייניק, האָב איך, אויסדרייענדיק דעם קאָפּ, באַמערקט, אַז ניט ווײַט פֿונדאַנען געפֿינט זיך די סאָסיי־גאַס, פֿונוואַנען פּאַנוויץ פֿירט אַן מיט די זוכונגען קעגן מיר. די געגנט איז ווירקלעך געווען ניט פֿאַר מיר.

אין פֿלוג האָט דער געדאַנק פֿון באַזעצן זיך דאָ געהאַט סימאָנים פֿון מעשוגאַס. אָבער אין דער ווירקלעכקייט איז עס געווען ווײַט דערפֿון. ווײַל פֿון מײַנע פֿאַרבינדונגען האָט קיינער ניט געקענט די מאַדאַם ליוסי, און דער זאַנדערקאָמאַנדע וועט ניט אײַנפֿאַלן מיך צו זוכן אין איר נאָענטער סוויווע. איר וועט ביכלאַל ניט קומען אַפֿן געדאַנק, אַז איך באַהאַלט זיך אויס צוויי טריט פֿון איר שטאַב. אָבער דערווײַל האָב איך פֿעסטגעשטעלט, אַז דאָ דרייען זיך אַרום ציווילע וואַכלײַט, דעריבער איז גלײַכער אָפּצוואַרטן, ביז זיי וועלן זיך דערווײַטערן. איך האָב געדולדיק צוגעוואַרט, קעדיי צו שאַפֿן די מעגלעכסטע שאַנסן אױף מײַן זײַט. צען אַזייגער אין אָוונט בין איך מיט אַ זיכערן טראָט צוגעגאַנגען צום הויז, צו דעם טייל, וואָס איז ניט געווען פֿאַרנומען דורך די קאָלאַבאָראַציאָניסטן.

אַרופֿגעקומען אַפֿן דריטן שטאָק און אָנגעקלונגען אין טיר. מאַדאַם ליוסי האָט געעפֿנט, מיך באַטראַכט — און געוואָרן בלייך, ווי קאַלך.

— וואָס איז אײַך, הער זשילבער, — האָט אויסגעשריגן די בראַווע פֿרוי. — איר זײַט קראַנק?

איך האָב זי לײַכט אַרײַנגעשטופּט אין פֿאָדערהויז, מיר זאָלן אַלץ אופֿקלערן אינווייניק. זי האָט צוגעגעבן:

— איר האָט זיך שרעקלעך געענדערט, איר זײַט ניט מער דער מאַן, וועמען איך האָב געקענט...

דער מאַן, וועמען זי האָט געקענט ביז איצט, איז געווען אַ בעלגישער אינדוסטריִעלער, וואָס האָט אַ טייל פֿון דער וואָך פֿאַרבראַכט אין פּאַריז.

— מאַדאַם ליוסי, איך בין אַ ייִד, — זאָג איך צו איר אין איין אָטעם. — און אַנטלאָפֿענער, וואָס ווערט געזוכט פֿון דער געסטאַפּאָ. קאָנט איר מיך האַלטן בײַ אײַך אין וווינונג עטלעכע טעג? איך בעט אײַך, ענטפֿערט אופֿריכטיק: יאָ אָדער ניין. אויב ס'איז אומעגלעך, וועל איך ניט האָבן קיין פֿאַריבל — און גיי טייקעף אַוועק!

אירע אויגן האָבן זיך פֿאַרפֿולט מיט טרערן, און זי ענטפֿערט מיט אַ צעוויטיקט קאָל:

— ווי איז דאָס מעגלעך, ווי האָט איר געקאָנט אַפֿילו איין מינוט טראַכטן, אַז איך וועל אײַך אָפּזאָגן?

זי האָט מיך אַרײַנגעפֿירט אין אַ צימער.

— דאָ — זאָגט זי מיר, — זײַט איר זיכער. איר קאָנט דאָ בלײַבן ווי לאַנג איר ווילט. איך וועל אײַך ברענגען עפּעס צום טרינקען...

איך האָב גלײַך אָפּגעדעקט דאָס בעט: ווײַסע לײַלעכער, וואַרעמע קאָלדרעס האָבן געוואַרט אױף מיר... די לעצטע קויכעס האָבן מיך פֿאַרלאָזט — און איך בין געבליבן ליגן פֿאַרכאַלעשט.

איך בין צו־זיך געקומען, ווען מאַדאַם ליוסי איז אַרײַן אין צימער. איך האָב אַוודע געמוזט אויסזען ווי אַ טויט־קראַנקער, ווײַל זי האָט געהאַלטן אין איין איבערכאַזערן:

— וואָס האָבן זיי פֿון אײַך געמאַכט? וואָס האָבן זיי פֿון אײַך געמאַכט?

נאָך דעם, ווי איך האָב עפּעס אָפּגעגעסן, בין איך גלײַך אַוועק אין בעט אַרײַן. איך בין שוין געווען אַנטשפּאַנט, אָבער טראַכנדיק וועגן די פֿאַרגאַנגענע טעג, איז מיר שווער געווען אײַנצושלאָפֿן. עס האָט געמוזט זײַן צוועלף באַנאַכט, ווען איך האָב געהערט קלינגען בײַ דער טיר. ווי געביסן פֿון אַ שלאַנג, בין איך אופֿגעשפּרונגען און אָנגעשטעלט די אויערן. מע קלינגט — צי זײַנען דאָס ניט אַמאָל אונדזערע שכיינים פֿון דער סאָסיי־גאַס, וואָס קומען אָפּשטאַטן אַ וויזיט? איך האָב אײַליק אָנגעגרייט מײַן ציאַן־קאַלי־קאַפּסול.

איך הער אַ מענער־שטים, מע רעדט שטיל. טריט פֿאַר מײַן מיר; מע קלאַפּט, מאַדאַם ליוסי איז אַרײַן, ברענגענדיק מיט זיך אַ שטראַל ליכט.

— ווער איז דאָס? — האָב איך געפֿרעגט.

זי האָט אַוודע באַמערקט מײַן אופֿרודערונג, זיך דערנענטערט צום בעט און מיר געזאָגט מיט צוטרוי און טמימעס:

— אָ! באַרויִקט אײַך, הער זשילבער, באַרויִקט אײַך. דאָס איז איינער פֿון מײַנע פֿרײַנט, אַן אָפֿיצער פֿון דער פֿראַנצויזישער אַרמיי, וואָס באַטייליקט זיך אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. ער איז דאָ געקומען פֿאַרברענגען די נאַכט...

צוויי ווידערשטאַנדלער אונטער איין דאַך, אונטער דער נאָז פֿון פּאַנוויצן — דאָס איז שוין צופֿיל... איך האָב דאָס רויִק אופֿגעקלערט דער מאַדאַם ליוסי, פֿאַרשלאָגנדיק צו פֿאַרלאָזן דאָס אָרט. זי האָט דערפֿון ניט געוואָלט הערן און איז אַרויס פֿונעם צימער. מע האָט ווידער גערעדט

שטיל. אין א ווײַלע ארום איז מאדאם ליוסי צוריקגעקומען, און אין דער זעלבער צײַט האָב איך אויך דערהערט פארמאכן די ארײַנגאנג־טיר:

— ס'איז דערלײדיקט, ער איז אוועק אַף אן אנדער אדרעס...

צומאָרגנס, דעם 19־טן אָקטיאבער, האָב איך זיך אופגעכאפּט מיט שטארקער היץ. מיר איז געווען אומעגלעך זיך אופצוהייבן און כ'בין פארבליבן אין בעט. דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן בין איך פארזונקען אין א שלאָף, פול מיט האלוצינאַציעס. פון דער טיפעניש פונעם אונטערבאוווסט־זײַן איז אופגעשווומען א קאָשמאר־פילם פון מײַן לעבן. ווי אין א קאליידאָסקאָפּ, האָבן זיך גע־ביטן בילדער, שטויסנדיק איינע די אנדערע. סצענעס פון מײַן יוגנט אין פוילן, פון דער טפיסע אין ערעץ־יִיסראָעל, פון מאָסקווע, פאריזש. די בילדער האָבן זיך געדרייט פאר מײַנע אויגן אָן א צוזאמענהאנג, אלץ האָט אויסגעזען ווײַט און נאָענט, טונקל און ליכטיק, צעמישט און געאָרדנט. איך האָב געזען שטארבן מײַן פאָטער. מיט דערשטוינטער, רעאלער קראפט האָב איך נאָכאמאָל איבערגעלעבט פארגאנגענע געפילן, פריידן און ליידן, סענטימענטן, טרויער און ליבע.

ענדלעך זיך אופגעכאפּט פון דעם שווערן שלאָף און זיך באפרײַט פון די היץ־פאנטאזיעס. ביסלעכווײַז האָט די קעגנווארט זיך צוריק אײַנגעשטעלט אין מײַן דענקען. א קעגנווארט, שווארץ ווי די נאכט און פול מיט זאָרגן. אין צוויי טעג ארום, ווי ס'איז פאָרויסגעזען, דארף איך זיך באגע־גענען מיט קלאָד ספּאאק באם קלויסטער לא טריניטע. דעם 22־טן אָקטיאבער איז באשטימט א טרעפונג מיט קאָוואלסקין אין בורג־לא־רען. אין דעם הויז געפינט זיך איצט די געסטאפּאָ! א שטארקער אומרו האָט מיך אפּסנײַ באהערשט. צי זײַנען אלע ספּאאקס אויסער דער געפאר? צי האָט קלאָד געהאט א מעגלעכקײַט צו וואָרענען קאָוואלסקין? א פארמאטערטער, בין איך ווידער אײַנגעזונקען אין א שלאָף, פון וועלכן איך האָב זיך אופגעכאפּט מיטיק־צײַט, דעם 20־טן.

„עדגאר, פארוואָס טעלעפאָנירסטו ניט? זשעאָרזשי". איך האָב געהאלטן אין בלעטערן דעם „פּארי־סואר" — דאָס קאָלאבאָראציאָניסטישע שמוץ־בלעטל, ווען דער לאקאָנישער אנאָנס, איבער־געכאזערט צוויי מאָל אַף דער צווייטער זײַט, איז מיר געשפּרונגען אין די אויגן. א דערשטוינטער, האָב איך צוויי מאָל געלייענט די ווענדונג. ס'איז געווען קלאָר: פאנוויצן איז געלונגען צו ארעס־טירן זשעאָרזשין. טריומפירנדיק אַף א דיסקרעטן אויפן, האָט פאנוויץ אזויארום מיך געוואָרנט, אז כ'וועל אײַנקורצן זיך מוזן אונטערגעבן. פיל שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אז שוין דאָס צווייטע מאָל, ווי דער שעף פון דער זאָנדערקאָמאנדע באניצט זיך מיט דער פרעסע באקאנט צו מאכן זײַנע ניצחונות. שוין דעמלט, ווען ער איז צוריקגעקומען פון קאָרעז (א דעפּארטאמענט אין פראנק־רײַך), האָט מען אים דערלויבט צו פארעפנטלעכן פאָלגנדיקן אנאָנס: „זשעאָרזשי, פארוואָס קומסטו ניט, פאטריק איז בא זײַן פעטער...".

זשעאָרזשיס ארעסט איז געווען אזא שרעקלעכער, ניט פאָרויסגעזעענער קלאפּ, אז ער האָט פארלאנגט, איך זאָל טייקעף צוריק איבערנעמען די איניציאַטיוו. אין אָוונט פון 30־טן אָקטיאבער בין איך אראָפּ פון ליוסיס וווינונג צו מאכן צוויי טעלעפאָן־קלונגען. דעם ערשטן — אַף דער באָ־זשאָלע־גאס, אויסצוגעפינען, צי די געסטאפּאָ האָט פארנומען ספּאאקס וווינונג. קיינער האָט ניט געענטפערט. אומגלייבלעך, אז די וווינונג פון מײַנע פרײַנט זאָל ניט האָבן אנטדעקט געוואָרן דורך דער געסטאפּאָ, מעגלעך, אז די זאָנדערקאָמאנאָע האָט דאָרט פארלייגט א פאסטקע. אין דעם פאַל דערקלערט זיך דאָס שטילשווײַגן פונעם טעלעפאָן.

דעם צווייטן קלונג האָב איך געגעבן אין „ווײַסן הויז" אין בורג־לא־רען. איך האָב פארלאנגט צו ריידן מיט מאדאם פארענד. מיר האָט געענטפערט א שטים מיט אן אויסלענדישן אקצענט, וואָס איז געווען ווײַט צו זײַן מעלאָדיש, אז מאדאם פערנאנד איז צײַטווײַליק אָפּוועזנד. האָב איך אים העפלעך געבעטן, אויב ער וויל אזוי גוט זײַן, און איבערגעבן מײַן מומען, אז איך וועל מער ניט קומען אין בורג־לא־רען, נאָר וועל זי באזוכן אין פאריזש. א נערוועזער, האָט מײַן מיטשמועסער פארלאנגט, איך זאָל איבערכאזערן די באקאָשע. איך האָב עס געטאָן פאמעלעך און זייער דײַטלעך. וואָס האָב איך דערמיט באצוועקט? אָפּווענדן — אַף וויפל נאָר מעגלעך — די אופמערקזאמקײַט פון דער געסטאפּאָ פון „ווײַסן הויז" און אוועקנעמען די נעץ, איידער קאָוואלסקי וועט קומען אהין. ס'איז קימאט א האָפענונגלאָזע אונטערנעמונג. איך בין אָבער אן אָנהענגער פונעם באקאנטן שפּריכוואָרט: „ניטאָ קיין האָפענונגלאָזע לאגע, עס זײַנען נאָר פאראן מענטשן, וואָס גיבן אוף די האָפענונג...".

אין צווישן־צײַט וועל איך זיך פארבינדן מיט קלאָד ספּאאק. מיר האָבן אָפּגערעדט זיך צו טרעפן דעם 21־טן אָקטיאבער באם קלויסטער לא טריניטע. דערווײַל האָב איך געזוכט, מיט וואָס אוועקצוהארגענען די צײַט און פארייאָגן די מאָרעשכוירע. אין מעשעך פון טאָג האָב איך געקוקט דורכן פענצטער... געזען די אווטאָס פון דער זאָנדערקאָמאנדע, וואָס זײַנען ארויס און ארײַן פון דער סאָסיי־גאס. די הערן האָבן מיר אויסגעזען צו זײַן פארטראָגן אין א פיבערהאפטן געווירבל... ארום נײַן אין אָוונט האָב איך זיך דערנעענטערט צום קלויסטער לא טריניטע. די נאכט איז געווען

טונקל, אומעגלעך געווען צו זען עטלעכע מעטער פאר זיך. איך האָב זיך באַמיט צו זײַן רויק, וואָס זינט די געשעענישן אין די לעצטע טעג איז עס ניט געווען פֿון די לײַכטע זאַכן. איך האָב דערזען קלאַדן, וואָס האָט שוין אַף מיר געוואַרט. מיר זײַנען זיך געפֿאַלן אין די אָרעמס, געווען אומפֿעיִק אַרויסצוברענגען א וואָרט, האַגאַם איך בין געווען זייער אומגעדולדיק צו דערוויסן זיך נײַעס. נאָך דעם, ווי מיר האָבן זיך באַרויִקט פֿון די גרויסע עמאָציעס, איז דאָס איינציקע וואָרט, וואָס איך בין געווען בעיכולעס אַרויסצוברענגען, געווען „נו?"

ווען מיר זײַנען געגאַנגען אין דער ריכטונג צו דער קלישי־גאַס, האָט מיר קלאַד דערציילט, אַז זײַן פֿרוי און די קינדער זײַנען דעם 17־טן אוועקגעפֿאָרן קיין בעלגיע. ער האָט מיר איבערגע־געבן, אַז סיוזאַן האָט פֿאַר קיין שום פּרײַז ניט געוואָלט גלייבן, אַז עס דראָט א געפֿאַר, און זיך אָפּגעזאָגט צו פֿאַרלאָזן פּאַריזש. ער איז געווען געצוווּנגען מיט גוואַלד זי אַרײַנצוזעצן אין צוג. אַף אַלע פֿאַלן האָט ער מיט איר אָפּגערעדט א קאָד: אויב זי וועט אונטערשרײַבן אירע בריוו „סיוזעט", איז א סימען, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג; אויב זי וועט אונטערשרײַבן „סיוזאַן", דאַרף ער ניט גלייבן דעם אינהאַלט פֿונעם בריוו.

סיוזאַן ספּאַאַק — מיט וויפֿל וויטיקלעכע געפֿילן שרײַב איך די שורעס — איז מיט דרײַ וואָכן שפּעטער, דעם 8 נאָיאַבער 1943, געפֿאַלן א קאָרבן פֿון א מעסירע. פֿון דעם טאָג אָן האָט זי אָנגעהויבן איר יעסורים־וועג, וואָס האָט גענומען א סאָף ערשט אין אויגוסט 1944, מיט איר טויט.

אָבער דעם 21־טן אָקטיאַבער בין איך געווען גליקלעך זיך צו דערוויסן, אַז זי מיט די קינדער געפֿינען זיך ווײַט פֿון פּאַריזש. איך האָב ווײַטער געשמועסט מיט קלאַדן וועגן דער מאָרגנדיקער טרעפֿונג מיט קאָוואַלסקין. דאָס, וואָס ער האָט באַריכטעט, האָט מיך גראָד ניט באַרויִקט. ד״ר שערטאָק, ווי ס׳איז געווען אָפּגעשמועסט, האָט אים געדאַרפֿט טעלעפֿאָנירן דעם 19־טן צו באַ־שטימען די שאָ פֿון דער טרעפֿונג. קלאַד איז אוועק צו זיך אין וווינונג אָפּצוּוואַרטן דעם טעלעפֿאָן. פּינקטלעך צו דער באַשטימטער צײַט האָט דער טעלעפֿאָן געקלונגען. ספּאַאַק האָט אַראָפּגענומען דאָס טרײַבל און אַרײַנגעשריגן:

„עס ברענט, קיינער זאָל זיך ניט באַמיִען!.."

פֿון דער אַנדערער זײַט האָט מען גלײַך אוועקגעלייגט דאָס טרײַבל.

צי האָט ד״ר שערטאָק דאָס פֿאַרשטאַנען? אויב יאָ, וועט ער באַווײַזן צו וויסן טאָן וועגן דעם קאָוואַלסקין? — פֿראַגן, וואָס האָבן באַאומרויִקט...

דאָס איז געווען מײַן לעצטע טרעפֿונג מיט קלאַד ספּאַאַקן אין די מילכאָמע־יאָרן. מיר האָבן זיך ווידער געזען ערשט נאָך דער באַפֿרײַונג. אין צווישן־צײַט איז בלוט געפֿלאָסן אונטער די בריקן פֿון פּאַריזש.

א שטאַרק פֿאַרזאָרגטער, האָב איך זיך אומגעקערט צו מאַדאַם ליוסי. דער איניען פֿון דער טרעפֿונג, באַשטימט מיט קאָוואַלסקין אין בורג־לאַ־רען, האָט מיך קעסיידער באַאומרויִקט. העיויס איך בין דאָס צילברעט פֿון פֿאַנוויצן, איז פֿאַרבליבן דאָס איינציקע מיטל אָפּצולענקען די זאַנדער־קאָמאַנדע פֿונעם „ווײַסן הויז" און ווענדן זייער אויפֿמערקזאַמקײַט אַף מײַן פּערזאָן. נאָך דעם, ווי איך האָב גוט דורכגעטראַכט דעם איניען, האָב איך אויסגעאַרבעט פֿאָלגנדן פּלאַן:

צומאָרגנס, דעם 22־טן אָקטיאַבער, גאַנצפֿרי, האָב איך טעלעפֿאָנירט צו קלאַד ספּאַאַקן. א פֿרויען־שטים האָט מיר געענטפֿערט — און ס׳האָט זיך אײַנגעשטעלט אָן אומגלייבלעכער דיאַלאָג:

— מיט וועמען האָב איך דעם קאָוועד צו ריידן?

— איך בין די סעקרעטאַרן פֿון ה׳ ספּאַאַק.

— די סעקרעטאַרן פֿון קלאַדן? ער האָט קיינמאָל ניט געהאַט אַזעלכע. אַלנפֿאַלס איז זיכער, אַז ער האָט ניט געהאַט קיין פֿערזענלעכע סעקרעטאַרן. ניט אַנדערש, די געסטאַפּאָ איז דאָרט און די קלוימערשטע מיטאַרבעטערן פֿון מײַן פֿרײַנט איז א געהילף פֿון די הענקער.

איך האַלט ווײַטער אָן דעם שמועס, באַמיִענדיק זיך צו זײַן ערנסט:

— ביטע אים העפֿלעך זאָגן, אַז זײַן פֿרײַנט העענרי וועט אים קומען זען צוויי אַזייגער... א דאַנק פֿאַר דער באַמיִונג, דאָס איז זייער וויכטיק.

— זייער גוט, איך וועל דאָס איבערגעבן...

מיר האָבן אוועקגעלייגט די טרײַבלעך.

איך בין זיך מוידע, אַז די שטעך זײַנען צו גראָב געניייט, אָבער מיט דער געסטאַפּאָ דאַרף מען זיך ניט טאָמיד באַגיין אין זײַדענע הענטשקעס. ניט פּאַראַלגעמיינערנדיק דעם איניען, דאַרף מען פֿעסטשטעלן, אַז גאָר אָפּט גיבן זיך בעסער אײַן די ווייניקער קינסטלעכע פּאַסטקעס, ווי די מער קאָמפּליצירטע. נאָר מײַן מאַנעוור פֿון אָפּלענקען האָט דעם זעלבן טאָג געגעבן רעזולטאַטן: צוויי אַזייגער האָט פֿאַנוויץ, בעראָש פֿון זײַן קאָמאַנדע, באַזעצט דאָס הויז אַף רי דע באָזשאַלע. אין דער זעלבער צײַט האָבן אַדוואָקאַט שאַרל לעדערמאַן און ד״ר שערטאָק זיך געשטעלט אָן בורג־

לאַ־רען אַפּוואָרטן קאָוואַלסקין. זיי איז געלונגען אים „אופּצוכאַפּן”. דאָס מאָל האָט אונדז צוגעשפּילט!

דעם 22־טן אָקטיאַבער איז געווען קלאָד ספּאַאַקס געבורטסטאָג. צו פּײַערן די געשעעניש האָט קלאָד געהאַט בעדייע צו באַזאָרגן פון זײַן וווינונג עטלעכע גוטע פֿלעשלעך ווײַן. פאַרן אוועקגיין האָט ער טעלעפאָנירט צו דער הויזדינערין, פּרוי מעלאַנדעס, מיט וועלכער ער האָט אָפּגערעדט געוויסע פּאַרזיכט־מיטלען: אויב זי וועט אים רופן דורכן טעלעפאָן „טײַערער הער”, באַטײַט דאָס, אַז אים דראָט ניט קיין געפאַר און ער מעג קומען. אויב זי רופט אים נאָר „הער”, איז אַ סימן, אַז ס'איז אַ געפאַר צו קומען.

קלאָד ספּאַאַק האָט אָנגעדרייט זײַן אייגענעם טעלעפאָן־נומער. פּרוי מעלאַנדעס האָט אים געענטפערט, איבערכאַזערנדיק אומופהערלעך: „הער, הער...” און האָט זיך צעשריגן: „דאָס איז אַלץ, וואָס איך דאַרף אים זאָגן?”

אויב קלאָד האָט פון דעם אַלעם גאָרניט פאַרשטאַנען, איז בעעמעס צו באַדויערן. פּונקט אין דעם מאָמענט האָט זיך די פאַרבינדונג ברוטאַל איבערגעריסן. דערצאָרנטע, האָבן די געסטאַפּאַלײַט זיך געוואָרפן אויף דער אומגליקלעכער פּרוי מעלאַנדעס.

דעם 22־טן אָקטיאַבער איז אויך אין „פּאַרי־סואַר” דערשינען פאָלגנדער קליינער אַנאָנס: „עדגאַר, פאַרוואָס טעלעפאָנירסטו ניט?” אָבער דער רוף פון פּאַנוויצן איז געבליבן אַ קאָל קורא בעמידבאַר...

.28

## די זאָנדערקאָמאַנדע אונטער אַן אופזיכט

פּערציק טעג זײַנען פאַריבער זינט מײַן אַנטלויפן, פערציק דראַמאַטישע טעג פון אומופהערלעכער שפּאַנונג און אומרו... אַדאַנק דער גאַסטפרײַנטלעכקײַט פון מאַדאַם ליוסי, האָב איך צום ערשטן מאָל געקאָנט דורכטראַכטן מײַנע פּלענער מיט אַ רויִקן קאָפּ, אופּשטעלן קאַלטבלוטיק, קימאַט וויסנשאַפטלעך, מײַנע דערפאָלגן און מײַנע דורכפאַלן.

קוידעם וועגן די דורכפאַלן: האַגאַם די דראַמאַטישע געשעעניש איז ניט געווען אָפּהענגיק אין מיר, האָט דער פאַראַט פון דעניז דערמעגלעכט דער געסטאַפּאָ צו אַנטדעקן די שפּורן פון סאַן־זשערמען, פון וועזינע, פון סירען און גוירעם געווען צום אַרעסט פון די צוויי שוועסטער אין סאַן־זשערמען, פון דעם מאַן און פּרוי קוויער און דעם קליינעם פּאַטריק.

אויף מײַן פּערזענלעכן כעזשבן האָב איך צו פאַרצייכענען צוויי פעלערן: דער ערשטער — וואָס איך האָב אופגעהאַלטן דאָס דערווײַטערן זשאָרזשי פון פּאַריזש. דער צווייטער איז שוין פיל געפערלעכער. איך האָב זיך באַניצט מיט דער מאַדאַם מיי, בייס זי איז לאַכלוטן ניט געווען צוגעפּאַסט פאַר דער טעטיקײַט, אומדערפאַרן און ניט שטאַנדהאַפטיק. דורך איר האָבן זיך די דײַטשן דערוווסט גלײַכצײַטיק: מײַן אָנוועזנהײַט אין בורג־לאַ־רען; דעם אַדרעס פון זשאָרזשי אין באָס; מײַנע פאַרבינדונגען מיט די ספּאַאַקס און די טרעפּונג, וועלכע האָט געדאַרפט פּאַרקומען מיט קאָוואַלסקין.

מײַנע דערפאָלגן זײַנען באַשטאַנען אין דעם קעגן־פּײַער, וועלכן איך האָב אָנגעווענדט אין דער מיטאַרבעט פון מײַנע פרײַנט, מיט וועלכע איך בין געווען בעיעכוילעס זיך קעגנשטעלן פאַנוויצעס איניציאַטיוון. איך האָב באַצײַטנס צו וויסן געטאָן די ספּאַאַקס, גראַטעוועט אין דער לעצטער מינוט קאָוואַלסקין פון דער געסטאַפּאָ און לעסאָף — מײַן אייגענע פרײַהײַט.

פון די אַלע געשעענישן בין איך געקומען צום אויספיר, אַז דער אויפן פון אימפּראָוויזאַציעס האָט אונדז צו טײַער געקאָסט. איך מוז שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל זײַן מעסוגל צו פאַרמײַדן דראַמעס פון אַזאַ פאַרנעם. איך דאַרף אופשטעלן אַ גרופּע אויסגעפּרוווטע טוער, וואָס זאָלן האָבן די אופזיכט איבער אַנדערע און איינצײַטיק פירן די טעטיקײַט.

אין דער נײַער פּערספּעקטיוו איז דערשינען דאָס געשטאַלט פון אַלעקס לעסאָוואָי, ווי אַן אידעאַלער מיטאַרבעטער.

לעסאָוואָי האָט ניט אָנגעהערט צום רויטן אָרקעסטער. אַ געבוירענער אין רוסלאַנד, איז ער נאָך אַלס קינד געקומען קיין פראַנקרײַך. נאָך דעם, ווי ער האָט געדינט עטלעכע יאָר אין פרעמדן־לעגיאָן, האָט ער באַקומען די פראַנצויזישע בירגערשאַפט. פון פאַך איז ער געווען אַ צייך־טעכני־

קער. פֿאַר דער מלחמה האָט ער געהאַט אַ גרויסע לאַבאָראַטאָריע אויף שאָסע־ד׳אַנטאַן אין פּאַריז.

פּאָליטיש איז ער געווען שטאַרק אַנגאַזשירט. ווי אַ מיטגליד פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, איז ער בײַם דעם בירגערקריג אין שפּאַניע געפֿאָרן אַהין קעמפֿן און אין די שלאַכטן זיך דערוואָרבן אַ נאָמען פֿון אַ ספּעציאַליסט, וואָס האָט אָנגעוואָרפֿן אַ פּאַכעד אויפֿן סוינע: ער האָט אויסגעאַרבעט קליינע אויפֿרײַס־מאַטעריאַלן, זיי אַרײַנגעלייגט אין ביכער, אין בריוו, אין פֿאַרשיידענע פּעקלעך — און זיי געשיקט צו די הענקער פֿונעם שפּאַנישן פֿאָלק. אויף דעם געביט האָט ער פֿאַרצייכנט דער־פֿאָלגרײַכע רעזולטאַטן.

איך האָב געקענט די פֿרוי פֿון לעסאָוואַי, מירא, נאָך פֿון אירע יונגע יאָרן, ווען זי איז געווען אַ גימנאַזיע־שילערין אין טעל־אביב. אַ געבוירענע אין ערעץ־ישׂראל, האָט זי אין יענע יאָרן געקעמפֿט אין די רייען פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אַלעקס האָט נאָך אין 1941 מיר פֿאָרגעשלאָגן זײַן מיטאַרבעט. מיט זײַן מיליטערישער אויס־בילדונג און טעמפּעראַמענט אונטערצונעמען ריזיקאַלישע אַקציעס איז ער געווען דער פּאַסיקסטער מענטש אויסצופֿילן געפֿערלעכע אויפֿגאַבן. אָבער די האַסקאָמע פֿון דעם צענטער בענעגייע זײַן קאַנדידאַטור האָט פֿאַרשפּעטיקט צו קומען, האָט ער זיך דערווײַל אַנגאַזשירט אין אַן אַנדערער קאַמפּס־גרופּע.

אַ קורצע צײַט נאָך מײַן אַרעסט האָט די זאַנדערקאָמאַנדע מיט אים זיך פֿאַרינטערעסירט, ווײַל זײַן נאָמען האָט פֿיגורירט אין די דעפּעשן, וועלכע די דײַטשן האָבן דעשיפֿרירט. מיר איז געלונגען אָפּצושלעפּן די געשיכטע אין דער לאַנגער באַנק אַרײַן, ביז ער איז געוואָרן אויסגעשטראָכן פֿון די זוך־רעשימעס בײַ דער געסטאַפּאָ. מײַן אינטערוועניץ וואָלט אָן שום ספֿק געווען ווירקזאַם אויף אַ לענגערער צײַט, ווען ניט דער שפּאַנישער קאָנטער־שפּיאַנאַזש, וועלכער האָט איבערגעגעבן פּאַנוויצן און זײַנע באַנדעס איינע פֿון זײַנע פֿאָטאָגראַפֿיעס מיט דער באַצייכענונג „אַ געפֿערלעכער טיפּ”.

אויב אַלעקס וואָלט אַרעסטירט געוואָרן, וואָלט די געסטאַפּאָ אים טייקעף איבערגעגעבן דער שפּאַנישער פּאָליציי. אַ געוויסע צײַט איז מיר געלונגען צו ריכטן די זוכונגען פֿון דער זאַנדער־קאָמאַנדע נאָך אַלעקסן קיין דאָרעם־פֿראַנקרײַך, ווײַסנדיק, אַז ער באַהאַלט זיך אויס אין פּאַריז. די רינג אַרום אים האָט זיך אָבער ענגער פֿאַרצויגן. דאָס איז פֿאָרגעקומען אין דער צײַט, ווען איך בין אַנטלאָפֿן. די ערשטע זאַך, וואָס איך האָב געטאָן באַלד נאָך מײַן אַנטלויפֿן, איז געווען אים צו וואָרענען. איך האָב אים געראָטן אַרײַנצוטרעטן אין אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע און פֿאַרלאָזן פּאַריז. ער האָט מיר פֿאָרגעשלאָגן, איך זאָל צוזאַמען מיט אים זיך אָנשליסן צו דער „מאַקי” (פֿראַנצויזישע פּאַרטיזאַנער). ווען איך האָב געענטפֿערט, אַז דאָס איז אויסגעשלאָסן, האָט ער גע־מאַכט פֿאָלגנדן פֿאָרשלאָג: „איך בלײַב מיט דיר, איך וועל איבערײַסן אַלע מײַנע פּריוואַטע פֿאַר־בינדונגען (דאָס איז געווען אַן עלעמענטאַר מאָסמיטל פֿון פֿאָרזיכטיקייט) און דיר העלפֿן אין דער אַרבעט...”

מיר האָבן דאָס אָפּגערעדט נאָך אין דער צײַט, ווען איך האָב זיך געפֿונען אין „ווײַסן הויז” פֿון בורג־לאַ־רען. מיר האָבן אָנגעצייכנט אַ טעטיקייט־פּלאַן, וואָס האָט געהאַט פֿאַר אַ ציל אויפֿצו־שטעלן אַ ספּעציעלע גרופּע צו וואַכן איבער דער טעטיקייט.

צוערשט האָט אַלעקס געדאַרפֿט אויפֿשטעלן אַ גרופּע פֿון זעקס ביז אַכט פּערזאָן, פֿאַר יעדן באַזונדער אויסטיילן אַ באַשטימטע אויפֿגאַבע, און לויט די שטרענגע קלאָלים פֿון קאָנספּיראַציע האָבן די מיטגלידער פֿון דער גרופּע ניט געדאַרפֿט זיך קענען איינער מיטן אַנדערן. די ערשטע אויפֿגאַבע פֿון דער גרופּע דאַרף זײַן: נאָכפֿאָלגן טריט בײַ טריט די טעטיקייט פֿון דער זאַנדערקאָמאַנדע; פּאָרויסזען אירע אַטאַקעס און זיי אָפּשלאָגן; וואָרענען די מענטשן, וועמען עס דראָט אַ געפֿאַר, און זיי העלפֿן אַנטלויפֿן; אײַנשטעלן נייטיקע קאָנטאַקטן.

אַלעקס האָט ניט פֿאַרלוירן קיין צײַט. ווען איך האָב אים סוף אָקטיאַבער 1943 געזען בײַ מאַדאַם ליוסי, איז די פֿאַרבינדונג מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי שוין געווען אײַנגעשטעלט און פֿינף דערפֿאַרענע אַקטיוויסטן זײַנען געווען גרייט צו מײַסים. איך האָב אויך פֿאַרלאַנגט פֿון אַלעקסן, ווײַסנדיק, אַז ער האָט די געהעריקע באַציִונגען דאָרט, ווו מע דאַרף, ער זאָל מיר באַזאָרגן אַן אידענטיטעט־קאַרטע פֿון אַ סויכער, וואָס שטאַמט פֿון צאָפֿן־פֿראַנקרײַך, וועמענס געבוירן־אָרט איז צעשטערט פֿון באָמבעס, דער שטאָטראַט פֿאַרניכטעט און דער רעגיסטער פֿון דער ציווילער באַפֿעל־קערונג איז פֿאַרשוווּנדן אונטער די חורבֿות. צו דעם אַלעמען, האָט דער אומגליקלעכער סויכער נאָך געדאַרפֿט האָבן פֿאַרלוירן זײַן מישפּאָכע, פֿרײַנט און זײַן הויז.

איך און לעסאָוואַי האָבן באַשטימט, אַז מיר טרעפֿן זיך אין דער נײַער באַהעלטעניש, וועלכע מאַדאַם ליוסי זוכט פֿאַר מיר.

זינט מײַן אַנטלויפֿן איז מײַן איקערדיקע זאָרג געווען: דערמעגלעכן מאָסקווע, זי זאָל ווײַטער אָנגיין מיט דער „גרויסער שפּיל" — און דאָס איז געווען דער אייגנטלעכער ציל פֿון צוויי בריוו, וועלכע איך האָב געשיקט פאַנוויצן.

דער פֿאַרהער פֿון זשעאַרזשי דע ווינטער דורך פאַנוויצן האָט באַם שעף פֿון דער זאָנדער־קאָמאַנדע פֿאַרשטאַרקט זײַנע אילוזיעס, אַז דאָס זײַנען טאַקע מײַנע קאַוואָנעס. זשעאָרזשי האָט שטרענג אויסגעפֿילט מײַנע אָנווײַזונגען, אַז אין פֿאַל פֿון אַרעסט זאָל זי מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זי פֿאַרשטייט גאָרניט פֿון דער קאָמפּליצירטער געשיכטע און זאָל באַשטעטיקן אַלץ, וואָס איך האָב געשריבן צו פאַנוויצן, צוגעבנדיק, אַז איך האָב אָפֿט גערעדט וועגן אַ סעפּאַראַטן שאָלעם און זיך פֿאַרופֿן אַף ביסמאַרקן.

פאַנוויץ, וואָס האָט סאָפּקאָלסאָף באַנומען (ער האָט אין דעם געגלייבט, און דאָס איז דער איקער), אַז דאָס איז ניט אָפּהענגיק נאָר פֿון מײַן גוטן ווילן, איז געוואָרן זייער נערוועז. ווילנדיק אויסניצן די לאַגע, וועלכע איז געווען לעטויוועס אונדז, האָב איך נאָך ספּאַאַקס אַרעסט אַרויסגעשיקט פאַנוויצן אַ דריטן בריוו. איך האָב אים דערמאָנט, אַז ער האָט ניט באַפֿרײַט קיין איינעם פֿון די אַרעסטירטע, און אים געדראָט: „אויב איר וועט ניט באַפֿרײַען די אַרעוויניקעס, וועל איך אַ סאָף מאַכן צו דער „גרויסער שפּיל". קעדיי ניט לאָזן אים צווייפֿלען אין מײַן וואָרענונג, האָב איך צו אים דירעקט טעלעפֿאָנירט און איבערגעכאַזערט די דראָונג. ס'וועט זיך אַרויסווײַזן, אַז אין דער הינזיכט האָב איך באַקומען מײַן סאַטיספֿאַקציע. נאָר אין דער זעלבער צײַט האָט דער שעף פֿון דער זאָנדערקאָמאַנדע פֿאַרלוירן דעם קאָפּ...

ווען איך האָב זיך ווידער געזען מיט אַלעקס לעסאָוואַ, האָט ער מיר געוויזן אַ דערשטוינענדיקן דאָקומענט: „נאַ, — זאָגט ער מיר, — דאָס איז אַ מאַטאָנע פֿון דײַן פֿרײַנט".

אַ מאַטאָנע? דאָס איז געווען אַ קאָפּיע פֿון אַ טעלעגראַמע, וועלכע פאַנוויץ האָט אַרויסגעשיקט צו אַלע פּאָליצײַ־סטאַנציעס: „זוכט זשאַן זשילבער, ער איז אַרײַנגעדרונגען אין די פּאָליצײַישע אָרגאַניזאַציעס אין שליכעס פֿון דער אונטערגרונט־באַוועגונג. אַנטלאָפֿן מיט דאָקומענטן. כאַפּן אים פֿאַר יעדער פּרײַז, באַריכטן לאַפֿאָנען".

די מעלדונג איז געוואָרן באַגלייט מיט אַ פֿאָטאָגראַפֿיע, וועלכע די געסטאַפּאָ האָט געמאַכט נאָך מײַן אַרעסט, און מיט אַ גענויער שילדערונג פֿון מײַן אויסזען. ס'איז אויך צוגעזאָגט געוואָרן אַ הויכע באַלוינונג יעדן איינעם, וואָס וועט ברענגען ידיעס. גלײַכצײַטיק האָבן אַלע אָפּטיילונגען פֿון דער געסטאַפּאָ און פֿון אַבווער אין פֿראַנקרײַך, בעלגיע, האָלאַנד, ווי אויך אַלע דײַטשישע אַדמיניסטראַטיווע, עקאָנאָמישע, מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס באַקומען פּלאַקאַטן מיט מײַן בילד. שפּעטער האָבן זיי אויך צוגעגעבן דאָס בילד פֿון קלאָד ספּאַאַקן מיט אַ צושריפֿט:

„אַנטלאָפֿן. זייער אַ געפֿערלעכער שפּיאָן".

דאָס איז שוין ניט גרינג צו שעצן... אָן שום סאָפעק, אַז די איניציאַטיוו פֿון פאַנוויצן האָט באַטײַט אַ ווענדפּונקט אין דער סטראַטעגיע, וועלכע ער האָט געהאַט בעדייע אָנצווענדן לעגאַבע מיר.

איך האָב מיט אַלעקסן דורכגעטראַכט די סיבעס, וועלכע האָבן באַוויגן דעם שעף פֿון דער זאָנדערקאָמאַנדע צו ענדערן די טאַקטיק. מיר האָבן פֿעסטגעשטעלט, אַז ביז איצט האָבן פאַנוויץ און זײַנע געהילפֿן רעזערווירט אויסשליסלעך פֿאַר זיך דעם געיעג אַף מיר, אויסמײַדנדיק צו אַליאַרמירן די פֿראַנצויזישע פּאָליצײַ און די אָקופּאַציע־אַרמיי. זײַענדיק איבערצײַגט, אַז זינט מײַן אַנטלויפֿן האָב איך ניט געקאָנט זיך פֿאַרבינדן מיטן צענטער, האָט ער געפּרוּווט מיך צו קאָמפּראָמעטירן אין זייערע אויגן. אַז דאָס איז פֿאַקטיש געווען זײַן קאַוואָנע, האָט זיך באַשטעטיקט, ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז קענט האָט באַקומען די אויפֿגאַבע אַרויסצושיקן דעם צענטער אַ טעלעגראַמע, אַז איך בין אַנטלאָפֿן. פאַנוויצעס אויסרעכענונג איז געווען, אַז פֿון דעם מאָמענט, ווען דער צענטער וועט זיך דערוויסן וועגן מײַן אַרעסט, וועט ער מער ניט שענקען מיר קיין צוטרוי. ענלעך איז געווען דער ציל פֿון לאָזן מיך אָנגיין אַלס פּראָוואָקאַטאָר, וואָס איז אַרײַנגעדרונגען אין דער פּאָליצײַ, קעדיי ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציעס זאָלן מיך לאָזן פֿאַלן. אָנגעבנדיק אַף די אַפֿישן דעם נאָמען לאַפֿאָן, האָט פאַנוויץ געהאַט דעם ציל אַרויסצורופֿן אַ צעמישונג אין דעם טונקעלן איניען.

אַזעלכע זײַנען געווען די קאַוואָנעס פֿון פאַנוויצן. איך האָב ניט געטאָרט פֿאַרגעסן, אַז זײַן גרעסטע אַמביציע איז געווען צו פֿאַרציִען אַ שטריק אַף מײַן האַלדז. צו מײַן מאַזל איז אָבער מײַן אויסערלעכער אויסזען געווען פֿיל אַנדערש, ווי דאָס בילד פֿון דער געסטאַפּאָ אַף די אַפֿישן. איך האָב מער ניט געהאַט דאָס קײַלעכדיקע פּאָנעם פֿון אַמאָל. איך האָב זיך געלאָזט אָנוואַקסן דיקע וואָנצעס און געטראָגן ברילן. אויסער דעם, האָט מאַדאַם ליוסי מיר אויסגעפֿונען אַ באַהעלטעניש — דער מאַקסימום פֿון זיכערקײַט. אין נאָיאַבער 1943 בין איך אַוועק וווינען אַף אַווענו דע מען (אין פּאַריזש), באַ אַן אָנגעשטעלטן פֿון דעם באַנק „קרעדי־ליאָנע".

אין דער געגנט, ווו איך בין געקומען וווינען, האָט מען וועגן מיר פאַרשפּרייט אַ לעגענדע, צוגעפּאַסט צו מײַן לאַגע: אַז איך בין אַן איינזאַמער מאַן, אַ קראַנקער, אַ שווער געטראָפענער פֿונעם גורל, בײַס אַ באַמבאַרדירונג פאַרלוירן מײַן גאַנצע פֿאַמיליע.

מײַן באַלעבאָס מעסיע זשאַן האָט ניט געהאַט די מינדסטע אַנונג, ווען ער האָט בא זיך אופגענומען. מײַן נײַע באַהעלטעניש איז געווען אַזוי זיכער און באַקוועם, אַז איך בין דאָרט געבליבן וווינען ביז מײַן אָפּפאָר קיין מאָסקווע אין יאַנואַר 1945.

פאַנוויץ האָט פאַרשטאַנען די פֿאָדערונג, וועלכע איך האָב אים געשיקט אין פּאַריקן בריוו. פֿון פֿאַכעד, אַז איך וועל אופדעקן פֿאַרן צענטער „די גרויסע שפּיל", האָט ער די אַרעסטירטע אַרעווניקעס באַפרײַט איינעם נאָכן אַנדערן. אין דער זעלבער צײַט האָט ער געוואָרפן זײַנע באַנדעס אויף מײַנע שפּורן.

דעם 8־טן יאַנואַר 1944 האָט ער פאַרעפנטלעכט אין דער פּרעסע אַ נײַעם אַנאָנס: „פּאַטריקן גייט גוט, ער איז צוריקגעקומען אהיים". אַ קורצע צײַט נאָך דעם איז די גאַנצע פֿאַמיליע קוויער געוואָרן באַפרײַט, און מאַדאַם מיי, וואָס איז פאַרמישפּעט געוואָרן צום טויט, האָט גענאָסן פֿון גערינגס אַ פּערזענלעכער באַגנעדיקונג (אַזאַ איז געווען די ווערסיע) און מ'האָט זי געלאָזט פֿרײַ.

דער שעף פֿון דער זאָנדערקאָמאַנדע האָט געשפּרודלט מיט איניציאַטיוו. ער האָט דעמלט אונטערגענומען אַ נײַע טאַקטיק, אַ קאָנווענציאָנעלע, אָבער זייער אַ געפֿערלעכע. ער האָט אופגעשטעלט אַ רעשימע פֿון אַלע פּערזאָנען, וועלכע איך האָב געקאָנט פֿון אַמאָל, און די איצטיקע — און געדראָט זיי אַרעסטירן, אויב זיי וועלן אים ניט צו וויסן טאָן וועגן מײַנע וויזיטן. ווי נאָר אַלעקס און איך האָבן זיך דערוווּסט פֿון דעם שאַנטאַזש, האָבן אויך מיר אופגעשטעלט אַן ענלעכע רעשימע פֿון די, וואָס זײַנען באַדראָט, און זיי געוואָרנט.

די פֿאָרשונג בא מײַנע אַמאָליקע פאַרבינדונגען האָט באַשטעטיקט, אַז פאַנוויצעס דראָונגען זײַנען מאַמאָשעסדיקע און אַז ער איז איבערגעגאַנגען צו מעשׂים. מיר האָבן אָפּגעשטאַט אַ וויזיט בא דער אייגנטימערין פֿון אַ וועשערײַ, וועלכע איך האָב געקענט אַ סך יאָרן. די וועשערײַ האָט זיך געפֿונען אויף בולוואַר האוסמאַן, אַנטקעגן דעם הויז, ווו מיר האָבן געהאַט אונדזער פּאַרקויף־צענטער „סימעקס". די אייגנטימערין האָט דערציילט, אַז עטלעכע מענער, צווישן וועלכע מיר האָבן אידענטיפּיצירט קענטן (די סימאַנים, וועלכע זי האָט אָנגעגעבן, האָבן ניט געלאָזט קיין ספֿק, אַז דאָס איז געווען קענט), זײַנען בא איר געווען און אפֿילו געדראָט. אַ טעראָריזירטע, האָט זי צוגעזאָגט, אַז ווי נאָר זי וועט מיך זען, וועט זי זיי צו וויסן טאָן און פאַרהאַלטן, ביז זיי וועלן אָנקומען.

דעם זעלבן שאַנטאַזש און דראָונג האָבן פאַנוויצעס לײַט אָנגעווענדט לעגאַבע אַן אַלטער לערערין, וואָס האָט מיר געהאַט פאַרדונגען אַ צימער אויף פּלאַץ פּיגאַל אין דער צײַט, ווען איך בין אָנגעגאַנגען ווי אַ בעלגישער אינדוסטריעלער. דער אָרעמער פֿרוי איז שלעכט געוואָרן, ווען זי האָט מיך דערזען. זי האָט דערציילט, אַז צוויי מענער, איינער איז זיכער געווען אונדזער גוט באַקאַנטער קענט, האָבן זיך פֿאַר איר פאָרגעשטעלט אַלס פּאָליצײַ־קאָמיסאַרן און פּאָרגעלייגנט אַ בריוו פֿון מאַרשאַל פּעטען, אין וועלכן ער פֿאָדערט, אַז אַלע „גוטע פראַנצויזן" זאָלן אויסליפֿערן דעם געפֿערלעכן סוינע פֿון זייער לאַנד, אַ געוויסן זשילבער. מײַן אַמאָליקע ווירטן איז זיך מוידע געווען, אַז דאָס, וואָס זיי האָבן זיך פאַרופֿן אויף פּעטענען, האָט אויף איר שטאַרק געווירקט. דאָך האָט זי געצווייפֿלט אין דער אויטענטישקײַט פֿונעם בריוו, וועלכע זיי האָבן פּאָרגעלייענט אין נאָמען פֿון דעם מאַרשאַל, און כוישעד געווען, אַז ער איז געפֿעלשט. קענט און זײַן באַגלייטער האָבן זי געצוווּנגען אונטערצושרײַבן אַ דעקלאַראַציע, אַז איר איז באַקאַנט דער אינהאַלט פֿון פּעטענס בריוו. דערמאָנענדיק זיך, אַז כ'האָב בא איר געלאָזט אַ טשעמאָדאַן, האָבן זיי איר באַפֿוילן צו האַנדלען אויף דעם זעלבן אויפֿן, ווי די וועשערײַ־אייגנטימערין: זאָל זי אָראָפּגיין טעלעפֿאָנירן און בעטן, איך זאָל מיט איר בלײַבן נאָך אַ ביסל.

— הערט זיך אײַן, — זאָג איך צו איר, — ווי נאָר מיר וועלן אַרויסגיין, מעגט איר זיי טעלעפֿאָנירן און דערציילן וועגן אונדזער וויזיט. איר וועט זיי אופקלערן, אַז איר האָט עס ניט געקאָנט מאַכן שנעלער — און דער איניען וועט זײַן פֿאַר אײַך דערליידיקט...

זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט שטוינונג, ווי איינער, וואָס האָט פאַרלוירן דעם סייכל. איך האָב אָבער באַמערקט, אַז זי האָט זיך באַרויִקט.

איך האָב אָפּגענומען מײַן טשעמאָדאַן. ווען מיר זײַנען אַוועק, האָבן מיר געזען, ווי זי אײַלט זיך צום טעלעפֿאָן. אַלעקס האָט מיך באַטראַכט מיט אַן אומפאַרשטענדלעכן בליק. מעגלעך, אַז ער האָט געטיילט די פאַרווּנדערונג פֿון דער פֿרוי. ער האָט מיר גאָרניט געזאָגט. איך בין זיך געגאַנגען פֿאַמעלעך. ענדלעך האָב איך איבערגעריסן דאָס שווײַגן:

— איך קען זיי, די געסטאַפּאָ־לײַט, — זאָג איך, — הײַנט איז זונטיק, נאָך מיטיק, זיי געפֿינען זיך איצט ניט קיין סך אויף דער סאָסיי־גאַס, דער גרעסטער טייל זיצט אין די קאַפֿע־הײַזער...

איך האָב זיך ניט טויע געוועז. נאָך דער באפרייַונג איז מיר געווען אינטערעסאנט צו וויסן דעם סאָף פון דער געשיכטע: די לייַט פון דער זאַנדערקאָמאַנדע, געשטערט אין סאַמע מיט פון זייער פאַרווייַלן זיך, זייַנען געקומען מיט דרייַ שאָ שפּעטער.

איך האָב פאַנוויצן געשיקט מייַן פּערטן און לעצטן בריוו, אין וועלכן איך האָב צו וויסן געטאָן, אז כ׳בין קראַנק און צי זיך צוריק פון דער שפּיל און צוגעגעבן:

— איר קאָנט פאַרזעצן די „גרויסע שפּיל״, איך וועל אייַך ניט שטערן, מיט א באַדינג, איר זאָלט ניט ארעסטירן קיין אומשולדיקע.

## 29.

# די שפּורן פון די טאַליאַנים

דער גרויסער טאָג איז ענדלעך געקומען... דעם 25 אויגוסט 1944, גאַנצפרי, איז אַלעקס לעסאַוואַי צו מיר געקומען אַף אוועני רי מען. מיר אײַלן זיך אָנצוקומען אַף רי דע קורסעל, אין דער ווילע, וועלכע עס האָט פאַרנומען די זאַנדערקאָמאַנדע.

ס׳איז שווער געווען דורכצוגיין די גאסן פון פּאַריז, וואָס האָט דערוואַכט צו באַפרייַונג. אַף רי דע ריוואָלי זייַנען נאָך אָנגעגאַנגען שלאַכטן. מיר האָבן זיך געמוזט פאַרהאַלטן. מיר האָבן זיך געווענדט צו די פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן זיך געשלאָגן מיט די דייַטשן. די ווערמאַכט־סאָלדאַטן האָבן געשטעלט דעם לעצטן ווידערשטאַנד. פון פאַרשיידענע זייַטן האָבן זיך געהערט שיסערייַען. נאָר די יונגעלייַט מיט די אָרעם־בענדער און ברייט־צעעפנטע העמדער אַף דער ברוסט, מיט אויסגעמאַטערטע פּנעמער, וואָס האָבן געשטרעבט א סאָף צו מאַכן צו דער אונטערדריקונג; די דאָזיקע יינגלעך, וואָס זייַנען זיך אָנגעלאָפן פון אומעטום, קעדיי אָפּצורייניקן די לעצטע שפּורן פון דער אָקופּאַציע, — האָבן פאַרמאָגט זייער פיל גראַנאַטעס, נאָר, ליידער, ניט געוווסט, וויאַזוי זיך מיט זיי באַגיין...

ווי דערפאַרענע אונטערערד־קעמפער, וואָס זייַנען פון דער פינצטערניש ארויס אַף דער ליכטיקער שייַן, האָבן מיר געמוזט זיי העלפן: אַלעקס לעסאַוואַי, באַגייַסטערט צו קאָנען שלאָגן דעם סוינע פּאָנעם־על־פּאָנעם, נאָך דעם, ווי ער איז יאָרנלאַנג געווען פאַרפאָלגט אינעם אונטערערדישן קאַמף, האָט ער זיך אין איין מאָמענט פאַרוואַנדלט אין א מיליטערישן אינסטרוקטאָר. ער האָט דאָס טייקעף באַוויזן מיט מייַסים: די דייַטשישע גאסן־באַריקאַדע איז געוואָרן אופגעריסן.

עטוואָס ווייַטער האָבן מיר אָנטיילגענומען אינעם קאַמף ארום דעם האָטעל „מאַזשעסטיק״, ווו ס׳האָט זיך געפונען דער הויפּט־שטאַב פון דער ווערמאַכט. מיר האָבן דערגרייכט דעם פּלאַץ דע לאַ קאָנקאָרד — און א נייַער קאַמף ארום דעם האָטעל „קריַאָן״. נאָך מיטיק זייַנען מיר ענדלעך צוגעקומען צו דער קורסעל־גאַס. ס׳איז געווען צוויי שאָ נאָך דעם, ווי די זאַנדערקאָמאַנדע איז אַנטלאָפן פון דעם ביניען.

מיר געפינען זיך אין דער פייַניקונג־הייל פון פאַנוויצן און זייַנע באַנדיטן. דאָ זייַנען אונדזערע כאַווירים געוואָרן געפּייַניקט, דאָ האָבן זיי שרעקלעך געליטן, מיך שטיקט דער ווייטיק. מיר גייען פּאַרזיכטיק פּאַרויס, ניט פון פּאַכעד, נאָר מאַכמעס מיר האָבן א פּאַרגעפיל, אז אָט־אָט וועלן מיר זיך אָנשטויסן אַף דעם גרויל גופע. זיי זייַנען אוועק — און אַלץ ווייַזט, אז זיי זייַנען אוועק אין גאַיל. די ביוראָען זייַנען פול מיט פּאַפּירן, וועלכע זיי האָבן ניט געהאַט קיין צייַט צו פאַרברענען. אין קעלער, אַפן דיל פון די קאַמערן, וואַלגערט זיך נאָך ארום דאָס פאַרפּוילטע שטרוי, אַף וועלכן עס זייַנען געלעגן די ארעסטירטע. מיר גייען אַרייַן אין א באָד־צימער. אין דער וואַנע אַפן דיל, אַף די ווענט — בלוט־פלעקן: דאָ האָט מען זיי געפּייַניקט! אַפן ערשטן שטאָק, אין דער אַמאָליקער קונסט־גאַלעריי, — די זעלבע גרויסע, טונקעלע פלעקן. מיר גייען ארויף אַפן צווייטן שטאָק. אין איין צימער אַפן טיש געפינען מיר פּאַפּירן, באַדעקט מיט ציפערן. אַן סאָפעק, דאָ איז אייַנגעשטאַנען יעפּרעמאָוו. דער הויז־וועכטער באַשטעטיקט אונדזער האַשאַרע: ער איז אוועק מיט דער זאַנדערקאָמאַנדע.

מיר נעמען צונויף אַלע דאָקומענטן, וועלכע קאָנען אונדז צוניץ קומען, און אויך די פיל־צאָליקע פאָטאָגראַפיעס פון דעם הויז פון פאַרברעכן. די דאָזיקע באַשײַמפּערלעכע באַווייַזן פונעם סוינעס באַרבאַרייַ וועלן מיר איבערשיקן קיין מאָסקווע.

(סאָף קומט)

# ליטעראַרישע געדענק־דאַטעס

## ה. לייוויק

(1962—1888)

## מאָטל הארצמאַן

(1943—1880)



צו ה. לייוויקס הונדערטסטן געבורטסטאָג דרוקן מיר איבער פון דער פּערטליאַר־שריפט „די גאָלדענע קייט" (נומ. 124, 1988) אַן אָפּקלייב פון בריוו, וועלכע דער גרויסער יידישער דיכטער האָט געשריבן צו זיין פרוי בייס זיין ריַיזע דורך פּוילן און סאָוועטנפאַר־באַנד (1925—1926). די בריוו האָט צוגעגרייט צום דרוק י. ליפשיץ, ניו־יאָרק.

## 16 בריוו פון ה. לייוויקן צו זיַין פרוי

### בריוו 1

22־טער יוני, ווארשע, 1925

מיַין טיַיערע, ליבע, גוטע, הערלעכע סאָרעלע!

זעסטו, מיַין סאָרעלע, נאָיווע פרוי מיַינע, גוטע פאַרטרויטע סאָרעלע, זעסטו ווי מאָדנע איך קוק אויס אין דער גרויסער וועלט און ווי מאָדנע איך פיל מיך. איך ווייס, אז דו ווילסט אלע עמעסן, ווילסט, איך זאָל דיר אלץ פאַרטרויען. גוט ,גוט. איצט, אז מיר זיַינען שוין באַלד א מאָנאַט איינער פון דעם אנדערן, זעען מיר דאָך שוין, אז מיר זיַינען נאָענט איינער צו די אנדערע, מער נאָענט ווי עמעצער קאָן זיך פאַרשטעלן. איצט זעסטו דאָך אליין, אז א סאך פארדראָסן דיַינע אויף מיר זיַינען

געוועז נאָר פאַרדראָסן פון מינוט, פאַרבײַגייענדיקע. איצט זעסטו דאָך, וואָס פאַר א ווערט האָבן נארישע פאַרדראָסן אנטקעגן בענקשאפט, וואָס רײַסט זיך איבער אָקעאַנען און לענדער.

אַט דאָ אין דער יִידישער פאַראָרעמטער ווארשע פיל איך מײַן צובונד צו דיר. איך בין פון ווארשע דערדריקט. דער אײַנדרוק פון יִידישן לעבן דאָ איז א שרעקלעכער אף מיר. עמעס, די ליטע־ראטור סטאַרעט זיך מיט אַלע קויכעס מיך אויפצונעמען, מיך מעקאַרעוו זײַן. אַלע זײַנען זייער גוט און פאַרינטערעסירט אין מיר — אָבער מײַן שטימונג איז דערווײַל א צערודערטע. אזא אָרעמקײַט פון א לעבן, אזויפיל אומגליק און בעטלערײַ האָב איך נאָך ניט געזען און עס ווײַזט אויס, אז איך וועל נאָך זען אומגליק און אָרעמקײַט אף דער וועלט.

איך בין ארומגעגאנגען מיט קאָלעגן איבער ווארשעווער יִידישע גאסן. מענטשן לעבן אין לעכער, אין שמוץ, צו אכט אין א צימער, עס פאַרכאַפּט באַם אָטעם. קינדער בלייכע, קראַנקע. מאַמעס שמו־ציקע מיט אָפענע בריסטן זויגן, זויגן זייערע פינצטערע קינדער. בעטלער אף שריט און טריט. קינדער בעטלען, רײַסן פאַר די קליידער, שטרעקן אויס הענטלעך. דאָס האָב איך געזען אין פאַריזש, א ביסל באַם ברעג יאַם, באַם האַפן, און דאָ זע איך עס אף טריט און שריט. צוקוקנדיק אזא עלנט, ווערט דאָס האַרץ צעריסן. נאַטירלעך שטאַרק איך זיך. איך בין דאָך ניט היינט געבוירן געוואָרן. ס'איז בא אונדז אין אַמעריקע אויך דאָ גענוג אָרעמקײַט, אָבער ניט אין אזוינע שאַרפע, נאַקעטע פאָרמען, ווי דאָ.

גענוג, מײַן טײַערע, צו וואָס מאַכן אומעטיק אויך דײַן געמיט? זאָל מײַן בריוו [דער] איצטיקער ניט מאַכן אף דיר קיין שווערן אײַנדרוק. מײַן קויעך פאַלט ניט אָפּ אין מיר. איך בין אויך פול מיט נײַגער און פאַרלאַנג נאָך, נאָך צו זען און איבערלעבן. איך שרײַב דיר נאָר דעם עמעס. איך בין דאָך ניט געפאָרן צו קלײַבן ראָזשינקעס מיט מאַנדלען. איך בין דאָך ניט אף א כאַסענע געקומען. איך בין געקומען אין א כאָרעווער, אָרעמער, אונטערגייענדיקער וועלט און איך זע, ווי זי ווערט כאָרעוו און שטאַרבט.

הײַנט פאַרנאכט מאַכן די שרײַבער די היגע אַן אָפּיציִעלן באַנקעט פאַר מיר. עס וועט זײַן א גרויסע אונטערנעמונג אין א טעאַטער. עס הייבן זיך אָן צו אָרגאַניזירן מײַנע רײַזעס איבער אַנדערע שטעט פון פוילן. אין דעם זין האָב איך זיך ניט וואָס צו באַקלאָגן. קאָוועד און גוטע ריד און אַר־טיקלען וועגן מיר אין אַלע צײַטונגען — איבערגענוג, אַפילע צופיל. אָבער דאָס רירט מיך ניט אָן צו שטאַרק. געוויס פיל איך זיך גליקלעך צו זען, אז מײַן אַרבעט, מײַנע לידער און דראַמען האָבן אַרײַנ־געשלאָגן זייערע וואָרצלען טיף, טיף. אָבער ווען איך בלײַב מיט זיך אַליין, איינער אַליין, באַפאַלט מיך מײַן שטענדיקער אומעט, מײַן שטענדיקער צווייפל, וועגן וועלכן דו ווייסט שוין, דוכט זיך, א ביסל. — און אַט טראַכט איך, וואָס טו איך אף דער וועלט? וואָס שלעפּ איך מיך אַרום? אַט שטייט א יִינגל א בעטלער אונטער מײַן פענצטער און זינגט און בעטלט. אַלע מײַנע גלידער וויינען אין מיר צוזאַמען מיטן יִינגל.

פאַרוואָס זאָל איך ניט נעמען און אוועקגיין צוזאַמען מיטן יִינגל, באָרוועס, אזוי ווי ער, נאַקעט, ווי ער, — אוועקשלעפּן זיך אף לאַנגע צײַטן...

מײַן טײַערע סאָרעלע און מײַן טײַער יִינגעלע. זײַט מיר ביידע מויכל מײַנע זינדיקע געדאַנקען. זײַט מיר מויכל, זײַט מיר מויכל מײַנע טײַערע, מײַנע ליבע סאָרעלע און ניליקל[1]. מײַנע הייסע קושן אײַך.

אײַער לייוויק

## בריוו 2

זונטיק, דעם 28־טן יוני, אָטוואָצק, 1925

מײַן טײַערע, מײַן סאָרעלע, און מײַן יִינגעלע מײַן טײַערער!

איך געפין מיך אין אָטוואָצק, א דאַטשע ניט ווײַט פון ווארשע, אין א סאָסנאָווען וואַלד. איך קוק טאַקע אַרויס אין גרויסן וואַלד און שרײַב דיר דעם בריוו.

איך האָב פאַרדראָס, וואָס איך האָב פון דיר און פון מײַן יִינגעלע נאָך ניט געהאַט קיין איין

---

[1] ניליק, דער פאַרצויגענער נאָמען פון לייוויקס עלטערן זון דאַניִעל. געבוירן אין 1918, געשטאָרבן צו עטלעכע און פופציק יאָר. געוווינט אין וואַשינגטאָן, ווו ער איז געווען א ציווילער באַאַמטער אין אַמעריקאַנער שוץ־מיניסטעריום, דעם „פּענטאַגאָן". ער איז אויך געווען אַקטיוו אין יִידישע קולטור־קרײַזן.

וואָרט. פון פּאַליען און דייוון[1] האָב איך מיט צוויי טעג צוריק יאָ באַקומען דאָס ערשטע בריוול, און פון דיר ביז הײַנט נאָך קיין איין שורע ניט. פאַרוואָס איז דאָס? גיכער פון אַלץ איז דאָס אַ צופאַל, אָבער ס׳איז עפּעס פאַרדראָסיק. נאָך אַלע מײַנע כעזשבוינעס ביסטו שוין געוויס אין בויבעריק[2]. שרײַב איך דאָס בריוול שוין קיין בויבעריק.

ווי פיל איך מיך אין וואַרשע — ווילסטו וויסן. איך פיל מיך מאָדנע. עס כאַפּט מיך אָן גאַנץ אָפט אַ בענקשאַפט נאָך אײַך, מײַנע טײַערע, און נאָך ניו־יאָרק. ס׳איז שווער צו לעבן דאָ, מע דאַרף זיך גוט אַרײַנלעבן הי, ביז מע זאָל זיך דערפילן אויפן פּלאַץ, היימיש. אָבער אַזויווי איך שטיי שטענדיק אויפן וועג, אויף דער שוועל, איז מיר צײַטנווײַז שווער און איינזאַמיק. אָט דער גאַנצער טומל וועגן מיר, די אַרטיקלען און רעדעס, קאָנען מיך סאַפּקאַלסאַף ניט דערוואַרעמען. הינטער אָט די אַלע רעדעס און אַרטיקלען לויערט עפּעס אַזאַ שווערקײַט דאָ, ס׳איז אַ צעבראָכן לעבן דאָ, און מענטשן זײַנען צעבראָכענע, צעקריפּלטע. איך האָב פּײַנט דאָס פּויליש לעבן[3]. דאָס איז אָבער אַ זאַך, וואָס קיינער קאָן מיר ניט גוט מאַכן, און איך קאָן דאָס פון קיינעם ניט מאָנען.

אָבער אויסער דעם, גיט מען מיר דאָ מער עפּשער וויפל מיר קומט. מע לאָזט מיך ניט אָפּ, אַזוי אַז איך הייב שוין אָן מיד ווערן פון די מענטשן און זייער פאַרערונג, וואָס זיי ווײַזן אַרויס צו מיר. איך האָב אַוועקגעשיקט אַ סאַך צײַטונגען צו פּאַליען מיט אַרטיקלען און נאָטיצן וועגן מיר. אָט שיק איך דיר נאָך עטלעכע אויסשניטן וועגן דעם באַנקעט, וואָס דער ליטעראַטן־פאַריין האָט געמאַכט פון מײַן קאָוועד וועגן — ס׳איז געווען אַ גרויסער אוילעם מיט וואַרעמע רעדעס, און איך אַליין האָב געהאַלטן אַ רעדע לענגער פון אַ שטונדע, גערעדט ניט שלעכט, הייס און איבערצײַגנד. די קומענדיקע וואָך ווערט געמאַכט אַן אָוונט אין אַ טעאַטער, וואָס זאָל אַרײַנברענגען אויך געלט. ס׳איז אויך דאָ אַן אײַנלאַדונג פון ווילנע, איך זאָל וואָס גיכער קומען. מיר דערוואַרטן, אַז הײַנטיקע וואָך זאָלן אָנקומען אײַנלאַדונגען פון נאָך שטעט. ווי עס זעט אויס, וועט מיר אויסקומען צו פאַרברענגען אין פּוילן ביז מיטן אויגוסט. ס׳איז מיר אַ פאַרדראָס, וואָס אין רוסלאַנד וועט מיר אויסקומען אַרײַנצופאָרן אין די לעצטע וואָכן פון זומער, אַרײַנקריכן אין האַרבסט אַרײַן. קיין גרויס באַדויער איז דאָס ניט. מער ניט, מיר האָט זיך געוואָלט אין שטעטל בײַ מיר זײַן אין די זומערדיקע טעג. עפּשער וועלן די וועטערס זײַן גוט צו מיר. מאַכט ניט אויס, דערווײַל איז דאָ רעגנדיק, בלאָטיק. אָבער אויפן האַרצן בײַ מיר איז גאַנץ פריילעך. מיר שטייט נאָך אַזויפיל אינטערעסאַנטס פאָר צו זען. אַך, מײַנע טײַערע, אָט אַזוי וועל איך מיך דורכוואַלגערן, אַ ביסל אָנלײַדן זיך און דערנאָך קומען צו דיר, סאָרעלע, אַ רײַכערער, אַ בעסערער. עמעס, סאָרעלע, איך דאַרף קומען אַ בעסערער, יאָ?

אין דער „פרײַהײַט" שיק איך לידער און באַשרײַבונגען. דו זעסט זיי מיסטאָמע און דו זעסט מײַן שטימונג, מײַן שפּאַנונג, מײַן אומעט אויף דער וועלט.

ווי לעבט זיך דיר מיט דײַן קלוגן זונעלע אין בויבעריק? שרײַב מיר אַלץ אויס. ווי נעמט מען דיך אויף? ווי פילסטו זיך?

---

[1] פּאַליע, סאָרע לייוויקס שוועסטער און דייוו [דאַוויד] שיין. ביידע באַקאַנטע ייִדישע קולטור־טוער.

[2] בויבעריק — אַ זומער־קאָלאָניע פאַר קינדער פון דעם שאָלעם־עליכעם־אינסטיטוט. סאָרע לייוויק איז דאָרט געווען אָנגעשטעלט דעם זומער פון 1925, ווען לייוויק האָט געמאַכט זײַן נעסיִע איבער פּוילן און איבערן ראַטנפאַרבאַנד. דאַניִעל איז דאָרט געווען מיט אַ קינדער־גרופּע פון זײַן עלטער.

[3] אין אַן אַרטיקל אין דער ניו־יאָרקער „פרײַהײַט" (פון 12־טן סעפּטעמבער 1925) האָט לייוויק געשריבן, אַז „עפּעס אַ מאָדנע צעטומלטקײַט רופט אַרויס דאָס לעבן אין פּוילן און דאָס ייִדישע לעבן בפֿרט, און איבערראַשט אויף מיר, דעם ליטוואַק, פאַר וועמען פּוילן און פּויליש ייִדנטום, פּוילישער הוילעך און אַקצענטן זײַנען אינגאַנצן פרעמד... די ערשטע אײַנדרוקן מײַנע זײַנען געווען ביטערע, שטעכיקע און פאַרצווייפלטע. דער טאָד פון מײַנע ערשטע אײַנדרוקן איז פאַרבליבן **ביז הײַנט** און וועט שוין ניט ענדערן זיך, ווײַל דאָס, וואָס איז ביטער, — איז ביטער, און דאָס, וואָס איז פינצטער, — איז פינצטער".

דעם גאַנצן קאַס האָט לייוויק אויסגעלאָזט צום ייִדיש־פּוילישן היטל: „דער אויסזען פון אַ ייִדישן קאָפּ אונטערן ענגן, שמאָלן, פּלאַכן היטעלע דערדריקט מיך, רופט אין מיר אַרויס פּײַן און פאַרצווייפלונג": און לייוויק האָט אָנגעשריבן וועגן דעם אַ ליד, „דאָס היטעלע", פון וועלכן מיר ברענגען דאָ 16 שורעס:

דאָס היטעלע, דאָס היטעלע,
דאָס היטעלע צווייגילדנדיקע;
רוק אַרויס דאָס קעפּעלע
דורך טויערלעך שילדנדיקע.

דאָס היטעלע, דאָס היטעלע,
דאָס היטעלע פאַרזעעניש
עס רוקן זיך נאָך גרעסערע
פאַרזעעניש־געשעעניש.

דאָס קעפּעלע מיט פּייעלעך,
מיט אייגעלעך מיט סאָכרישע,
רוים אַרײַן דעם דורכגייער
די סוידעסלעך די וואָכרישע.

ווי וועלן זיך געשעעניש
אַראָפּזעצן אויף קעפּעלעך,
וואָס זעען אויס ווי שמאָלינקע
ווי קוגלדיקע טעפּעלעך.

(די „פרײַהײַט", 26־טער סעפּטעמבער 1925)

גריס זיי אַלעמען פֿון מיר, לערערן[1] און אַלע איבעריקע, וואָס איך קען זיי אַלעמען ניט אויסרעכענען.

איך בענק אַ ביסל נאָך רעכילעס ניו־יאָרקער. רעדט מען עפּעס אַ סאַך רעכילעס? די וואַרשעווער צײַטונגען, וואָס קומען אָן קיין ניו־יאָרק, ברענגען אויך אַלע נײַסן וועגן מײַן באַזוך — גיט מען דיר איבער וועגן דעם? אויערבאַך[2] קריגט די צײַטונגען אין „מאָרגן־זשורנאַל". באַ אים קענסטו דרוקן אַלע נאָטיצן, אַכוץ די, וואָס איך אַליין שיק דיר צו.

איך קוש דיך שטאַרק, מײַן טײַערע, און דיך, מײַן טײַער ייִנגעלע.

אײַער ה. לייוויק

## בריוו 3

דאָנערשטיק, דעם 9־טן יול, וואַרשע, 1925

מײַן טײַערע סאָרעלע!

פֿאַר די לעצטע טעג האָב איך באַקומען אַ סאַך בריוו פֿון דיר. הײַנט האָב איך דערהאַלטן גאַנצע דרײַ בריוו, מיט ניליקלס בריוולעך צוזאַמען. איך בין זייער פֿריילעך, ווען איך באַקום בריוו. איך האָב דיר די טעג אַרויסגעשיקט אַ פּאָר קאַרטלעך און אויך אויסשניטן פֿון צײַטונגען, און די „ליטעראַרישע בלעטער", ווו עס ווערן באַשריבן די אויפֿנאַמעס, וואָס מע האָט מיר דאָ געמאַכט. אויך מײַנע רעדעס. איך בין געוואָרן, ווי דו זעסט, אַ גאַנצער רעדנער. דעם עולם דאָ געפֿעלט מײַן רעדן. איך רעד אָפֿן, פּאָשעט און אויפֿריכטיק. שוין אַ ביסל צו אויפֿריכטיק. ווי דו זעסט, האָב איך אין וואַרשע שטאַרק אויסגענומען. עס זײַנען אָנגעקומען אײַנלאַדונגען עפּעס פֿון 25 שטעט, איך זאָל קומען צו זיי. די צײַט איז אָבער, וואָס די צײַט דאָ איז זייער אַ שלעכטע, און די שטעט האָבן ניט גענוג געלט מיר צו באַצאָלן פֿאַר מײַן קומען. און איך זאָל זיך נעמען לאָזן איבער אַלע שטעט גלאַט אַזוי — האָט ניט קיין זינען. פֿונדעסטוועגן, האָף איך, וועל איך אַ סאַך שטעט פֿון פּוילן באַזוכן.

קומענדיקע וואָך, דעם 14־טן, וועל איך זײַן אין ווילנע, קומענדיקן פֿרײַטיק, קאָן זײַן, אין גראָדנע, דערנאָך אין לאָדזש און ביאַליסטאָק, דערנאָך לעמבערג און אַנדערע. איך וועל אין פּוילן, ווײַזט אויס, פֿאַרברענגען נאָך אַרום 5—6 וואָכן. וויפֿל איך וועל פֿאַרברענגען אין רוסלאַנד דערנאָך, — ווייס איך אַליין ניט. ווי איך זע פֿון דײַנע בריוו, מײַן טײַערע, בענקסטו שוין אַזוי שטאַרק און וואָלסט געוואָלט, איך זאָל פֿרי אַהיימקומען. איך פֿאַרשטיי דיך, אָבער דאַרפֿסט וויסן, מײַן ליבע, טײַערע סאָרעלע, אַז ניט אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק מאַכט מען אַזוינע רײַזעס. מוז מען זען אויסניצן די געלעגנהײַט.

איך טראַכט שטאַרק פֿון רוסלאַנד פֿאָרן קיין טערקײַ און פּאַלעסטינע.[3] דאָ לעבט זיך מיר גאַנץ גוט. אַז איך ווער מיד פֿון אַלע זאַכן, פֿאָר איך אַוועק אַ ביסל אין דאָרף אַרײַן. איך וועל אָפּן צווייטן מאָנאַט, דאַכט זיך, אײַנגאַנצן זיך איבערקלײַבן אָף דאַטשע. די טעג, וואָס איך וועל ניט דאַרפֿן אַרומפֿאָרן, וועל איך זיצן אין אַ סאָסנאָווען וואַלד. איך האָב זיך שוין אַ ביסל צוגעוווינט צו וואַרשע. די ערשטע צײַט האָב איך זיך געפֿילט זייער געדריקט צוליב דער היגער אָרעמקייט און ייִדישער דערשלאָגנקײַט. קאָנסט פֿאַרשטיין, ווי שטאַרק איך האָב אויסגענומען דאָ, אַז אין אַזאַ קריזיס און אָרעמקײַט, ווי דאָ הערשט, האָט דער אָוונט פֿאַר מיר אין היגן טעאַטער אַרײַנגעבראַכט איבער צוויי הונדערט דאָלאַר ריין געלט. ווי דו זעסט, וועל איך נאָך עפּעס מאַכן אַ ביסל געלט אויך, כאָטש אָף זיכער ווייס איך ניט. ווען די צײַט וואָלט געווען גוט, וואָלט איך זיכער געמאַכט אַ סאַך געלט. דאָס טעאַטער איז דאָ צעפֿאַלן. ס'איז ניטאָ מיט וועמען עפּעס צו טאָן. איך האָב געטראַכט, אַז איך וועל קענען אויפֿירן עפּעס פֿון מײַנע דראַמעס. ערשט מע קאָן ניט. ניטאָ קיין טעאַטער. געווען איין טעאַטער, האָט אים די היגע רעגירונג צוגענומען.

דו ביסט שוין איצט אין בויבעריק. איך בין זיכער, אַז דו פֿילסט זיך גוט, און אַז אַלע מאַכן דיר צום פֿילן גוט. שרײַב מיר, וואָס דו טוסט און ווי דו פֿילסט אויס דײַן צײַט און צי ביסטו צופֿרידן מיט דײַן אַרבעט און צי איז מען צופֿרידן מיט דיר.

---

[1] לייבוש לערער, דער פּסיכאָלאָג און דערציִער, איז געווען דער דירעקטאָר פֿון בויבעריק.

[2] דער פּאָעט עפֿראַיִם אויערבאַך איז געווען אַ מיטאַרבעטער פֿון דעם ניו־יאָרקער „מאָרגן־זשורנאַל" און לייוויקס אַ נאָענטער פֿרײַנט.

[3] קיין ערעץ־ייִסראָעל איז לייוויק ניט געפֿאָרן. ער איז ערשט געווען דאָרטן אין 1937.

גריס לערערן און אַלע איבעריקע. אויב בערקאָוויטש איז דאָרט — גריס אים. יאָ, וואָס מאַכט שנײַדער? גריס אים האַרציק.

מײַן ייִנגעלע שרײַב איך אַ באַזונדער בריוול. ער בעט — טו איך עס. זייער פֿײַן, וואָס ער שפּרינגט איבער נאָך אַ קלאַס. אַ גרוס דיר פֿון אָפּאַטאָשון[1]. מיר וווינען אין איין שטוב און מיר לעבן זייער גוט און פֿײַן. איך קוש דיך, מײַן טײַערע, און בעט דיך ניט טרויעריק זײַן און ניט אומגעדולדיק אויף מײַן קומען. קומענדיקע וואָך וועל איך דיר שיקן אַ פּאָר בילדלעך פֿון מיר.

דײַן לייוויק

## בריוו 4

דעם 14־טן יול, ווילנע, 1925

מײַן טײַערע סאָרעלע און מײַן ייִנגעלע, מײַן טײַערער!

אַ פּאָר ווערטער שרײַב איך אײַך הײַנט. איך בין נאַרוואָס אָנגעקומען קיין ווילנע. אַכט אזייגער אין פֿרימאָרגן. אפֿן וואָקזאַל האָבן מיך באַגעגנט אַ סאַך מענטשן, צווישן זיי — שילער פֿון די ייִדישע גימנאַזיעס. איך וואַש זיך אָרום, איך טו זיך איבער. הײַנט פֿאַרנאַכט וועט דאָ זײַן אַן אופֿנאַמע פֿאַר מיר. דינסטיק — אַ צווייטער אָוונט. איך בין גוט אויפֿגעלייגט. יעדע נײַע שטאָט ברענגט מיך אַרײַן אין אַ נײַער שטימונג. דאָ שמעקט שוין מיט היים, מיט רוסישע הײַזער און דערפֿער. אפֿן וועג מיטן באַן, ווי נאָר ס'איז טאָג געוואָרן, האָב איך, קוקנדיק פֿון פֿענצטער אַרויס, געזען שוין די היגע פֿעלדער, קליינע שקאַצימלעך טרײַבן סטאַדעס אין פֿעלד אַרײַן, זאַנגען פֿון קאָרן און ווייץ וויגן זיך איבער די פֿעלדער. אַ גרויסע זון גייט אויף, קריכט אַרויס פֿון די וועלדער, גרויסע סאָסנאָווע וועלדער. באַם באַן, צווישן די, וואָס זײַנען מיך געקומען באַגעגענען, איז אויך געווען דייוו עלווערסאָנס אַ ברודער[2]. ער האָט געהאַלטן אין האַנט דייווס און פֿעניס אַ בילד. איך וועל הײַנט זײַן בײַ זײַנע עלטערן און אָפּגעבן זיי אַ פּאָר דאָלאַר, וואָס דייוו האָט מיטגעשיקט.

ווי עס זעט אויס, וועל איך דאָ זייער גוט פֿאַרברענגען. איך וועל דאָ זײַן פֿיר טעג און שאַבעס צוריק קיין וואַרשע. איך לעב איבער אַ סאַך, אַ סאַך אינטערעסאַנטע מאָמענטן. אַ סאַך גוטע און אויך אַ סאַך שווערע. די צײַטונגען מיט אַרטיקלען וועגן מיר קריגסטו מיסטאָמע. איך האָב אַ סאַך דיר געשיקט. אַ סאַך רעדעס וועגן מיר זײַנען איבערגעטריבן, די לויב־געזאַנגען צו גרויסע. אָבער פֿאַרפֿאַלן, אַזוי ווערט עס געטאָן און מע מוז עס אויפֿנעמען ווי געהעריק איז.

זײַט געזונט, מײַנע טײַערע, מײַן ווײַב און מײַן זונעלע. דײַנע בריוו, סאָרעלע, דערהאַלט איך. דײַן ענגליש לייען איך גוט. אָבער ווען דו קענסט שרײַבן ייִדיש, וואָלט איך געווען מער צופֿרידן. גרוס צו בויבעריק.

מאַן און טאַטע — לייוויק

## בריוו 5

20־טער יול, אָטוואָצק, 1925

מײַן טײַערע גוטע סאָרעלע!

איך האָב דיך געפֿאָלגט און געטאָן ווי דו הייסט מיר אין די לעצטע בריוו דײַנע, איך זאָל אוועקפֿאָרן אין קאַנטרי (אויף דאַטשע). האָב איך עס טאַקע געטאָן. איך בין שוין איין מאָל געווען דאָ אין אָטוואָצק. איצט וועל איך דאָ שטיין, גלייב איך, אַ פּאָר וואָכן, גוט אויסרוען זיך, ווײַל איך וויל נאָך פֿאָרן אין נאָך שטעט. איך בין שאַבעס, דעם 18־טן, אָנגעקומען צוריק פֿון ווילנע. איך האָב אין ווילנע פֿאַרבראַכט אַזוי גוט, אַז ס'איז ניט צו דערציילן. ווילנע אַליין איז אַזאַ מערקווירדיק

---

1 יוסף אָפּאַטאָשו (1886—1954) איז געווען אַן אָפּטער באַזוכער אין פּוילן, ווו זײַנע ווערק זײַנען געווען זייער פּאָפּולער.

2 דייוו אָדער דאָוויד עלווערסאָן איז געווען לייוויקס אַ שוואָגער, דער מאַן פֿון זײַן שוועסטער פּעני.

אינטערעסאנטע שטאָט, אז נאָר צו זען די שטאָט אַליין לוינט זיך צו פֿאָרן פֿון ניו־יאָרק. איך בין דאָרט אופֿגענומען געוואָרן מיט גרויס פּאַראַד. באַם באַן האָבן מיך באַגעגנט ווילנער שרײַבער און סטודענטן פֿון די ווילנער ייִדישע גימנאַזיעס. עס זײַנען דאָ אין ווילנע דרײַ ייִדישע גימנאַזיעס, וווּ אַלץ ווערט געלערנט אין ייִדיש. די סטודענטן — טײַערע יונגען, פֿײַנע מיידלעך. בײַ זיי אַלעמען איז א שרײַבער — דערצו נאָך „לייוויק״ — א גאָט. אויך באַם אָפּפֿאָרן האָבן זיי מיר אַלע באַגלייט צום באַן מיט פּאַראַד און מיט בלומען. ווילנע איז די ערשטע ייִדישע שטאָט, וואָס איז מיר אמערסטן געפֿעלן געוואָרן. פֿון דער ליבע, וואָס די סטודענטן האָבן אַרויסגעוויזן צו מיר, האָב איך מיך ניט געפֿילט שאָקירט, ווי פֿון דער ליבע פֿון אייניקע שרײַבער. בײַ זיי, בײַ די יונגע, איז דאָס נאַטירלעך און אופֿריכטיק און עס ברענגט דיך אַרײַן אין א שטימונג פֿון פֿרייד. דערפֿאַר אָבער פֿיזיש האָט מיך ווילנע אויסגעמאַטערט א ביסל. נו, רו איך מיך אָפּ איצט. אין ווילנע האָבן מיך אָפּגעוואַרט דײַוו עלווערסאָנס עלטערן און ברודער און שוועסטער. איך בין געווען בײַ זיי אויף א סאָפּער (וועטשערע). עס האָט זיך אופֿגעקליבן א פֿול הויז מיט קוזינס און אָנקלס — געקומען אָנקוקן דעם „באַרימטן שרײַבער״, וואָס איז נאָך דערצו אן אמעריקאַנער, און דערצו נאָך זייערער א שוואָגער. א קליינינקײַט, זיי האָבן ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט מיר. זיי ווייסן גאָרניט, וויאַזוי דײַוון לעבט זיך. קיין בריוו שרײַבט ער זיי ניט. פֿאַרוואָס, ווייס איך ניט, איך האָב, נאַטירלעך, ניט שווער געמאַכט זיי אויפֿן האַרצן. איך האָב זיי דעם עמעס ניט דערציילט.

איבער די ווילנער קרומע, שמאָלע ייִדישע געסלעך פֿלעגן מיך, ווי איך פֿלעג נאָר אָנקומען אַהין, אָרומרינגלען אָרעמעלײַט, באָרוועסע פֿרויען, מיט פֿראַגן וועגן זייערע קינדער, אָדער מענער, אין אמעריקע. אַלע וויינען, קלאָגן, בעטן זיך בײַ מיר, איך זאָל זיי העלפֿן. נו, ווי קען איך זיי העלפֿן?

אָך, מײַן סאָרעלע, דו ווייסט גאָרניט, וויפֿל אומגליק איז דאָ אויף דער וועלט. אַזוינע שרעקלעכע פּנעמער, אַזוינע אָפּגעריסענע, פֿאַרצווייפֿלטע פֿרויען, פֿאַרלײַזיקטע, זוכן הילף און ווייסן ניט ווו צו געפֿינען. אַלע גאַסן פֿון ווילנע זײַנען פֿול מיט באָרוועסע קינדער און פֿרויען. מע האַנדלט מיט שמאַטעס, מיט שמוץ, און מע בעטלט. ווי איך פֿלעג נאָר געבן איינעם א נעדאָווע — רינגלען מיך אַרום גאַנצע מאַכנעס אָרעמעלײַט און בעטן. נו, כאָטש טו אויס דאָס העמד און גיב זיי אַוועק. זעסט, מײַן טײַערע, ווער עס בענקט נאָך א מאַן, ווי דו — נאָך א מאַן, וואָס האָט דיך ליב און וואָס גייט אַרום איבער דער וועלט ווי א גאַסט; און ווער עס איז אײַנגאַנצן פֿאַרלאָזט, פֿאַרגעסן און קיינער דערמאָנט זיך ניט אין אים צי אין איר, און ווער עס שלעפּט זיך אַרום איבער דער וועלט, ווײַל ער האָט טאַקע ניט ווו דער קאָפּ אָנצולייגן [...]. איך זע נאָך דײַנע בריוו די לעצטע, אַז דו בענקסט שטאַרק. מע דאַרף ניט אַזוי, מײַן טײַערע. וואָס לענגער איך וועל זיך זאַמען, אַלץ א בעסערער גאַסט וועל איך זײַן בײַ דיר, ווען איך וועל קומען צוריק, און אַלץ שטאַרקער וועסטו מיך אַרומנעמען מיט דײַן ליבשאַפֿט. זאָל דוכטן, מיר זײַנען פֿונדאַסנײַ כאָסן־קאַלע, ניט עמעס? — און דאָס ייִנגעלע אונדזערס איז אַן אײדעס, א קלוגער אײדעס, אַז מיר זײַנען פֿונדאַסנײַ כאָסן־קאַלע.

איך קוש דיך צוזאַמען מיטן ייִנגעלע. גריס בויבעריק. שרײַב ווי דו לעבסט דאָרט.

דײַן לייוויק

## בריוו 6

דעם 29־טן יול, סאָקאָלאָוו — א שטעטל אין פּוילן, 1925

מײַן טײַערע סאָרעלע!

איך שרײַב דיר א פּאָר ווערטער. איך געפֿין מיך הײַנט אין א קליין שטעטל אין פּוילן אויף א פֿאַרלעזונג. די פֿאַרלעזונג איז שוין געווען, און אָט פֿאָר איך אין א צווייטן שטעטל אויף נאַכט. מיט צוויי טעג צוריק בין איך געווען אין לאָדזש. נו, לאָדזש איז דאָך א גרויסע שטאָט, און די גרויסע שטעט זײַנען מיר שוין א ביסל דערעסן. א נײַס איז פֿאַר מיר דאָס קלײנע שטעטל, וווּ איך געפֿין זיך הײַנט. דאָס שטעטל גייט מאַמעש כאַדאָראָם צוליב מיר. אויף דער פֿאַרלעזונג זײַנען געקומען העכער 400 פּערזאָן, אויסגעלײדיקט דאָס גאַנצע שטעטל געוועזן. אַז איך גיי אין גאַס, גייען מיר נאָך ייִדן מאַסנווײַז. אויפֿן וואָקזאַל האָט מיך באַגעגנט א האַלבע שטאָט מיט דראָזשקעס, מיט וועגעלעך. עס איז אַזאַ מאָדנע געפֿיל, אַז איך קאָן דיר ניט איבערגעבן. אַזויפֿיל אַכטונג און אָפּשײַ און אַזויפֿיל נײַגעריקײַט, אַזוי ווי איך וואָלט געווען פֿון שטערן מאַרס אַראָפּגעפֿאַלן. עס זשומעט און קאָכט דאָס שטעטל ווי א בינשטאָק.

איך שרײַב דיר נאָר די פּאָר ווערטער צו טײלן זיך מיט דיר מיט מײַנע אײַנדרוקן. די פּאָר־לעזונג איז פֿאָרגעקומען אין אַ שטאָל, ווו די פּאַזשאַרניקעס [פּײַערלעשער] האַלטן זײער פּײַער־מאַשין. עס איז געווען אַזוי אויסטערליש, אַזוי ניט געוויינלעך. קיין בענק צום זיצן זײַנען ניט געווען, און דער אוילעם איז אָפּגעשטאַנען שטונדנלאַנג אויף די פֿיס אין גרויס היץ און געהערט מײַן לייענען. אַט אַזוי, מײַן טײַערע, בין איך טאַקע ניט אַן אַראָפּגעפֿאַלענער פֿון שטערן מאַרס? הא, וואָס זאָגסטו? פֿאַר זײ איז אַמעריקע זיכער אַזוי ווײַט און אַזוי ניט־דערגרייכבאַר ווי דער שטערן מאַרס — דערצו נאָך — דער, וואָס האָט געמאַכט דעם „גוילעם"[1]. איך קוש דיך און מײַן ייִנגעלע.

דײַן לייוויק

## בריוו 7

דעם 9־טן סענטיאַבער, מינסק, 1925

מײַן טײַערע סאָרעלע, וועלכע איך האָב אַזוי שטאַרק ליב! אַזוי שטאַרק. דו האָסט געוויס פֿאַרדראָס, וואָס איך שרײַב ניט אַזוי אָפֿט פֿון מײַנע איבערלעבונגען אין רוסלאַנד. איך שרײַב ניט דערפֿאַר, ווײַל איך האָב אײנפֿאַך קיין צײַט ניט. ווי איך בין אָנגעקומען אין מינסק, און דערנאָך אין מײַן שטעטל איהומען, צערײַסט מען מיך אויף שטיקלעך. איך וועל דיר קאָנען ערשט לענגער באַשרײַבן מײַנע אינטערעסאַנטע אײַנדרוקן, ווען איך וועל אָנקומען קיין מאָסקווע. מאָרגן פֿאָר איך אַוועק קיין מאָסקווע. אין איהומען, מײַן שטעטל, האָב איך פֿאַרבראַכט פֿינף טעג, ניט מער. דער האַרבסט איז שוין דאָ. עס רעגנט נאָכאַנאַנד. דערפֿאַר האָב איך ניט פֿאַרבראַכט דאָרט קיין סך. איך האָב שוין אײַנגעהאַנדלט אַ ווינטער־מאַנטל און קאַלאָשן. איך פֿיל מיך אויסגעצייכנט אין געזונט און אין מײַן שטימונג. מײַן שטעטל איז געגאַנגען כאַדאַראַם. ס'איז געווען אַ גרויסער יאָמטעוו. איך שיק דיר אַן אויסשניט פֿון אַ מינסקער צײַטונג, „וועקער", וועגן מײַן קומען אין שטעטל. ווײסט אַ ביסל פֿאַרשטײן, דאָס איבעריקע וועל איך דיר נאָך שרײַבן שפּעטער און וועל אויך באַשרײַבן אין דער „פֿרײַהײַט". איך האָב דיר פֿון איהומען געשיקט אַ טעלעגראַמע אויף פֿאַליעס אַדרעס. איך בין אַזוי יאָמטעוודיק געווען געשטימט, און שרײַבן בריוו האָב איך קיין צײַט ניט געהאַט — האָב איך געשיקט אַ טעלעגראַמע. האָסט מיסטאַמע באַקומען. איך האָב דערהאַלטן אַ סך טעלעגראַמעס, באַגריסונגען פֿון מאָסקווע און פֿון קיִעוו. מע וואַרט אויף מיר דאָרטן. געדענק זשע, מײַן טײַערע, האָב ניט קיין פֿאַריבל און אויך ניט קיין זאָרגונג, וואָס איך שרײַב דיר ניט אַזוי אָפֿט. מײַן שטימונג אין רוסלאַנד איז אינגאַנצן געעגנדערט, צום גוטן נאַטירלעך. איך האָב דיך ליב, מײַן טײַערע. דיך און מײַן ייִנגעלע. איך בענק נאָך אײַך. ס'איז מיר גוט, וואָס איך בענק נאָך אײַך. איר זײַט שוין געוויס אין ניו־יאָרק. ס'איז געוויס אײַך אומעטיק אָן מיר. און איך קאָן פֿון דיר, מײַן סאָרעלע, קיין בריוו ניט באַקומען, איז עס מיר טאַקע שווער. איך האָף, אַז צו מײַן אָנקומען קיין מאָסקווע זאָל איך דערוויסן פֿון דיר אַ בריוו. איך האָב פֿון וואַרשע דיר געשיקט אַ שאַל אין אַ קעסטעלע. האָסטו עס באַקומען?

ווידעראַמאָל — דאָס שטעטל מײַנס. איך בין פֿול מיט אײַנדרוקן. אָרעם שטעטל. אומעטיק איז דאָרט, כאָטש אַנדערש. בלאָטיק. איך האָב לענגער שוין ניט געקאָנט זיצן דאָרט. האָב באַזוכט די טורמע אונדזערע, ווו איך בין געזעסן. שוין ניט קיין גראַטעס. מע האָט זי פֿאַרוואַנדלט אין אַן אַנשטאַלט פֿאַר אַלטע בלינדע. איך בין אַרײַנגעקומען אין דער אײנצל־קאַמער, ווו איך בין אַמאָל געזעסן. שוין ניט קיין גראַטעס. ווײַס, ליכטיק. זיצט אַן אַלטינקע פֿרוי, אַ בלינדע, זיצט אויפֿן בעטל און פֿלעכט קערבלעך פֿון שטרוי. עס האָט אויף מיר געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן אײַנדרוק. טרערן האָבן זיך מיר געשטעלט אין די אויגן. אָט דאָ בין איך געזעסן, אומגעגאַנגען, געלעגן אויפֿן בעטל, אין גרויס פֿאַרצווייפֿלונג געקוקט דורך די גראַטעס אין אומעטיקן דרויסן אַרויס. און איצט זיצט אַ באָבע און פֿלעכט קערבלעך. אַך, מײַן טײַערע, מײַן ליבע, מײַן געליבטע סאָרעלע! דו ווײסט ניט, וואָס דאָס באַטײַט. דו שטעלסט זיך נאָר פֿאָר, מיט וואָס פֿאַר אַן אויפֿן איך בין אַרויס פֿון מײַן טורמע און אַוועק איבערן גרויסן שליאַך הינטערן שטעטל. איך וואָלט באַדאַרפֿט פֿאַר עמעצן זינגען, אויס־

[1] לייוויק, דער מעכאַבער פֿון דעם דראַמאַטישן ווערק „דער גוילעם", איז פֿון פּאַשעטע מענטשן אָפֿט פֿאַרביטן געוואָרן מיטן לעגענדאַרן פּראָגער ראָוו, וואָס זאָל האָבן געשאַפֿן אַ גוילעם צו פֿאַרהיטן די ייִדן פֿון פּראָג פֿון אַן אָנפֿאַל.

זינגען מײַן מאָדנע פֿרייד, דעם גרויסן וווּנדער, אָבער אויך דעם גרויסן צאַר פֿון דער אַלטער בלינדער, וואָס האָט פֿאַרנומען מײַן קאַמער, מײַן בעטל, מײַן קליין טײַער פּענצטערל...

גריס און קוש פֿון מײַנטוועגן פֿאַליען, דייוון און יעשיעלען. איך קאָן ניט בעשום־אויפֿן אוועקזעצן זיך אָפּ לאַנג און שרײַבן זיי בריוו. זיי וועלן מיך פֿאַרשטיין, ווײַל זיי האָבן מיך ליב, איך ווייס דאָס. און איצט, נאָך דעם, אַז איך האָב באַזוכט מײַן טורמע־קאַמער און געזען [זיך מיט דער] אַלטינקער בלינדער, מוזן זיי מיך ליב האָבן, ווײַל איך האָב זיי ליב פֿונדאַנען. קוש, מײַן טײַערע, מײַן שיין יינגעלע. ווי נאָר איך וועל זיך באַרויקן, וועל איך שרײַבן.

לייוויק

## בריוו 8

25־טער סענטיאַבער, מאָסקווע (1925)

מײַן טײַערע סאָרעלע און מײַן טײַער יינגעלע!

די לעצטע פּאָר טעג האָב איך אײַך געשיקט קאַרטלעך. אויך איצט שרײַב איך נאָך ניט אַזוי ווי עס באַדאַרף צו זײַן. מאָסקווע איז אַזאַ שטאָט מיט אַזויפֿיל אינטערעסאַנטע זאַכן, אַז איך האָב ניט קיין צײַט צו זעצן זיך עפּעס טאָן. פֿון מינוט צו מינוט זוכן זיך אויס אַלץ נײַע באַקאַנטע און געוועזענע פּאַרשיקטע סיבירניקעס, וואָס ווילן מיך זען, און אין די אָוונטן — טעאַטער. אָט האָב איך נעכטן געזען אין טעאַטער „האַמלעט" מיט אַ באַוווּסטן אַקטיאָר טשעכאָוו. עס איז עפּעס וווּנדער געווען, און איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהאַט אַזאַ פֿרייד פֿון טעאַטער ווי נעכטן דאָ. דער רוסישער טעאַטער איז גרויס. די יידישע, צום באַדויערן, שפּילן ניט. זיי פֿאָרן אַוועק. עס קאָן נאָך עפּשער זײַן, אַז איך וועל האָבן אַ מעגלעכקײַט צו זען זיי, אויב זיי וועלן געבן אָפּשייד־פֿאָרשטעלונגען. די וועטערס דאָ זײַנען אַלץ פּראַכטפֿולע, וואַרעמע. איך פֿיל מיך גוט און שטאַרק און מוטיק. מײַן שטימונג איז אויסגעצייכנט. געווען אַ באַנקעט[1]. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ שטיקל קריג־קריטיק צווישן מיר און די היגע שרײַבער. איך האָב אָנגעגריפֿן, און זיי האָבן זיך פֿאַרענטפֿערט און גלײַכצײַטיק אָנגעפֿאַלן אָף מיר אויך. נו, ס'איז געווען אינטערעסאַנט. איבערמאָרגן, זונטיק, ווערט פֿאַרקומען אַ גרויסער אָוונט פֿאַר מיר אין אַ קלוב. ווי לאַנג איך וועל פֿאַרברענגען אין רוסלאַנד, ווייס איך נאָך ניט. אַ פּאָר כאַדאָשים געוויס. איך גרייט צו אַ בוך צום דרוק.

און פֿון אײַך קיינע ידיעס ניט. וויאַזוי האָסטו זיך ניט געכאַפּט מיר צו שרײַבן אָפּן אַדרעס פֿונעם „עמעס" אין מאָסקווע? נו, פֿאַרפֿאַלן, שוין אַזוי לאַנג ניט געהערט פֿון אײַך, מײַנע טײַערע. וואָס זשע מאַכט איר? וואָס טוט מײַן יינגעלע? איך קוש אײַך שטאַרק, שטאַרק.

לייוויק

---

[1] אָף דעם באַנקעט האָט לייוויק זיך געווענדט צו די יידיש־סאָוועטישע שרײַבער און געזעלשאַפֿטלעכע טוער: „ווי גרויס האָט באַדאַרפֿט זײַן בא אײַך דער זשעסט און דער פּאַטאָס פֿון יידיש! ווי גרויס האָט באַדאַרפֿט זײַן דער רוף און ווי פֿאַרכאַפּנד האָבן באַדאַרפֿט זײַן זײַנע אָפּקלאַנגען! אַלע אומשטאַנדן זײַנען גינסטיק און טרײַבן דערצו. ליידער, איז מײַן אײַנדרוק ניט אַזאַ. איך פֿיל ניט קיין גרויסן זשעסט און פּאַטאָס. פֿאַרקערט, עפּעס אַ קאַרגשאַפֿט אַזאַ, קימאַט ווי אַ מוירע, אַן אײַנגעשרומפּטקײַט. פֿון איין זײַט, איז דאָ אַלץ נײַ, מע הערט נאָר „מיר", אַפֿילע אין מײַן היימשטעטל איהומען זאָגן אַלע נאָר „מיר, מיר — די מעלוכע". פֿון דער אַנדערער זײַט, איז נעמט, לעמאָשל, די ווײַסרוסן, איך האָב געזען אין מינסק אין „אינבעלקולט", ווי די ווײַסרוסן באַציִען זיך צו זייער קולטור. אַ מין פּאַטאָס! אַ מין ציטערדיקײַט! און בא אײַך בענעגייע צו יידיש — ניט־פֿאַנאַנדערגענומענע הענט און אַ קאָל אַזאַ הער איך עפּעס ניט קיין אינערלעך זיכערן, איך זאָג דאָס ווי אַ באַשולדיקער, איך זאָג דאָס אָפֿן!".

לייוויקן האָבן אָפּגעענטפֿערט און קריטיקירט מוישע ליטוואַקאָוו, מ. ראַפֿעס, יעכעזקל דאָברושין, ייצחאָק נוסינאָוו, כאַים גילדין, אַרן קושנירעָוו און איזי כאַריק. אַלע האָבן אים געזאָגט, ער זאָל ניט שטיין פֿונוויַיטנס און קריטיקירן, נאָר קומען זיך באַזעצן אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד און העלפֿן אין דער אַרבעט. דער „עמעס" פֿון 27־טן סענטיאַבער האָט איבערגעגעבן זײַנע רייד פּינקטלעך. לייוויק האָט אין דעם בריוו צו ניגערן פֿאַרן 12־טן אָקטיאַבער געלויבט דעם „עמעס", וואָס איז געווען מוטיק און דרייסט „איבערצוגעבן דעם טאָן פֿון באַנקעט פֿאַר מיר אין מאָסקווע אָפֿן און ערלעך". וועגן די יידישע שרײַבער האָט לייוויק געשריבן, אַז זיי לײַדן פֿון אַן „אינערלעכער מוירע אויסגעטײַטשט צו ווערן נאַציִאָנאַליסטיש" (פּינקעס 2, ז. 447).



ה. לייוויק צווישן יידישע שרייבער אין מאָסקווע (1925 יאָר)

## בריוו 9

26 סענטיאבער, מאָסקווע, 1925

מײַן טײַערע, מײַן גוטע סאָרעלע!

ווייס סאָרעלע, אַז איך בענק שטאַרק נאָך דיר, און אַט איז שוין אַזויפיל צײַט, אַז איך האָב ניט פון דיר קיין בריוו. מײַנע בריוו און טעלעגראַמעס האָסטו געוויס באַקומען און דו ווייסט וועגן מיר אַלץ. איך לעב איבער אַ מאָדנע צײַט, זייער מאָדנע איבערלעבונגען. רוסלאַנד האָט געווירקט אויף מיר, אויף מײַן גאַנצער שטימונג, געמאַכט מיך מוטיקער אַ ביסל און באַרויִקטער. איך ווייס נאָך ניט, צי דאָס איז אויף לאַנג, צי נאָר אַ שטימונג אויף אַ קורצער צײַט. דער פאַקט איז אָבער, אַז איך פיל מיך אַ סאַך, אַ סאַך בעסער ווי אין פוילן און אין אַנדערע לענדער. די רוסישע שטימונג, ווייל איך האָפן, וועט האָבן אַ ווירקונג אויף מײַן גאַנצן אינערלעכן לעבן. און איך וואָלט געוואָלט, עס זאָל זײַן די ווירקונג אויך אויף מײַן ווײַטערדיקן שרײַבן. ס'איז מיר דערעסן געוואָרן מײַן ביז־אַהעריקע שטימונג און דער אומעגלעכער טרויער פון מײַנע ווערק. איך ווייס ניט, צי מע קאָן אַוועקגיין פון אָט דעם טרויער. איך וויל אָבער, ער זאָל ווערן לײַכטער אין מיר. איך וואָלט געדאַנקט זייער רוסלאַנד, ווען זי זאָל מיך אַ ביסל אויסהיילן פון דער שווערקײַט פון מײַן שטענדיקער אַמעריקאַנער שטימונג. דו פאַרשטייסט מיך, מײַן טײַערע? דו ביסט מײַן פרײַנט, מײַן ליבער, גוטער פרײַנט. דו ביסט מײַן עמעס, ריין ווײַב, וואָס וואַרט אויף מיר און אויף וועלכער איך וואַרט אויך.

וואָס מאַכסטו? ווי לעבסטו? האָסטו עמעצן אין שטוב[1] און דו קענסט אין די אָוונטן אַרויסגיין פאַרברענגען? וואָס טוט ניליקל? ווי לערנט ער זיך? איך האָף, אַז גוט, אַז ער איז שוין אַ גרויס ייִנגל און נאָך אַ גרעסערער שילער אין זײַנע ביידע שולן[2].

וואָס מאַכן אַלע? איך קלײַב זיך און נאָך ניט אויסגעקליבן זיך אַוועקזעצן זיך און אָנשרײַבן אַלעמען בריוו.

די וועטערס דאָ זײַנען מאַמעש פראַכטפולע, וואַרעמער האַרבסט, זוניקע טעג.

איך קוש דיך און מײַן ייִנגעלע.

לייוויק

---

[1] בא די לייוויקס האָט געוווינט דער פּאָעט אײַזיק פלאַטנער.
[2] געמיינט די אַמעריקאַנער פאָלקס־שול און די שאָלעם־אַלייכעם־פאָלקס־שול, וווּ דאַניִעל האָט זיך געלערנט יעדן נאָכמיטיק.

## בריוו 10

30־טער סענטיאַבער, מאָסקווע (1925)

מײַן טײַערע!

פֿאַרנאַכט. האַרבסטיק אויפֿן האַרצן. שטיל און אומעטיק, און עס בענקט זיך אַהיים נאָך דיר, נאָך ניליקן, נאָך פּרײַנט. און עס וועט נאָך דויערן ביז איך וועל קומען צו דיר אַהיים. פֿאַרשטייסטו, מײַן טײַערע, וואָס עס מיינט פֿאַר מיר, אויפֿן פֿינפֿטן מאָנאַט פֿון מײַן רײַזע, דאָס וואָרט אַהיים. עס ווילט זיך שוין אָפּרוען, ליגן רויִק אין דער אייגענער שטוב און צוהערן זיך צו דער אייגענער שטיל־קײַט. אַזויפֿיל איז מײַן נעשאָמע אויפֿגעטרייסלט פֿון אַלץ, וואָס איך זע און לעב איבער. אַזאַ רוסלאַנד אַרײַנעמען אין זיך איז ניט קיין קלייניקײַט. דערצו נאָך יידישע באַגעגענישן, ליטעראַרישע רייד און געשטאַלטן, פֿאַרדראָסן און פֿרייד. אָט דאָ, צום בײַשפּיל, איז מאָסקווע און די היגע שריפֿטשטעלער־קאָמוניסטן. מע נעמט מיך אויף מיט צווייענדיקע געפֿילן. מע וויל, אַז אַלץ, וואָס עס טוט זיך דאָ, זאָל מיר געפֿעלן, און מע האָט אויך אַ ביסל מוירע פֿאַר מיר, און מיר פֿירן קריגערײַען, ליטעראַרישע. זיי זײַנען קעגן מײַנע שטימונגען, קעגן דער פֿילאָסאָפֿיע פֿון מײַן „גוילעם" און פֿון אַנדערע לידער. איז מאָדנע. מע לאָזט מיך ניט אָפּ, מע זעט, אַז ס'זאָל מיר זײַן באַקוועם צו זײַן דאָ. זיי ווילן, אַז מיר זאָל געשאַפֿן ווערן דער כיישעק צו ווערן זייערער. אָבער אין דער זעלבער צײַט ווילט זיך זיי זײַן האַרט און קעגנעריש. עס קומט אויס, אַז צווישן אונדז קומט פֿאָר אַ דראַמע. איז דאָס זייער אינטער־רעסאַנט. לעצטן זונטיק, פֿאַרנאַכט, איז פֿאָרגעקומען אַ באַנקעט פֿאַר מיר. איך בין דער ערשטער אַרויסגעטראָטן מיט מײַן רעדע, וואָס האָט געטראָגן אַ כאַראַקטער פֿון באַשולדיקונג, און זיי אַלע האָבן דערנאָך גערעדט, פֿאַרענטפֿערט זיך און באַשולדיקט מיך און אַלע אַמעריקאַנער שרײַבער. ס'איז געווען זייער אינטערעסאַנט און היציק. נאָך דעם באַנקעט האָבן זיי אײַנגעאָרדנט אַ גרויסן אָוונט לעקאָוועד מיר אין אַ קלוב. עס זײַנען געקומען אַרום 700 מענטשן, אַרבעטער. דער אָוונט האָט געטראָגן אַ מאָדנעם כאַראַקטער. אי אַ קאַבאַלעס־פּאָנעם, אי אַן אָוונט פֿון טײַנעס און קריוודעס צו מיר און צו אַלע שרײַבער אין אַמעריקע, פֿאַרוואָס מיר זײַנען ניט קיין קאָמוניסטן. אַרבעטער זײַנען אַרויסגעטראָטן און באַשולדיקט, גערעדט מיט היץ קעגן „גוילעם" און קעגן מײַנע שטימונגען פֿון אומקום. און איך האָב געענטפֿערט צוריק הייס, מיט איין וואָרט: עס רודערט זיך. וואָס־וואָס, אָבער רוסלאַנד וועט זײַן פֿאַר מיר אַ גרויסע, וויכטיקע לעקציע. איך וועל אַ סאַך לערנען פֿון מײַן באַזוך און עס וועט ווירקן אויף מײַן גאַנצער אַרבעט און אויף מײַן גאַנצער שטימונג. עס וועט ווירקן צום גוטן.

איך שיק דיר דעם באַריכט פֿון דעם באַנקעט מיט אַלע רעדעס. קאָנסט זען, מיט וואָס פֿאַר אַן אינטערעס מע באַציט זיך צו מיר, אַז זיי האָבן קימאַט אַ גאַנצן נומער צײַטונג „דער עמעס" אָפּגעגעבן פֿאַר דעם באַריכט פֿון דעם באַנקעט[1]. גיב עס לייענען דייוון. איך האָף, ער וועט האַנאָע האָבן פֿון מײַן דרייסטקײַט, פֿון מײַן טאָן. און רוסלאַנד אַליין געפֿעלט מיר שטאַרק, שטאַרק.

איך דאַרף דיר נאָך באַשרײַבן וועגן מײַן רײַזע אין שטעטל. איך וואָלט נאָך, גלייב איך, זײַן אַ צווייט מאָל אין מינסק און אין מײַן שטעטל. וועל אינגיכן באַזוכן קיִעוו, כאַרקאָוו און אָדעס.

איך וואַרט מיט אומגעדולד שוין אויף אַ בריוו, וואָס זאָל זיך דערהאַלטן אויפֿן אַדרעס פֿון „עמעס".

איך קוש דיך שטאַרק, מײַן טײַערע, מײַן גוטע, מײַן האַרציקע סאָרעלע און מײַן טײַער ייִנגעלע. גריס, גריס.

מאָרגן־איבערמאָרגן שרײַב איך בריוו צו פֿרײַנט.

לייוויק

זאָלסט דעם נומער „עמעס" ניט צערײַסן. האַלט אים.

## בריוו 11

9־טער אָקטיאַבער, מאָסקווע, 1925

מײַן טײַערע סאָרעלע!

שוין אַ פּאָר טעג פֿון דיר קיין בריוו ניט געהאַט. איך האָף אָבער, אַז הײַנט וועל איך פֿון דיר באַקומען עפּעס. בײַ מיר איז קיין וויכטיקע נײַס ניטאָ. אַחוץ דאָס, וואָס איך קלײַב זיך פֿאַנאַנדער אין מײַנע אײַנדרוקן און זוך, וויאַזוי צו פֿאַרצייכענען זיי. איך שרײַב עטלעכע בריוו פֿאַר דער „פֿרײַ־

---

[1] דער באַריכט פֿון באַנקעט איז דערשינען אין מאָסקווער „עמעס" פֿאַרן 27־טן סענטיאַבער 1925. זע די פּוסנאָטע צום בריוו 8.

הײַט". דורך די בריוו וועסטו זען מײַן שטימונג. איך האָב דיר אוועקגעשיקט א נומער פון דער צײַטונג „דער עמעס", ווו עס איז דאָ א פולער באריכט פון דעם באנקעט[1], וואָס איז געמאכט געוואָרן דאָ פאר מיר. אלע רעדעס, מײַנע און אנדערע. איך הער, אז דער דאָזיקער באנקעט האָט ארויסגערופן אין פוילן, אין דער ווארשעווער פרעסע, א סאך טאָלקן. איך ווייס נאָך ניט וועלכע. איך בין דאָ אליין אין אזא מאָדנע לאגע, שטימונג און באציִונג צו די היגע. עס קומט אויס, אז צווישן מיר און זיי קומט פאָר א דראמע. עפּעס אזא אינערלעכער צוזאמענשטויס, א קאָנפליקט, און יעדערן טוט עס ווי און יעדער זוכט, וויאַזוי דעם קאָנפליקט בעסער צו לייזן, און עס וועלן נאָך זײַן א סאך רייד וועגן דעם דאָזיקן איניען.

איך האָב באקומען א טעלעגראמע און א לאנגן בריוו פון קאַליא טעפּער[2]. ער איז פון מאָסקווע ווײַט, אין א דערפל ווינט ער. ער איז א סלעדאָוואטעל [אויספאָרשער] דאָרט און ער בעט זיך ראכמים בא מיר, איך זאָל פאָרן אים זען. ער אליין קאָן ניט קומען. נו, פאָר איך, קאָן זײַן, מאָרגן־איבערמאָרגן צו אים. זײַן בריוו צו מיר איז אזא רירנדער, אז ער האָט מיר מײַן הארץ צענומען אינגאנצן.

איך קאָן זיך ניט אָפּהאלטן פון צופאָרן, כאָטש די רײַזע איז א גאנץ ווײַטע.

וואָס מאכסטו, מײַן טײַערע, און וואָס מאכט מײַן ייִנגעלע? האָסטו געלט צום לעבן? האָסטו עמעצן אין שטוב מיט דיר? אויב דו האָסט ניט קיין געלט — נעם בא דייוון וויפל דו דארפסט. איך פארקויף דאָ א בוך[3], וועל איך האָבן א ביסל געלט מיטצוברענגען אהיים, וועל איך, וויפל דו וועסט אנטלײַען, צוריקגעבן. דאָס געלט וועל איך קריגן שפּעטער ערשט, ווען דאָס בוך וועט האלטן באם ארויסגיין.

אין זין פון טעאטער האָב איך ניט געהאט קיין מאזל דאָ. די „האבימע" פאָרט אוועק פונדאנען, עפנט ניט אפילע דעם טעאטער. האָב איך ניט קיין געלעגנהײַט צו זען דעם „גוילעם" און געלט מאָנען בא זיי איז אויך ניט מעגלעך. ניטאָ בא וועמען, און זיי זײַנען שרעקלעך אָרעם.

עס קאָן זײַן, איך זאָל פארקויפן נאָך א בוך, א בוך לידער אין קיִעוו, וועל איך האָבן נאָך געלט. פאר ביכער באצאָלט מען דאָ גראָד זייער גוט.

איך קוש דיך שטארק, און ניליק מוז שוין זײַן א גרויסער.

לייוויק

## בריוו 12

18־טער אָקטיאבער, מאָסקווע, 1925

מײַן טײַערע סאָרעלע!

איך האָב דערהאלטן דײַן לעצטן בריוו, ווו דו שרײַבסט מיר, אז אויב איך וועל אָפּמאכן בא זיך צו פארבלײַבן אין רוסלאנד, וועסטו ניט זײַן קעגן און דו וועסט קומען. ס'איז זייער פײַן פון דיר, מײַן טײַערע, און ס'איז זייער רירנד. איך האָב געמיינט, אז דו וועסט ניט וועלן. די זאך איז אָבער אָט אין וואָס: איך אליין האָב נאָך ניט אָפּגעמאכט בא זיך. ס'זײַנען דאָ א סאך אורזאכן, וועגן וועלכע ס'איז ניט מעגלעך צו שרײַבן. איך בין דאָ נאָך ניט זיכער ווו און וויאַזוי און אין וואָסערע אומגעבונגען איך וועל קענען פרײַ אויסניצן מײַן ענערגיע, מײַן ליטעראַרישע ארבעט. נאָר אויב אפילע איך זאָל באשליסן יאָ איבערצופאָרן מיט אײַך אלעמען אהער, וועל איך אויך דארפן קומען פריִער קיין אמעריקע. מיט א לאנד מוז מען זיך צעזעגענען. מע טאָר ניט אוועקווארפן א לאנד ווי מע ווארפט אוועק א נאָזטיכל. דערצו נאָך פיל איך, אז איך האָב נאָך מײַנע ליטעראַרישע אופגאבן אין אמעריקע נאָך ניט אויסגעפירט אינגאנצן. איך האָב נאָך און דארף נאָך אין ניו־יאָרק א סאך אופטאָן ליטעראַריש. ס'מאכט ניט אויס, וואָס איך האָב לעצטנס, און פריִער נאָך, געקראָגן ליטעראַרישע פײַנט. דאָס איז גוט. אזוי דארף זײַן, אָבער איך האָב אויך פרײַנט. יאָ, איך האָב זיי. און ס'איז צופיל טרויעריק פון דיר, ווען דו זאָגסט, אז מיר האָבן אין אמעריקע קיין פרײַנט ניט. ס'איז ניט ריכטיק. און איך בין גענוג שטארק בא זיך צו שטיין אין פעלד אפילע אליין, אויב עס וועט אויסקומען. און די ליטעראַרישע מאכלויקעס וועלן זיך ערשט אָנהייבן, ווען איך וועל קומען. איך וועל זיי נאָך מער פארשארפן.

איך האָב אוועקגעשיקט אין דער „פרײַהײַט" א גרויסן ארטיקל אף 21 זײַטן פּאפּיר. איך בעט דיך — פרעג נאָך, צי זיי האָבן עס באקומען. איך וועל די טעג שיקן נאָך.

---

[1] זע בריוו 8.
[2] זע בריוו 16.
[3] ה. לייוויקס ווערק, וואָס זײַנען ארויס אין ראטנפארבאנד: „אפן ראנד פון אָנהייב", „וועג־אײַנדרוקן", קיִעוו, קולטור־ליגע, 1925; „שניי אראָפּגעפאלענער", לידער. מאָסקווע, „שול און בוך", 1925; „דורך זיבן טויטן", לידער, קיִעוו, קולטור־ליגע, 1926.

איך פֿיל זיך זייער גוט. אין צוויי טעג אַרום פֿאָר איך קיין קיִעוו און אין נאָך שטעט פֿון אוקראַינע.

איך גיי דאָ אין טעאַטער און האָב גרויס הנאה. בין געווען אין היגן ייִדישן קאַמער־טעאַטער. וווּנדערבאַרע זאַכן אַ פּאָר געזען דאָרט.

עס קאָן זײַן, אַז די „האַבימע" וועט שטעלן אַ ספּעציעלע פֿאָרשטעלונג פֿון „גוילעם" צוליב מיר. אַזוי שפּילט ניט דער „האַבימע"־טעאַטער מער. זיי פֿאָרן אַוועק קיין אויסלאַנד[1].

איך האָב די טעג אַוועקגעשיקט בריוו צו גלאַנצן, דייוון און פּאַליען, אויך צו די אויערבאַכס. אַפּאַטאָשו, ווײַזט אויס, איז שוין אין ניו־יאָרק און דו האָסט פֿון אים די ריכטיקע גריסן. איך קלײַב זיך צו שרײַבן אין דער היגער פּרעסע אַן אַרטיקל וועגן אים, ניט אַזוי אַן אַרטיקל, ווי זיך אויסטײַנען מיט דעם היגן אוילעם וועגן אונדזערע ליטעראַרישע ריכטונגען. און אַזוי־ווי וועגן אים רעדט מען דאָ אַ סך און מע לייענט אים פֿיל, וועל איך זיך פֿאַר אים אויסטײַנען, פֿאַר אים און אויך פֿאַר זיך אַליין[2].

איך וועל אים שרײַבן אַ בריוו אינגיכן.

וואָס מאַכט דאָס ייִנגעלע? קוש אים שטאַרק פֿון מײַנטוועגן.

אַלעמען גריס.

דײַן לייוויק

## בריוו 13

28־טער אָקטיאַבער, קיִעוו, 1925

מײַן טײַערע!

נאָר אַ פּאָר ווערטער, ווײַל איך האָב ניט שטאַרק קיין צײַט. איך בין פֿאַרנומען מיט פֿאַרשיידענע באַזוכן און באַקוקענישן און מענטשן שטייען נעבן מיר און ס'איז ניטאָ קיין מעגלעכקײַט אַוועקזעצן זיך און שרײַבן אַ לענגערן בריוו. אָבער אַ פּאָר ווערטער מוז מען שרײַבן און עס ווילט זיך. איך ווייס דאָך ווי דו וואַרטסט אויף מײַנע בריוו.

וואָס מאַכסטו און מײַן ייִנגעלע? איך קוש אײַך שטאַרק, שטאַרק און זאָג נאָכאַמאָל: איך אײַל, ווײַל אָט דאַרף איך אַוועקגיין אין זאַל אַרײַן אויף אַ ליטעראַרישן אָוונט, געמאַכט לעקאָוועד מיר. בכלל פֿאַרברענג איך אין קיִעוו זייער אינטערעסאַנט.

אַלעמען גריס.

לייוויק

## בריוו 14

30־טער אָקטיאַבער, קיִעוו, 1925

מײַן טײַערע, ליבע, גוטע, וואַרטנדיקע סאָרעלע!

איך פֿאַרברענג אין קיִעוו זייער אינטערעסאַנט. באַ מײַן אָנקומען אַהער איז געווען אַן אָוונט. אַ באַגריסונג פֿון שרײַבער, פּאַרטיי־פּירער, קאָמוניסטן, לערער, סטודענטן. זייער וואַרעם און איבער־געגעבן. דערנאָך איז געווען אַ גרויסער אָוונט, אַ צווייטער, אויף וועלכן איך האָב געהאַלטן אַ לעקציע וועגן אַמעריקע אין אונדזער ליטעראַטור און אויך געלייענט מײַנע לידער. עס איז דאָ זייער אַ וואַרעמע גרופּע פֿון יונגע, נײַע שרײַבער, און זיי מאַכן מיר מײַן זײַן אין אוקראַינע יאָמטעוודיק. מיר פֿירן הייסע דעבאַטן וועגן רוסלאַנד און אַמעריקע. אַלע כאַלעשן זיי, איך זאָל זיך איבערקלײַבן אַהער און ווערן אַ היגער און אַרבעטן דאָ אין דער ליטעראַטור, וועלכע נייטיקט זיך אַזוי אין מענטשן. איך זאָג זיי, אַז עס קאָן גרינגער זײַן, אַז איך זאָל איבערקלײַבן זיך צו זיי, נאָר פֿריִער מוז איך נאָך פֿאָרן אַהיים קיין אַמעריקע.

איך האָב דאָ באַזוכט ייִדישע שולן, קינדערהיימען, יעסוימים־אַנשטאַלטן, ווו עס האַלטן זיך אויף הונדערטער פּאַגראָם־קינדער, וואָס האָבן פֿאַרלוירן זייערע עלטערן און אַלעמען. אַ וווּנדערלעכע אַרבעט ווערט געטאָן צווישן זיי. זיי האָבן מיך אויפֿגענומען מיט גרויס פֿרייד. צוועלפֿיאָריקע ייִנגלעך

---

[1] די „האַבימע" איז אַוועקגעפֿאָרן פֿונעם ראַטנפֿאַרבאַנד אין 1926. גאַסטראָלירט אין ערעץ־ייִסראָעל אין 1928—1929 און זיך באַזעצט דאָרט פּערמאַנענט אין 1931.

[2] ס'איז ניט באַקאַנט, אַז לייוויק זאָל האָבן געשריבן אין אַ סאָוועטיש־ייִדישער צײַטשריפֿט וועגן אַפּאַטאָשון.

זײַנען אַרויסגעטראָטן מיך צו באַגריסן. זיי זײַנען אַלע פּיאָנערן, צוקינפטיקע קאָמוניסטן. זיי האָבן מיך געמאַכט פאַר אַן ערן־פּיאָנער, מיר אונטערגעטראָגן אַ רויטן טוך, אַ דרײַעקיקן, אַ סימבאָל פון פּיאָנערשאַפט. איך האָב מיט זיי געגעסן זייער מיטיק. זיי האָבן מיר אויסדערציילט אַלע זייערע דערגרײַכונגען, וואָס זיי האָבן פון די פּראָגראַמען. אײַן ייִנגעלע האָט אָנגעשריבן זײַן ביאָגראַפיע. איך האָב געלייענט און טרערן זײַנען מיר געשטאַנען אין האַלדז. אַזוי אײנפאַך און אַזוי שרעקלעך איז דאָס, וואָס ער באַשרײַבט. עס האָבן מיך אויך אײַנגעלאַדן די סטודענטן פון אַ ייִדישן פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. פאָלבלוטיקע באָכערים און מיידלעך. ניט געקוקט אויף אַלע פּראָגראַמען דאָ, קוקט די יוגנט אויס דאָ וווּנדערבאַר פריש און מוטיק און לעבעדיק אַ גוואַלד. איך האָב פאַרבראַכט מיט זיי אַ פּאָר גוטע שטונדן. הײַנט זײַנען מיר געפאָרן אין אַ שטעטל לעבן קיִעוו, פאַסטאָוו. אין דעם דאָזיקן שטעטל איז געווען איינער פון די שרעקלעכסטע פּאָגראָמען. צוויי טויזנט ייִדן זײַנען אויסגעהאַרגעט געוואָרן. איך דערבײַ איז דאָ אַ ייִדישע קאָלאָניע פון ייִדישע ערדאַרבעטער. די דאָזיקע קאָלאָניע איז אין פּאָגראָם אינגאַנצן געווען אָפּגעווישט גלײַך מיט דער ערד, קיין סימען איז ניט געבליבן. איצט בויען זיך די ייִדישע קאָלאָניסטן אויף צוריק ביסלעכווײַז. זײַנען מיר צו זיי געפאָרן. איך און נאָך אַ פּאָר אָנפירער פון ייִדישער אַרבעט. זיי האָבן אונדז אויפגענומען, די ייִדישע פּערמער. זיי האָבן אויסגעגאָסן זייער ביטער, אָרעם האַרץ און אויך זייער צופרידנקײַט, וואָס די רעגירונג העלפט זיי אויפצושטעלן זיך צוריק. נאַטירלעך זײַנען זיי נאָך זייער אָרעם. זיי געדענקען נאָך אַלע זייערע זין און טעכטער די דערהאַרגעטע. שווערע אויסגעהאָרעוועטע, אויסגעליטענע געזיכטער. אַך, וואָס דאָ האָט זיך עס אַ ביסל אָפּגעטאָן! וויפל בלוט דאָ האָט זיך געגאָסן!

אָבער מערקווירדיק. זיי וויינען ניט, זיי זיפצן ניט און פאַרלאַנגען נאָר דאָ צוריק אויפבויען זיך. צוריק לעבן. און אַלץ אַרום איז ווידער פול מיט ענערגיע, מיט אַרבעט, מיט פּלענער און נײַע האָפענונגען.

איינער אַ קאָלאָניסט האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט אין פּאָגראָם פאַרלוירן זײַנע פיר זין און זײַן פרוי. ער איז געבליבן איינער אַליין אויף דער וועלט, און דאָך בויט ער צוריק אַ שטוב, אַקערט צוריק זײַן שטיקל ערד. פאַר וועמען? איז דאָס ניט וווּנדער?

אייניקע גאַסן פון דעם דאָזיקן שטעטל זײַנען אַזוי אָפּגעווישט געוואָרן, אַז אַפילו קיין איין צייכן פון אַ שטוב איז ניט געבליבן, קיין שטיין אַפילו ניט. אָט אַזאַ שטורעם האָט עס דאָ געבושעוועט.

נעכטן פאַרנאַכט האָט דאָ געזאָלט פאָרקומען נאָך אַן אָוונט פאַר מיר און דערנאָך אַ גרויסער באַנקעט. ס'איז שוין געווען אַלץ צוגעגרייט אין זאַל פונעם ייִדישן אַרבעטער־קלוב; אַ פּרעכטיקער זאַל, וואָס האָט אַמאָל באַלאַנגט צו איינעם פון די גרעסטע גווירים פון קיִעוו. אויף די טישן זײַנען שוין געווען אויסגעשטעלט גוטע מײַכאָלים. מיטאַמאָל איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע, אַז ס'איז געשטאָרבן פרונזע, דער הויפּט־קאָמיסאַר פון דער גאַנצער רוסישער רויטער אַרמיי — אַלץ איז מיטאַמאָל איבערגעריסן געוואָרן. דער אָוונט האָט זיך שוין ניט געקאָנט פאָרזעצן, דער באַנקעט איז ניט פאָרגעקומען. די טישן זײַנען געבליבן שטיין מיט אַלע עסנווארגן און קיינער האָט זיך צו זיי ניט צוגערירט. מע איז זיך צעגאַנגען אַהיים.

איז דאָס ניט מאָדנע? אַזוי אַנדערשדיק ווי בײַ אונדז אין אַמעריקע. אין קיִעוו איז דער וועטער מילדער. קיין ווינטער איז נאָך ניטאָ. אייניקע טעג גאַנץ וואַרעמע דערמאָנען אַ ביסל אונדזער וווּנדערבאַרן האַרבסט.

גריס אַלעמען. מײַנע קושן דיר און מײַן ייִנגעלע. גריס פּלאַטנערן.

לייוויק

## בריוו 15

18־טער נאָיאַבער, כאַרקאָוו, 1925

מײַן טײַערע סאָרעלע!

צוליב דעם, וואָס איך בין אין וועג, ווײַט פון מאָסקווע, האָב איך ניט געקראָגן קיין בריוו פון דיר העכער אַ וואָך צײַט. איך ווייס, אַז עס איז ניט דײַן שולד. בריוו דײַנע קאָנען גאָר ליגן אין מאָסקווע און וואַרטן אויף מיר. דערווײַל אָבער איז מיר צײַטנווײַז שווער. עס באַפאַלט מיך אַן אומעט. כאָטש איך האָב אומעטום אַזויפיל דערפאָלג, ווערט מיר דערפון ניט לײַכטער. עס בענקט זיך נאָך דיר און נאָך נילינקן. בענקט זיך שטאַרק, און אַמאָל פיל איך אַ מידקײַט פון די אָוונטן און אויפנאַמעס און פון די רעדעס, וואָס זײַנען פאַר זיך אַליין זייער געהויבן און וואַרעם. און אַ ביסל בין איך טאַקע ניט אין דער מאָס אָנגעשטרענגט. איך וויל דאָך אָבער אַרײַנכאַפּן און זען און הערן. איך גיי איבער די

שולן, וואַרשטאַטן, איבער לערער־קורסן און קינדערהיימען. איך זע א סאַך און מע ווערט מיד דערפֿון. אָבער דאָס, וואָס איך זע, איז גוואַלדיק אינטערעסאַנט. נעכטן איז געווען אַן אָוונט צוליב מיר דאָ אין א גרויסן קלוב. העכער טויזנט מענטשן זײַנען געווען פֿאַרזאַמלט. אַלץ אַרבעטער. און איבער טויזנט מענטשן האָבן ניט געקאָנט אַרײַנגיין און זײַנען געשטאַנען א גאַנצן אָוונט אויף דער גאַס. עס זײַנען אויפֿגעטראָטן מיט רעדעס פּאָשעטע אַרבעטער און אוקראַיִנער שרײַבער.

איך בין גאַנצע טעג פֿאַרנומען מיט באַזוכונגען, וואָס איך מאַך אין אַלע אַנשטאַלטן. האָב איך ניט קיין צײַט אַפֿילו א בריוו אָנצושרײַבן. איך באַדאַרף שרײַבן בריוו און לייג אָפּ פֿון טאָג אויף טאָג, ביז איך וועל פֿאַרענדיקן מײַנע באַזוכונגען. נו, אָט ענדיק איך מיט כאַרקאָוו און איבערמאָרגן לאָז איך זיך קיין אָדעס.

די רײַזעס דאָ זײַנען ניט אַזוי באַקוועמע, גוואַלדיק לאַנגע שטרעקעס. מע דאַרף פֿאָרן גאַנצע מעת־לעתן, טעג און נעכט. איך פֿאָר נאַטירלעך מיטן צווייטן קלאַס, אָבער דאָך ווערט מען אויסגעמאַטערט. נו, מע קומט אין א שטאָט, מע אָרדנט מיך אײַן אין א האָטעל, און אין א טאָג אַרום בין איך ווידער פֿריש און מונטער. אַז איך האָב ליב אַרומצופֿאָרן — ווייסטו דאָך. איך בין פֿאַר די זעקס חדשים אַזויפֿיל אַרומגעפֿאָרן, אַזויפֿיל טעג און נעכט אויף די באַנען, אַז ווען איך וועל קומען אַהיים צו דיר, וועל איך, דוכט זיך, וואָכנלאַנג זיצן אין שטוב און ניט וועלן אַפֿן „על"[1] אַפֿילו אַרופֿגיין, אַזוי דוכט זיך מיר, און עפּשער ניט. דער אומרו אין מיר ווערט נאָך גרעסער, און אומרו אין מיר איז דאָ א סאַך — ווייסטו דאָך. די וועלט האָט מײַן אומרו פֿאַרשטאַרקט און מײַן גאַנץ אינערלעך לעבן אויפֿגעשטורעמט און אויפֿגעריסן. דו וועסט מיר לאַנג דאַרפֿן קוקן אין די אויגן, סאָרעלע מײַנע, ביז וואַנען דו וועסט זיך צוגעוווינען צו מײַן נײַעם אומרו. גוט אַזוי. איך בין געווען לעצטנס אין ניו־יאָרק צופֿיל פֿאַרשלאָסן אין זיך און אַפּהענטיק און פֿאַרלאָרן. איצט ניט. איך בין ניט פֿאַרלאָרן. איך בין געפֿונען. און אָפֿענער בין איך געוואָרן און גרויער. מײַנע האָר זײַנען, דוכט זיך, געוואָרן גרויער.

וואָס מאַכט מײַן ייִנגעלע? איך בענק נאָך אײַך ביידן. איך האָב אײַך ליב ביידן. אַזאַ גרויסע וועלט, און מיר ווילט זיך א געשריי טאָן אין דער וועלט מיט מײַן גאַנצן אָטעם.

שטעט פֿליִען פֿאַרבײַ מײַנע אויגן, און אַזויפֿיל מענטשן, און אַזויפֿיל רייד, און אַזויפֿיל רעדעס, און פֿאָנען אין די גאַסן, און פֿײַערן, און בעטלער. און קינדער, וואָס וואַלגערן זיך, און געזאַנגען און אויסגעשרייען: הוראַ, הוראַ.

און א פּויערל שטייט מיט א פֿידעלע און סקריפּעט. און אַנטקעגן דעם פֿענצטער פֿון מײַן האָטעל — א קלויסטער. א גלאָק קלינגט דאָרט און קיינער קומט ניט דאַוונען.

איך קוש דיר שטאַרק און מײַן ייִנגעלע.

גריס, גריס, גריס!

לייוויק

## בריוו 16

1925, 14־טער דעקאַבער, דאָרף לאַלסק, אָנהייב סיביר, בײַ טעפּערן.

מײַן טײַערע סאָרעלע!

דו קאָנסט זיך ניט פֿאָרשטעלן, אין וואָס פֿאַר א שטימונג איך געפֿין זיך הײַנט. איך האָב דיר פֿאַר די לעצטע טעג ניט געשריבן. איך בין די גאַנצע טעג אין וועג און ניט געקאָנט שרײַבן. איך האָב זיך געלאָזט פֿון מאָסקווע צו טעפּערן[2] אין סיביר. ס'איז א רײַזע מיט מוט און געוואַגטקייט. צוויי טעג און צוויי נעכט פֿאָרעניש מיט דער באַן פֿון מאָסקווע, מיט דער סיבירער אײַזנבאַן, מיטן זעלבן וועג, מיט וועלכן איך בין מיט פֿערצן יאָר צוריק געגאַנגען מיטן עטאַפּ אויף סילקע. איך בין געזעסן אין באַן אָן אויפֿגערעגטער און אָנגעפּילטער מיט מאָדנע אָפּקלאַנגען און שטימונגען. מע קאָן ניט זאָגן, אַז איך בין ניט געווען מיד פֿונעם וועג. יאָ, אָפּט גאַנץ מיד, אָבער די ענערגיע, וואָס פֿילט

---

[1] די ניו־יאָרקער הויכבאַן.

[2] קאַליא (קאַלמען) טעפּער (1879—?) איז געקומען קיין אַמעריקע אין 1907 און אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער ליטעראַרישער גרופּע „די יונגע", וווּ ער איז געווען איינער פֿון די געבילדעטסטע אינטעליגענטן. ער האָט געשטאַמט פֿון אָדעס און האָט שטודירט יוריספּרודענץ. אין אַמעריקע האָט ער געשריבן קריטישע עסייען אונטערן פּען־נאָמען: הערצאָג ד'אַברוצי, געמאַכט איבערזעצונגען פֿון רוסישער און אייראָפּעיִשער ליטעראַטור. ער האָט דורכגעמאַכט א סאַך גילגולים אין זײַן לעבן: געווען א ציִוניסט, א בונדיסט און אין אַמעריקע זיך דערנענטערט צום אַנאַרכיזם. באַם אויסברוך פֿון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד. אין סאָף 1920 נאָכאַמאָל אַוועק פֿון רוסלאַנד און אין 1922 זיך ווידער אומגעקערט אַהין. זיך באַזעצט אין סיביר, אין א דאָרף, קעדיי צו לעבן צווישן פּאָשעטע פּויערים. ווערדליק לייוויקס באַשרײַבונג, זעט אויס, אַז טעפּער האָט געהאַט אָנגענומען דעם רוסיש־אָרטאָדאָקסישן גלויבן. אין אַמעריקע זײַנען זײַנע נאָענטסטע פֿרײַנט געווען מוישע נאַדיר און ה. לייוויק.

מיך אָן, ווען איך בין אין וועג, העלפֿט מיר און מוטיקט מיך. איך בין מערקווירדיק ענערגיש, ווען איך געפֿין זיך אין וועג.

איך בין אַרײַנגעפֿאָרן אין גרויסן, טיפֿן, אייביקן, ווונדערלעכן ווינטער. איך בין אַנגעטאָן אין אַ פּעלץ, אין אַ וואַרעמער שאַל און אין וואַליקעס. די איינציקע זאַך, וואָס דערמאָנט אין מײַן אַמעריקאַנישקייט, איז מײַן העלער הוט. אַלע פּויערים פֿונדאַנען קוקן אויף מיר מיט ווונדער און נײַגעריקייט. איך מאַך פֿאָראָר מיטן וואַנאַמייקער הוט אויף די פֿעלדער פֿון שניי און ווינטערדיקן עלנט.

דו קאָנסט זיך ניט פֿאָרשטעלן, ווי איך האָב דערפֿרייט קאַליען. ער איז געקומען צום באַן. און פֿון דער באַן צו זײַן דערפֿל האָבן מיר באַדאַרפֿט פֿאָרן נאָך 30 וויאָרסט מיט פֿערד און שליטן. עס איז געווען אַ ווונדערלעכער וועג איבערן טיפֿן שניי און נאַכט. נאַכט ווערט דאָ צוויי אַזייגער באַטאָג. קאַליאַ האָט זיך געפֿרייט ווי אַ ייִנגל און געטומלט און פֿאַרטומלט זיך ווי זײַן געוווינהייט איז. מאָדנע זעט ער אויס: באַוואַקסן מיט אַ באָרד, אָנגעטאָן צעריסן, אין אַן אָרעם פּוטערל און, ווי זײַן שטייגער איז, אויפֿגעלייגט, רעדעוודיק און מיט אויגן, וואָס לויפֿן אַרום אין אַ שטילער צעטומלטקייט. אַ מאָדנער גורל פֿון דעם דאָזיקן מענטשן, וועלכן איך האָב טיף אין דער נעשאָמע ליב; כאָטש ער לעבט אַ לעבן אינגאַנצן אין דער זײַט פֿון אַלע וועגן. ער איז דאָ אין דערפֿל אַ סלעדאָוואַטעל [אויספֿאָרשער], פֿאַרנעמט דאָ אַ שטוב פֿון דרײַ צימערן, וווינט איינער אַליין. אויף יענער זײַט וואַנט — דער באַלעבאָס פֿונעם הויז, אָדער, בעסער געזאָגט, די באַלעבאָסטע, אַ פּויערטע. דער באַלעבאָס, דער פּויער, איז אַקוראַט צו מײַן אָנקומען געלעגן אויפֿן טויטן בעט, געכאָרכלט. בין איך אַרײַנגעקומען אין שטוב אין אַ מאָמענט פֿון מענטשנס שטאַרבן. עס מאַכט אויף מיר אַ גרויסן אײַנדרוק. אָרעם און אָרום שניי, קעלט און אַ ווײַסע פֿאַרגליווערטקייט, און אָט קומסטו אַרײַן אין אַ הויז, און דאָס הויז באַגעגנט דיך מיט אַ מענטשנס טויט. אָט איז ער שוין געשטאָרבן, דער מענטש, און אָט ליגט ער אויפֿן טיש אַ צוגעפּוצטער. זײַן ווײַב, די פּויערטע, וויינט, באַוויינט, און אויף יענער זײַט וואַנט זיץ איך און שרײַב דיר דעם בריוו, און קאַליע דרייט זיך אַרום אין זײַנע וואַליקעס און פֿאַרוואַקסן פּאָנעם און רעדט און רעדט און איז אויפֿגעלייגט. און איך אַליין ווער עפּעס מאָדנע אויפֿגעלייגט און עס ווילט זיך אוועקלאָזן זיך איבער שנייִיקער וועלט — טאַנצן, טאַנצן, טאַנצן.

מײַן טײַערע, מײַן ליבע, מײַן זעלטענע סאָרעלע — וואָס טוט זיך אויף מײַן נעשאָמע? וואָס טוט זיך? וואָס פֿאַר אַ באַטרעף האָט די גאַנצע וועלט, גאַנץ אַמעריקע, אַלץ־אַלץ, אַנטקעגן דער מאָדנער ווײַסקייט פֿון סיביר און דעם עלנט פֿון שטיבלעך און דער שווײַגעוודיקייט פֿון מענטשן דאָ אין עק וועלט? איך בין אויפֿגערוישט ביז אין דער טיף פֿון מײַן לעבן. איך האָב ליב אַזוינע ערטער און אַזוינע סיטואַציעס. איך בין צופֿרידן, וואָס איך בין געפֿאָרן אַהער, און בין אויפֿגעטרייסלט אין אַלע מײַנע אָדערן.

טאַנצן און וויינען, טאַנצן און וויינען, טאַנצן און וויינען. אויף קאַליעס טיש האָב איך געטראָפֿן אַ קריסטלעך הייליק בילד, אין אַ ווינקל — אַן איקאָנע. דאַרף איך דיר נאָך עפּעס זאָגן וועגן דעם?

איך האָב מיט אים אַ גאַנצע נאַכט גערעדט וועגן דעם און איך קאָן איצט ניט שרײַבן וועגן מײַן געשפּרעך. איך האָב אים אַ ביסל פֿאַרשטאַנען. אַ ביסל, נאָר ניט אינגאַנצן. אָט פֿון אַלע שטימונגען מײַנע גייט מיר דורך אַ קעלט איבערן לײַב. אַלץ אין מיר ווערט צונויפֿגעדריקט. איך אָטעם אין זיך אַרײַן אַזאַ לופֿט, וואָס איך האָב קיינמאָל ניט געאָטעמט: שניי, שטילקײַט פֿון טיפֿער נאַכט. טויט אויף יענער זײַט וואַנט. האָספּאָדי פּאָמילוי, האָספּאָדי פּאָמילוי, הייליקער סערגיי אויף קאַליעס טיש.

קאַליע — אַ קריסט, גייט אין קלויסטער און דאַוונט. און איך — ייִדישער פּאָעט — צוגאַסט. איך בין ניט קיין ייִדישער פּאָעט איצט, ניין, ניין, ניין.

קאַליע בעט גריסן גלאַנצן מיט פֿאַניען, פּערלשטיינען מיט בראָכען. אויב זײַן פֿרוי, גנעסיע, קומט צו זיי, — אַ גרוס צו איר. פּערלשטיינען וועל איך אַליין אָנשרײַבן די טעג. און עפּשער נאָך הײַנט. איך דאַרף נאָך שרײַבן בריוו. אָבער איך קען ניט, איך קען ניט. גריס און קוש פֿון מײַנטוועגן דייוון, פֿאַליען און יעשיעלען.

הײַנט מײַן ייִנגעלע, מײַן ניליקן — שטאַרק און טיף מײַן ווײַסן, ווײַסן עקוועלטיקן קוש. אים, ניליקן.

מײַן טײַערע, מײַן וואַרטנדיקע סאָרעלע! פֿאַרגיב מיר, וואָס איך בין אַזוי ווײַט פֿאַרקראָכן — אַזוי ווײַט פֿון אַלעמען. איך בין אָבער נאָענט. גלייביק נאָענט. דײַנער. איך נעם דיך אַרום שטאַרק און קוש דיך.

לייוויק



# מאָטל הארצמאן



## לידער פון פארשײדענע יאָרן

### דעמב

דעמב, מעכטיקער בוים,
פארליבט כ׳בין אין דיר!
דײַן גרויסארטיקע קרוין
איז דײַן שטאָלצער באציר;
יעדע צווײַג דײַנע, דעמב,
איז א האלדז פון א לייב,
וועמעס דאָרשט, וועמעס פרייד
צו דער זון איז געווענדט.
יעדע בלאט דײַנע זינגט,
שוין פארשיקערט פון זון,
יעדע צווײַג דײַנע טרינקט,
טרינקט די סרייפע פון יון.
רינט דער זאפט אין דײַן שטאם
מיט דער זון־שײַן צעמישט,
און דער זוניקער פלאם
דײַנע וואָרצלען דערפרישט.

ס׳איז דײַן קאָרע צעקארבט,
יעדער קארב, יעדער פאלד
האלט אין שטאם אוף דעם זאפט
אי מיט קראפט, אי מיט גוואלד.
קעגן שטורעם און שטראָם
האָט דײַן שטאם זיך פארהיט,
און דו שטייסט אזוי שטאָלץ
דורך די וואָרצלען פארשמידט.
ניט עס בייגט דיך און דרייט
יעדער ווינט, ווען ער ווייט,
ווײַל דײַן קראפט האָט גענערט
אונדזער מאמעניו־ערד.
א יאָרהונדערט גייט אָפּ,
ס׳ווערט דײַן שטאם ניט פארברענט,
און עס בליט אלץ דײַן קאָפּ,
דו, מעכטיקער דעמב!

### קנאָספּן

פרילינג, פרילינג, קלאָרער דרויסן,
כ׳האָב פאר דיר א סאָד א גרויסן,
נאָר צוויי פלאטערדיקע ווערטער:
שפּראָצן פלאצן פון געלעכטער.

טו א קוק נאָר אױף די צווײַגן,
ווען זיי ציטערן און שווײַגן,
עפענען זיך אין לופט פארקלערטער:
שפּראָצן פלאצן פון געלעכטער.

גרינע קנאָספּן — פלעמלעך גרינע
זויגן זון מיט ליפּן דינע.
אזא גליק אזא באשערטער:
שפּראָצן פלאצן פון געלעכטער.

ניין, ס'איז גאָרניט אָפּצושאַצן,
ווען די גרינע קנאָספּן פּלאַצן,
און דײַן קאָפּ פאַרשיקערט ווערט ער
קנאָספּן פּלאַצן פון געלעכטער.

ברענט אין האַרץ א העליש פײַער,
ווײַל עס ווערט די וועלט מיר טײַער.
וואָס מיר רייד און ווער און ווערטער —
שפּראָצן פּלאַצן פון געלעכטער.

# א טרונק

אז איך האָב אין סטעפּ גערייניקט
מיט דער סאַפּקע דעם בוריאַן,
איז די זון מיט ליכט מיט ריינער
אַף מײַן אַקסל אופגעגאַן.
און די קרויט, מיט בלעטער גליקלעך,
האָט געוויגט זיך רויטלעך־בלוי,
יעדער בלאַט האָט זיך פאַרוויקלט,
פול מיט רויטן טרערן־טוי.
כ'האָב געוואָלט א טרונק א פרישן,
שווערע היץ אַף גראָזן ליגט;
אין דער ערד די קוואַלן פליסן,
ווערן דאָרט פון פרייד דערשטיקט.
נאָענט קוועלן זיי בא שטיינער,
ווו עס גלאַנצט דאָס גראָז אַף דר'ערד,
אונטער מאַך א קוואַל א ריינער
שלאָגט און שטיקט זיך — כ'האָב געהערט.
שטעל איך זיך דעם קוואַל צעגראָבן,
פאַלט די שוואַרצערד פײַכט און קיל —
טראָפּן יוירן, קוועלן טראָפּנס
אין דער פינצטער, אין דער שטיל.
רוק איך אָפּ דעם שטיין אַף גיכער —
טוט א בלויער שטראָם א גאָס,
נעם איך טרינקען לאַנג און זיכער
פון דער ערד, ווי פון א קאָס.
טרינק איך קוואַל און פיל כ'וועל לעבן
הונדערט יאָרן מיטאַמאָל.
מיט די ליפּן מײַנע שעפּ איך
קאַלטן לויטערן קרישטאָל.

# איין געזאַנג

רײַס איך אויס טשערעט אין טײַך,
פריש און גרין,
מאַך איך מיר א פײַפל גלײַך —
שמאָל און דין.

פון דער כוואַליע וויש איך עס,
ס'איז נאָך פײַכט,
מיט די פינגער פּרוּוו איך עס
שטיל און לײַכט.

טו איך מיטאַמאָל א שפּיל
קלאָר און ריין,
פליִען קלאַנגען שטאַרק און שטיל,
הויך און שיין.

שטעלט א פייגעלע זיך אָפּ
אין דעם פלי,
איך פאַרפּײַס צו דעם מײַן קאָפּ:
טרילילי.

זאָגט דאָס פייגעלע: טשירי —
ס'איז מײַן קלאַנג.
מיטן פויגל כ'זינג פאַרפרי
איין געזאַנג.

# דו, ברייטער יאַם!

דו, ברייטער יאַם, איצט קוקנדיק אַף דיר,
ווי זון און ווינטן יעדער שטראָם באַשאַפן, —
די אייביקײַט דערמאָנט זיך מיר —
איר בלויער, וווּנדערלעכער האָפן.

דאָ שווימען כוואַליעס צו דעם האָריזאָנט,
און פלאַם און דאָרשט זיי טראָגן אַף די קאַמען,
באַוועגונג אייביקע האָב איך דערקאָנט
אין זיי, אין כוואַליעס פון די יאַמען.

מײַן האַרץ האָט אָבער זיך פאַרקלערט,
און ענטפער קאָן עס דאָ דערהערן:
אַנשטאָט דעם יאַם געווען איז עפּשער ערד,
און ערד וועט עפּשער דאָ נאָך ווערן.

## ניין, קיינמאָל

ניין, קיינמאָל איך טראַכט ניט פון שטאַרבן,
נאָר אויב אַ געדאַנק נעמט נאָר טליִען,
דאַן וויל איך ווי שטשאָרס אין די שלאַכטן,
אַז פונקען פון טלאַ זאָלן פליִען.

ווײַל איידער מיך זאָלן באַווייִנען
אין צימער די אייגענע מײַנע,

זאָל בעסער אַ ווינט איבער שטיינער
פאַרוויגן מײַן האַרץ אויף אוקראַיִנע.

ווײַל ניט צוליב שטילינקער צאַרטקייט
מיר זײַנען געבוירן געוואָרן —
מיר זײַנען געבוירן אין שלאַכטן
פאַר גאָלדענעם שטרײַט פון די יאָרן.

## צו אונדזערע מענטשן

וואָס זאָל איך שאַפן?.. לידער מאַנען...
וואָס זאָל איך אָנשרײַבן אַצינד?
עס פלאַטערט ליכטיק מײַן נעשאָמע,
גלײַך ווי אַ פלאַם אונטער אַ ווינט.

איך וויל, מײַן וואָרט זאָל מיך באַקרוינען,
עס זאָל מײַן ליד אײַך ברענגען גליק,

איך וויל מײַן בלוט פאַר אײַך ניט שוינען,
מײַן וואָרט ניט נעמען אויף צוריק.

מײַן גליק אין אײַער גליק פאַרבאָרגן,
מײַן טרייסט פון אײַער טרייסט זיך נערט,
מײַן האָפענונג איז אײַער מאָרגן,
מײַן מאָרגן איז אויף אונדזער ערד.

## די טוסט אַ טראַכט...

די טוסט אַ טראַכט: עס גייט אוועק דאָס לעבן,
און וואָס האָסטו שוין אויפגעטאָן, מײַן פרײַנט,
און וואָס האָסטו דעם פאָלק געגעבן,
מיט וואָס האָסטו דײַן אייגן האַרץ באַשײַנט?

האָסט אויפגעבויט אַ ביניען אין דײַן האַרצן,
צי שטייט ער פעסט, אָדער ער פאַלט;
צי דאָס געבײַ פון דײַן געזאַנג דײַן צאַרטן
שטייט נאָר אויף זאַמד און אײַנפאַלן ס'וועט באַלד.

צו וואָס זשע האָב איך אויסגעבראַכט די יאָרן,
און בא מײַן לעמפעלע געשריבן אויף פאַפיר,

ווען יעדער אָס געוועזן איז בלוט און צאָרן
און יעדער קלאַנג אַ דונער בא מײַן טיר?

איך האָב געשאָנקען שוין אַזויפיל ליבע,
אַזויפיל טרוימען אָפּגעטרוימט אין האַרץ,
נאָר טויזנט מאָל נאָך מער איז מיר געבליבן
און כ'זוך און זוך מײַן וואָרט
נאָך מײַן געגאַרטס.

אויב עמעס איז אין מיר פאַרבאָרגן,
און אויב נאָר אים כ'האָב זיך פאַרטרויט,
דאַן קומען וועט מײַן גאָלדענער פרימאָרגן
און איבערלעבן וועט ער אויך דעם טויט.



## סאָלאָמאָן אטאמוקאס,

פאַרדינסטפולער קולטור־טוער פון דער ליטווישער סאָוועטן־רעפּובליק, פירנדיקער וויסנשאַפטלעכער מיטאַרבעטער פונעם היסטאָרישן אינסטיטוט בא דער ליטווישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, דאָקטאָר פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן


# דאָס ייִדישע קולטור־לעבן אין ליטע

איבער זעקס הונדערט יאָר לעבן ייִדן אין ליטע. זיי האָבן געשאַפן אַן אייגנאַרטיקן לעבנשטייגער און א ווירדיקע קולטור. אין דער צווייטער העלפט פונעם נײַנצנטן יאָרהונדערט און ערשטער העלפט פונעם צוואַנציקסטן האָבן די ליטווישע ייִדן דערגרייכט אַן אַלץ וואַקסנדיקן ניוואָ פון האַנטווערקערײַ, האַנדל, בילדונג, קולטור און ליטעראַטור. דאָ האָט זיך אויסגעפורעמט דער דיִאַלעקט פון ייִדיש, וואָס איז געלייגט געוואָרן אין גרונט פון דער ליטעראַרישער ייִדישער שפּראַך אין דער גאָרער וועלט.

ערעוו היטלערס אָנפאַל אַף אונדזער לאַנד זײַנען אין ווילנע, אין קאָוונע און אין פיל אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון ליטע געווען טעטיק ייִדישע פאָלקס־שולן און אויך גימנאַזיעס, ווו די קינדער האָבן געלערנט אַף ייִדיש און העברעיִש, ס׳זײַנען געווען פיל באָטעמדראָשים, יעשיוועס, עס פלעגן דערשײַנען ייִדישע צײַטונגען, ס׳זײַנען געווען טעטיק ייִדישע טעאַטערס און פּראָפעסיאָנעלע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, אויך סאָציאַלע הילפס־אינסטיטוציעס — שפּיטאָלן, מוישעוו־זקיינים און אַנדערע. אין ווילנע האָט פונקציאָנירט דער ייִדישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט — ייִוואָ. ס׳איז שווער אַלץ אויסצורעכענען. מיט איין וואָרט, ס׳האָט געשפּרודלט אַן אַקטיוו און פילאַרטיק לעבן. ליטוואַקעס זײַנען געווען גוט באַקאַנט אין אַלע ייִדישע ייִשוּווים אין פאַרשיידענע לענדער. ליטע האָט געגעבן, אָדער מיט ליטע זײַנען פאַרבונדן באַרימטע גײַסטיקע און קולטור־טוער, רעוואָליוציאָנערן. כ׳וועל נאָך אָנרופן דעם ווילנער גאָען, די נעמען פון די ייִדישע שרײַבער אַווראָם מאַפּו און אַווראָם רייזען, דעם גרינדער פון דער שפּראַך עספּעראַנטאָ לודוויג לאַזאַר זאַמענהאָף, די קינסטלער איסאַק לעוויטאַן און כאַיִם סוטין, די סקולפּטאָרן מאַרק אַנטאָקאָלסקי און לעאָ ליפּשיץ, דעם דראַמאַטורג פּערעץ הירשביין. איינער פון לענינס נאָענטע מיטאַרבעטער אין צאַרישן רוסלאַנד, יאָסיף פּיאַטניצקי (טאַרשיס), שפּעטער — אַן אָנפירנדיקער טוער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון סאָוועטנפאַרבאַנד און קאָמינטערן, — שטאַמט פון דעם ליטווישן שטעטל אוקמערגע (ווילקאָמיר). אין ראָקישקיס (ראָקישאָק) איז געבוירן יאַקאָוו סמושקעוויטש, וואָס איז באַוווּסט ווי דער לעגענדאַרער גענעראַל דוגלאַס — אָנטיילנעמער אין נאַציאָנאַל־באַפרײַערישן קריג אין שפּאַניע און הויפּטקאָמאַנדיר פון די סאָוועטישע לופטקרעפטן. פון ליטע שטאַמט דער באַוווּסטער רעוואָליוציאָנער לעאָ יאָגיכעס (טישקאַ), וועלכער איז צוזאַמען מיט ראָזע ליוקסעמבורג און קאַרל ליבקנעכט באַוווּסט אַלס גרינדער פון דער דײַטשישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די רעשימע קאָן מען פאַרלענגערן.

די יונגע סאָוועטן־ליטע איז אָקופּירט געוואָרן מיצאַד דער היטלערישער אַרמיי אין יון 1941 אין מעשעך פון עטלעכע טעג. ס׳איז ניט מעגלעך געווען צו עוואַקויִרן א גרעסערע צאָל פון דער באַפעלקערונג: די וועגן אַף מיזרעך זײַנען שוין געווען פאַרהאַקט. עס האָבן זיך באַוויזן איבערצויִען אין די מיזרעך־געביטן קוים 23 טויזנט ליטווישע בירגער, מער ווי א העלפט — ייִדן. פון די בעערעך

240 טויזנט ליטווישע ייִדן זײַנען איבער 220 טויזנט בעסטיִאַליש אומגעבראַכט געוואָרן. א טייל פון די, וואָס זײַנען אַוועק אַף מיזרעך, איז אויך אומגעקומען אַף די פראָנטן פונעם פאָטערלענדישן קריג. דאָס אַלץ האָט באַטײַט א קימאַט טאָטאַלן אומקום פונעם ליטווישן ייִדנטום צוזאַמען מיט זײַן אַלטער קולטור.

נאָכן קריג האָט א טייל ווילנער ייִדן — געוועזענע בירגער פון פוילן — פאַרלאָזט אונדזער לאַנד.

מע דאַרף מיט ווירדע באַטאָנען, אַז ליטווישע ייִדן האָבן העלדיש געקעמפט קעגן דעם היטלערישן פײַנט: די 16־טע ליטווישע דיוויזיע פון דער סאָוועטישער אַרמיי איז באַשטאַנען פון בערעך דרײַסיק פראָצענט ייִדן. טויזנטער זײַנען באַלוינט געוואָרן מיט אָרדענס און מעדאַלן, פיר פון זיי האָט מען צוגעייגנט דעם בעקאָוועדיקן טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד. הונדערטער ליטווישע ייִדן זײַנען געווען אַקטיווע אָנטיילנעמער פון דער פאַרטיזאַנישער באַוועגונג. אַלס פאַרטיזאַנער אינעם קאַמף מיט דער ברוינער פעסט איז אומגעקומען דער צווייטער סעקרעטאַר פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ליטווישער קאָמפאַרטיי איציק מעסקופאַס. איינער פון די צוויי סעקרעטאַרן פון די אונטערערדישע געביטס־קאָמיטעטן פון דער פאַרטיי און גלײַכצײַטיק אָנפירער פון דער פאַרטיזאַנישער באַוועגונג אַף דער אָקופירטער טעריטאָריע פון ליטע איז געווען גענריקאַס זימאַנאַס. אין די ווילנער און קאָוונער געטאָס זײַנען אַקטיוו טעטיק געווען אַנטיפאַשיסטישע קאַמפס־אָרגאַניזאַציעס בעראָש מיט די לעגענדאַרע און אומפאַרגעסלעכע קעמפער איציק וויטנבערג און כאַיִם יעלין, וועלכע האָבן אָפגעגעבן דעם ניצאָכן זייער יונג לעבן און אַרײַנגעשריבן א שיין זײַטל אינעם קאַמף פון ייִדישן פאָלק קעגן דעם היטלעריזם. אין ווילנער געטאָ האָט הירש גליק געשאַפן די באַרימטע ליד „זאָג ניט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג”, וועלכע איז געוואָרן דער קאַמפס־הימן פון ייִדן אין אַלע געטאָס אין מיזרעך־אייראָפע. די ליטווישע ייִדן האָבן געהאַט שוידערלעכע פאַרלוסטן. געבליבן זײַנען לעבן ניט קיין סאַך. עס זײַנען נאָך געווען שווערע איבערלעבונגען און פאַרלוסטן אין דער צײַט פון סטאַלינס הערשאַפט, שוין נאָכן קריג. נאָר עס איז אָפגעהיט געוואָרן דער אומשטערבלעכער גײַסט פון נאַציאָנאַלער ווירדע, פון די טראַדיציעס פון די אָוועס, די טרײַהײַט צום אייגענעם פאָלק און זײַן שפראַך.

נאָך דער מילכאָמע זײַנען אין ווילנע געשאַפן געוואָרן א ייִדישער קינדער־גאָרטן, ייִדישע פאָלקס־שולן, דער ייִדישער מעלוכע־מוזיי: אין זײַן גרינדונג האָט אַקטיוו זיך באַטייליקט איליאַ ערענבורג. אָבער שוין אין 1949 זײַנען די אַלע ייִדישע אַנשטאַלטן פאַרמאַכט געוואָרן. צו יענער צײַט האָבן נאָך אַלע ליטווישע ייִדן גערעדט ייִדיש אין שטוב און אין גאַס, געזונגען באַליבטע ייִדישע לידער אין די רעסטאָראַנען, ווו ס'פלעגן פאָרקומען כאַסענעס, יובילייען און סטאַם פאַרווײַלונגען. אָרקעסטערס, סײַ ייִדישע און סײַ ניט־ייִדישע, האָבן געשפילט ייִדישע מעלאָדיעס. ביסלעכווײַז זײַנען אין ליטע אָנגעקומען רוסישע, ווײַסרוסישע, אוקראַיִנישע ייִדן. אין 1959 האָבן אין ליטע געוווינט באַ 25 טויזנט ייִדן. גלײַך נאָך דעם היסטאָרישן XX צוזאַמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי האָבן ווילנער ענטוזיִאַסטן פירגענומען ענערגישע מאָסמיטלען אופצושטעלן די ייִדישע קינסטלערישע זעלבסטטעטיקײַט. דאָס איז אָנגעקומען ניט זייער לײַכט, אָבער שוין אין אווגוסט 1956 האָבן באַם קולטור־פאַלאַץ פון די רעפובליקאַנישע פראָפאַריינען אָנגעהויבן זייער שעפערישע אַרבעט דער ייִדישער כאָר, דער דראַמאַטישער קרײַז און דער טאַנץ־קאָלעקטיוו, שפעטער איז נאָך צוגעקומען אַן אַנסאַמבל פון מוזיקאַלע פאָלקס־אינסטרומענטן. עס זײַנען געשטעלט געוואָרן צענדליקער פיעסעס פון דער ייִדישער קלאַסיק, פיל קאָנצערטן. די זעלבסטטעטיקע ייִדישע אַרטיסטן פלעגן אַרויסטרעטן ניט נאָר אין ווילנע, קאָוונע, אין די ליטווישע קוראָרטן דרוסקינינקײַ און פאַלאַנגע, ווו עס האָבן זיי געזען טויזנטער ייִדן פון מאָסקווע, לענינגראַד, מינסק. מע האָט גאַסטראָלירט אין מאָסקווע, לענינגראַד, ווײַסרוסלאַנד, לעטלאַנד, מאָלדאַוויע. צום באַדויערן, איז אַט די טעטיקײַט צוביסלעך פאַרטאָמאַזירט געוואָרן.

אין אָנהייב פון די זיבעציקער יאָרן, ווען עס האָבן עמיגרירט פיל פון די קינסטלערישע קויכעס, האָט געקאָנט אויסזען, אַז די ייִדישע קינסטלערישע זעלבסטטעטיקײַט אין ליטע גייט אונטער, נאָר עס איז געשען א נעס פאַר די, וואָס גלייבן אין ווונדער. עס זײַנען נאָך געבליבן שעפערישע קויכעס, וועמענס גרעסטער פאַרדינסט באַשטייט אין דעם, וואָס מיט זייער ענטוזיִאַזם און איבערגעגעבנקײַט האָבן זיי צוגעצויגן און אָפסנײַ אויסגעפאָרמירט אַלטע און יונגע קאַדרען.

כאָטש אין ליטע זײַנען אין 1979 געבליבן נאָר 15 טויזנט, און הײַנט זײַנען דאָ בערעך 14 טויזנט ייִדן, צווישן זיי באַ 11 טויזנט אין ווילנע, האָבן מיר הײַנט א גוטן ייִדישן פאָלקס־טעאַטער, א גאַנץ גרויסן קאַמער־אַנסאַמבל פון דער ייִדישער ליד און פונעם טאַנץ „פײַערלעך”. באַ דעם פאָלקס־טעאַטער אַרבעט א יוגנט־סטודיע, באַם קאַמער־אַנסאַמבל — א טאַנץ־קאָלעקטיוו פון קינדער פון פאַרשיידענעם עלטער, — ביז גאָר קליינינקע. אַלע קאָלעקטיוון נעמען אַרום בערעך 125 מאַן. אין קאָוונע איז אויך טעטיק א ייִדישער עסטראַדע־קאָלעקטיוו. שוין איבער 30 יאָר אַרבעטן די ייִדישע זעלבסטטעטיקע קאָלעקטיוון אין ליטע. אַף זייערע פאָרשטעלונגען און קאָנצערטן אין גרויסן זאַל פונעם קולטור־פאַלאַץ פון די פראָפאַריינען אין ווילנע קומען יעדן מאָל ביז 800 צושויער.

מיטן פאָלקס־טעאַטער פירט פּרוכטבאַר אָן דער קינסטלערישער לייטער און רעזשיסער, א ספּעציעל געשולטער מיט טעאַטראַלער הויכבילדונג עמיל כערסאָנסקי. מיטן קאַמער־אַנסאַמבל פירט אָן גריגאָרי קראַוועץ, מיט די טאַנץ־קאָלעקטיוון — אַנע קראַוועץ, דער מוזיקאַלער לייטער פונעם אַנסאַמבל איז פיל יאָרן וולאַדימיר גלושקאָוו — א מוזיקאַנט און קאָמפּאָזיטאָר, וואָס האָט וווּנדערבאַר אַבסאָרבירט די ייִדישע מוזיק. אַלס רעזשיסער איז טעטיק איגאָר סערגייקאָ — אַן אַרטיסט פונעם מעלוכישן רוסישן טעאַטער.

וויפל איבערגעגעבנקייט און ליבע דאַרף מען האָבן צו לערנען אַלץ נײַע און נײַע יונגע קינסטלערישע קויכעס, זיי זאָלן באַהערשן די ייִדישע שפּראַך. מע דאַרף זײַן אין זאַל, ווען עס טאַנצן אין ספּעציעלע נאַציאָנאַלע קאָסטיומען די קינדער: מע פרייט זיך, און גלײַכצײַטיק קײַקלען זיך טרערן. נאָר אַזעלכע טרערן זאָלן זײַן בײַ ייִדן.

א גרויסער בײַטראָג אינעם אויפלעבן און פאַרברייטערן די ייִדישע קינסטלערישע קאָלעקטיוון געהערט דעם געזעלשאַפטלעכן פּאָליטישן טוער, דעם געוועזענעם מיטגליד פונעם אונטערערדישן צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ליטווישער קאָמפּאַרטיי יאַנקל וויניצקי, וואָס האָט אָפּגעגעבן פיל יאָרן פון זײַן לעבן דער ייִדישער קולטור. אין פרילינג 1987 צו זײַן 80־טן געבורטסטאָג איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן פאַר אים א שיינער אָנדענק־אָוונט, לײדער שוין נאָך זײַן טויט.

און איצט וועגן א נײַעם בלאַט אין ייִדישן קולטור־לעבן אין ליטע, באַזונדערס אין ווילנע.

אין אָקטיאַבער 1987 איז פאָרגעקומען א טעלע־בריק ווילנע—זשענעווע. מיך האָט מען אײַנגעלאַדן אַלס א היסטאָריקער, וועלכער זאָל קאָנען זיך אַרויסזאָגן, אויב עס וועלן קומען פראַגעס וועגן דער געשיכטע פון ליטע אין די פאַר־ און נאָכמילכאָמעדיקע יאָרן. אינמיטן פון דער דיסקוסיע האָט זיך אין זשענעווע אויפגעהויבן א מענטש, וועלכער האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי א געוועזענער ווילנער ייִד, וואָס האָט פאַרלאָזט די שטאָט מיט 30 יאָר צוריק. „איך, — האָט ער געזאָגט, — בין מיט מײַן זון אין פאַריקן יאָר געווען אין ווילנע — ירושאַלאַיִם דע ליטע. כ׳האָב געזוכט א זייכער פון דער גרויסער געשיכטע פון ייִדן אין ווילנע און ניט געפונען. וועגן ייִדן איז אויך קיין זאַך ניט געזאָגט אין די פּראָספּעקטן פאַר טוריסטן״.

איך בין געווען דער איינציקער ייִד אויף אונדזער צאַד און האָב פאַרשטאַנען, אַז ענטפערן דאַרף איך. און מאַכן עס, ווי מע זאָגט, עקספּראָמט, קורץ און באַדאַכט. אַזאַ איז די פאָדערונג בײַם א טעלע־בריק. אין קאָפּ זײַנען געפלויגן פאַרשײדענע געדאַנקען. איך האָב געזאָגט, אַז דעם ייִדישן יישעוו אין ליטע האָבן אומגעבראַכט די נאַציסטן מיט זייערע ליטווישע נאַציאָנאַליסטישע באַהעלפער. אָבער די ייִדישע קולטור, כאָטש ניט קיין גרויסע, לעבט. איצט אַרבעטן אין ווילנע און קאָוונע זעלבסטעטיקע קינסטלערישע ייִדישע קאָלעקטיוון. עמעס, אינעם פאַרײַביקן די יאָרהונדערטער פון דער לאַנגער געשיכטע פונעם ליטווישן ייִדנטום זײַנען דאָ גרויסע בלויזן. אָבער מע הייבט שוין אָן צו פאַרבעסערן די לאַגע. די ליטווישע צײַטונג „גימטאַסיס קראַשטאַס״ („היימלאַנד״), וואָס ווערט ברייט פאַרשפּרייט אין ליטע און צווישן דער ליטווישער עמיגראַציע אין אויסלאַנד, באַזונדערס אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, האָט שוין אָפּגעדרוקט געוויסע מאַטעריאַלן וועגן דער געשיכטע פונעם ייִדישן לעבן אין ליטע. אין דער נאָענטסטער צײַט וועט מען טאָן פיל מערער אויף צו באַווײַזן דאָס לעבן פון די ליטווישע ייִדן. יאָ, איך האָב געקאָנט זאָגן, אַז אין פּאָנאַרער וואַלד לעם ווילנע איז דאָ ניט לאַנג רעסטאַווירט געוואָרן דער מעמאָריאַל פאַר די אומגעבראַכטע ווילנער טוישווים־ייִדן און ניט־ייִדן. נאָר מײַן מויל האָט זיך ניט געעפנט דאָס צו זאָגן, ווײַל אויפן דענקמאָל איז אָנגעשריבן, אַז דאָ ליגן הונדערט טויזנט קאָרבאָנעס פונעם דײַטשישן פאַשיזם, אָבער אַז די מערהײַט פון זיי זײַנען ייִדן — דאָס ניט. אייניקע באַקאַנטע און ניט באַקאַנטע ליטווינער און ייִדן האָבן זיך גוט אָפּגערופן וועגן מײַן אַרויסטרעטונג, אַנדערע האָבן געטײַנעט: „דו האָסט געדאַרפט מיטן פולן מויל זאָגן דעם גאַנצן עמעס״. און דער עמעס איז, אַז עס זײַנען ניט פאַראַן קיין מעמאָריאַל־טאָוולען אין די ערטער, וווּ עס זײַנען געווען די געטאָס, קיין דענקמעלער די דערמאָרדעטע ייִדן...

נאָכן טעלע־בריק בין איך א גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן — געפירט א וויקועך מיט זיך אַליין. פאַרטאָג האָב איך אָנגעשריבן א בריוו אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון ליטע. איך בין שוין 50 יאָר א קאָמוניסט, און מײַן געוויסן האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז עס איז שוין צײַט צו ריידן ערנסט און אָפן. אינעם בריוו צום סעקרעטאַר פאַר אידעאָלאָגישע איניאַנים ליאָנגינאַס שעפּעטיס האָב איך געשטעלט די פראַגע וועגן פאַרײַביקן די וויכטיקע קולטור־ערטער פונעם ליטווישן ייִדנטום, מיט וועלכע עס איז באַזונדערס באַרימט ווילנע, וועגן א ייִדישן מוזיי. האָט מען מיר פונעם צענטראַל־קאָמיטעט אָנגעקלונגען און געזאָגט — די פראַגע איז ריכטיק געשטעלט. וועגן דעם האָבן אויך געשריבן פאַרדינסטפולע ליטווישע קולטור־טוער. עס האָט זיך אָנגעהויבן א געשפּרעך — ווו און וויאַזוי אויפצושטעלן דעם ייִדישן מוזיי.

דעם 2 דעקאַבער 1978 איז אין ווילנע געגרינדעט געוואָרן א ייִדישע איניציאַטיוו־גרופּע באַם ליטווישן קולטור־פאָנד. איר וויכטיקסטע אויפגאַבע איז אויפצושטעלן דעם פאַרמאַכטן אין 1949 ייִדישן מוזיי אין ווילנע, די גאַנצע יודאַיִק, וואָס איז גע־

בליבן נאָך דעם כורבן אין ליטע. די עקספּאָנאַטן פֿונעם געוועזענעם ייִדישן מוזיי געפֿינען זיך אין פֿאַרשיידענע ליטווישע קונסט־מוזייען, אין מוזיי פֿון דער רעוואָליוציע. אַלס פֿאָרזיצער פֿון דער איניציאַטיוו־גרופּע איז באַשטימט געוואָרן דער יונגער לעקטאָר פֿון ווילנער אוניווערסיטעט עמאַנועל זינגעריס, אַ טאַלאַנטפֿולער פֿאָרשער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור און קונסט פֿון ליטע.

די ערשטע גרעסערע עפֿנטלעכע פֿאַרזאַמלונג פֿון דער גרופּע, אין וועלכער עס האָבן אָנטיילגענומען מער ווי הונדערט מענטשן, איז דורכגעגאַנגען גאַנץ שטורמיש. עס האָבן זיך אין איר אַקטיוו באַטייליקט אויך ליטווישע קולטור־טוער: דער פֿאָרזיצער פֿונעם ליטווישן קולטור־פֿאָנד טש. קודאַבאַ, זײַן שטעלפֿאַרטרעטער ג. טאַרווידאַס, דער אַקאַדעמיקער י. יורגיניס, דער מיטגליד־קאָרעספּאָנדענט פֿון דער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע י. מינקיאַוויטשוס, דער הויפּט־רעדאַקטאָר פֿון דער גרויסער ליטווישער ענציקלאָפּעדיע י. זינקוס, דער שריפֿטשטעלער ק. מאַכוקאַס און אַנדערע. עס האָט זיך באַקומען אַן אָוונט פֿון ליטוויש־ייִדישער פֿרײַנטשאַפֿט.

די ליטווישע קולטור־טוער האָבן באַגריסט די באַמיִונגען פֿון דער ייִדישער איניציאַטיוו־גרופּע און אַרויסגעזאָגט זייער הייסע שטיצע איר מיסיִע. זיי האָבן האַרב פֿאַרורטיילט די סטאַליניסטישע אַוולע בענוגייע דעם ייִדישן פֿאָלק און צוגעזאָגט העלפֿן אויפֿצושטעלן דעם ייִדישן מוזיי, באַלײַכטן די געשיכטע פֿון די ייִדן אין ליטע, פֿון זייער קולטור, אָפּמערקן זייערע פֿאַרדינסטפֿולע פּערזענלעכקייטן אין דער נײַער ליטווישער היסטאָרישער ענציקלאָפּעדיע. אויף דער פֿאַרזאַמלונג זײַנען אַרומגערעדט געוואָרן פֿאַרשיידענע פּראָגעס וועגן דער צוקינפֿטיקער אַרבעט פֿון דער איניציאַטיוו־גרופּע.

דעם זעלבן טאָג, דעם 5 יאַנואַר 1988, האָבן די צײַטונגען „טיִעסאַ" און „סאָוועטסקאַיאַ ליטוואַ" — אָרגאַנען פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער קאָמפּאַרטיי פֿון ליטע, אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל „לאָמיר אַכטן די נאַציאָנאַלע געפֿילן פֿון אַלע פֿעלקער", וואָס עס האָט אָנגעשריבן דער מיטגליד פֿונעם העכסטן געריכט פֿון ליטע יעוזאַס יאַצאָווסקיס. דער אַרטיקל האָט געהאַט אַ גוטן אָפּקלאַנג סײַ אין ליטע, סײַ אין אויסלאַנד. ער איז איבערגעדרוקט געוואָרן אין „סאָוועטיש היימלאַנד".

אין אָנהייב פֿרילינג 1988 האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער קאָמפּאַרטיי פֿון ליטע אָנגענומען אַ באַשלוס „וועגן דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פֿון דער פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכער אַקטיוויטעט פֿון די נאַציאָנאַלע גרופּעס, וואָס לעבן אין ליטע, און וועגן באַפֿרידיקן זייערע געזעלצלעכע אינטערעסן און באַדערפֿענישן פֿון שפּראַך און קולטור". דער באַשלוס איז פּובליקירט געוואָרן אין אַפּרעל אינעם זשורנאַל „לאַיקאַס איר איוויקיאַי" („צײַט און געשעענישן") און אין מײַ אינעם זשורנאַל „קאָמוניסטאַס", אויף ליטוויש און רוסיש (ביידע זשורנאַלן זײַנען אָרגאַנען פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט). אינעם באַשלוס רעדט זיך אַמערסטן וועגן פּאָליאַקן און ייִדן (אַנטשפּרעכיק 7,3 און 0,4 פּראָצענט פֿון דער באַפֿעלקערונג). ס'ווערט קאָנסטאַטירט אַלץ, וואָס עס איז געווען פּאָזיטיוו. גלײַכצײַטיק ווערט געזאָגט: „אַ לענגערע צײַט האָבן די פּאַרטיייִשע, מעלוכישע און געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַנען ניט באַהאַנדלט די פּראָגעס, וואָס זײַנען פֿאַרבונדן מיט נאַציאָנאַלע אינטערעסן פֿון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. די אָנגערופֿענע אָרגאַניזאַציעס האָבן אין געוויסע פֿאַלן ניט אַרויסגעוויזן גענוג אַכט, מיטגעפֿיל און טאַקט בײַם דער באַפֿרידיקונג פֿון די באַדערפֿענישן און אינטערעסן פֿון באַזונדערע נאַציאָנאַלע גרופּעס פֿון דער באַפֿעלקערונג. אין צוזאַמענהאַנג מיט די ביטעס פֿון די פֿאָרשטייער פֿון דער פּוילישער און ייִדישער באַפֿעלקערונג, וואָס קומען לעצטנס אָן אין די פּאַרטיייִשע און מעלוכישע אָרגאַנען וועגן אַ מער ברייטערער באַזאָרגונג פֿון זייערע שפּראַך־ און קולטור־אינטערעסן, האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט באַפֿולמעכטיקט זײַנע אָפּטיילונגען, די שטאָטישע און ראַיאָנישע פּאַרטיי־קאָמיטעטן, די מיניסטעריומס און אַנדערע מעלוכישע אַנשטאַלטן, אָננעמען קאָנקרעטע מאָסמיטלען, קעדיי צו פֿאַרווירקלעכן די לענינישע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק פֿון גלײַכקייט פֿון אַלע פֿעלקער.

עס האַנדלט זיך וועגן ניט דערלאָזן דיסקרימינאַציע אין קיינע געביטן, וועגן אויסקלײַבן פֿאָרשטייער אין פֿאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, וועגן שאַפֿן מעגלעכקייטן צו לערנען די ייִדישע שפּראַך, דורכצופֿירן פֿאַרשיידענע קולטור־מאָסמיטלען און פֿאַרייביקן דעם אָנדענק פֿון פֿאַרדינסטפֿולע ייִדישע רעוואָליוציאָנערע און קולטור־טוער, ברענגען אין אָרדענונג און שטענדיק צוזען די ערטער, ווו עס איז מאַסנהאַפֿט פֿאַרניכטעט געוואָרן די ייִדישע באַפֿעלקערונג אין די יאָרן פֿון דער היטלערישער אָקופּאַציע.

די אָנגענומענע באַשטימונגען האָבן באַקומען אַ ווײַטערדיקן אויסדרוק אויפֿן פּלענום פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט, ווו עס איז באַהאַנדלט געוואָרן די אַרבעט פֿון דער ווילנער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, און אויך אויף זײַן פּלענאַרער זיצונג אין מײַ כוידעש. די דאָזיקע מאַטעריאַלן האָבן געדרוקט אַלע צײַטונגען.

אין אַפּרעל 1988 האָט די אָפֿענע פּאַרטיייִשע פֿאַרזאַמלונג פֿונעם ליטווישן שרײַבער־פֿאַרבאַנד אין אַ ספּעציעלן פּונקט פֿון זײַן באַשלוס, געווידמעט דער פּראָגע „ליטעראַטור — אירע נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע זײַטן", פֿאַרשריבן: „אונטערהאַלטן דעם ווילן פֿונעם ליטווישן קולטור־פֿאָנד און זײַן ייִדישער איניציאַטיוו־גרופּע אויפֿצושטעלן אין ליטע אַ ייִדישן קולטור־מוזיי". אין דער

צײַטונג „גימטאַסיס קראַשטאַס" האָט דער באַוווסטער ליטווישער שרײַבער מ. מאַרטינאַיטיס אין א ספּעציעלן בריוו אונטערגעהאַלטן דעם זעלבן פאָרשלאָג און פאָרגעלייגט פאַרן ייִדישן מוזיי אָפּגעבן די געבײַדע פונעם קינאָ־טעאַטער „פּיִאָנעריוס", אין וועלכער פאַרן קריג איז געווען טעטיק א ייִדישער קולטור־צענטער (טעאַטער). ער האָט גערופן טייקעף צונויפזאַמלען פאַרשיידענע, געבליבענע בא דער באַפעלקערונג, עקספּאָנאַטן פאַרן ייִדישן מוזיי.

קעדיי צו פאַרשטיין די נײַע לאַגע און די נײַע געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספער בענעגייע דער ייִדישער באַפעלקערונג, מוז מען כאָטש אָפּמערקן נאָך איין בריוו אין דער דערמאָנטער צײַטונג פון א ליטווישן ווילנער אײַנוווינער, א קאַנדידאַט פון טעכנישע וויסנשאַפטן ריטשאַרדאַס קאַלוויטיס. פּאַקטיש שרײַבט ער אין א פאַראַלגעמיינערטער פאָרם וועגן די גוטע שכיינעסדיקע באַציִונגען פון זײַן טאַטנס מישפּאָכע מיטן שאָכן דאָווידס מישפּאָכע פאַרן קריג. מע האָט געלעבט און געטיילט זיך מיט אַלץ, וואָס מע האָט פאַרמאָגט, ווי האַרציקע ברידער. „ליטווישע קינדער האָבן זיך געשפּילט מיט דאָווידקעס, יאָסקעס, כאַשקעס, מירקעס. נאָר עס זײַנען געקומען פרעמדע מאַכנעס, וועלכע האָבן גענומען מאָרדן אונדזערע גוטע שכיינים. דאָס איז געווען ווייניק. עס האָבן זיך אויך אײַנגעפונען אונדזערע ליטווישע זין, וועלכע האָבן פאַרלעצט די פרײַנטשאַפט, טראָץ דעם ווילן פון אונדזערע טאַטעס, און זײַנען אוועק צוזאַמען מיט די פרעמדע מערדער. די שטילע ווילנער געסעלעך טרויערן נאָך זייערע אומגעקומענע באַלעבאַטים. לאָמיר געפינען אַן אָרט אין א שטיל געסעלע אין ווילנער אַלטשטאָט פאַרן אַלטן דאָווידן. מיר מוזן מיט אייגענע געלט־מיטלען אויפשטעלן א דענקמאָל פאַר די מעגלעך אַמערסטן באַאַוולטע קינדער פון אונדזער היימלאַנד. עפּשער וועלן די הערצער פון אונדזערע קינדער ווערן ריינער".

דאָס זײַנען האַרציקע ווערטער פון דעם נאָבעלן ליטווישן מענטשן.

אין מײַן ענטפער־בריוו אין דער זעלבער צײַטונג ווערט געזאָגט: „מיט זײַן אָפנהאַרציקייט און טיף רירנדיקן טאָן האָט ריטשאַרדאַס קאַלוויטיס מיך דערשיטערט. כ'וועל ניט באַהאַלטן, כ'האָב אָנגעשטרענגט געוואַרט אויף א מענטשלעכער באַטראַכטונג פון דער שוין לאַנג געשטעלטער, נאָר ביז איצט ניט פאַרגעסענער שוידערלעכער טראַגעדיע — וועגן דעם אומקום פון דעם גרעסטן טייל פון די ליטווישע ייִדן אין דער צײַט פון דער דײַטשישער אָקופּאַציע. ר. קאַלוויטיס האָט אָנגעשריבן וועגן דער טראַגעדיע ווי אַן עכטער ברודער, וואָס לײַדט פון א ניט־פאַרבײַגייענדיקן ווייטיק. כ'וויל אים שטאַרק דריקן די האַנט און אונטערהאַלטן זײַן פאָרשלאָג".

די ברידערלעכע געפילן פון די בעסטע פאָרשטייער פונעם ליטווישן פאָלק און זײַן אינטעליגענץ זײַנען הײַנט באַזונדערס טײַער. אָן זייער מיטגעפיל און פראָפעסיאָנעלער מיטהילף איז הײַנט פּאַקטיש ניט מעגלעך אויפצושטעלן דעם ייִדישן מוזיי, פרוכטבאַר פאַרווירקלעכן גרויסע קולטוראַקציעס, דורכפירן די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג פון איבער 600 יאָר ייִדיש לעבן אין ליטע.

דאָס זײַנען די פּאָליטיש־גײַסטיקע גרונטן, וואָס עס האָט געשאַפן די נײַע ליניע פון דער פּאַרטיי אין אונדזער לאַנד ביכלאַל, אויך אין דער ליטווישער רעפּובליק ביפּראַט. עס שטעלט זיך די פראַגע: וואָס זשע איז שוין פּראַקטיש געמאַכט געוואָרן?

מיר וועלן דערציילן נאָר וועגן דעם סאַמע איקער.

מיט דער הילף פונעם צענטראַל־קאָמיטעט און פון דעם ליטווישן אויסערן־מיניסטעריום האָט א דעלעגאַציע פון דער ייִדישער איניציאַטיוו־גרופּע אין באַשטאַנד פון 9 מענטשן פון 16־טן ביזן 19־טן אַפּריל 1988 באַזוכט פּוילן און אָנטיילגענומען אין די גראַנדיעזע פײַערונגען, געווידמעט דעם 45־טן יאָרטאָג פונעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. צום באַדויערן, זײַנען מיר געווען קימאַט די איינציקע גרעסערע אָרגאַניזירטע דעלעגאַציע פון סאָוועטישע ייִדן. עס האָבן זיך באַטייליקט נאָך א פּאָר קליינינטשקע דעלעגאַציעס, איינע בעראָש מיטן גענעראַל־פּאָלקאָווניק דראַגונסקי. צוזאַמען מיט די ייִדישע דעלעגאַציעס פון צענדליקער לענדער פון אַלע קאָנטינענטן האָבן מיר אָפּגעגעבן קאָוועד די אומפאַרגעסלעכע גיבוירים פון וואַרשעווער געטאָ. מיר האָבן געהאַט דערויף מאָראַלישע רעכט: מיר האָבן דאָס געטאָן ווי אָנטיילנעמער פון דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע, ווי קעמפער פון די פּאַרטיזאַנער־גרופּעס און פאָרשטייער פון די אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס פון ווילנער און קאָוונער געטאָ. כאָטש קיינער האָט אונדז ניט באַפולמעכטיקט, האָבן מיר געלייגט בלומען בא די דענקמעלער פון די העלדן פון וואַרשעווער געטאָ און פון 800 טויזנט פאַרניכטעטע פּוילישע ייִדן אין טרעבלינקע, אויך אין נאָמען פון די 200 טויזנט געפאַלענע אין קאַמף ייִדישע סאָוועטישע סאָלדאַטן און אָפיצערן.

די ייִדישע דעלעגאַציע פון ליטע האָט אָנטיילגענומען אין אַלע מאַסן־אונטערנעמונגען אין וואַרשע, וועלכע זײַנען געווען געווידמעט די פײַערונגען. מיט אונדז האָט זיך טאָגטעגלעך פרײַנטלעך געטראָפן דער וויצע־פאָרזיצער פון דער הויפּטפאַרוואַלטונג פונעם קולטור־פאַרבאַנד פון די ייִדן אין פּוילן, דער שעף־רעדאַקטאָר פון דער „פאָלקסשטימע" אַוראָם קוואַטערקאָ, וועלכער האָט אונדז באַזאָרגט מיט אײַנלאַדונגען, טראַנספּאָרט, ליטעראַטור...

מיר האָבן זיך באַגעגנט מיטן דירעקטאָר פונעם ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט בײַ דער פּוילישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, וועלכער האָט צוגעזאָגט הילף באַם אויפֿשטעלן דעם ייִדישן מוזיי אין ווילנע. אַזאַ הילף האָט אויך צוגעזאָגט דער דירעקטאָר פֿונעם אינסטיטוט „יאַד וואַשעם" אין ירושלים, דער דאָקטאָר פֿון היסטאָרישע וויסנשאַפֿטן אַכאַד (איציק רודניצקי), אַגבֿ, אין דער צײַט פֿונעם קריג איז ער געווען אַ פּאַרטיזאַנער אין ליטע.

עס איז נייטיק באַטאָנען די וויכטיקייט פֿון די קאָנטאַקטן, וואָס מיר האָבן געהאַט מיט ייִדן פֿון פֿאַרשיידענע לענדער. אייניקע האָבן מיט כּי־דעש אויפֿגענומען די נײַס, אַז צוזאַמען מיט זיי זײַנען אין וואַרשע פֿאַראַן ייִדן פֿון סאָוועטן־ליטע: „עס קאָן ניט זײַן, — האָבן זיי געטײַנעט, — אַלע זײַנען דאָך אַרויסגעפֿאָרן. ווער איז דאָרט געבליבן? איר רעדט ייִדיש, מע דערלויבט אײַך?" צום באַדויערן, ווייסט מען וועגן אונדז זייער ווייניק. אָבער אַלע, מיט וועמען עס איז אויסגעקומען צו ריידן, זײַנען געווען צופֿרידן זיך טרעפֿן מיט סאָוועטישע ייִדן און פֿעסט דריקן אונדזערע הענט. מיר האָבן אויך האַנאָע געהאַט פֿון דעם.

די ווילנער אָוונט־צײַטונג האָט אין ליטוויש און רוסיש געגעבן אַ גרעסערן באַריכט וועגן דעם אָנטייל פֿון אונדזער דעלעגאַציע אין די פֿײַערונגען אין וואַרשע.

דעם 21־טן מײַ איז אין ווילנע פֿאָרגעקומען אַן אָוונט, געווידמעט דעם אויפֿשטאַנד פֿון וואַרשעווער געטאָ. אין אַ שיינעם זאַל האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אַרום 400 ייִדן. מיט געדולד און אינטערעס אין מעשעך פֿון פֿיר שאָ האָט דער עולם אויסגעהערט אַ רעפֿעראַט און באַריכטן פֿון די, וואָס זײַנען געווען אין וואַרשע, געזען און געהערט אַן אַנטשפּרעכנדיקן קאָנצערט פֿונעם ייִדישן זעלבסטטעטיקן קינסטלערישן קאָלעקטיוו פֿון קאָוונע, אַ באַריכט וועגן דער אַרבעט פֿון דער איניציאַטיוו־גרופּע און אירע ווײַטערדיקע פּערספּעקטיוון. פֿאַר דעם, דעם 9־טן מײַ, אין טאָג פֿון ניצחון, איז פֿאָרגעקומען אַ מיטינג אין פּאָנאַר באַם מעמאָריאַל פֿאַר די דערמאָרדעטע איבער 100 טויזנט סאָוועטישע מענטשן. דער ערשטער סעקרעטאַר פֿונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט פֿונעם אָקטיאַבער־ראַיאָן שוועד האָט אָפּגעמערקט, אַז צווישן די קאָרבאָנעס פֿון די נאַציסטן ליגן דאָ 63 טויזנט ווילנער ייִדן. דער מעכאַבער פֿון די שורעס האָט זיך אין ליטוויש, רוסיש און ייִדיש געווענדט צום עולם, צו די קרויווים פֿון די אומגעקומענע: „אויף פּראָנט, אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג, אין די אַנטיפֿאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן מיר, מענטשן פֿון פֿאַרשיידענע פֿעלקער, געקעמפֿט צוזאַמען. אין איינהײַט איז געווען אונדזער קראַפֿט. אויך הײַנט איז דער קוואַל פֿון דערפֿאָלג פֿון דער איבערבויונג אין לאַנד און אונדזער אינטערנאַציאָנאַלער איינהײַט". פֿאַרשטייער פֿון אונטערנעמונגען און אַנשטאַלטן האָבן געלייגט קרענץ און בלומען באַם אָנדענק־מאָנומענט. ווילנער ייִדן זײַנען נאָך לאַנג אַרומגעגאַנגען אַרום די ברידער־קוואָרים פֿון טאַטעס, מאַמעס, ברידער, שוועסטער, קינדער, נאָענטע און ווײַטע קרויווים.

דעם 20־טן מײַ איז אין קולטור־פּאַלאַץ פֿון די פּראָפֿאַריינען פֿאָרגעקומען אַ גרויסער קאָנצערט פֿונעם ייִדישן קאַמער־אַנסאַמבל „פֿײַערלעך". 800 מענטשן האָבן מיט האַנאָע אויפֿגענומען יעדע ליד, יעדן טאַנץ, באַזונדערס פֿון די קינדערלעך.

דעם 29־טן מײַ איז אין קליינעם זאַל פֿון קולטור־פּאַלאַץ פֿאָרגעקומען אַן אָנדענק־אָוונט, געווידמעט דעם דיכטער יויסעף קאָטליאַר, וועלכער וואָלט אַלט געוואָרן 80 יאָר (געשטאָרבן אין 1962) און וועלכער האָט די לעצטע 17 יאָר פֿון זײַן לעבן פּרודוקטיוו געשאַפֿן אין ווילנע. עס איז געווען אַ פֿאָרטראָג, דערוואַקסענע און קינדער האָבן געלייענט זײַנע ווערק אין ייִדיש, אויך איבערגעזעצטע אין רוסיש, ליטוויש, אוקראַיִניש. די וועטעראַנען פֿון דער פּראָפֿעסיאָנעלער ייִדישער סצענע געניע לעוו און באָריס לאַנדאַו, וועלכע האָבן געאַרבעט צוזאַמען מיטן פּאָעט נאָך פֿאַרן קריג אין כאַרקאָוו און נאָכן קריג אין ווילנע, האָבן זיך געטיילט מיט זיכרוינעס וועגן יויסעף קאָטליאַרן און אויפֿגעפֿירט זײַנע ספּעציעל געשריבענע פֿאַר זיי סצענעס, אַלע האָבן מיטגעזונגען די ליד אויפֿן פּאָעטס ווערטער:

לאָמיר זינגען ס׳לידעלע צוזאַמען,
ווי גוטע פֿרײַנט, ווי קינדער פֿון איין מאַמען.
מײַן איינציקער פֿאַרלאַנג —
ס׳זאָל קלינגען פֿרײַ און פֿראַנק
אין אַלעמענס געזאַנג אויך מײַן געזאַנג.

עס זײַנען פֿאַרבײַגעגאַנגען צוויי וואָכן, און מיר האָבן באַקומען אַ בעפֿייַרעשדיקע באַשטעטיקונג, אַז עס ווערט מעקוייעם דער פֿאַרלאַנג פֿונעם ייִדישן פּאָעט. דעם 10־טן יוני איז אין קאָוונע פֿײַערלעך און זייער רירנדיק געעפֿנט געוואָרן אַן אויסשטעלונג פֿון בערעך 300 עקספּאָנאַטן: „ייִדישע קונסט אין ליטע. XX—XVII יה.". די אויסשטעלונג איז אָרגאַניזירט געוואָרן מיצאַד דעם קולטור־מיניסטעריום, דעם קולטור־פֿאָנד און זײַן ייִדישער איניציאַטיוו־גרופּע אין קונסט־מוזיי אויפֿן נאָמען פֿונעם גרויסן ליטווישן קינסטלער מיקאַלאָיוס טשורליאָניס אין אַ גרויסן קונסט־פּאַלאַץ. דער איניציאַטאָר און אָרגאַניזאַטאָר פֿון דער עקספּאָזיציע איז עמאַנועל זינגעריס, וועמען עס האָבן געהאָלפֿן פֿיל מענטשן.

די אויסשטעלונג האָט זיך געעפֿנט מיט אַן אַרויסטרעטונג פֿון צוויי יונגע פֿידלער, וועלכע האָבן מיט פֿיל באַגײַסטערונג געשפּילט ייִדישע מעלאָדיעס. מאַרק זינגעריס האָט געלייענט זײַנע

לידער. גערעדט האָט דער פֿאָרזיצער פֿונעם קולטור־פֿאָנד פּראָפֿעסאָר טש. קודאַבאַ. ער האָט זיך געווענדט צום עולם: „טײַערע ברידער! מע דאַרף הײַנט רײדן וועגן קונסט. אָבער מע מוז פֿריִער, ווי עס זאָגט אונטער דער אומרויִקער געוויסן, דערציילן וועגן די אוולעס, וועגן דעם מאָרד, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן לעגאַבע די ייִדן אויף אונדזער ליטווישער ערד, וועגן דער שאַנד, וואָס פֿאַלט אויף אייניקע מענטשן פֿון מײַן פֿאָלק. מיר, ליטווינער, זײַנען לאַנג געגאַנגען מיט איין וועג מיט ייִדן, לאָמיר ווײַטער גיין מיט דעם וועג".

קודאַבאַ און אַנדערע ליטווישע קינסטלער האָבן געזאָגט, אַז די אויסשטעלונג איז אַ יאָמטעוו פֿאַר אַלעמען. דאָס איז אַן אויסערגעוויינטלעכע געשעעניש אין ליטע און אין גאַנצן סאָוועטנפֿאַרבאַנד. זאָל דאָס זײַן אַ גוטער אָנהייב פֿאַר מאָסקווע, לענינגראַד, קיִעוו און אַנדערע קולטור־צענטערס, וווּ עס געפֿינען זיך גרויסע ייִדישע קולטור־אוצרעס.

עס זײַנען געווען עקספּאָנירט פֿון מעלוכישע מוזייען, פֿון פּריוואַטע קאָלעקציעס איל־מאָלערײַ, גראַפֿיק, סקולפּטורן פֿון אַלטע קינסטלער, אַזעלכע ווי איסאַק לעוויטאַן, מאַרק אַנטאָקאָלסקי, זאַלמען בעקער, מאַקס באַנד, ווי אויך פֿון הײַנטצײַטיקע ייִדישע קינסטלער פֿון ליטע. עס זײַנען אויך אויסגעשטעלט געוואָרן ריטועלע רעליגיִעזע כּפֿייצים: סייפֿער־טוירעס, טאַלייסים, מענוירעס, כאַנעקע־לעמפּלעך אאַוו. די אויסשטעלונג האָבן באַזוכט יעדן טאָג פֿון 1000 ביז 1500 מענטשן.

און נאָך אַ נײַס. די ווילנער ייִדישע קאָלעקטיוון גאַסטראָלירן ווײַטער איבער דער רעפּובליק. דער פֿאָלקס־טעאַטער איז פֿון 12 ביזן 21 מאַרט מיט גרויס דערפֿאָלג אַרויסגעטראָטן אויף די בעסטע בינעס אין מאָלדאַוויע — קעשענעוו, טיראַספּאָל. בענדערי, בעלץ. פֿאַר נײַן טעג האָבן זיי געגעבן 15 ספּעקטאַקלען, וועלכע עס האָבן געזען 12.000 מענטשן. עס זײַנען געשטעלט געוואָרן א. קאַגאַנס „בראָדער זינגער", „דער ייִדישער געטלויט שאָלעם־אַלייכעמען און א. באָרשטשאַגאָווסקיס „די נאַכט ערעוו באַבי יאַר".

די צײַטונג „וועטשערני קישינעוו" האָט דעם 24־טן מאַרט געשריבן וועגן דעם פֿינאַל פֿונעם ספּעקטאַקל „די נאַכט ערעוו באַבי יאַר": „דער ווילנער פֿאָלקס־טעאַטער האָט געפֿונען אַ גוטע לייזונג. אונטער דער מעלאָדיע פֿון דעם קאָמפּאָזיטאָר טערלעצקיס ליד אויף די ווערטער פֿון א. ווערגעליס „לאָמיר רײדן פֿון די קדושים" גייען די אויספֿילער פֿון די ראָלן אַרויס אויף דער אַוואַנסצענע, צינדן אָן ליכט און לייגן אויף בלומען בײַ אַ טאָוול מיטן אויפֿשריפֿט „6.000.000".

דעם 23—24 מאַרט זײַנען פֿאָרגעקומען די ספּעקטאַקלען אין מאָהיליאָוו (ווײַסרוסלאַנד). זיי האָבן באַזוכט בײַ 2000 מאַן.

די ליטווישע טעלעוויזיע האָט געמאַכט אַ פֿילם „בראָדער זינגער" פֿונעם ספּעקטאַקל, וועלכן ס'האָט געשטעלט דער ווילנער ייִדישער פֿאָלקס־טעאַטער.

דער ווילנער קאַמער־אַנסאַמבל האָט פֿון 1־טן ביזן 10־טן מײַ געגעבן צו פֿינף קאָנצערטן אין טביליסי און באַקו. די אַרויסטרעטונגען האָבן באַזוכט 6000 צושויער. אַכוץ דעם, האָט דער אַנסאַמבל געגעבן 5 קאָנצערטן פֿאַר מיליטערישע טיילן, אויף וועלכע עס זײַנען בײַגעווען 2.000 מענטשן. די יוגנטלעכע צײַטונג פֿון גרוזיע האָט אין איר אָפּרוף וועגן די קאָנצערטן פֿונעם ווילנער קאַמער־אַנסאַמבל, צווישן אַנדערס, באַטאָנט: מיט מיטלען פֿון וואָקאַל און כאָרעאָגראַפֿיע, אויפֿן סמאַך פֿון נאַציאָנאַלן קאָלאָריט, איז באַוויזן געוואָרן דאָס כאַראַקטעריסטישע פֿאַר יעדן פֿאָלק בכלל און ליבע צו מענטשן. עס איז אויך באַוויזן געוואָרן דאָס, וואָס עס שטערט דעם לעבן: האַס, גוואַלדטאַטן, פּאָגראָמען. פֿאַר די שעף־קאָנצערטן אין די מיליטער־טיילן פֿונעם גאַרניזאָן אין באַקו איז דער ווילנער קאַמער־אַנסאַמבל באַלוינט געוואָרן מיט אַן ערנצייכן פֿון דעם אַזערבײַדזשאַנער רעפּובליקאַנישן פּראָפֿפֿאַריין פֿון די קולטור־אַרבעטער.

דער שרײַבער גריגאָרי קאַנאָוויטש איז פֿאַר זײַנע ראָמאַנען, געווידמעט דעם ייִדישן לעבן אין ליטע אין סאָף פֿונעם פֿאָריקן און אָנהייב פֿון איצטיקן יאָרהונדערט „טרערן און טפֿילעס פֿון נאַראָנים" און „פֿאַר קנעכט איז קיין גאַניידן נישטאָ", באַלוינט געוואָרן מיט דער רעפּובליקאַנישער פּרעמיע פֿאַר ליטעראַטור און קונסט. עס האָט זיך שוין באַוויזן אין רוסיש דער זשורנאַל־וואַריִאַנט פֿון זײַנעם אַ נײַעם ראָמאַן „אַ ציגעלע פֿאַר צוויי גראָשן".

דאָ ווילט זיך אויף די זײַטן פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" אויפֿהייבן עטלעכע אַלגעמיינע פּראַגעס. עס פֿרייט, וואָס אין טאַלין איז אין 1988 געגרינדעט געוואָרן אַ געזעלשאַפֿט פֿון ייִדישער קולטור בײַ דער עסטאָנישער רעפּובליקאַנער געזעלשאַפֿט פֿאַר באַשיצן און פֿאַרהיטן היסטאָרישע און קולטורעלע דענקמעלער. די גרינדער האָבן געשריבן, אַז דאָס איז די ערשטע ייִדישע קולטור־געזעלשאַפֿט אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד. מיר וועלן זיך ניט אַמפּערן פֿאַר אַן אָרט אין דער ריי פֿאַר פּריִאָריטעט. וויכטיק איז, אַז דאָס איז געשען. מיר האָבן געלייענט, אַז אין קיִעוו איז טעטיק אַ נײַער ייִדישער עסטראַדע־אַנסאַמבל „שאָלעם". ווי מע זאָגט בײַ ייִדן: אין אַ גוטער שעה, מע זאָל זיך פּרוכפּערן און מערן.

אָבער דאָ קומט די פֿראַגע וועגן אַ ברייטערער אינפֿאָרמאַציע. דער נײַער אויפֿבלי פֿון פֿאַרשיידענע אַרטן פֿון ייִדישער קונסט אין אונדזער לאַנד האָט עס ערלעך פֿאַרדינט. מיר פֿאַרשטייען, אַז עס איז ניט גרינג. נאָר „סאָוועטיש היימלאַנד" דאַרף אויסטיילן מער אָרט פֿאַר דער דאָזיקער

אינפֿאָרמאַציע. זי מוז ווערן מער מאָביל און אַק־טועל. מיר פֿאַרשטייען אויך, אַז דאָס איז ניט קיין אויסוועג. אויך „ביראָבידזשאַנער שטערן" וועט ניט קאָנען פֿאַרדײַען דעם וואַקסנדיקן שטראָם פֿון אינ־פֿאָרמאַציע וועגן דעם ייִדישן לעבן אין לאַנד. אין צוזאַמענהאַנג מיטן קומענדיקן פּלענום פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי, וועלכער וועט באַהאַנדלען די פֿראַגע פֿון צווישנאַציאָנאַלע באַציִונגען, לייגן מיר פֿאָר צו שאַפֿן א נײַע גרוי־סע אַלפֿאַרבאַנדישע ייִדישע וועכנטלעכע אויסגאַבע „ייִדיש לעבן אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד" און א יער־לעכע אינפֿאָרמאַטיווע אויסגאַבע אין ייִדיש, רוסיש און ענגליש.

די צווייטע דרינגענדיקע פֿראַגע: לערנביכער צו לערנען די ייִדישע שפּראַך, ווערטערביכער רו־סיש־ייִדיש און ייִדיש־רוסיש. מיר ווילן שוין אין האַרבסט אָרגאַניזירן קורסן צו לערנען ייִדיש. ס'איז עפּשער מעגלעך דערווײַל אַפּעראַטיוו אַרויסצולאָזן קליינע לערנביכלעך, אַלס בײַלאַגע צו „סאָוועטיש היימלאַנד". נאָך בעסער איז — מיט א גרעסערן טיראַזש אַרויסלאָזן דעם ייִדישן אַלפֿבית, וועלכן עס האָבן באַקומען נאָר די ביראָבידזשאַנער.

נאָך א דעליקאַטע פֿראַגע. דאָס גאַנצע לאַנד זוכט מעגלעכקײַטן צו פֿאַרברייטערן די פֿאָלקס־דיפּלאָמאַטיע מיט אויסלאַנד. מיר, סאָוועטישע ייִדן, שטייען קימאַט אין א זײַט פֿון דעם. איך וויל דערציילן וועגן מײַן אייגענער דערפֿאַרונג. אין 1979 איז א גרופּע פֿון 35 בירגער פֿון ליטע גע־פֿאָרן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע. צווישן זיי זײַנען געווען צוויי ייִדן. דער הויפּט־ציל פֿון דער רײַזע איז געווען טרעפֿונגען און גע־שפּרעכן מיט פֿאָרשטייער פֿון דער דאָרטיקער ליט־ווישער עמיגראַציע. אויף איינער א טרעפֿונג מיט פּראָגרעסיווע ליטווינער, אַנטיילנעמער פֿון דער פֿרײַנטשאַפֿט־באַוועגונג „פֿאַראייניקטע שטאַטן—סאָ־וועטנפֿאַרבאַנד", אין טשיקאַגאָ זײַנען אויך בײַגע־ווען ייִדישע אַקטיוויסטן. און מיר האָבן פֿאַרבונדן מיט זיי א שמועס. פֿראַגן האָבן זיך געשאָטן אָן א סאַך, אָבער דאָס וויכטיקסטע — זיי האָבן גע־טײַנעט: מיר ווייסן וועגן אײַער לעבן זייער ווייניק. דאָ קומען אָן געוויזענע סאָוועטישע בירגער, וואָס שיטן פֿעך און שוועבל. עס קומען אַהער דעלעגאַ־ציעס רוסן, אוקראַינער, ליטווינער, לעטן... זיי טרעפֿן זיך מיט זייערע לאַנדסלײַט. פֿאַרוואָס אָבער קומען ניט קיין גרעסערע דעלעגאַציעס סאָוועטי־שע ייִדן? דאָס איז לעבנסנייטיק סײַ פֿאַר אײַך, סײַ פֿאַר אונדז.

איך קאָן נאָר צוגעבן, אַז הײַנט איז דאָס נאָך וויכטיקער ווי נעכטן. דאָס זעלבע האָב איך גע־הערט דאָן בא א טרעפֿונג מיט נאָך א גרעסערער גרופּע ייִדן. אין פֿילאַדעלפֿיע, אויך בא מײַן זײַן צוגאַסט אין ייִסראַעל אין 1983, און, דערעכאַגעוו, באַם צוזאַמענטרעף מיטן געוועזענעם דאָן רעדאַק־טאָר פֿון דער קאָמוניסטישער צײַטונג „דער וועג" שלוימע בעקער. מיר זײַנען מיט אים גוט באַקאַנט נאָך פֿון די נאָכמילכאָמע־צײַטן. ער איז דאָן אין ווילנע געווען פֿאַרזיצער פֿון א האַנטווערקער־אַר־טעל, און איך — דער צווייטער סעקרעטאַר פֿון א ראַיקאָם פֿון דער פּאַרטיי.

דאָס ווידערופֿשטעלן דעם ייִדישן מוזיי אין ווילנע איז ניט קיין לײַכט שטיקל אַרבעט. מע דאַרף האָבן פֿיל מיטלען. דער ייִדישער ייִשוב אין ליטע איז ניט קיין גרויסער. מיר ווענדן זיך צו די סאָוועטישע ייִדן, זיי זאָלן אונדז קומען צו הילף. ס'וואָלט אויך זײַן גוט, ווען מע שענקט דעם מוזיי פֿאַרשיידענע עקספּאָנאַטן, וועלכע זײַנען פֿאַרבונדן מיט ייִדן אין ליטע, און ביפֿראַט אין ווילנע. מיט דער זעלבער ביטע ווילן מיר זיך ווענדן צו די ייִדישע לאַנדסלײַט פֿון ליטע אין דער גאָרער וועלט.

מיר לעבן הײַנט איבער אַן אָנהייב פֿון פֿאַר־ברייטערן דאָס ייִדישע קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע לעבן אין אונדזער לאַנד. עס זײַנען דאָ א סאַך פֿראַגעס און פּראָבלעמען. אָבער עס ווילט זיך אָפּ־געבן אַלע קויכעס דעם פֿאָלק מיט זײַן קולטור, האָפֿנדיק, אַז אַלע פּראָבלעמען וועלן פּאָזיטיוו גע־לייזט ווערן.

● ● ●

## אַן אויסשטעלונג פֿון דער ייִדישער קונסט

אין ווילנע, אין זאַל פֿונעם ליטווישן קולטור־פֿאָנד, האָט זיך געעפֿנט אַן אויסשטעלונג פֿון דער ייִדישער קונסט. ס'ווערן עקספּאָנירט אַן ערך 200 ווערק פֿון מאַלערײַ, גראַפֿיק, סקולפּטור פֿון XX—XVII יה., ווי אויך מוסטערן פֿון רעליגיעזער קונסט, פֿון שמידערײַ. באַנאַנד מיט די אַרבעטן פֿון ברייט באַוווּסטע קינסטלער קאָן מען אויך זיך באַקאַנען מיט ווערק פֿון ייִדישע קינסטלער פֿונעם הײַנטיקן דאָר און פֿון די, וועלכע האָבן געלעבט אין ליטע און זײַנען אומגעקומען אין די מלחמה־יאָרן.

אין די צײַטן פֿונעם היטלערישן גענאָציד לעגאַבע דעם ייִדישן פֿאָלק פֿלעגן אומבאַראַכמאָנעסדיק פֿאַרניכטעט ווערן די קולטור־ווערטן. אין דער עקספּאָזיציע זײַנען געבראַכט פֿאָטאָס, אָפּגעדרוקטע פֿון די נעגאַטיוון, וועלכע האָבן זיך פֿאַרהיט אין די מוזייען פֿון ליטע.

אויף דער עפֿענונג־צערעמאָניע פֿון דער אויסשטעלונג זײַנען אַרויסגעטראָטן דער מיניסטער פֿון קולטור פֿון דער ליטווישער ססר אי. בעלינים, דער פּאַרזיצער פֿון דער גרופּע פֿאַר מיטווירקן דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער קולטור ע. זינגעריס, דער דירעקטאָר פֿונעם קינסטלערישן מוזיי פֿון דער ליטווישער ססר ר. בודריס. ס'איז בײַגעווען די שטעלפֿאַרטרעטערן פֿונעם פּאַרזיצער פֿון דעם אויבער־סאָוועט פֿון דער ליטווישער ססר וו. קליקונענע.

## דער „מאַרש פֿאַר לעבן“

דער 23־ער סענטיאַבער איז אַ טראַגישע דאַטע אין דער געשיכטע פֿונעם ייִדישן פֿאָלק. מיט 45 יאָר צוריק איז ליקווידירט געוואָרן די ווילנער געטאָ, וועלכע די פֿאַשיסטן האָבן אָרגאַניזירט אויף די מעסיניר־, זשעמײַטיאַס־ און רודנינקר־גאַסן.

הונדערטער ווילנער טוישווים — ייִדן, ליטווינער, רוסן, פּאָליאַקן — האָבן זיך באַטײַליקט אינעם „מאַרש פֿאַר לעבן“, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן אויף דער רודנינקר־גאַס און האָט זיך פֿאַרענדיקט באַם מעמאָריאַל אין פּאָנערײַ, וווּ עס איז פֿאָרגעקומען אַ טרויער־מיטינג.

## כראָניק

### צו דער געשיכטע פֿונעם דיקדוק

דער מאָסקווער אינסטיטוט פֿאַר מיזרעך־קענטעניש בײַ דער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע פֿון ססר האָט אַרויסגעגעבן אַ ביכל „לינגוויסטישע טראַדיציעס אין די מיזרעך־לענדער“. אין אַ געקירצטער פֿאָרם ווערן דאָ פֿאַרעפֿנטלעכט מאַטעריאַלן פֿון דער וויסנשאַפֿטלעכער באַראַטונג אונטערן זעלבן נאָמען, וועלכע דער אינסטיטוט האָט דורכגעפֿירט. צווישן די אײַנגעשלאָסענע אינעם ביכל מיטיילונגען געפֿינען מיר די אַרבעט פֿונעם קאַנדידאַט פֿון פֿילאָלאָגישע וויסנשאַפֿטן אַלעקסאַנדרע אײַכענוואַלד „פּראָבלעמען פֿון פֿאָנאָלאָגיע און מאָרפֿאָנאָלאָגיע אין דער פֿאַרשטעלונג פֿון העברעיִשע גראַמאַטיקער (לויט מעקורים פֿונעם 9־טן—12־טן יה.)“.

א. אײַכענוואַלד איז באַקאַנט די לייענער פֿונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“ לויט אירע פּובליקאַציעס אין אונדזערע יוגנטלעכע נומערן. איר נײַע מיטיילונג דערציילט וועגן דער טעטיקייט פֿון די מיטלאַלטערלעכע ייִדישע און קאַראַימישע לינגוויסטן און קולטור־טוער מוישע־אַרן בען אַשער, איבן קורייש, דאַוויד בען אַווראָם אַל־פֿאַסי, סאַאַדיע האַגאָען אַבו־וואַליד, מענאַכעם איבן סאַרוק, אַווראָם איבן עזראַ, דונאַש איבן לאַבראַט און אַנדערע אין געביט פֿונעם העברעיִשן דיקדוק. באַם צונויפֿזאַמלען מאַטעריאַלן פֿאַר איר פֿאָרשונג האָט א. אײַכענוואַלד אויסגעניצט ווערק סײַ פֿון סאָוועטישע, סײַ פֿון אויסלענדישע (דערונטער ייִסראַעלדיקע) העברעיִסטן.

## פּאָלעמיק

# אַן ענטפֿער צו דער זאַך

זאַלמען ליבינזאָן האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אין „סאָוועטיש היימלאַנד" נום. 4 פֿאַר הײַנטיקס יאָר אַ רעפּליק אין מײַן אַדרעס. איך וואָלט געקאָנט אױף איר ניט ענטפֿערן, ווען זי זאָל ניט אַנטהאַלטן מאָדנע אַרויסזאָגונגען, פֿול מיט סטירעאָטיפּיקע באַהויפּטונגען, וואָס קאָנען אַראָפּפֿירן פֿון וועג דעם לייענער, וועלכער איז ניט באַקי אין דער באַהאַנדלטער פּראָבלעם. דאָס האָט מיך געצוווּנגען זיך נעמען פֿאַר דער פּען.

ז. ליבינזאָן הייבט אָן פֿון דעם, אַז איך האָב, לויט זײַן מיינונג, פֿאַרקריפּלט בלויז איין וואָרט און „איבער אַזאַ פֿאַרקריפּלונג קלינגט די גאַנצע פֿראַזע זייער ניט פֿאַרשטענדלעך, אַפֿילע אומגעלומפּערט". וואָס זשע איז עס פֿאַר אַ וואָרט? אױף דעם ענטפֿערט ער ניט גלײַך און פֿאַרקערעוועט אין אַן אַנדער זײַט — ער שטרײַכט אונטער, אַז עס זײַנען נאָך דאָ פֿיל פּראָבלעמען, וועלכע האָבן ניט באַקומען קיין ענדגילטיקע לייזונג, צו זיי געהערט אויך די פּראָבלעם פֿון ראָמאַנטיזם. דערבײַ איז ער זיך סוימעך אױף ג. נ. פּאָספּעלאָווס אַרטיקל אונטערן קעפּל „וואָס זשע איז אַזוינס ראָמאַנטיזם" און גיט צו: „ווײַל איז מוישע מאַרגאָלינען, ווען ס'איז שוין גאַנץ קלאָר".

וואָס זשע? דאָס איז ניט שווער צו פֿאַרשטיין: אַלס אַ סטודענט פֿונעם ליטעראַרישן אינסטיטוט אױף א. מ. גאָרקיס נאָמען האָב איך געהאַט די מעגלעכקײַט אויסהערן פּראַקטיש קימאַט אַלע לעקציעס פֿון געננאַדי ניקאָלײַעוויטש פּאָספּעלאָוון, וועלכע ער האָט געלייענט אין אונדזער אינסטיטוט וועגן דער געשיכטע פֿון ליטעראַטור און איר פּראָבלעמאַטיק. זאַלמען ליבינזאָן האָט אַזאַ מעגלעכקײַט ניט געהאַט, נאָר דאָס איז שוין ניט מײַן שולד. נאָר עפּשער מיט דעם דערקלערט זיך דער פּלאָנטער, וועלכן מיר געפֿינען אין זײַן רעפּליק?

מײַן אָפּאָנענט שרײַבט וועגן „שפּעפֿערישן מעטאָד, אָדער ווי מע זאָגט אַנדערש, די קינסטלערישע ריכטונג". דאָס איז אַ בעליסאָפּעקדיקער טאָעס, ווײַל צווישן „מעטאָד" און „ריכטונג" איז אַ וועזנטלעכער כילעק. דער טערמין „ריכטונג" שטאַמט פֿון דעם, וואָס די ליטעראַטור־קריטיק איז ניט מאַסקים געווען מיטן וואָרט „מעטאָד". טאַקע דערפֿאַר, וואָס ס'איז אוממעגלעך צו געפֿינען עפּעס ענלעכס צווישן צוויי ווערק, וועלכע זײַנען פֿרעמד איינס דעם אַנדערן לויט זייער סוזשעט און אינהאַלט (ווי, לעמאָשל, צווישן פּערעצעס „צוויי בערג" און שאָלעם־אַליכעמס „שיר־השירים", צווישן הײַנעס „לאָרעליי" און קופּרינס „גראַנאַטאָווען בראַסלעט" אאַוו. וועגן דעם האָב איך שוין איינמאָל געשריבן). מײַן אָפּאָנענטס פֿאָרשלאָג „פֿאַראַלגעמיינערן דעם נוסעך פֿון אַ ריי קינסטלער" געהערט צו דער קאַטעגאָריע כאַלוימעס, וועלכע ס'איז ניט באַשערט פֿאַרווירקלעכט צו ווערן. אַגעוו, ליבינזאָן אַליין ציטירט דעם „ליטעראַרישן ענציקלאָפּעדישן ווערטערבוך", וואָס כאַראַקטעריזירט דעם ראָמאַנטיזם אַלס איינע פֿון די גרעסטע ריכטונגען אין דער אַלוועלטלעכער ליטעראַטור. קיין איין וואָרט וועגן „מעטאָד", וועלכער איז דעם אָפּאָנענט מײַנעם אַזוי צום האַרצן, איז דאָ ניטאָ.

ערשט איצט קערט זיך אום ליבינזאָן צום פֿאַרקריפּלטן וואָרט, וועגן וועלכן ער האָט אָנגעהויבן זײַן רעפּליק. לאָזט זיך אויס, אַז ס'איז דער טערמין „ראָמאַנטיק", וועלכן ער שטעלט קעגן דעם וואָרט „ראָמאַנטיזם" אַלס אַנטיפּאָד. נאָר אין גאַנג פֿון זײַן רעפּליק ציטירט ער בוכשטעבלעך אָט וואָס: „די באַגריפֿן „ראָמאַנטיזם" און „ראָמאַנטיק" זײַנען ענג פֿאַרבונדן", נאָך מער „פֿולער און קאָנסעקווענטער איז די ראָמאַנטישע באַציִונג צום לעבן פֿאַרקערפּערט אין דער ליטעראַטור פֿון ראָמאַנטיזם".

אָט וואָס עס באַקומט זיך סאָפּקאָלסאָף. ניטאָ מער די צוגעטראַכטע קעגנשטעלונג פֿון „ראָמאַנטיזם" און „ראָמאַנטיק", וועלכע זײַנען אָרגאַניש פֿאַרײניקט, ווי יעדער געפֿיל מיט זײַן וויסנשאַפֿטלעכן אויסדרוק.

אין זײַן וויקועך מיט מיר האָט ליבינזאָן פֿאַרגעסן, אַז כוץ דעם ראָמאַן וועגן טריסטאַן און איזאָלדען — און פֿאַר אים — איז דערשינען די געשיכטע פֿון טריסטאַן און איזאָלדע, וועלכע איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין 1484, און געטאָן האָט עס ניט בעדיע, נאָר אַנטאָן זאָרג, וועמענס טעקסט בעדיע האָט ערשט שפּעטער בלויז איבערדערציילט.

זאַלמען ליבינזאָן האָט זיך מיט דעם ניט באַנוגנט. ער דערקלערט, אַז „טריסטאַן און איזאָלדע" איז אַ „טיפּישער ריטער־ראָמאַן, אין וועלכן מע קאָן געפֿינען שטריכן פֿון ראָמאַנטיק (וואָס באַטײַט אַזאַ דעפֿיניציע? — מ. מ.). אָבער קיין איין ערנסטן פֿאָרשער וועט ניט קומען אױפֿן געדאַנק צוצורעכענען אים צום ראָמאַנטיזם". דעריבער פּאַסקנט זאַלמען ליבינזאָן, אַז „טריסטאַן און איזאָלדע" איז ניט קיין ראָמאַנטיש ווערק. דאָס שרײַבט דער זעלבער אוטאָר, וועלכער האָט אַנטדעקט אַ „ראָמאַנטישן שטראָם" בײַ י. ראַבינען, א. ליזענען און ד. כײַ־

קינע, וועלכע האָבן מיסטאָם אפילו ניט געטראַכט, אַז מע וועט זיי אַזוי קרוינען.

ווי זשע האַלט עס מיט „טריסטאַן און איזאָל־דע"?

דאָס ווערק הייבט זיך אָן מיט פאָלגנדיקע שורעס. „מײַנע הערן, צי ווילט איר הערן א שיינע געשיכטע אויסצוהערן וועגן ליבע און טויט? וועגן טריסטאַן און דער קיניגין איזאָט. הערט אויס, ווי אין גרויסער פרייד און אין גרויסן צער האָבן זיי זיך ליב געהאַט און איבער דעם געשטאָרבן און אין איין טאָג — ער איבער איר און זי איבער אים".

און עס פאַרענדיקט זיך דאָס ווערק אַזוי:
„די זינגער פון אַמאָל האָבן די דאָזיקע געשיכטע פאַר אַלע יעניקע דערציילט, וועלכע ליבן — ניט פאַר אַנדערע (...), זיי גריסן די יעניקע, וועלכע זײַנען באַלעסטיקט, און די, וואָס זײַנען גליקלעך (...), וועלכע זײַנען פרײלעך, און די, וואָס שווער איז זייער געמיט: אַלע די, וואָס ליבן. זיי קאָנען דאָ טרייסט געפינען קעגן דער אומבאַ־שטענדיקייט, קעגן דער אומגערעכטיקייט, קעגן דעם טרויער, קעגן דער פּײַן, קעגן אַלע ליידן פון דער ליבע".

אין די געבראַכטע אויסצוגן פון „טריסטאַן און איזאָלדע" געפינען מיר ניט כאַראַקטערישע סצענעס פון א ריטער־ראָמאַן — דאָ זעען מיר די בענקשאַפט נאָך ליבע אַלס אינטימסט געפיל פון מענטשן. קורץ גערעדט, מיר האָבן א בילד פון אויסערסט שטאַרקע ליידנשאַפטן, וואָס רופן אַרויס מיט מעכטיקן קויעך דאָס ראָמאַנטישע אין מענטשנס האַרצן.

אַזויאַרום, זײַנען די טאַטסן, וועלכע ס'האָט דערלאָזט זאַלמען ליבינזאָן אין זײַן רעפליק, א רעזולטאַט פון דער אומריכטיקער קאָנצעפּציע וועגן דער פּרינציפּיעלער פאַרשיידנקייט פון די באַגריפן „ראָמאַנטיזם" און ראָמאַנטיק".

מ ו י ש ע מ א ר ג א ָ ל י ן

---

## נײַס פון אויסלאַנד

### די צאָל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין אייניקע לענדער פון אַזיע

לויט די לעצטע אָנגאַבן, ציילט איצט די ייִדישע באַפעלקערונג פון האָנקאָנג 1000 נפשות, פון סינגאַפּור — 600, פון טאַילאַנד — 240.
40 ייִדישע מישפּאָכעס לעבן אויפן אינדזל טאַיוואַן, 15 — אויף די אינדזלען פידזשי.

### אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען אין טערקײַ

לעבן דעם טערקישן ייִשעוו סאַרדיס זײַנען לעצטנס אַנטדעקט געוואָרן רויִנעס פון אַן אוראַלטער סינאַגאָגע. לויט אייניקע השערות, האָבן די ייִדן אויפגעשטעלט אָט דעם בית־הכנסת אין 586 יאָר ביז אונדזער ערע.

### ייִדן אין דעם פּוילישן ווידערשטאַנד

דער פּוילישער פאַרלאַג פון וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור האָט אַרויסגעגעבן אויף ענגליש א היסטאָרישע פאָרש־אַרבעט „די פּוילישע ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין פּוילן און אין אויסלאַנד. 1939—1945" (וואַרשע, 1987). פריִער, אין 1976, איז די זעלבע מאָנאָ־גראַפיע דערשינען אויף פּויליש. א באַזונדערער אָפּטייל פונעם בוך איז געווידמעט דעם באַוואָפנטן ווידערשטאַנד פון די פּוילישע ייִדן: די אויפשטאַנדן אין דער וואַרשעווער (18 אַפּריל 1943) און אין דער ביאַליסטאָקער (1 מײַ 1943) געטאָס, אין טרעבלינקע (2 אויגוסט 1943) און סאָביבאָר (14 אָקטיאַבער 1943).

צווישן אַנדערע העלדן פון דעם ייִדישן ווידערשטאַנד דערציילט זיך וועגן דעם סאָ־וועטישן אָפיצער אַלעקסאַנדער פּעטשערסקי („סאַשאַ"), וועלכער איז געשטאַנען בעראָש פונעם אויפשטאַנד אין דעם טויט־לאַגער סאָביבאָר. א. פּעטשערסקיס זכרוינעס וועגן דעם אויפשטאַנד אין סאָביבאָרער טויט־לאַגער זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „סאָוועטיש היימלאַנד" (נומ. 5 פאַר 1970 און נומ. 11 פאַר 1974) און אינעם דריטן נומער פון דעם אַלמאַנאַך „יאָר נאָך יאָר". ■

כאָשעווע רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאַנד"!
טײַערע פרײַנט מײַנע און כאַוויירים!
ביז הײַנט פיל איך דעם טיפן רוישעם, וואָס עס האָט געלאָזט אף מיר דער באַזוך אף דעם אימפּאָזאַנטן אײַנציקן אין זײַן מין יאָמטעוו פון „סאָוועטיש היימלאַנד".

אין אַ געוויסער מאָס האָב איך באַ אַלע געלעגנהײַטן דערציילט אונדזערע פרײַנט, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר „סאָוועטיש היימלאַנד" און ווי עס ווערט אָפּגעשאַצט זײַן קולטור־בײַטראָג צו דער סאָוועטישער און אַלוועלטלעכער קולטור. אַזאַ אָנערקענונג פון די העכסטע אינסטאַנצן פונעם לאַנד איז זיכער ניט פאַראַן מיכוץ די סאָציאַליסטישע לענדער.

איך בעט אָננעמען די ליד, וואָס איך שיק צו. אַ ביז גאָר האַרציקן גרוס צו אײַך אַלעמען, ווי אַן אויסדרוק פון עמעסער ליבשאַפט.

אײַער עסטער רימער,
בוענאָס־אײַרעס, אַרגענטינע

## ענד־פּונקט[1]

געווידמעט די מאַמעס פון פּלאַסאַ דע מאַזשאָ

מוטער:
איך גיי שטענדיק מיט דיר
איך בענטש דײַנע טריט.
דײַן ווײַס טיכל, ווי אַ הויכע פאָן,
פלאַטערט צו יענער הייליקער מינוט,
אפן וועג צום מאָרגן,
פון די נעכטנס פון דײַן פולער ליבשאַפט —
הײַנט אַ פאַרשוועכטע.
דײַן ליבשאַפט, וואָס האָט דערקאַנט
דעם שוידער פון עלנט.
דײַנע הענט,
און נאָך הענט... הענט... הענט...
האָבן אַראָפּגעטויכט אין די אינגעווײדן,
פון די אָרנס בײַנער־פולע אָן פּענעמער.
ווו וועט אַהינקומען —
אָט דער יאַם פון פאַרשוועכטער צערטלעכקײַט?
ווער זאָגט:
דאָ איז פאַרענדיקט דער נעכטן?
ווער זאָגט:
דאָ איז פאַרענדיקט די ליבע?
ווער זאָגט:
דאָ איז פאַרענדיקט פון וויג דער געפלאַטער,
און דאָס וויגליד?
ווער זאָגט:
עפּעס מער,
עפּעס ווינציקער —
מאַכן אַ כעזשבן
און ענד־פּונקט?
איך האָב זיך הײַנט אָנגעטאָן
אין געשרייען,
אף מײַנע הענט האָבן זיך צעבליט דאָרנס,
און זיי צעשטעכן מיר די אָדערן.
דער געיאָמער פון מײַן בלוט
איז דער וויי
פון דערשטיקטע קולעס,
וואָס פאַרפלייצן אַלע רוימען
און רײַסן אוף מיט באַזיניקטן קויעך
פון הענט:
וואָס ווייסן ניט פון קניִען.
הענט ציינערדיקע,
הענט — צאָרנדיקער סייכל,
ווי אַ דורשטיקער האַמער,
וואָס לעכצט צו דער קאָוואַדלע,
וועלן זיי אַראָפּפאַלן
אף די קעפּ פון די שענדער
פון כאַלוימעס און וויגן.
און ערשט דערנאָך,
צוריקומען באַנײַטע,
צו מאַמישער צערטלעכקײַט,
צום קינדערשן שמייכל,
צום ניט פאַרענדיקטן אַרומהאַלדזן זיך,
צו דער אייביקער קינדערשער בסולע־פאַרגאַפונג.

●

[1] אַ געזעגן אף צו פאַרענדיקן מיט די פּראָצעסן איבער די אַרגענטינער כונטע־גענעראַלן.

# אין יאָרטאָג פון דער מאַסן־שחיטה אין באַבי יאַר

## די טעלעגראַפן־אַגענטור טאַסס טיילט מיט:

## א מיטינג פון דער געזעלשאַפטלעכקייט

א מיטינג פון דער סאָוועטישער געזעלשאַפטלעכקייט, געווידמעט דעם 47־טן יאָרטאָג פון די מאַסעווע צעשיסונגען פון סאָוועטישע בירגער אין קיִעוו מיצאַד די היטלעראָווצעס, איז פאָרגעקומען דעם 25־טן סענטיאַבער אפן וואָסטריאַקאָווער בעסאַלמען אין מאָסקווע.

דעם 29 סענטיאבער 1941 האָט פונעם געוועזענעם קיִעווער ראַנדגעביט, אין באַבי יאַר, זיך דערטראָגן א שיסעריי, וועלכע האָט באַטייט א נײַ בלעטל פון די שרעקלעכע פאַרברעכנס פון די נאַציסטן קעגן דער מענטשהייט. אין יענע טעג זײַנען צעשאָסן געוואָרן 33.770 ייִדן. ביכלאַל איז באַבי יאַר פאַר די 26 כאַדאָשים פון דער אָקופּאַציע פון קיִעוו געוואָרן א ברידער־קייווער פאַר קימאַט הונדערט טויזנט פרידלעכע אײַנוווינער, קריגס־געפאַנגענע, פּאַרטיזאַנער און אונטערערדלער.

דעם מיטינג האָט געעפנט דער דעפּוטאַט פונעם איבער־סאָוועט פון פססר ל. ב. שאַפּיראָ. וועגן די גרוילן פון באַבי יאַר האָט דערציילט אין זײַן ארויסטרעטונג דער קיִעווער אײַנוווינער יא. א. קאַפּער, וועלכער האָט זיך אַלפּי נעס געראַטעוועט פון דער צעשיסונג.

וועגן דעם ווייטיק און טרויער נאָך די קאָרבאָנעס פונעם ייִדישן פאָלק, די געפילן, וועלכע לאָזן ניט אָפּ אין מעשעך שוין פון קימאַט א האַלבן יאָרהונדערט, האָבן גערעדט אין זייערע ארויסטרעטונגען מ. ג. טילעוויטש — וויצע־פּרעזידענט פונעם צווישנפעלקערלעכן קאָמיטעט פון די געוועזענע אסירים פון זאַקסענהאַוזען, יו. א. שולמייסטער — א פּעדאַגאָג פונעם לוואָווער אוניווערסיטעט, יע. ד. רוזשינסקי — א שטאָלקאָכער פון דער שטאָט קריוואָיראָג.

אין זײַן ארויסטרעטונג האָט דער דעפּוטאַט פונעם איבער־סאָוועט פון פססר וו. וו. פּושקאַריאָוו אונטערגעשטראָכן, אז אינעם בלוטיקן געראַנגל מיטן פאַשיזם איז געלייזט געוואָרן ניט נאָר די פראַגע וועגן דער עקזיסטענץ פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, נאָר אויך דער גורל פון די ייִדן, וועלכע לעבן אין פססר און אין מיזרעך־אייראָפּע. לעטויוועס דעם זיג איבערן סוינע האָבן אָפּגעגעבן זייערע לעבנס 20 מיליאָן סאָוועטישע מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן. דער דאָזיקער ניצאָכן האָט געראַטעוועט די ייִדן פון א פולשטענדיקער אויסראָטונג, וואָס איז געווען פאָרויסגעזען אין די פּלענער פון דער היטלערישער קליקע.

די אָראַטאָרן האָבן גערעדט וועגן זייער כויוו פאַר די אומגעקומענע, וועגן דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פונעם איצטיקן דאָר פאַר פאַרהיטן און אַנטוויקלען די נאַציאָנאַלע קולטור און נאַציאָנאַלע טראַדיציעס פון יעדן פאָלק. אפן מיטינג איז אָפּגעמערקט געוואָרן, אז די ביז גאָר שווערע אויספּרוּוון האָבן פאַרייניקט און פאַרהאַרטעוועט די פעלקער פון אונדזער לאַנד. זיי זײַנען געווען צוזאַמען אין דער גרויסער באַפרײַונגס־מילכאָמע, צוזאַמען זײַנען זיי געווען אויך אין דער גרויסער שאַפונגס־ארבעט. די דאָזיקע ארבעט, די איבערבויונג, וועט האָבן א דערפאָלג בלויז אין דעם פאַל, אויב מיר וועלן פאַרהיטן די פעלקער־פרײַנטשאַפט, געדענקענדיק וועגן דעם, אז זי איז פאַרפעסטיקט געוואָרן מיטן בלוט, מיט דער מוטיקייט און מיט דער מי פון דוירעס מענטשן, פון אַלע נאַציעס און פעלקערשאַפטן פון אונדזער לאַנד.

## אן אָנדענק־אָוונט אין קיִעוו

דעם 25־טן סענטיאבער איז אין דער קיִעווער ביבליאָטעק פון פעלקער־פרײַנטשאַפט פאָרגעקומען א מיטינג־פאַרזאַמלונג, געווידמעט דעם אָנדענק פון די קאָרבאָנעס פון באַבי יאַר. דער שרײַבער אַלעקסאַנדער שלאַיען האָט דערציילט וועגן דער שוידערלעכער האַריגע, וועלכע איז געשען סאָף סענטיאבער 1941. אפן אָוונט זײַנען ארויסגעטראָטן די ארטיסטן פונעם ייִדישן זעלבסטעטיקן אנסאַמבל „ניגונים", ווי אויך פונעם אָקאָרשט געגרינדעטן קיִעווער ייִדישן טעאַטער „מאַזלטאָוו".

דאָוויד שולמאַן,
קיִעוו

# „גאמברינוס" אף דער בינע

דער נאָמען פונעם טאלאנטפולן דראמאטורג און רעזשיסער מארק ראָזאָווסקי איז גוט באקאנט ניט נאָר אין דער טעאטראלער וועלט. דערפאר טאקע האָבן די גאסטראָלן פון זײַן טעאטער־סטודיע „בא ניקיטסקע־טויערן" געמאכט א גרויסן רוישעם. צווישן א ריי ספעקטאקלען און קאָנצערטן איז דאָ געשטעלט געוואָרן די פרעמיערע „גאמברינוס" — א מיוזיקל לויט די מאָטיוון פון א. קופרינס דערציילונג מיט דעם זעלבן נאָמען. דער גרויסער רוסישער שרײַבער האָט מיט זײַן ווערק זיך קעגנגעשטעלט דער כוואליע פון שאָוויניזם, דער שווארצמייעדיקער סטיכיי, וואָס האָט געבושעוועט אין צארישן רוסלאנד.

דער ספעקטאקל איז אקטועל אויך אין אונדזער צײַט, ער איז א וואָגיקער בײַטראָג אין דער אינטערנאציִאָנאלער דערציִונג. דער לייטמאָטיוו פונעם מיוזיקל איז בוילעט אויסגעדריקט אין א ליד, וועלכע קלינגט ווי א ווענדונג צו אלע פעלקער: „פראוואָסלאוונע, קאטאָליקער, ייִדן און מוסולמענער — לעבט אין שאָלעם און פרײַנטשאפט!" אין דער ליד ווערט פילדײַטיק געזאָגט: „איר האָט אליין געטייט אײַער גאָט מיט אײַער סינע צו אנדערע".

מארק ראָזאָווסקי איז דער אווטאָר פון דער ליברעטאָ און פון דער מוזיק, ער האָט אויך אופגעפירט דעם ספעקטאקל. די בינע איז פארוואנדלט אין א ביר־קעלערל, וווּ עס שטייען קאָלערליי פעסער, וועלכע פארבײַטן טישן און בענקלעך. א פײַף־סיגנאל פון א שיף דערמאָנט, אז די האנדלונג קומט פאָר ניט ווײַט פון א יאם־פאָרט. אין קעלערל קומט ארײַן סאשקע מיט זײַן פידעלע. ער באגריסט די באלעבאָסטע מאדאם איוואנאָווא אפן אָדעסער מאניר, וואָס עס קלינגט ווי א מין פרײַע איבערזעצונג פון ייִדיש. זי בעט אים: „שפילט עפעס אײַערס..."

סאשקען, די הויפט־ראָל פונעם מיוזיקל, פילט גלענצנדיק אויס דער ארטיסט סערגיי ערדענקאָ — א יונגער, הויכער, שווארצכיינעוודיקער ציגײַנער מיט א קוטשמע שווארצע געקרײַזלטע האָר און גרויסע שווארצע אויגן. אין א געשפרעך נאָכן ספעקטאקל האָט ער דערציילט, אז ער האָט געלערנט מוזיק באם פעדאגאָג פון דער קאָנסערוואטאָריע אין דער שטאָט גאָרקי אלבערט גאנטמאנען. אין 1981 יאָר ענדיקט ער די מוזיק־שול, פאָרט אוועק קיין מאָסקווע, זעצט פאָר זײַן טעאטראלע בילדונג בא סעמיאָן בארקאנען — דעם הויפט־רעזשיסער פונעם טעאטער „ראָמען". ביז דעם 1987 יאָר ארבעט ערדענקאָ אין אָט דעם טעאטער און לערנט זיך. איצט איז ער אפן לעצטן קורס פון „גיטיס", אין קלאס באם פראָפעסאָר עלעאָנאָרע ביסטריצקאיא. קעדיי בעסער זיך אײַנלעבן אין דער ראָל פונעם ייִדישן מוזיקאנט סאשקע, דערציילט ערדענקאָ, האָט ער מיט זײַן פרײַנט און מיטארבעטער אלעקסיי פאפערני א סאך מאָל באזוכט פארשיידענע בארן און קאפעען אין מאָסקווע, געשפילט פאר די באזוכער ציגײַנערישע, ייִדישע, רוסישע און אוקראַיִנישע מעלאָדיעס. דאָרט האָט ערדענקאָ געלערנט די קונסט פון קעגנזײַטיקער ווירקונג אף די צוהערער, שטרעבנדיק, זיי זאָלן אים פארשטיין און יעדע באגעגעניש מיט זיי זאָל זײַן א קלייניקער יאָמטעוו. דאָס איז אים צוניץ געקומען באם אויספילן די ראָל פון סאשקען.

אזויווי דאָס איז א מיוזיקל, איז פאראן א סאך געזאנג, טענץ, וועלכע זײַנען אין איינקלאנג מיט דער אידיי, מיט זײַן אינטערנאציִאָנאלן מאָטיוו. עס הערן זיך פאָלקסלידער אף רוסיש, ייִדיש, אוקראַיִניש און אפילע אף ענגליש.

אײַנדרוקספול איז די סצענע, ווען די שיקערע מאטראָסן הייבן אוף א געשלעג אינעם ביר־קעלערל, און סאשקע מיט די איידעלע טענער פון זײַן פידעלע בארויִקט אלעמען, מאכט שאָלעם צווישן זיי. אזוי ווערט טראקטירט די הומאניסטישע ראָליע פון קונסט, וועלכע איז בארופן מענטשלעכער מאכן דעם מענטשן.

מיט קארגע שטריכן ווערט געזאָגט וועגן דער רוסיש־יאפאנישער מילכאָמע, אף וועלכער מע נעמט צו סאשקען. אין ביר־קעלערל ווערט אומעטיק, אהין גייען איצט אינוואלידן און קאליקעס. איבערצײַגנדיק זײַנען די סצענעס נאָך דער מאפּאָלע פונעם צאריזם אין דער מילכאָמע מיט יאפאן. עס קומט אָן א שווערע צײַט מיט ייִדישע פאָגראָמען, וועלכע דארפן אָפּווענדן דעם קאס פונעם פאָלק צום צאריזם, דעם עמעסן שולדיקן אין דער מאפּאָלע.

א גרויסע ייִדישע מישפּאָכע אנטלויפט פון די פּאָגראָמשטשיקעס און קומט זיך ראטעווען אין ביר־קעלערל „גאמברינוס". עס הערט זיך א שיינער ניגן אף ייִדיש „שלאָף מײַן זון, מײַן טײַער פייגעלע". אלע געקומענע אין ביר־קעלערל זינגען די ליד „לאָמיר אלע איניינעם", און עס איז זייער סימבאָליש, ווײַל די ליד גיט אָפּ קאָוועד אלעמען, ניט אָפּהענגיק פון דער נאציִאָנאליטעט. אָבער די קלאנגען פון דער ליד ווערן דערטרונקען אינעם טומל פון די פּאָגראָמשטשיקעס, וועלכע זײַנען געקומען שלאָגן די ייִדן. די אוקראַיִנער באהאלטן אויס די ייִדישע מישפּאָכע.

ס'איז מערקווירדיק, וואָס איינער פון די פּאָגראָמשטשיקעס איז א געשמאדטער ייִד. ער וויל זיך פאר די שיקערע פּאָגראָמשטשיקעס באזונדערס

אויספּײַנען אינעם איזדיעקעווען זיך איבער די ייִדן. ער פֿאָדערט, אַז סאַשקע זאָל שפּילן דעם צאַרישן הימן. סאַשקע זאָגט זיך אָפּ, און אין דעם אופגעקור־מענעם געשלעג צעברעכט ער זײַן פידעלע אַפּן קאָפּ פונעם פּאָגראָמשטשיק. ער ווערט אַרעסטירט ווי אַ פּאָליטישער פאַרברעכער, און ווען אין אַ צײַט אַרום גייט ער אַרויס פון דער טורמע, איז ער שוין אַן אינוואַליד מיט אַ צעמאַזיקטער האַנט.

עס געווינט זייער די ליד „צען ברידער זײַנען מיר געווען” אין דער פרײַער איבערזעצונג פון מ. ראַזאָווסקי. זי ענדיקט זיך אַזוי:

איינער בין איך געבליבן.
וואָס כ׳האָב פאַרקויפט,
געדענק איך ניט,
און אָט בין איך ניטאָ,
גלײַך כ׳בין קיינמאָל
ניט געווען...

עס הערן זיך פרײַהייט־מאָטיוון, וואָס דײַטן אָן אָף דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע פונעם 1905 יאָר, סטודענטן זינגען רעוואָליוציאָנערע לידער.

לעסאָף באַווײַזט זיך ווידער אינעם ביר־קעלערל סאַשקע. מיט אַ צעקאַליעטשעטער האַנט זעצט ער פאָר שפּילן אַפּן פידעלע, וואָס עס מאַכט איידעלער דעם אוילעם.

מיט הייסע אַפּלאָדיסמענטן און בלומען האָבן די צושויער פון גאָרקי געדאַנקט דעם טאַלאַנטפולן קאָלעקטיוו פאַר דעם אינטערעסאַנטן ספּעקטאַקל.

עליע ביידער,
שט. גאָרקי

---

## בראָניק

## אַן אָוונט פון יידישן הומאָר אין טשערנאָוויץ

אין קלוב פון דער אונטערנעמונג „טשערנאָוויץ־גאַז” איז דורכגעפירט געוואָרן אַן אָוונט פון יידישן הומאָר. דעם אָוונט האָט געעפנט דער היגער שרײַבער לעאָניד פינקעל. ער האָט דערקלערט די יעסוידעס פונעם יידישן הומאָר, זײַן רײַכטום, זײַן איבערגאַנג בעיערושע פון דאָר צו דאָר. אַפן אָוונט זײַנען אויך אַרויסגעטראָטן דער רעזשיסער מוישע לאַיעוו, דער פּאָעט נאָום גורוויץ און דער אויטאָר פון די דאָזיקע שורעס. ס׳האָבן אין אַנהייב געקלונגען לידער און הומאָרעסקעס פון די יידישע שרײַבער עליעזער שטיינבאַרג, יויסעף ראַבין, אָרן ווערגעליס, הירש בלאָשטיין.

אַ פּאַרדיינסט פון די אָרגאַניזאַטאָרן איז דאָס, וואָס זיי האָבן צוגעצויגן צום אָנטיילנעמען אינעם אָוונט יונגע אויספּילער. בעלע דאָמבראָווינסקע, אַן אָנטיילנעמערן פון אַ סטודענטישן טעאַטער, האָט געליענט שיקע דריזס הומאָריסטישע לידער, דער פאַרוואַלטער פונעם קלוב אַנאַטאָלי מאַנזיוק — איבערזעצונגען אָף אוקראַיניש פון הערשעלע אָסטראָפּאָליערס וויצן. באַ אַן אייגענעם גיטאַרע־אַקאָמפּאַנעמענט האָט דער „באַרד” פון לענינגראַד עמיל קראָפּניק אויסגעפילט לידער פון דער סעריע „טשערנאָוויצער הייפּעלעך”, וועלכע ער אַליין האָט פאַרפאַסט.

אַ שטאַרקן אײַנדרוק אָף די צושויער האָט געמאַכט די אַרויסטרעטונג פון דער שילערין פונעם פינפטן קלאַס, דער עלפיאַריקער זשאַנע ראָזנבערג. זי האָט דעקלאַמירט אין יידיש און אין רוסיש עליעזער שטיינבאַרגס מעשאָלים.

כ. ראָזענטאַל

## צו די קולטור־קאָנטאַקטן

### סערגיי באַרוזדין

# קאָרניי טשוקאָווסקיס יונגער געזאַנדטער אין ייִשׂראל

אַלע זײַנען מיר דורכגעגאַנגען „טשוקאָווסקיס שול". און ניט איין מאָל. אין דער קינדהײַט, ווען מיר האָבן קוים זיך אויסגעלערנט לייענען. אין דער פֿאַרהעלטניסמעסיק יונגן עלטער, ווען מיר האָבן געלייענט טשוקאָווסקין פֿאַר אונדזערע קינדער. ענדלעך, אין רײַפֿן עלטער, לייענענדיק טשוקאָווסקין פֿאַר די אייניקלעך אונדזערע...

מיר האָט אָפּגעגליקט — איך האָב גוט געקענט קאָרניי טשוקאָווסקין.

נאָך דער מילכאָמע איז ער געווען איינער פֿון יענע, וועמען עס האָט מיך אונטערגעהאַלטן אַלס קינדער־שרײַבער.

ער האָט געשריבן וועגן מיר. אַפֿילע ציטירט אין זײַן באַרימטן בוך „פֿון צוויי ביז פֿינף".

מיר האָבן געוווינט בישכיינעס אינעם שרײַבער־שטעטל פּערעדעלקינאָ: טשוקאָווסקי אויף דער סעראַפֿימאָוויטש־גאַס. איך — אויף דער דערבײַיִקער טרעניאָור־גאַס.

איך בין געווען אַן אײדעס ווי טשוקאָווסקי האָט געשאַפֿן לעם זײַן דאַטשע די אוניקאַלע ביבליאָטעק פֿאַר די קינדער פֿון פּערעדעלקינאָ. אויף זײַנע אייגענע הויצאָעס. און איך געדענק, וויפֿל ס'איז אים אויסגעקומען בײַצוקומען אין יענער צײַט פֿאַרשיידענערליי ביוראָקראַטישע שטרויכלונגען, קעדיי אין ראַיאָנעם מאַסשטאַב פֿאַרעגיסטרירן עפּעס אַן אָפֿיציעלן סטאַטוס פֿון דער דאָזיקער ביבליאָטעק, זיך דערשלאָגן צוויי שטאַטנע שטעלעס פֿאַר אירע מיטאַרבעטער אַאַוו.

לעבן אָט דער ביבליאָטעק האָט טשוקאָווסקי אַלע יאָר דורכגעפֿירט אַ יאָמטעוו פֿונעם קינדער־בוך — שײַטערס. יעדער אָנטיילנעמער פֿונעם יאָמטעוו פֿלעג ברענגען אַ יאָדלע־שישקע אָדער אַ סאָסנע־צווײַגל — ווער וואָס עס האָט געקאָנט — און אַזויאַרום ווערן אַ פֿולבאַרעכטיקטער אָנטיילנעמער פֿון דער פֿײַערונג.

אַרום דעם שײַטער האָבן געטאַנצט אַליין טשוקאָווסקי, און פֿאַדייעוו, און מיכאַלקאָוו, און באַרטאָ, און קאַווערין, און פּאַוסטאָווסקי, און קאַסיל, און פּערמיאַק, און שאַגיניאַן, און פּרילעזשאַיעוואַ, און פֿעדין, און קאַטאַיעוו, און אַ סאַך אַנדערע שרײַבער, נאָר קוידעמקאָל, פֿאַרשטייט זיך, די קינדער.

אַלץ איז געווען פּאָשעט, נאַטירלעך, שיין, און דאָס איז פֿאַרבליבן אין זיקאָרן אויפֿן גאַנצן לעבן.

קאָרניי איוואַנאָוויטשעס ביבליאָטעק לעבט ביז הײַנט־צו־טאָג.

עמעס, די מענטשן, וואָס קומען צו פֿאָרן קיין פּערעדעלקינאָ פֿונעם גאַנצן לאַנד, גייען ניט בלויז אין זײַן הויז און אין זײַן ביבליאָטעק, נאָר אויך אויף זײַן קייווער.

נאָר דאָס אַלץ איז, אַזוי צו זאָגן, די האַקדאָמע, און איך וויל אָבער דערציילן וועגן עפּעס אַנדערס — וועגן דער אומדערוואַרטער פּאָפּולערקײַט פֿון קאָרניי טשוקאָווסקיס שאַפֿונג אין ייִשׂראל.

צי אַדאַנק די איבערוואַנדערער פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, צי איבער עפּעס אַנדערע סיבעס איז טשוקאָווסקי זייער פּאָפּולער אין אָט דעם לאַנד.

די ביכער זײַנע זײַנען שוין פֿון זייער לאַנג איבערגעזעצט אויף איוורית און צעגייען זיך אין גאַנץ גרויסע טיראַזשן אין דעם ניט זייער גרויסן לאַנד.

איך האָב וועגן דעם געוווּסט נאָך אײדער איך האָב באַזוכט ייִשׂראל.

און אָט בין איך אַהין געקומען צו פֿאָרן.

איינער פֿון אונדזערע מאַרשרוטן איז טעל־אָוויוו — כײַפֿע.

דער וועג איז ניט קיין נאָענטער. ס'איז הייס אין כוידעש מײַ, אָבער אינעם מיקראָ־אווטאָבוס „מערסעדעס־בענץ" איז גוט — עס אַרבעט אַ קאָנדיציאָנער.

דאָס, וואָס מיר זעען אַרום זיך, קאָן ניט אַרויסרופֿן קיין באַגײַסטערונג: זאַמדן, אַ מידבער, זעלטענע אָאַזיסן, ייִשוּווים און שטעטלעך מיט רעקלאַמעס אין מײַרעווידיקן סטיל, גאַנץ אָפֿטע מיליטערישע גאַרניזאָנען, קאַלאָנעס מיליטער־טעכניק אויפֿן וועג.

פּלוצעם האָט דער שאָפער איינגעשלאָסן די ראַדיאָ. ס'האָט זיך אַ גאָס געטאָן יידישע מוזיק — זייער אַן אָנגענעמע און מעלאָדישע, מיט עפּעס ענלעך אויף אונדזער רוסישער.

דערנאָך האָט אַ יונג מיידלש קאָל גענומען לייענען לידער.

ניט ווילנדיק, נאָטירלעך, איווריט, בין איך אָבער פאַרכאַפּט געוואָרן פון זייער מוזיקאַלישקייט און פון דעם, וואָס זיי האָבן געקלונגען פאַר מיר מיט עפּעס באַקאַנטס — אייגעם ריטם, גראַם, אינ־טאָנאַציע.

און אומגעריכט האָט די זעלבע יונגע מיידלשע שטים אָנגעהויבן צו לייענען אויף רוסיש:

*Муха, Муха, Цокотуха,*
*Позолоченное брюхо!*

*Муха по полю пошла,*
*Муха денежку нашла.*

*Пошла Муха на базар*
*И купила самовар:*

*«Приходите, тараканы,*
*Я вас чаем угощу!»*

טשוקאָווסקי?

נו, געוויינלעך, ער.

זיין באַרימטע „מוכאַ־צאָקאָטוכאַ".

„מוכאַ" האָט זיך פאַרענדיקט... און ווידעראַמאָל לייענט דאָס זעלבע קאָל אויף איווריט. און דאָ האָב איך שוין אוואדע פאַרשטאַנען, אַז אויך דאָס איז טשוקאָווסקי.

איך האָב פאַרשטאַנען אינטויטיוו. לויט דער מעלאָדיע. לויט דער ריטמיק. לויט דער אינטאָ־נאַציע. לויטן גראַם.

און — ווידעראַמאָל אויף רוסיש, און נאָך וואָס פאַר אַ רוסיש: אַ ריינע רוסישע שפּראַך אָן קיין שום אַקצענט:

*Одеяло*
*Убежало,*
*Улетела простыня,*
*И подушка,*
*Как лягушка,*
*Ускакала от меня.*

*Я за свечку,*
*Свечка — в печку!*
*Я за книжку,*
*Та — бежать*
*И вприпрыжку*
*Под кровать!*

אוואדע „מאָידאָדיר"!

דער שאָפער האָט רוסיש ניט געקענט. די באַגלייטער אונדזערע האָבן אויף רוסיש גערעדט. האָב איך זיי געפרעגט. יאראָן בעקער האָט געענטפערט:

— באַ אונדז זיינען פאַראַן אַ סאַך איבערזעצונגען פון רוסיש, ווי אויך אַ סאַך מענטשן, וועלכע לייענען אויף רוסיש, נאָר ווער עס איז אָט דאָס מיידעלע, ווייס איך ניט.

מיר זיינען געקומען קיין כיפה.

דאָרט האָבן מיר געהאַט אַ סאַך באַגעגענישן סיי מיט פּריוואַט, סיי מיט אומפּריוואַט. אומפּריוואַט זיינען געווען ווייניקער.

איינע אַזאַ באַגעגעניש האָט זיך פאַרגעדענקט.

ס'האָט זי אָרגאַניזירט די פריינטשאַפט־באַוועגונג „יסראַעל—פּססר".

מענטשן זיינען געווען ווייניקלעך, אַ פערציק צי פופציק מאַן.

דער געשפּרעך איז געגאַנגען וועגן דעם איקער — וועגן שאָלעם־פּראָבלעמען. וועגן דער לייזונג פונעם נאָענטמיזרעכדיקן קאָנפליקט. וועגן דער לאַגע פון די אַראַבער אין יסראַעל. און, געוויינלעך, וועגן די פריידיקע ענדערונגען באַ אונדז אין לאַנד. וועגן דער איבערבויונג. וועגן עפנטלעכקייט. וועגן דער דעמאָקראַטיזאַציע פון אונדזער געזעלשאַפט.

מיר האָבן גערעדט וועגן אַלץ, גאָרנישט ניט פאַרשוויגן, דערונטער וועגן די שוועריקייטן פון דער איבערבויונג.

מיין אויפמערקזאַמקייט האָט באַזונדערס צוגעצויגן איינער אַ מענטש: פּאַרהעלטניסמעסיק אַ יונגער, אויסערלעך אַן אימפּאָזאַנטער, אָבער, ווי עס רעדט זיך, אַן איינגעגעסענער. אין זיינע אומענד־

לעבע רעפּליקעס האָט ער געשטעלט די סאַמע קאָמפּליצירטע פראַגעס, און דאָס האָט געזאָגט אײדעס, אַז ער איז אױסגעצײכנט באַהאַוונט אין אונדזערע איניאַנים און פּראָבלעמען.

װען די באַגעגעניש האָט זיך פאַרענדיקט, בין איך צוגעגאַנגען צו אים.

מיר האָבן זיך באַקענט.

— שאַלאָם יאַקיר, — האָט ער זיך פאָרגעשטעלט.

— א קאָרעװ פון אונדזער באַרימטן קאָמאַנדאַרם יאַקיר? — האָב איך געפרעגט.

— ניין, בלױז דער זעלבער פאַמיליע־נאָמען, — האָט ער געענטפערט.

— איר זײַט געקומען אַהער פונעם סאָװעטנפאַרבאַנד?

— יאָ.

אָט אַזאַ איז געװען אונדזער קורצער געשפּרעך.

איך װײס ניט פאַרװאָס, נאָר אָט דער מענטש האָט זיך עפּעס באַזונדערס פאַרהיט אין מײַן זיכּאָרן. דאָס איז געװען מיט צװײ יאָר צוריק. און אָט באַקום איך די טעג א בריװ פון כײַפע. זאָל מיר דער לײענער מוחל זײַן, אָבער איך ברענג דעם דאָזיקן בריװ אינגאַנצן, װײַל ער איז אינטערעסאַנט אין אַלע הינזיכטן.

אָט איז דער בריװ:

„כײַפע.

א גוטמאָרגן, כאָשעװער סערגײ אַלעקסײעװיטש!

דאָס שרײַבט אײַך שאַלאָם יאַקיר. אין 1972 בין איך געקומען צו פאָרן קײן יִשׂראָל פונעם סאָװעטנפאַרבאַנד צוזאַמען מיט די עלטערן. דער פאָטער מײַנער, יאַנקל יאַקיר, א ייִדישער שרײַבער, א מיטגליד פון דעם שרײַבער־פאַרבאַנד, איז געװען רעפּרעסירט אין 1949, באַפרײַט און רעאַביליטירט אין 1955 און אופגעשטעלט אין מיטגלידערשאַפט פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד. ער איז געשטאָרבן אין יִשׂראָל אין 1980. מײַן שװעסטער סװעטלאַנע יאַקיר, האָט געשריבן אױף רוסיש, אַרױסגעלאָזט עטלעכע ביכער, געשטאָרבן פון קאַנצער אין 1971 אין עלטער פון 35 יאָר, געבראַכט צו קװורע אין קעשענעװ.

אין יִשׂראָל האָב איך כאַסענע געהאַט, און דאָ זײַנען געבױרן געװאָרן מײַנע צװײ טעכטערלעך. די עלטערע — אַדאַס, איז אַלט 13 יאָר, די ייִנגערע — אײנאַט — 11 יאָר.

די ייִנגערע, אײנאַט, האָט אָנגעהױבן שרײַבן לידער אױף איװריט צו 7 יאָר, און זײ פּובליקירט אין דער צענטראַלער פּרעסע (אין קינדערשע זשורנאַלן און צײַטונגען). װען זי איז אַלט געװען 8 יאָר, האָט מען אַרױסגעגעבן איר ערשט ביכל לידער, און פאַראַיאָרן — די צװײטע לידער־זאַמלונג.

מײַן װײַב און איך באַמיִען זיך טאָן אַלץ, אַז אונדזערע קינדער זאָלן װיסן די רוסישע שפּראַך. מיר לײענען זײ און דערצײלן װעגן דער גרױסער רוסישער ליטעראַטור און, פאַרשטײט זיך, װעגן דער קינדער־ליטעראַטור. און אָנגעהױבן האָבן מיר פון קאָרניי טשוקאָװסקין. איך מײן, אַז ק. טשוקאָװסקי — דאָס איז א גרענעצלאָזע אימפּעריע, און אַז ער געהערט דער גאַנצער װעלט, װי איר געהערן שעקספּיר, באַלזאַק, דאָסטאָיעװסקי, פּושקין און א סך, א סך אַנדערע. אָן אױסערגעװײנלעכע מוזיקאַלישקײַט, לײַכטקײַט, שײנקײַט, הומאָר, א געפיל פון מאָס — מיט דעם אַלעמען איז אָן א שיר געבענטשט ק. טשוקאָװסקי. און איך װאָלט זיך לאַכלוטן ניט געװוּנדערט, אױב איך װאָלט זיך דערװוּסט, אַז אין פּסטר זײַנען פאַראַן טשוקאָװסקי־קאָנקורסן, טשוקאָװסקי־קאָנגרעסן, א טשוקאָװסקי־יאָר (װי עס איז אָנגענומען בענעגײע אַנדערע מײַסטערס). אין יִשׂראָל האָט מען טשוקאָװסקין איבערגעזעצט פון לאַנג, און מע זעצט אים איבער ביז הײַנט־צו־טאָג. ער איז באַװוּסט, און פונדעסטװעגן פאַרדינט ער, לױט מײַן מײנונג, מער אופמערקזאַמקײַט.

אַזױ איז געבױרן געװאָרן די אידײ: זאָל מײַן טעכטערל פּרוּװן איבערזעצן „מאָידאָדיר” און „מוכאַ־צאָקאָטוכאַ” אױף איװריט, קאָנצענטרירנדיק זיך אױף דער אױסערגעװײנלעכער מוזיק און אױף יענער שטוינענדיקער לײַכטקײַט, מיט װעלכער עס זײַנען באַהויכט טשוקאָװסקיס קינדערשע פאָער־מעס־מײַסעלעך. אײנאַט האָט געאַרבעט מיט גרױס פאַרגעניגן. איך האָב איר דערקלערט די ניואַנסן פונעם רוסישן טעקסט, און אין מעשעך פון פיר כאָדאָשים האָט אײנאַט פאַרענדיקט אָט די צװײ איבערזעצונגען. די עלטערע טאָכטער — אַדאַס, װעלכע האָט אילוסטרירט אײנאַטס פריִערדיקע צװײ ביכלעך, האָט איצטער אָנגעהױבן אַרבעטן איבער אילוסטראַציעס צו די דאָזיקע צװײ איבערזעצונגען.

װי א פאָטער, פעלט מיר אױס אָביעקטיװקײַט. יאָ, מיר װײַזט זיך װירקלעך אױס, אַז די דאָזיקע איבערזעצונגען פון טשוקאָװסקין אױף איװריט פאַרדינען אופמערקזאַמקײַט. ביפּראַט, אַז דאָס האָט געמאַכט א מײדעלע פון צען יאָר.

איך און מײַן פרױ אַלעקסאַנדרע (זי שטאַמט אױך פון פּסטר) האָבן באַשלאָסן צושיקן אײַך אָט די צװײ איבערזעצונגען אױף איװריט, װי אױך א מאַגנעטאָפאָן־פאַרנאָטירונג, װוּ אײנאַט לײענט די דאָזיקע צװײ פּאָעמעס אױף רוסיש און אױף איװריט. זײַט איר מוחל פאַר איר לײענען אױף רוסיש. רוסיש

פאַרשטייט זי גאַנץ גוט, נאָר זי רעדט מיט אַן אַקצענט. וואָס איז שייַך איוו־ריט, איז קלאָר — דאָס איז איר מוטער־שפּראַך, און איר וועט קאָנען דערהערן, ניט פאַרשטייענדיק איוורית, קאָרניי טשוקאָווסקיס ריטם און מוזיק. אַלץ איז פּאַרהיט (זאָרגעוודיק) אין אָט די איבערזעצונגען, אויסער עפּשער די נעמען פון מענטשן און גאַסן (סאַדאָוואיאַ, סענאַיאַ, טאַווריטשעסקי סאַד, טאָטאָשאַ, קאָקאָשאַ), וועלכע זאָגן גאָרניט דעם ייִשׂראלדיקן קינד. די דאָזיקע נעמען האָט איינאַט פאַרביטן אויף איוורית־ישע נעמען.

פאַרוואָס זשע האָבן מיר פּלוצעם געוואָגט צו שיקן אייַך אָט דעם גאַנצן מאַטעריאַל? קוידעמקאָל לעשעם דער טיפער אכטונג צו קאָרניי טשוקאָווסקין, אויף וועמענס דיכטונג אויך מיר, איינאַטס עלטערן, זייַנען אויסגעוואַקסן. צווייטנס: יעדער ליטעראַטור, וועלכע שעצט זיך, קאָן ניט זייַן גלייַכגילטיק צו דעם, וויאַזוי מע באַציט זיך צו איר אין דער וועלט. דריטנס: מיטן דיסקאַנט פון יענע עמבריאָנען פון קולטור־פאַרבינדונגען, וועלכע האָבן זיך באַוויזן אין דער לעצטער צייַט צווישן ביידע לענדער (מיר האָבן לעצטנס באַגעגנט מיט גרויס וואַרעמקייט אייַך, סערגיי אַלעקסייעוויטש, בולאַט אָקודזשאַווא, אַלאַ פּוגאַטשאָווא און אנד.) זייַנען ק. טשוקאָווסקיס פּאָעמעס, וואָס זיי האָט איבערגעזעצט א מיידעלע פון 10 יאָר, אויך א צושטייער אין דער פאַרבעסערונג פון די באַציִונגען צווישן די לענדער.

מעגלעך, אַז אָט דער בריוו איז געווענדט ניט לויטן ריכטיקן אַדרעס. מעגלעך. אין דעם פאַל וואָלטן מיר געווען זייער דאַנקבאַר אייַך, סערגיי אַלעקסייעוויטש, אויב איר וואָלט מיטגעהאָלפן איבערצוגעבן אָט דעם גאַנצן מאַטעריאַל אין די נייטיקע הענט. מיר זייַנען אויך טיף איבערצייַגט, אַז אין דער שייַן פון די איבערגעשטאַלטיקונגען, וועלכע קומען פאָר אין סאָוועטנפאַרבאַנד, איז ניט ווייַט דער טאָג, ווען איינאַט וועט קאָנען אַרויסטרעטן אין מאָסקווע (און אַדאַס — באַווייַזן אירע איליוסטראַציעס) פאַר די סאָוועטישע קינדער און פאַר א באַליבקן סאָלידן קאָנגרעס, געווידמעט קאָרניי טשוקאָווסקין, און איבערלייענען אויף דער אוראַלטסטער שפּראַך, אויף איוורית, די ווערק פונעם מערקווירדיקן שרייַבער, דעם גרויסן מענטשן — טשוקאָווסקין.

Перевод с русского на ивcит
Эйнат Якир - 10 лет
Корней
Чуковский

**Мойдодыр**

Одеяло
Убежало,
Улетела простыня,
И подушка,
Как лягушка,
Ускакала от меня.

Я за свечку,
Свечка — в печку!
Я за книжку,
Та — бежать
И вприпрыжку
Под кровать!

Я хочу напиться чаю,
К самовару подбегаю,
Но пузатый от меня
Убежал, как от огня.

Что такое?
Что случилось?
Отчего же
Всё кругом
Завертелось,
Закружилось
И помчалось колесом?

Перевод с русского на ивcит
Эйнат Якир
11 лет
Корней
Чуковский

**Муха-Цокотуха**

Муха, Муха, Цокотуха,
Позолоченное брюхо!

Муха по полю пошла,
Муха денежку нашла.

Пошла Муха на базар
И купила самовар:

„Приходите, тараканы,
Я вас чаем угощу!“

Тараканы прибегали,
Все стаканы выпивали,

А букашки —
По три чашки
С молоком
И крендельком:
Нынче Муха-Цокотуха
Именинница!

Приходили к Мухе блошки,
Приносили ей сапожки,
А сапожки не простые —
В них застёжки золотые.

מיט גרויס קאָוועד צו אײַך, סערגיי אַלעקסייעוויטש, און אין אײַער פּערזאָן צו דער גרויסער רוסישער ליטעראַטור.

שאָלאָם יאַקיר.

דעם דאָזיקן בריוו שיקן מיר, אייִנאַטס עלטערן, אָן קיין שום פֿאַרבינדונג מיט רעגירונגס- אָדער שרײַבער-אָרגאַניזאַציעס אין יִשׂראל. מיר שיקן אים ווי פּריוואַטע פּערזאָנען, און מיר וואָלטן געוואָלט האָפֿן, אַז מיר פֿאַרדינען אַן ענטפֿער און אַז אייִנאַטס איבערזעצונגען וועלן געפֿינען אַן אָפּרוף אין דער סאָוועטישער ליטעראַרישער פּרעסע, ווײַל אויף וויפֿל מיר ווייסן, זײַנען אויך אין פּסר פֿאַראַן ניט ווייניק ספּעציאַליסטן פֿון איוורית. ווי און וויאַזוי אויסניצן די דאָזיקע איבערזעצונגען, סערגיי אַלעקסייעוויטש, וועט איר אַליין באַשליסן".

לאָמיר ניט שטרענג מישפּטן שאָלאָם יאַקירן: צי גערעכט איז ער געווען צי ניט גערעכט אינעם אויסקלײַב, ווען ער האָט געלייזט זײַנע לעבנס-אויפֿגאַבן. נאָר דאָס, וואָס ער דערציט זײַנע קינדער אויף די טראַדיציעס פֿון דער רוסישער קולטור און ליטעראַטור, איז, לויט מײַן מיינונג, פּרעכטיק. און דאָס, וואָס אייִנאַט יאַקיר האָט צו צען יאָר איבערגעזעצט ק. טשוקאָווסקיס „מאָידאָדיר" און צו עלף יאָר זײַן „מוכאַ-צאָקאָטוכאַ", — איז אַ פֿאַקט אַ מערקווירדיקער.

איך וועל גאָרנישט ניט זאָגן וועגן אייִנאַטס אָריגינעלע ביכלעך, נאָר איך מיין, אַז אויב אַ מענטש זעצט איבער טשוקאָווסקין אויף דער שפּראַך זײַנער און זעצט איבער גוט, איז ער אַ מענטש אַ טאַלאַנטפֿולער. לאָמיר ניט ריידן וועגן אייִנאַט ווי וועגן אַ וווּנדערקינד, — דאָס איז עפּעס אַנדערס, נאָר אַ טאַלאַנט פֿאַרמאָגט זי.

און נאָך אייניקע געדאַנקען.

ווי וואָלט זיך דערפֿרייט קאָרניי איוואַנאָוויטש טשוקאָווסקי, ווען ער וואָלט זיך דערוווּסט וועגן זײַן איבערזעצער פֿון כּיפֿע.

ער איז דאָך, ווי יעדער עכטער קינדער-שרײַבער, געווען אַ גרויס קינד און האָט זיך געקענט פֿרייען און קימערן אויף אַ קינדערשן אויפֿן.

די דאָזיקע אינפֿאָרמאַציע ווערט פֿאַרעפֿנטלעכט אין „סאָוועטיש היימלאַנד" — אינעם פּרעכטיקן זשורנאַל פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, וועלכער גייט אַרויס אויף ייִדיש.

די שטרײַטן צווישן די ליבהאָבער פֿון ייִדיש און די ליבהאָבער פֿון איוורית האָבן ניט, לויט מײַן מײַנונג, קיין גרונט. איך מיין, אַז ביידע ייִדישע שפּראַכן האָבן רעכט אויף עקזיסטענץ און דאַרפֿן זיך אַנטוויקלען אין פֿאַרמעסטונג און אין ליבשאַפֿט.

און — אויב מיר האָבן שוין דערמאָנט „סאָוועטיש היימלאַנד", — פֿאַרוואָס, לעמאָשל, אים אין די באַדינגונגען פֿון דער איבערבויונג ניט אַרויסלאָזן אויך אויף איוורית?

פֿאַרענדיקן וויל איך מיט אָט וואָס.

איך האָב אויסגעפֿילט שאָלאָם יאַקירס פֿאַרלאַנג.

וועגן אייִנאַטס שאַפֿונג וועלן זיך דערוויסן די לייענער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד".

און דערנאָך — אויך די לייענער פֿונעם רוסישן זשורנאַל „דרוזשבאַ נאַראָדאָוו".



אייִנאַט יאַקיר

---




**קאָנסטאַנטין מאַטוויִיעוו,**
דאָקטאָר פון פילאָסאָפישע וויסנשאַפטן;

**אַנאַטאָלי סאַזאָנאָוו,**
קאַנדידאַט פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן


# געשיכטעס. מיפן. לעגענדעס

## 9. דער „פאָטער פון דער געשיכטע״ העראָדאָט וועגן באָוול און די באָוולער

דאָס, וואָס מיר וויסן וועגן באָוול און די באָוולער, באַזירט זיך אויף צוויי גרונט־קוואַלן — אויף די קײַלשריפטלעכע לײַמענע שילדלעך און אויף די מיטיילונגען פון די אַלטגריכישע געלערנטע, און אין דער ערשטער ריי פון די באַשרײַבונגען פונעם „פאָטער פון דער געשיכטע״ העראָדאָטן.

אויב די ערשטע אָנגאָבן זײַנען גוט באַוווּסט, זײַנען די לייענער מיט די מיטיילונגען פון הערא־דאָטן — דעם מענטשן, וואָס האָט באַזוכט באָוול, — באַקאַנט ווייניקער. העראָדאָטס יעדיעס זײַנען אויסערסט וויכטיקע, אָביעקטיווע, אָנפּניעסדיקע און פּינקטלעכע. אָט פאַרוואָס מיר לייגן פאַר די לייענער זיך באַקאַנען מיט די אויסצוגן פון העראָדאָטס בוך, ווו מיר האָבן אויסגעמיטן בלויז אומבאַ־דײַטנדיקע טיילן, וועלכע האָבן ניט קיין שײַכעס קאָנקרעט צו באָוול און צו די באָוולער.

העראָדאָט האָט געשריבן: „באָוול האָט זיך געפונען אויף אַ ראַכוועסדיקן פליין. געבויט איז ער אין דער פאָרם פון אַ פירעק, יעדע פון זײַן זײַט איז געגליכן צו 120 סטאַדיעס (איין סטאַדיע באַ־טרעפט 150 — 190 מעטער). באָוול איז געווען ניט בלויז זייער אַ גרויסע שטאָט, נאָר אויך די שענסטע פון אַלע שטעט, וועלכע איך ווייס. קודעמקאָל איז די שטאָט אַרומגערינגלט מיט אַ טיפן, ברייטן און פולוואַסערדיקן ריוו, נאָכדעם גייט אַ וואַנט מיט אַ ברייט פון 50 צאַרישע עלנבויגנס (איין עלנבויגן באַטרעפט 0,5 מעטער) און מיט אַ הייך פון 200 עלנבויגנס. דער צאַרישער עלנבויגן איז אויף דרײַ פינגער מער פונעם געוויינלעכן.

דאָ דאַרף איך דערציילן, וווּהין מע האָט אַהינגעטאָן די ערד, וועלכע מע האָט אַרויסגענומען פונעם ריוו, און וויאַזוי ס׳איז אויפגעשטעלט געוואָרן די וואַנט. ווי נאָר מע האָט אויסגעגראָבן דעם ריוו, האָט מען די ערד אויסגעניצט פאַר אויסאַרבעטן ציגל. מע האָט צוגעגרייט אַ גענוגנדיקע צאָל פײַכטע ציגל, וועלכע מע האָט אָפּגעברענט אין אויוונס. קעדיי זיי פאַרפעסטיקן, האָבן די בויער געניצט הייסן אַספאַלט און דורך יעדע דרײַסיק רייען ציגל פאַרלייגט אָטשערעט־מאַטראַצן. צוערשט האָט מען אויף אַזאַ אופן פאַרפעסטיקט די ראַנדן פונעם ריוו, און נאָכדעם די עצעם וואַנט. פון אויבן פון דער וואַנט האָט מען בײַ די ראַנדן אויפגעשטעלט דעקנס — איינגאָרנדיקע טורעמס, וועלכע שטייען איינער קעגן אַנדערן. צווישן די טורעמס איז געבליבן אַ רוים, וואָס איז גענוג, קעדיי עס זאָלן דורכ־פאָרן פיר פערד אין געשפאַן. אויף דער וואַנט זײַנען געווען 100 טויערן פון קופער. ס׳איז פאַראַן אויך אַן אַנדער שטאָט אין אַכט טעג פאָרן פון באָוול מיטן נאָמען איס. דאָרט פליסט ניט קיין גרויסער טײַך אויך מיטן נאָמען איס. ער פאַלט אַרײַן אינעם טײַך יעופראַט. דער דאָזיקער טײַך איס טראָגט אַרויס מיט זײַן שטרעמונג שטיקלעך אַספאַלט. פונדאַנען טאַקע איז ער געבראַכט געוואָרן, קעדיי בויען די באָוול־וואַנט.

---

פאָרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד״, 1988, נומ. 9, 10.

אַף אַזאַ אויפן זײַנען אויפגעשטעלט געוואָרן די ווענט פון באַבל. די שטאָט באַשטייט פון צוויי טײלן. דורך איר פליסט דורך דער טײַך מיטן נאָמען יעופראַט, וועלכער נעמט דעם אָנהייב אין אַרמעניע. דער דאָזיקער גרויסער, טיפער און שנעלער טײַך פאַלט אַרײַן אין רויטן יאַם. בײַ ביידע זײַטן פונעם טײַך שטייט אַ וואַנט, וועלכע דערגייט, אויסבייגנדיק זיך, ביז דעם סאַמע טײַך, און פון דאָרט גייט בײַ ביידע זײַטן פון די ברעגן אַ וואַנט פון אָפּגעברענטע ציגל. אַליין די שטאָט באַשטייט דורכויס פון דרײַ־ און פירשטאָקיקע הײַזער און איז איבערגעקרייצט מיט גלײַכע גאַסן, וועלכע גייען אַ טייל לענגאויס דעם טײַך און אַ טייל פּאַפּערעק. אַף יעדער קווער־גאַס איז אין דער וואַנט פאַזע דעם טײַך געווען פונקט אַזויפיל קליינינקע טויערן, וויפל גאַסן. די דאָזיקע טויערן זײַנען אויך געווען פון קופּער און געפירט צום סאַמע טײַך. די אויסערלעכע וואַנט איז ווי אַ פּאַנצער פון דער שטאָט. די צווייטע וואַנט גייט אינעווייניק פון דער ערשטער, עמעס, ניט אַף קיין סאַך נידעריקער, אָבער שמעלער פון איר. אין דער מיט פון יעדן טייל פון דער שטאָט איז אויפגעשטעלט אַ ביניען. אין איין טייל — אַ צאַרישער פּאַלאַץ, אַרומגערינגלט מיט אַ קאָלאָסאַלער און פעסטער וואַנט, אין דעם צווייטן טייל — זעווס הייכל בעלאַ מיט קופּערנע טויערן, וועלכע האָבן זיך פאַרהיט ביז אונדזערע טעג. דער הייליקער טעמפּל־באַצירק איז אַ פירעקיקער, יעדע זײַט זײַנע האָט אַ לענג פון צוויי סטאַדיעס. אין דער מיט פון אָט דעם הייליקן טעמפּל־באַצירק איז אויפגעשטעלט אַ ריזיקער טורעם מיט אַ לענג און ברייט פון איין סטאַדיע. אַף אָט דעם טורעם שטייט אַ צווייטער, און אַף אים — נאָך אַ טורעם, אין אַלגעמיין אַכט טורעמס — איינער אַפן אַנדערן. די אויסערלעכע טרעפּ פירן אַרויף אַרום אָט די אַלע טורעמס. אין דער מיט פון די טרעפּ געפינען זיך בענק, ווי־זט אויס, צוליב אָפּרו. אַפן לעצטן טורעם איז אויפגעשטעלט אַ גרויסער טעמפּל. אין אָט דעם טעמפּל שטייט אַ גרויסע פּראַכטפולע פאַרפּוצטע בעט און לעבן איר אַ גאָלדענער טיש. קיין שום בילד פון אַן אָפּגאָט איז דאָרט אָבער ניטאָ. קיין איין מענטש פאַרבראַכט דאָ ניט די נאַכט, כוץ איין פרוי, וועלכע גאָט קלײַבט אויס פאַר זיך, לויט די ווערטער פון די כאַלדייער, די פּריסטער פון אָט דעם גאָט, איז זי פון די היגע פרויען.

די דאָזיקע פּריסטער באַהויפּטן (איך, אַגעוו, גלייב אין דעם), אַז אַליין גאָט באַזוכט דעם טעמפּל און פאַרברענגט די נאַכט אַף אָט דעם געלעגער. דאָס זעלבע, לויט די דערציילונגען פון עגיפּטער, קומט פאָר אויך אין די עגיפּטישע פיווז. און דאָרט, אינעם טעמפּל פון זעווס דעם פיוואַנער, שלאָפט אויך עפּעס אַ פרוי. דערנאָך טרעטן ניט אַרײַן די דאָזיקע פרויען, ווי מע זאָגט, אין קאָנטאַקט מיט פּאַשעטע מאַנצבלען.

אונטן אינעם הייליקן טעמפּל־באַצירק אין באָבל איז פאַראַן אויך אַן אַנדער הייכל, ווו עס געפינט זיך אַ ריזיקע גאָלדענע סטאַטוע פון דעם זיצנדיקן זעווס. באַנאַנד שטייען אַ גרויסער גאָלדענער טיש, אַ באַנק פאַר די פיס און אַ טראָן — אויך גאָלדענע. ווי די כאַלדייער דערציילן, זײַנען פאַרברויכט געוואָרן אַף דער אויסאַרבעטונג (פון אָט די אַלע זאַכן) 800 טאַלאַנטן גאָלד (איין טאַלאַנט באַטרעפט 26,2 קג.). פאַר אָט דעם טעמפּל איז אויפגעשטעלט אַ גאָלדענער מיזבייעך. פאַראַן איז דאָרט נאָך איין קאָלאָסאַלער מיזבייעך, אַף אים ברענגט מען אַ קאָרבן דערוואַקסענע כײַעס און אַפן גאָלדענעם מיזבייעך קאָן מען ברענגען אַ קאָרבן בלויז זויג־כײַעס. אַפן גרויסן מיזבייעך פאַרברענען די כאַלדייער יערלעך 1000 טאַלאַנטן ווײַרעך אַף יאָמטויווים לעקאָוועד אָט דעם גאָט. ס'איז געווען אין דעם הייליקן באַצירק אין יענער צײַט, ווען וועלכער עס גייט אַ רייד, נאָך אַ סטאַטוע פונעם גאָט פון גאָלע גאָלד מיט אַ הייך פון 12 עלנבויגנס. איך אַליין האָב זי ניט געזען, איך גיב איבער בלויז דאָס, וואָס עס האָבן דערציילט די כאַלדייער. אָט די סטאַטוע האָט לײַדנשאַפטלעך געוואָלט דערווערבן דאַרי, גיסטאַרפּס זון, אָבער ער האָט ניט געוואַגט צו פאַרכאַפּן זי. אָבער קסערקס, זײַן זון, האָט אַרויסגעגאַנוועט די סטאַטוע, באַפוילנדיק טייטן דעם פּריסטער, וועלכער האָט ניט דערלויבט זיך צורירן צו דער סטאַטוע און זי רירן פונעם אָרט. אַזוי פּראַכטפול איז באַפּוצט אָט דער טעמפּל און דער הייליקער באַצירק, ווו עס זײַנען אויך פאַראַן אַ סאַך געשענקטע מאַטאָנעס פון פּריוואַטע פּערזאָנען.

די קייסערינע ניטאָקריס, די הערשערין פון באָוול, האָט געענדערט די שטרעמונג פון יעופראַט, וועלכער איז פריער געפלאָסן דירעקט דורך דער מיט פון דער שטאָט. זי האָט געהייסן דורכגראָבן אַ קאַנאַל העכער דער שטאָט, און דער טײַך איז געוואָרן אַזאַ געשלענגלטער, אַז דורך איין ייִשעוו אין אַשור איז זי, לעמאָשל, דורכגעפלאָסן דרײַ מאָל (דער נאָמען פון אָט דעם ייִשעוו איז אַרדעריקאַ). נאָך אַדהײַנט קומט אויס, מאַכנדיק אַ רײַזע פונעם אונטערשטן יאַם קיין באָוול, דרײַ מאָל דורכפאָרן פאַרבײַ אָט דעם ייִשעוו בעמעשעך פון דרײַ טעג. דאָס איז געווען דער אופטו פון ניטאָקריס. שפּעטער האָט מען לויט איר באַפעל אָנגעשאָטן בײַ ביידע זײַטן פונעם טײַך אַ דאַמבע פון אַ שטוינענדיקער גרייס און הייך. נאָכדעם האָט זי געהייסן אויסגראָבן אַף אַ באַדײַטנדיקן מעהאַלעך העכער באָוול אַ וואַסער־באַסיין פאַר אַן אָזערע ניט ווײַט פונעם טײַך פונקט מיט אַזאַ טיף, קעדיי אומעטום זאָלן אַרויסטרעטן די באָדן־וואַסערן, דער דיאַמעטער פון אָט דעם וואַסער־באַסיין האָט דערגרייכט 420 סטאַדיעס. די אויסגעגראָבענע ערד האָט די קייסערינע באַפוילן ניצן פאַר דער טײַך־דאַמבע. ווען דער באַסיין

איז געווען גרייט, האָט זי געהייסן ברענגען שטיינער און אויסלייגן מיט זיי די ראַנדן פונעם באַסיין. דורכגעפירט האָט די קייסערינ־ע די דאָזיקע ביידע אַרבעטן — געמאַכט דעם טײַך אַ געשלענגלטן און פאַרוואַנדלט דאָס גאַנצע דורכגעגראָבענע אָרט אין אַ זומפּ — ניט בלויז כּדי מיט פיל אויסבייגן פאַרלאַנגזאַמען די שטראָמונג פונעם טײַך, נאָר אויך, כּדי מאַכן דעם טײַך־וועג קיין באָוול מער געשלענגלט און, לעסוף, כּדי נאָכן שווימען זאָלן די רײַזנדע דאַרפן נאָך מער אַרומפאָרן די אָזערע איבער דער יאַבאַשע.

די דאָזיקע אַרבעטן האָט מען דורכגעפירט אין יענעם טייל פונעם לאַנד, ווו עס זײַנען געווען דורכגענג און דער קירצסטער וועג פון מידיע. דער ציל פון די דאָזיקע מאָסמיטלען איז געווען — פאַרשווערן די מידיער אַרײַנצודרינגען אַהער בײַם האַנדלס־באַציִונגען און זיי ניט דערלויבן פּינקט־לעך זיך דערוויסן די זאַכלאַגע אינעם לאַנד.

די דאָזיקע אײַנריכטונגען האָט די קייסערינ־ע אויפגעשטעלט (קעגן די מידיער) פון דער ערד, וואָס איז אַרויסבאַקומען געוואָרן בײַס מע האָט געגראָבן דעם וואַסער־באַסיין. אויסער דעם, האָט זי אויסגענוצט די דאָזיקע אַרבעטן נאָך פאַר אַן אַנדערן, זײַטיקן ציל. די שטאָט איז באַשטאַנען פון צוויי העלפטן, אויף וועלכע דער טײַך האָט זי צעטיילט. בײַס די פריערדיקע קייסאָרים האָט מען געדאַרפט, כּדי קומען פון איין העלפט שטאָט אין דער אַנדערער, אַריבערשווימען אויף אַ שיפל, וואָס עס איז געווען, ווי איך מיין, ניט באַקוועם. ניטאָקריס האָט געזאָרגט אויך וועגן דעם. ווען מע האָט אויסגע־גראָבן דעם באַסיין פאַר דער אָזערע, האָט זי איבערגעלאָזט אַלס אָנדענק וועגן די דאָזיקע אַרבעטן אָט וואָס. זי האָט געהייסן אויסהאַקן ריזיקע שטיינער. ווען די שטיינער זײַנען געווען צוגעגרייט און דער באַסיין אויסגעגראָבן, האָט ניטאָקריס אָפּגעפירט די גאַנצע טײַך־שטראָמונג אין אָט דעם באַסיין, און ווען דער באַסיין איז אָנגעפילט געוואָרן, איז די אַלטע טײַכבעט אויסגעטריקנט געוואָרן. דער־נאָך האָט ניטאָקריס באַפוילן פאַרפעסטיקן די ברעגן פונעם טײַך לענגאויס דער שטאָט און די באַרג־שיפּועים, וועלכע פירן פון די וואַנט־טויערן צום טײַך, אויסלייגן מיט אָפּגעברענטן ציגל פּונקט אַזוי, ווי די שטאָטישע ווענט. שפּעטער האָט זי געהייסן אויסבויען אומגעפער אין דער מיט שטאָט אַ בריק פון אויסגעהאַקטע שטיינער (די שטיינער זײַנען פאַרפעסטיקט געוואָרן מיט אײַזן און בלײַ). בײַטאָג האָט מען די בריק באַדעקט פאַפּערעק מיט פירעקיקע ברעטער, איבער וועלכע די באָוולער פלעגן אַריבערגיין דעם טײַך. אויף באַנאַכט האָט מען די ברעטער צוגענומען, כּדי די מענטשן זאָלן ניט אַרומשמײַען אַהין און אַהער און ניט ראַבעווען איינער בײַם אַנדערן. נאָך דער אויפבויונג פון דער בריק, ווען די אויסגעגראָבענע אָזערע האָט זיך אָנגעפילט מיט וואַסער, האָט די קייסערינ־ע געהייסן אָפּפירן דעם טײַך יעווופּראַט פון דער אָזערע אין דער אַלטער טײַכבעט. אַזוי־אַרום, האָט די אָזערע זיך פאַרוואַנדלט אין אַ זומפּ, צוליב וואָס זי איז טאַקע אויסגעגראָבן געוואָרן, און פאַר די טוישווים איז, כּוח דעם, אויסגעבויט געוואָרן אַ בריק.

די קייסערינ־ע האָט באַפוילן אויפשטעלן פאַר איר אַן אויהעל איבער די טויערן אין דעם סאַמע לעבהאַפטן אָרט פון דער שטאָט (דער אויהעל האָט זיך געפונען אומיטלבאַר איבער די עצם טויערן) און אויסקריצן אויף אים אַן אויפשריפט: „אויב עמעצ־ווער פון די באָוולשע קייסאָרים וועט נאָך מיר זיך נייטיקן אין געלט, זאָל ער עפענען דעם דאָזיקן אויהעל און נעמען געלט וויפל ער וויל. נאָר אָן אַ באַדערפעניש זאָל ער אים אומזיסט ניט עפענען, אָבער בעסער איז בכלל ניט עפענען דעם אויהעל”.

דער דאָזיקער אויהעל איז געבליבן ניט גערירט, ביזוואַנען דאָס באָוולשע קיניגרײַך איז ניט אַרי־בער צו דאַריִען. ער האָט געעפנט דעם אויהעל. אָבער ער האָט ניט געפונען דאָרט קיין שום אוצרות בלויז אַ מעס און אַן אויפשריפט: „ווען דו וואָלסט ניט געווען אַזאַ זשעדנער, וואָלסטו ניט צעשטערט דעם אויהעל פון פאַרשטאָרבענע”. אָט וואָס מע דערציילט וועגן אָט דער קייסערינ־ע.

קעגן דעם זון פון אָט דער פרוי (מע האָט אים גערופן, ווי דעם פאָטער, לאַבינעטאָן, און ער איז געווען דער קייסער פון אשור) האָט קיר אָנגעהויבן אַ מלחמה. יעדעס מאָל, ווען דער גרויסער קייסער הייבט אָן זײַן קאַמפּאַנײַע, באַזאָרגנדיק זיך מיט אַ גוטן רעזערוו פון ברויט און קליינפי, נעמט ער מיט זיך, אויסער דעם, אויך וואַסער פון דעם דורכפליסנדיקן בײַ סוס טײַך כאָאַספּאַ (דער איינציקער טײַך, פון וואַנען ער טרינקט וואַסער). אַ גרויסע צאָל פיר־רעדערדיקע וועגענער, אײַנגע־שפּאַנט מיט אייזלען, מיט אָט דער געזאָטענער וואַסער פון דעם טײַך כאָאַספּאַ אין זילבערנע געפעסן פלעגן קעסיידער נאָכן קייסער, וווּהין ער זאָל ניט גיין מיט אַ קריגס־קאַמפּאַניע.

באַוועגנדיק זיך אויף באָוול, האָט קיר דערגרייכט דעם טײַך גינד. די אויספלוסן פון אָט דעם טײַך געפינען זיך אין די מאַטענער בערג, און פאַלן פאַלט ער אַרײַן אינעם טײַך טיגר. ווען קיר האָט געוואָלט אַריבערגיין דעם דאָזיקן שיפבאַרן טײַך גינד, האָט איינער פון זײַנע הייליקע ווײַסע פערד אַ שפּרונג געטאָן אין וואַסער, כּדי אַריבערשווימען דעם טײַך. אָבער דער טײַך האָט אײַנ־געשלונגען דאָס פערד און עס פאַרשלעפּט מיט זײַן שטראָם. קיר איז שטאַרק אין כּעס געוואָרן אויפן טײַך פאַר אַזאַ חוצפּה און באַפוילן צו מאַכן זי אויף אַזויפיל ניט־טיף, אַז אפילו פרויען זאָלן קאָנען

לײַכט אים אַריבערגײן, ניט אײַנעצנדיק די קני. נאָך אַזאַ דראָונג האָט קיר אָפּגעלײגט אויף אַ צײַט זײַן קאַמפּסמאַרש אויף באָוול. צעטײלנדיק איבער די ברעגן זײַן כאַיִל אויף צװײ כאַלאָקים, האָט דער קײסער דיסלאָצירט זײַנע קריגער בײַ די ברעגן פֿונעם טײַך און באַפֿוילן אויף יעדן ברעג אָנמערקן לויט אַלע ריכטונגען 180 גלײַכע, װי אַ פֿײַל, קאַנאַלן, װאָס זאָלן פֿירן צום טײַך. דערנאָך האָט ער פֿאַנאַנדערגעשטעלט די קריגער און באַפֿוילן גראָבן. בײַ אַזאַ גרױסער צאָל אַרבעטס־הענט האָט מען די אַרבעט גיך פֿאַרענדיקט, פֿונדעסטװעגן האָט מען געפּאַטערט אויף איר אַ גאַנצן זומער. אָט אַזױ האָט קיר באַשטראָפֿט דעם טײַך גינד, צעטײלנדיק אים אויף 360 קאַנאַלן.

אין קומענדיקן פֿרילינג האָט דער קײסער אָנגעהױבן זײַן קאַמפּסמאַרש אויף באָוול. די באָוולער זײַנען אַרױס פֿון דער שטאָט מיטן כאַיִל און געװאַרט אויף קירן. װען דער קײסער האָט זיך דערנענטערט צו דער שטאָט, האָבן די באָוולער זיך אַ װאָרף געטאָן אין שלאַכט, אָבער, לײַדנדיק אַ מאַפּאָלע, זײַנען זײ אָפּגעטראָטן. די באָוולער האָבן שױן פֿאַרפֿריִער געװוּסט, אַז קיר װעט איצט ניט זיצן מיט פֿאַרלײגטע הענט: זײ האָבן דאָך געזען, װיִאַזױ דער פּערסישער קײסער איז אָנגעפֿאַלן אויף אײן פֿאָלק נאָכן אַנדערן. דעריבער האָבן זײ ניט געלײגט קײן שום אױפֿמערקזאַמקײַט אויף דער באַלאַגערונג, פֿאַרגרײטנדיק שפּײַז־פּראָדוקטן אויף זײער אַ סך יאָרן. קיר איז אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ געענגטער לאַגע, װײַל ס׳איז שױן פֿאַרבײַ אַ היפּשע צײַט, און די באַלאַגערונג האָט אויף קײן טראָט זיך ניט גערוקט פֿאָרױס. דעמאָלט האָט ער באַפֿוילן זײַנע קריגער: װי נאָר זײ װעלן דערזען, אַז די טײַכבעט קאָן מען אַריבערגײן, זאָלן זײ אַרײַנטרעטן אין דער שטאָט. און אַלײן איז ער מיט דעם היילף־מיליטער אָפּגעטראָטן. װען ער איז געקומען צו דער אױבנדערמאָנטער אָזערע, האָט ער מיטן טײַך געמאַכט אַן ערך דאָס זעלבע, װאָס ס׳האָט אַנומלטן געמאַכט די באָוולשע קײסערינ־ע. ער האָט אָפּגעפֿירט דעם טײַך מיט דער הילף פֿון אַ קאַנאַל אין דער אָזערע, װאָס איז, אײגנטלעך, געװען אַ זומפּ, און מע האָט געקאָנט די אַלטע טײַכבעט אַריבערגײן. נאָך דעם, װי דאָס װאַסער אינעם טײַך איז געפֿאַלן אויף אַזױפֿיל, אַז עס איז דערגאַנגען די מענטשן אומגעפֿער ביז די קני, זײַנען די פּערסן אַרײַן אין באָוול. װען די באָוולער װאָלטן פֿאַרפֿריִער זיך דערװוּסט קירס פֿאַרטראַכט אָדער װאָלטן צו דער צײַט באַמערקט זײַנע האַנדלונגען, װאָלטן זײ, פֿאַרשטײט זיך, נישט נאָר ניט דערלױבט די פּערסן אַרײַנדרינגען אין דער שטאָט, נאָר װאָלטן אײַנגאַנצן פֿאַרניכטעט דעם פֿײַנט. זײ האָבן דאָך געקאָנט פּאַשעט פֿאַרשפּאַרן אַלע פֿירנדיקע צום טײַך טױערן און, אַרױפֿגײענדיק אויף די װענט לענגױס בײדע ברעגן פֿונעם טײַך, אַרײַנכאַפּן די פּערסן אין אַ פּאַסטקע. איצט אָבער זײַנען די פּערסן אומגעריכט אָנגעפֿאַלן אויף באָוול. און די שטאָט איז אַזאַ גרױסע, אַז די טױשװים, װאָס האָבן געװױנט אינעם צענטער, האָבן ניט געװוּסט, װי עס דערצײלן דאָרטיקע מענטשן, אַז די פֿײַנט האָבן שױן פֿאַרכאַפּט די פֿאַרשטעט. אין אָט דער צײַט האָבן זײ לעקאָװעד אַ יאָמטעװ געטאַנצט און געפֿרײט זיך, ביזװאַנען זײ האָבן זיך ניט דערװוּסט װעגן זײער שרעקלעכער לאַגע. אָט אַזױ איז באָוול פֿאַרכאַפּט געװאָרן דאָס ערשטע מאָל.

װי גרױס עס איז דאָס רײַכטום פֿון באָוול, קאָן איך בױלעט באַװײַזן אויף פֿיל אַנדערע בײַשפּילן, נאָר איך װעל זיך באַגרענעצן מיטן פֿאָלגנדן. דאָס גאַנצע לאַנד, װאָס איז אונטערטעניק דעם גרױסן קײסער קיר, איז מעכויעװ, אױסער געװײנלעכע שטײַערן, נאָך אױסהאַלטן דעם קײסער און זײַן כאַיִל.

יױרעשדיקײַט אין אָט דעם לאַנד, װעלכע די פּערסן רופֿן סאַטראַפּיִע, איז, אָן שום סאָפֿעק, דאָס סאַמע האַכנאָסעדיקע פֿון אַלע יױרעשדיקײַטן. דער יױרעש פֿון באָוול, װעמען דער קײסער האָט געשענקט די דאָזיקע געגנט אויף צו פֿאַרװאַלטן, האָט יעדן טאָג צונױפֿגעזאַמלט פֿון איר אַ סך זילבער. ער האָט אױפֿגעהאַלטן פֿיל הינט פֿון דער אינדישער פּאַראַדע, פֿאַר װעלכע פֿיר גרױסע ייִשוּװים אָפּן פֿלײן האָבן געדאַרפֿט צושטעלן שפּײַז און פֿאַר דעם זײַן באַפֿרײַט פֿון אַנדערע אָפּקומענישן. אַזױ רײַך איז געװען דער הערשער פֿון דער סאַטראַפּיִע פֿון באָוול.

גאַנץ באָוול איז איבערגעשניטן מיט קאַנאַלן. דער גרעסטער פֿון זײ איז שיפֿבאַר, אין דער דאָרעם־מיזרעכדיקער ריכטונג שטראָמט ער פֿון יעװפֿראַט אין אַן אַנדער טײַך — טיגר, אויף װעלכן ס׳איז געלעגן די שטאָט נין. פֿון אַלע לענדער אין דער װעלט, אויף װיפֿל איך װײס, גיט די דאָזיקע ערד די בעסטע פּרוכטן פֿון דעמעטראַ (די קיניגן פֿון פּרוכטבאַרקײַט). פֿאַרקערט, פּרוכט־בײמער װאַקסן דאָרט ביכלאַל ניט: ניט קײן פֿײַגנבײמער, ניט קײן װײַנטרױבן, ניט קײן אײלבערטן. װאָס איז שײַעך די פּרוכטן פֿון דעמעטראַ, ברענגט זײ די ערד אַ שעפֿע. װײץ און האָבער דערגרײכן דאָרט פֿיר פֿינגער די ברײט, פּראָסע — די הײך פֿון אַ בױם.

איך װײס דאָך, װאָס פֿאַר אַ גרױסן אומצוטרוי עס װעט אַרױסרופֿן מײַן דערצײלונג װעגן דער פּרוכטבאַרקײַט פֿון פֿאַרשײדענע טװוּעס בײַ יענע, װעלכע האָבן אַלײן באַזוכט באָוול. אײלבערט־אײל ניצן די באָוולער ביכלאַל ניט, בלױז אײל פֿון סעזאַם, אומעטום װאַקסן אָפּן פֿלײן טײטלבײמער, אין דער מערהײַט פּרוכטבאַרע. פֿון פֿאַלבע־פּײרעס גרײט מען ברױט, װײַן און האָניק. די באָוולער קולטיװירן טײטלבײמער מיטן זעלבן מעטאָד, װי פֿײַגנבײמער.

די קליידער בא די באָולער זײַנען אַזעלכע: אפן לײַב טראָגט דער באָולער א לײַן־כיטאָן, וועלכער דערגייט ביז די פיס, און פון אויבן — א וואָלענעם. דערנאָך וואַרפט ער נאָך אַרויף אף זיך א דינע ווײַסע כלאַמידע. דאָס פאַרשפּרייטע אין אָט דעם לאַנד שוכוואַרג איז ענלעך אף בעאָטישע שטיוול. פאַרלאָזנדיק לאַנגע האָר, פאַרבינדן די באָולער אפן קאָפּ טיורבאַנען, און דאָס גאַנצע לײַב רײַבט מען אײַן מיט מירט. יעדער באָולער פאַרמאָגט א רונג מיט א שטעמפּל און א מײַסטערהאַפטן שטעקן. אף יעדן שטעקן זײַנען אויסגעקריצט אָן עפּל, א רויז, א ליליע, אָן אָדלער אָדער עפּעס ענלעכס. טראָגן א שטעקן אָן בילדער איז בא זיי ניט אָנגענומען.

אַזאַ איז דער אויסערלעכער אויסזען פון די באָולער, און וועגן די זיטן און מינהאָגים וועל איך דערציילן אָט וואָס.

דער סאַמע קלוגער מינהעג, וועלכער, ווי איך ווייס, איז פאַרשפּרייט אויך בא אייניקע אַנדערע פעלקער, איז בא זיי, לויט מײַן מיינונג, אָט אַזאַ. איין מאָל אין יאָר האָט מען אין יעדן יִשעוו געווינלעך געטאָן אַזוי: מע האָט צונויפגערופן אַלע מיידלעך, וועלכע האָבן דערגרייכט דעם הייראַט־עלטער, און זיי צונויפגעזאַמלט אין איין אָרט. עס האָבן זיי אַרומגערינגלט מענגעס באָכערים, און א העראָלד האָט געצוווּנגען יעדער מיידל אייניציקווײַז אופשטיין, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן א פאַרקויף פון קאַלעס. צוערשט האָט מען אַרויסגעשטעלט צום פאַרקויף דאָס שענסטע מיידל. דערנאָך, ווען מע האָט זי פאַרקויפט פאַר גרויסע געלטער, האָט דער העראָלד אַרויסגערופן דאָס צווייטע נאָך דער שיינקײַט (די מיידלעך האָט מען פאַרקויפט אַלס ווײַבער). זייער רײַכע באָולער כאַסאַנים, איבערשלאָגנדיק אייגער דעם אַנדערן, האָבן זיך געסטאַרעט העכערן די פּרײַז און געקויפט די סאַמע שענסטע מיידלעך. די כאַסאַנים פונעם פּאָשעטן פאָלק, וועלכע האָבן ביכלאַל ניט געשעצט שיינקײַט, האָבן גענומען ניט קיין שיינע און אַלס צוגאָב — געלט. נאָך דעם, ווי עס זײַנען אויספאַרקויפט געוואָרן די סאַמע שענסטע מיידלעך, האָט דער העראָלד געהייסן, עס זאָל אופשטיין דאָס סאַמע מיִעסע מיידל, און זי פאָרגעלייגט פאַר דער קלענסטער סומע. כאַסענע מאַכן די טאָכטער פאַר וועמען דו ווילסט האָט מען ניט דערלויבט, מע האָט אויך ניט געטאָרט אָפּפירן דאָס געקויפטע מיידל אָן אָן אָרעוו. בלויז ווען דער אָרעוו וועט פעסטשטעלן, אַז דער, וואָס האָט געקויפט דאָס מיידל, וויל ווירקלעך לעבן מיט איר, קאָן מען זי אַוועקפירן אַהיים. אויב עמעצער איז זיך ניט צונויפגעגאַנגען מיט זײַן מיידל, האָט ער געדאַרפט לויטן געזעץ אומקערן דאָס געלט. אַגעוו, פלעגן כאַסאַנים קומען אויך פון אַנדערע יִשוווים און זיך קויפן מיידלעך.

מייסים ברענגען די באָולער צו קווּרע אין האָניק, און די לעוויַי־ריטואַלן זײַנען בא זיי די זעלבע, ווי בא די מיצרים.

דער סאַמע שענדלעכער מינהעג איז בא די באָולער אָט אַזאַ. יעדע באָולערן דאַרף איין מאָל אין לעבן זיך זעצן אין אפראָדיטעס הייכל און זיך אָפּגעבן (פאַר געלט) א פרעמדלענדער. א סאַך פרויען, שטאָלצירנדיק מיט זייער רײַכטום, האַלטן פאַר אומווירדיק זיך צונויפמישן מיטן האַמוין פון די איבעריקע פרויען. זיי קומען צו פאָרן אין פאַרמאַכטע וועגענער אין דער באַגלייטונג פון פיל באַדינער און שטעלן זיך אָפּ לעבן דעם הייכל. די מערהײַט פרויען טוען אַזוי: אינעם הייכל זיצן א סאַך פרויען מיט באַנדאַזשן פון שטריק־זשמוטן אפן קאָפּ. אייניקע קומען צו גיין, אַנדערע גייען אַוועק. גלײַכע דורכגענג צעטיילן אין אַלע ריכטונגען דעם האַמוין וואַרטנדיקע פרויען. איבער די דאָזיקע דורכגענג גייען די פרעמדלענדער און קלײַבן זיך אויס פרויען. די זיצנדיקע דאָ פרוי קאָן זיך ניט אומקערן אַהיים, ביז וואַנען עמעצער פון די פרעמדלענדער וועט איר ניט אַרײַנוואַרפן אין דער פאָלע געלט און וועט זיך ניט פאַראייניקן מיט איר אויסער די גרענעצן פונעם הייכל. וואַרפנדיק דער פרוי געלט, דאַרף ער בלויז זאָגן: „איך רוף דיך צו דינען דער געטן מיליטע!". די אַשורן רופן אַזוי אַפּראָדיטען. דאָס געצאָלטס קאָן זײַן ביז גאָר א נישטיקס, אָבער אָפּזאָגן זיך צו נעמען דאָס געלט איז דער פרוי ניט דערלויבט, ווײַל דאָס דאָזיקע געלט איז הייליק... די פרוי מוז גיין נאָך יענעם, ווער ס'האָט איר געוואָרפן דאָס געלט. אויסגעפילט די הייליקע פליכט פאַר דער געטן, גייט זי אַוועק אַהיים... די שיינהײַטן און שטאָלטנע גייען גיך אַוועק אַהיים, און די מיִעסע קומט אויס לאַנג צו וואַרטן, ביז וואַנען זיי וועלן קאָנען אויספילן דעם מינהעג. און אַנדערע דאַרפן בלײַבן אינעם הייכל דרײַ־פיר יאָר...

אַזעלכע זײַנען די מינהאָגים פון די באָולער. עס זײַנען פאַראַן צווישן זיי דרײַ שוואָטים, וועלכע שפּײַזן זיך נאָר מיט פיש. די געכאַפּטע פיש דערט מען אף דער זון, און דערנאָך טוט מען אַזוי: מע וואַרפט די פיש אין א שטייסל און מע צעדרויבלט זיי מיטן פעסטל, מע זיפּט זיי אויס דורך א מוסלינענער זיפּ, דערנאָך פאַרמישט מען פון אָט דער מאַסע רוי טייג און מע באַקט ברויט".

ווײַטער האָט העראָדאָט געשריבן, אַז „די באָולער און די אַנדערע אַשורן פלעגן צאָלן 1000 טאַלאַנטן זילבער און ברענגען 500 קאַסטרירטע יִינגעלעך.

בײַם דעם קאַמפּסמאַרש פונעם פּערסישן פלאָט אפן אינדזל סאַמאָס האָבן די באָולער אופגעהויבן אָן אופשטאַנד, וואָס איז גלענצנד צוגעגרייט געוואָרן בײַס דער פאַרוואַלטונג פונעם מעכאַשעף

און פון דער פאַרשווערונג פון די זיבן; אין מעשעך פון אַט דער גאַנצער אומרויִקער צײַט האָבן די באַוולער זיך געגרייט צו דער באַלאַגערונג און דאָס געטאָן, ווי איך מיין, געהיים.

נאָך דער יעדיִע וועגן דעם אופשטאַנד איז דער פּערסישער קייסער אַרויסגעטראָטן מיט זײַן גאַנצן כאַיִל קעגן די באַוולער. צוגייענדיק צו באַוול, האָט דער קייסער אָנגעהויבן באַלאַגערן די שטאָט. און די באַוולער האָט די באַלאַגערונג לאַכלוטן ניט באַומרויִקט: זיי האָבן זיך אופגעהויבן אַף די ווענט־פאַרשפּיצונגען און, קרימענדיק זיך און אויסשרײַענדיק באַליידיקנדיקע ווערטער, כּוויזעק געמאַכט איבערן פּערסישן קייסער און זײַן כאַיִל. איינער פון זיי האָט געזאָגט: „וואָס זיצט איר דאָ, פּערסן, און פּוסטעפּאַסעוועט? פאַרנעמט זיך בעסער פונדאַנען! בלויז דעמלט, ווען אַ שקאַפּע וועט האָבן אַ לאָשעקל, וועט איר אײַנעמען אונדזער שטאָט!" אַזוי האָט געזאָגט איינער אַ באַוולער, זײַענדיק זיכער, אַז די שקאַפּע וועט קיינמאָל ניט ברענגען קיין לאָשעקל.

דערווײַל איז דורכגעגאַנגען אַ יאָר מיט זיבן כאַדאָשים, און דער פּערסישער קייסער דאַרי, וועלכער האָט געהערשט נאָך קירן, האָט מיט זײַן גאַנץ כאַיִל איבערגעלעבט אַ פאַרדראָס, וואָס ער האָט ניט געקאָנט אײַנעמען באַוול, ניט געקוקט אַף פאַרשיידענע שפּיצלעך און כיטרעקײַטן.

אַגעוו, האָט דער קייסער אויך אָנגעווענדט כיטרעקײַט, מיט דער הילף פון וועלכער קיר האָט אַמאָל פאַרכאַפּט באַוול, אָבער די באַוולער זײַנען טאָג און נאַכט געווען וואַכזאַם און איבערכיטרעוועץ זיי האָט ער ניט געקאָנט. ענדלעך האָט זאָפּיר — איינער פון דאַריס פאָלקנפירער — אַפן צוואַנציקסטן כוידעש פון דער באַלאַגערונג דערזען אַ מעשונעדיקן צייכן. איינע פון זײַנע שקאַפּעס האָט געבראַכט אַ לאָשעקל. ווען מע האָט זאָפּירן מודיִע געווען וועגן דעם, האָט ער צוערשט ניט געוואָלט גלייבן, אָבער ווען ער האָט אַליין דערזען דאָס לאָשעקל, האָט ער אַלעמען, ווער עס האָט דאָס געזען, פאַר־באָטן צו ריידן וועגן דעם און אָנגעהויבן אַרומטראַכטן אַט דעם צייכן. ער האָט געקלערט וועגן דער נעוויִע פונעם באַוולער, וועלכער האָט אַרויסגעזאָגט נאָך אין אָנהייב פון דער באַלאַגערונג, אַז די שטאָט וועט אײַנגענומען ווערן, ווען אַ שקאַפּע וועט געבוירן אַ לאָשעקל. איצטער, ווי עס האָט געטראַכט זאָפּיר, דאַרף באַוול, אין העסקעם מיט אַט דער נעוויִע, פאַלן: דער באַוולער האָט דאָך אַרויסגעזאָגט זײַן נעוויִע לויט דער אײַנרעדעניש פונעם אָפּגאָט, און בא אים (אויך לויט דעם אָפּגאָטס אופטו) האָט די שקאַפּע געהאַט אַ לאָשעקל. און זאָפּיר האָט באַשלאָסן, אַז פון איצט אָן איז באַוול שוין פאַרורטיילט אַף אומקום. ער איז געקומען צו דאַרין און געפרעגט, צי איז וויכטיק אײַנצונעמען באַוול. און ווען דאַרי האָט באַשטעטיקט, ווי וויכטיק עס איז, האָט זאָפּיר אָנגעהויבן אַרומטראַכטן, וויִאַזוי ער זאָל באַגיין אַט דעם העלדנטאַט און איבערגעבן די שטאָט אין דאַריס הענט. די פּערסן שעצן העכער פון אַלץ אַזעלכע געוואַגטע העלדנטאַטן. זאָפּיר האָט געמיינט, אַז ער קאָן דערגרייכן דעם ציִל בלויז מיט איין וועג: מאַכן זיך פאַר אַ קאַליקע און אַריבערלויפן צו די פײַנט. דעמלט האָט ער מיט אַ גרינג האַרץ זיך געמאַכט אומויסהיילנדיקע מומען: זיך אָפּגעשניטן די נאָז און די אויערן, עקלהאַפט אָפּגעשוירן די האָר און מיט שפּורן פון קלעפּ פון אַ בײַטש זיך באַוויזן פאַר דאַרין.

דאַרין האָט אָנגעכאַפּט אַ גרויל, ווען ער האָט דערזען דעם צעקאַליעטשעטן בעקאָוועדיקן מענטשן. דער קייסער איז מיט אַ געשריי אופגעשפּרונגען פון זײַן טראָן און געפרעגט, ווער און פאַר־וואָס האָט אים אַזוי צעקאַליעטשעט. און זאָפּיר האָט געענטפערט: „ס'איז ניטאָ אַף דער וועלט אַזאַ מענטש, אויסער דיר, וואָס האָט די מאַכט אַזוי צו באַגיין זיך מיט מיר. קיין אַנדערער האָט עס ניט געטאָן, מײַן האַר, איך אַליין האָב זיך צעקאַליעטשעט, ווײַל נאָר איך דאַרף איבערטראָגן די איזדיעקענישן איבער די פּערסן". דער קיניג האָט אים געענטפערט: „אומגליקלעכער! דו סטאַרעסט זיך פאַרפּײַנערן דײַן שרעקלעכן טאַט, באַהויפּטנדיק, אַז דו האָסט אַליין אומראַכמאָנעסדיק זיך צעקאַ־ליעטשעט צוליב די באַלאַגערטע? צי דען, נאָר איינער, וועלן די פײַנט זיך אונטערגעבן פון דעם, וואָס דו אַליין האָסט זיך צעקאַליעטשעט? צי ביסטו ניט אַראָפּ פונעם זינען, אַזוי צעקאַליעטשענדיק זיך?" האָט זאָפּיר געענטפערט דעם קייסער: „ווען איך וואָלט דיר אַנטפּלעקט מײַן פאַרטראַכט, וואָלסטו מיר ניט דערלויבט צו טאָן דאָס מיט זיך. דעריבער האָב איך דאָס געטאָן אַף אייגענעם אַכרײַעס. אַלזאָ, אויב דו וועסט ניט אָפּזאָגן צו העלפן, וועלן מיר אײַנעמען באַוול. גלײַך וועל איך אַריבערלויפן אין שטאָט און דערקלערן, אַז דאָס האָסטו מיך פאַרשאַפט אַזעלכע מומען. איך מיין, אַז זיי וועלן גלייבן און מיך שטעלן בעראָש פונעם כאַיִל. און דו שטעל אַוועק אַפן צענטן טאָג זינט יענעם טאָג, ווען איך וועל אַוועקגיין אין שטאָט, בא די אַזויגערופענע טויערן פון סעמיראַמידען 1000 מאַן פון יענעם טייל כאַיִל, דער פאַרלוסט פון וועלכן ס'אַרט דיך ניט. אַפן זיבעטן טאָג נאָך דעם שטעל אַוועק נאָך 2000 מאַן בא די אַזויגערופענע טויערן פון נין. דערנאָך וואַרט אויס צוואַנציק טעג און שיק 4000 מאַן קעגן די אַזויגערופענע כאַלדייער טויערן. ניט יענע ערשטע, ניט די דאָזיקע קריגער דאַרפן ניט האָבן מיט זיך קיין שום אַנדער געווער פאַר שוץ, אויסער קינזשאַלן. די קינזשאַלן קאָן מען זיי איבערלאָזן. ענדלעך, באַפויל אין צוואַנציק טעג אַרום דעם גאַנצן איבעריקן כאַיִל טייקעף שטורמעווען די ווענט פון אַלע זײַטן. און די פּערסן שטעל אַוועק קעגן די אַזויגערופענע בעלסקער און קיסיִער טויערן. איך צווייפל ניט, אַז ווען איך וועל באַגיין אַזעלכע גרויסע העלדנטאַטן, וועלן די באַוולער

מיר, פאַרשטייט זיך, אָנטרויען ניט בלויז די גאַנצע שוץ פון דער שטאָט, נאָר אַפילו די שליסלען פון די טויערן און דעמלט איז שוין מײַן דאגה פון די פערסן, וויאַזוי צו פאַרענדיקן די זאַך!"

נאָך דעם איז זאַפיר אוועקגעלאָפן צו די טויערן, אומקוקנדיק זיך אָן אויפהער אויף צוריק, גלײַך ווי אַן עמעסער איבערלויפער. די וואַך בײַ די טויערן, באַמערקנדיק אים פון די טורעמס, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, אופפעענענדיק עטוואָס די פליגל פון די טויערן, און געפרעגט, ווער ער איז און צוליב וואָס ער איז געקומען. האָט יענער געענטפערט, אַז ער איז זאָפיר און וויל אַריבערגיין צו זיי. דער־הערנדיק אַזאַ ענטפער, האָבן די טויער־וועכטער אים אוועקגעפירט צו די נאַטשאַלניקעס. ווען זאָפיר האָט זיך באַוויזן פאַר זייערע אויגן, האָט ער אָנגעהויבן זיך באַקלאָגן, דערקלערנדיק, אַז דער מום, וועלכן ער האָט זיך אַליין פאַרשאַפט, האָט אים געמאַכט דער קייסער דאַרי פאַר דעם, וואָס ער האָט קלוימערשט געגעבן אַן אייצע אַראָפּצונעמען די באַלאַגערונג און אָפּפירן דאָס כאַיל, ווײַל דער קיי־סער האָט ניט קיין מעגלעכקײַט אײַנצונעמען די שטאָט. „און אַצינד, — האָט ער געזאָגט, — בין איך געקומען אײַך צום גוטן און דאַרין מיטן כאַיל צום אומקום. דער קייסער וועט טײַער באַצאָלן פאַר אַזעלכע מומען. איך ווייס זײַנע געהיימע שפּיצלעך און כיטרעקײַטן!"

אַזוי האָט גערעדט זאָפיר, און די באַוולער, זעענדיק אַ כאַשעוון פּערס מיט אַן אָפּגעשניטענער נאָז און אויערן און אַ באַדעקטן מיט בלוטיקע שראַמען פון קלעפּ מיט בײַטשן, האָבן פולקום געגלייבט, אַז ער זאָגט דעם עמעס און אַז ער איז געקומען צו זיי ווי אַ פרײַנט און פאַרבינדעטער. זיי זײַנען געווען גרייט צו פאַרטרויען אים אַלץ, וועגן וואָס ער וועט בעטן. און געבעטן האָט ער פאַר זיך אַ מיליטערישן אָטריאַד. אים באַקומען, האָט ער אָנגעהויבן האַנדלען אַזוי, ווי ער האָט זיך צונויפגע־רעדט מיט דאַרין. אַפן צענטן טאָג האָט זאָפיר אַרויסגעפירט דעם באַוולשן אָטריאַד, אַרומגערינגלט יענע 1000 מאַן, וועלכע ער האָט געהייסן דאַרין אַרויסשטעלן דאָס ערשטע מאָל, און האָט זיי פאַר־ניכטעט. און די באַוולער, איבערצײַגנדיק זיך, אַז דער פּערס האַלט וואָרט, האָבן זיך אומגעהײַער דערפרייט און זײַנען געווען גרייט אין אַלץ אים פאָלגן. דעמלט האָט זאָפיר, אויסוואַרטנדיק די אָפּגע־רעדטע צאָל טעג, ווידער אַרויסגעפירט דעם אָפּגעקליבענעם אָטריאַד באַוולער און פאַרניכטעט דאַ־ריס 2000 קריגער. פאַר אָט דעם נײַעם העלדנטאַט האָבן די באַוולער געגומען זאָפירן ליבן און זײַן נאָמען איז געווען בײַ יעדן אויף די ליפּן. און זאָפיר האָט ווידער, איבערוואַרטנדיק די אָנגעמערקטע צאָל טעג, אַרויסגעפירט דעם אָטריאַד אין אָפּגערעדטן אָרט און, אַרומרינגלענדיק די פּערסן, פאַר־ניכטעט 4000 מאַן. אַצינד, נאָך אַזאַ העלדנטאַט, האָט זאָפיר זיך דערשלאָגן אַלץ: ער איז געוואָרן דער הויפּט־מיליטער־אָנפירער פון קאָמענדאַנט פון דער פעסטונג. און ווען דאַרי האָט באַפוילן, לויטן באַדינג, פון אַלע זײַטן שטורמעווען די ווענט, האָט באַלד זיך אַנטפּלעקט זאָפירס פאַלשער פאַרטראַכט. די באַוולער האָבן אָפּגעשלאָגן אויף די ווענט דעם שטורעם פון דאַריס כאַיל, און זאָפיר האָט געעפנט די אַזויגערופענע קיסיער און בעלסקער טויערן און אַרײַנגעלאָזט די פּערסן אין דער פעסטונג. אַ טייל באַוולער האָט דערזען, וואָס עס איז געשען, און אוועקגעלאָפן אין זעוס טעמפּל בעלאַ. אַנדערע האָבן דאָס ניט באַמערקט און געבליבן אויף זייער אָרט, ביז וואַנען זיי האָבן זיך ניט דערוווּסט וועגן דעם פאַראַט.

אָט אַזוי איז באַוול פאַרכאַפּט געוואָרן דאָס צווייטע מאָל. און דאַרי, באַהערשנדיק באַוול, האָט באַפוילן פרי:ער פאַר אַלץ צעשטערן די ווענט און צעברעכן אַלע טויערן. דאָס האָט קיר ניט געטאָן בײַס ער האָט דאָס ערשטע מאָל אײַנגענומען באַוול. דערנאָך האָט ער באַפוילן קרייציקן אַרום 3000 בעקאָוועדיקסטע בירגער. די איבעריקע טוישווים האָט ער דערלויבט צו וווינען אין דער שטאָט. און קעדיי בײַ די באַוולער זאָלן זײַן ווײַבער און פון זיי קינדער (זייערע אייגענע ווײַבער האָבן די באַוולער דערשטיקט, קעדיי פאַרהיטן די שפּײַז־רעזערוון), האָט דאַרי אָט וואָס געטאָן. ער האָט באַפוילן די שכײנעסדיקע שוואָטים שיקן זייערע פרויען קיין באַוול — יעדן שיוועט אַ געוויסע צאָל, אַזוי אַז עס האָבן זיך אין אַלגעמיין צונויפגעזאַמלט 50 טויזנט פרויען. טאַקע פון די דאָזיקע פרויען זײַנען אַנט־שטאַנען נײַע דוירעס באַוולער.

לויט דאַריס מיינונג, האָט קיינער פון די פּערסן נישט איבערגעשטיגן זאָפירן ניט פרי:ער, ניט שפּעטער אין געוואַגטקײַט, אויסער קירן (מיט אים וואַגט דאָך ניט קיין איין פּערס זיך פאַרגלײַכן). און דאַרי פלעג זאָגן, ווי מע דערציילט, אַז ער וואָלט בעסער געוואָלט זען זאָפירן ניט קיין צעקאַ־ליעטשעטן, איידער הערשן איבער נאָך צוואַנציק באַוולען. דער קייסער האָט אַרומגערינגלט זאָפירן מיט דעם גרעסטן קאָוועד. יערלעך האָט ער אים געשיקט מאַטאָנעס, וועלכע מע האַלט אין פּערסיע אַלס די סאַמע בעקאָוועדיקע, און אים אָנגעטאָן אַנדערן קאָוועד. זאָפיר האָט געהאַט אַ זון מעגאַבאַז, וועלכער האָט געפירט שלאַכטן בעראָש פון די פּערסן אין עגיפּעט קעגן די אַפּיניאַנער און זייערע פאַרבינדעטע".


(סאַף קומט)

אזוי האָט געשריבן דער „פֿאָטער פון דער געשיכטע” דער גריכישער געלערנטער הערדאָט וועגן דער שטאָט באַבל, וועגן אירע טוישווים, מינהאָגים און טראַדיציעס.

הערדאָטס דערציילונג האָט פאַרטיפערט אונדזערע קענטענישן וועגן די באַבלער, וועגן זייער שטאָט — די באַרוסטע „גאָטס טויערן”, פאַרברייטערט די אָנגאַבן פון די געאָלאָגן און געלערנטע, וועלכע האָבן רעקאָנסטרויִרט די ביניאָנים פון אַט דער שטאָט, אָפט דערגאַנצנדיק זייערע אויספירן מיט א געוויסן כיילעק פאַנטאַזיע און איבערגעטריבנקייט. אינגאַנצן גענומען גיט עס א מעגלעכקייט צו באַקומען א פולן בילד וועגן דער אוראַלטסטער שטאָט אין דער וועלט.

יידיש — ב. גערשמאַן

# כראָניק

## לויט די אָנגאַבן פון אַרכעאָלאָגישע פאָרשונגען

אף א זיצונג פון דער קאָמיסיע פאַר עטנאָגראַפיע אינעם מאָסקווער פיליאַל פון דער אַלפאַרבאַנדישער געאָגראַפישער געזעלשאַפט איז אַרויסגעטראָטן מיט א פאָרטראָג דער מיטאַרבעטער פונעם סימפעראָפּאָליער אוניווערסיטעט, קאַנדידאַט פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן אַלעקסאַנדער הערצען. ער האָט דערציילט וועגן די רעזולטאַטן פון די אַרכעאָלאָגישע אויסגראַבונגען אף דער טעריטאָריע פון דער פעסטונג־שטאָט מאַנגופּ־קאַלע אינעם באַרג־קרים, וועלכע עס פירט זיין עקספּעדיציע.

די לעצטע איינוווינער פון מאַנגופּ־קאַלע — קאַראַימער — האָבן פאַרלאָזט די שטאָט אין 18־טן יה. פאַר דעם האָט די שטאָט איבערגעלעבט פּעריאָדן פון אופשטייג און יערידע. ס'איז באַוווּסט, אַז א ייִדישע קעהילע האָט דאָרט עקזיסטירט פון לאַנג. די לעצטע אויסגראַבונגען האָבן געגעבן אין דעם פּראַט נייע פאַקטן.

ס'זיינען פאַרפינקטלעכט געוואָרן די יעדיעס פון די געלערנטע מיקויעך דעם פּעריאָד פון דער כאַזאַרישער הערשונג אין אָט דעם ראַיאָן. ווי מע איז זיך מעשאַער, איז מאַנגופּ־קאַלע אונטער אַן אַנדער נאָמען דערמאָנט אין דער ברייטערער רעדאַקציע פונעם באַרימטן העברעישן בריוו פון דעם כאַזארישן מיילעך יויסעף צו כאַסדיי איבן שאַפּרוט (ייִדישכאַזאַרישע קאָרעספּאָנדענץ). איצט קאָן מען שוין האַלטן פאַר פעסטגעשטעלט, אַז מאַנגופּ־קאַלע איז געווען א פאָרפּאָסט פון דער כאַזאַרישער הערשונג אין קרים, האָגאַם די קליינע אין צאָל שטאָט־באַפעלקערונג איז מערסטנטייל באַשטאַנען פון קריסטן. אין פּעריאָד פונעם שפּעטערן מיטלאַלטער, ווען מאַנגופּ־קאַלע איז געווען די הויפּט־שטאָט פון דעם קריסטלעכן פירשטנטום פעאָדאָראָ, איז דאָרט אופגעקומען א באַדייטנדיקע ייִדישע קעהילע. דאָס איז באַוווּסט שוין פון לאַנג, אָבער מע איז זיך מעשאַער, אַז באַנאַנד מיט דער קאַראַימישער קעהילע האָט עקזיסטירט אויך א קעהילע פון ראַוויניסטן.

דערווייל איז אין מאַנגופּ־קאַלע געפונען געוואָרן בלויז איין מיטלאַלטערלעכע סינאַגאָגע, אָבער מע זאָגט אַרויס א האַשאָרע, אַז אויב ס'זיינען געווען צוויי ייִדישע קעהילעס (א קאַראַימישע און א ראַווינישטישע), האָט געדאַרפט עקזיסטירן אויך א צווייטע סינאַגאָגע, וועלכע איז ביז איצט נאָך ניט אַנטדעקט. סע שטייט אויך פאַר אַן אויספאָרשונג פונעם אוראַלטן קאַראַימישן בעסאָלמען בא דער שטאָט. די אויסגראַבונגען אין מאַנגופּ־קאַלע ווערן שוין געפירט זינט דעם סאָף פונעם פאַריקן יאָרהונדערט, אָבער ביז די לעצטע אויסגראַבונגען (עקספּעדיציעס פון די 70־ער — 80־ער יאָרן) האָט מען זיך שוואַך פאָרגעשטעלט די געשיכטע פון דער פאַרלאָזטער שטאָט.

# אומבאַוווּסטע בלעטלעך פון איליא ערענבורגס לעבן

## די קאָרעספּאָנדענץ פון איליא גריגאָריעוויטש ערענבורג מיט דער פּאַרטיזאַנקע סאָפיע סעמיאָנאָוונע גלושקינא

צו מיר, אַלס דאָקטער־קאַרדיאָלאָג, קומט צו גיין סיסטעמאַטיש אַף אַ אופנאַם אַ פּאַציענט, וועלכן מע האָט אין דער באַוווּסטער קיִעווער קליניק פונעם אַקאַדעמיקער נ. מ. אַמאָסאָוו געמאַכט אַן אָפּעראַציע פון איינשטעלן אַן עלעקטראָקאַרדיאָסטימוליאַטאָר. לויטן כאַראַקטער פון דער קראַנקהייט, מוז ער זיך געפינען אַף קעסיידערדיקע באַאָבאַכטונגען בײַ אַ דאָקטער־קאַרדיאָלאָג.

דער דאָזיקער פּאַציענט איז אַן אײַנוווינער פון דער שטאָט בעלאַיאַ צערקאָוו, אַ וועטעראַן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע, לאַנגע יאָרן געאַרבעט אין די פּאַרטייִשע אָרגאַנען פון דער שטאָט, איינער פון די פירנדיקע לעקטאָרן — טשערנוכין מאַיסיי סאַוועליעוויטש.

פון אים האָב איך צופעליק זיך דערוווּסט, אַז שוין העכער פערציק יאָר היט ער אָפּ די קאָרעספּאָנדענץ פון זײַן פרוי סאָפיע סעמיאָנאָוונע גלושקינא (זי איז געשטאָרבן אין 1979 יאָר) מיט איליא ערענבורגן.

אין די יאָרן פון דער פאַרגאַנגענער מילכאָמע האָבן זי אינאיינעם מיטן אַכטיאָריקן זון אַלעקסאַנדער פאַרכאַפּט די דײַטשישע פאַשיסטן אין דער שטאָט קראַסנאַיע, סמאָלענסקער געגנט. זי האָט דורכגעלעבט די שוידערלעכע אָקופּאַציע צוזאַמען מיט איר זונעלע, וועלכער וווינט איצט אין קיִעוו, ער איז אַן אינזשעניער־הידראָטעכניקער, קאַנדידאַט פון טעכנישע וויסנשאַפטן. אין דער אָקופּאַציע האָט זי זיך געפונען מיטן זון פון יול 1941 ביז סענטיאַבער 1943, דאָס הייסט ביז צום מאָמענט פון דער באַפרײַונג פון דער סמאָלענסקער געגנט.

ביז דער מילכאָמע האָט גלושקינא געוווינט אין מינסק. דער 24 יון 1941 האָט זי אַרויסבאַגלייט דעם מאַן אַפן פראָנט און איז אַרויס פון דער שטאָט מיטן קינד. זי האָט באַשלאָסן זיך דערקלײַבן צו איר היימשטאָט — קראַסנאַיע, נעמען מיט זיך די נאָענטע און קרוֹיווים און גיין ווײַטער אַף מיזרעך. אין קראַסנאַיע האָבן זי אָנגעיאָגט די דײַטשן. דאָס איז געווען דעם 13 יול 1941.

דעם 8 אווגוסט 1941 האָבן אין דער שטוב, וווּ זי האָט געוווינט, זיך אַרײַנגעריסן די פאַשיסטן, געכאַפּט איר ברודער באָריסן, גענומען אים שלאָגן, דערנאָך האָבן זיי אים אַרויסגעוואָרפן אַף דער גאַס, אופגעהאַנגען אַף דער ברוסט אַ ברעט און אַרײַנגעוואָרפן אין אַ קעלער. אַפן צווייטן טאָג האָבן די דײַטשן אײַנגעלאַדן די אײַנוווינער פון דער שטאָט „בײַצוזײַן באַם עפנטלעכן טויט פון אַ ייִדן". באָריס גלושקינען האָט מען אויסגעטאָן, צוגעבונדן צום עק פון אַ פערד און אָנגעהויבן אַזוי שלעפּן, מע האָט זיך איזדיעקעוועט איבער אים און דערנאָך דערהאַרגעט.

באַנאַכט איז מען געקומען נאָך זײַן ווײַב. מע האָט זי אַוועקגענומען פון אירע דרײַ קינדער און בײַ זיי אין הויף זי פאַרגוואַלטיקט.

דעם 27 אווגוסט האָט מען צונויפגעטריבן די ייִדן, געמאָלדן, אַז זיי דאַרפן טייקעף ברענגען זייער האָב־און־גוטס, אָפּגעבן די דײַטשן און דערנאָך איבערגיין אין געטאָ. דאָס איז געווען אַ שטיקל ערד, אָפּגעצוימט מיט שטעכיקן דראָט. אַלע ייִדן, אַפילע קליינוואַרג, האָבן געדאַרפט טראָגן אַף דער ברוסט און אַפן רוקן אַ געלן מאָגנדאָוויד. טאָג און נאַכט פלעגט מען זיך איזדיעקעווען, שלאָגן ביז טויט די אײַנוווינער פון דער געטאָ. גליקלעכע זײַנען אַנטלאָפן אין וואַלד. נאָר וואָס האָבן געזאָלט טאָן אַלטע לײַט, פרויען מיט קינדער?

בײַ סאָפיע סעמיאָנאָוונען זײַנען אין קראַסנאַיע געווען רוסישע כאַווײרים, מיט וועלכע זי האָט געוואָלט אַוועקגיין פּאַרטיזאַנעווען. זיי האָבן געוואַרט, ביז עס וועט ווערן אַ ביסל וואַרעמער. דעם 8 אַפּרעל 1942 האָבן איר די כאַווײרים מיטגעטיילט, אַז עס איז אָנגעקומען אַ פאַשיסטישער שטראָף־אָטריאַד. זי האָט באַשלאָסן אויספּרוּוון דאָס מאַזל. אַ האַלבע שאָ פאַר דעם, איידער די שטאָט איז אַרומגערינגלט געוואָרן, איז זי אַנטלאָפן. אומעטום איז געווען פּאָליצײַ. זי האָט זיך דערקליבן מיטן קינד צום לאַגער, וווּ עס האָבן זיך געפונען די קריגס־געפאַנגענע, מיט וועלכע סאָפיע סעמיאָנאָוונע איז געווען פאַרבונדן.

דעם 8 אַפּרעל 1942 האָבן די דײַטשן אַרומגערינגלט די שטאָט. אַלע ייִדן האָט מען אַרײַנגעטריבן אַפן פּלאַץ, געצווּנגען זיך אויסטאָן. סאָ־



ס. ס. גלושקינא מיטן זון אין 1975

•

פאַטאָקאָפּיעס פון אי. ערענבורגס בריוו צו ס. ס. גלושקינא

•

א פראגמענט פון אי. ערענבורגס ארטיקל „דער אָטעם פון א קינד"

13 ДЕКАБРЯ 43

ДОРОГАЯ СОФЬЯ СЕМЕНОВНА,

ПИСЬМО ВАШЕ ПОЛУЧИЛ.ПРОШУ ВАС ВОЗМОЖНО ТОЧНЕЕ И ПОДРОБНЕЕ ОПИСАТЬ МНЕ НЕМЕЦКИЕ ЗВЕРСТВА ,КОТОРЫ[Е] ВЫ НАБЛЮДАЛИ.НАПИШИТЕ,КАК УБИВАЛИ ОНИ ЕВРЕЕВ И КАК ВЫ УЦЕЛЕЛИ.ОПИШИТЕ ДОКУМЕНТАЛЬНО С ДАТАМИ И ИМЕНАМИ.

ЖЕЛАЮ ВАМ СИЛ И ЗДОРОВЬЯ.

14 ФЕВРАЛЯ 44

ДОРОГАЯ СОФЬЯ СЕМЁНОВНА,

СПАСИБО ЗА ПИСЬМО.С ОГРОМНЫМ ВОЛНЕНИЕМ Я ПРОЧИТАЛ ЕГО.ВЫ ОЧЕНЬ МНОГО ПЕРЕЖИЛИ И ПОКАЗАЛИ В ЭТОМ ОТВАГУ,ВЕРНОСТЬ,БЛАГОРОДСТВО СЕРДЦА.

ВАШ РАССКАЗ Я ПРИВЕДУ В "ЧЕРНОЙ КНИГЕ",ПОСВЯЩЕННОЙ МАССОВОМУ УБИЙСТВУ НЕМЦАМИ ЕВРЕЙСКОГО НАСЕЛЕНИЯ.

ДОРОГОЙ ТОВАРИЩ,ВАС ПОСТИГЛО И ЛИЧНОЕ ГОРЕ. Я ЗНАЮ,ЧТО СЛОВА ВАМ НЕ ПОМОГУТ,НО МНЕ ХОЧЕТСЯ СКАЗАТЬ,ЧТО У ВАС ВОЗВРАЩЕННАЯ РОДИНА,У ВАС СЫН,КОТРОГО ВЫ СПАСЛИ И КОТОРЫЙ БУДЕТ ВАШИМ ЛУЧШИМ ДРУГОМ.НАД ЧУЖИМ СЕРДЦЕМ НИКТО НЕ ВЛАСТЕН,НО У ВАС ОСТАЕТСЯ СОЗНАНИЕ, ЧТО НА ВАШЕЙ СТОРОНЕ ПРАВДА И БЛАГОРОДСТВО. КРЕПКО ЖМУ ВАШУ РУКУ,ЖЕЛАЮ СИЛ И ЗДОРОВЬЯ.

## ИХ УБИЛИ НЕМЦЫ!

В городе Красном, Смоленской области как и в других городах, немцы убили всех евреев. Я расскажу о судьбе семьи Глушкина. 8 августа 1941 г. немцы взяли Бориса Глушкина. Они его раздели и привязали к хвосту лошади, долго мучили, потом убили. В ту же ночь пришли за его женой Евгенией. Она прижала к себе детей. Немцы её выволокли на двор, изнасиловали. 8 апреля 1942 г. немцы пригнали всех евреев города на площадь, приказали раздеться, потом начали убивать. Отец Бориса Глушкина, старик семидесяти четырёх лет, шёл первым. Он нёс на руках двухлетнего внука. Евгения Глушкина взяла с собой двух детей, третьего, годовалого, она оставила в люльке. Она думала, что судьба пощадит младенца. Закончив казнь, немцы стали обходить дома. Они увидели в люльке крохотного Алека. Немец выволок ребенка на улицу и ударил головой об лёд. Начальник отряда приказал разрубить тело младенца и дать его собакам. Мать думала об одном: спасти ребёнка. Может быть, немцы его не заметят?.. Сколько я буду жить, не забуду я муки Евгении Глушкиной и младенца в люльке. Я не забуду детей Триполья и Замошья, детей Красного. Ведь это наши дети, наша надежда. Их убили. Их убили немцы.

*(Из статьи И. Эренбурга „Дыхание ребёнка")*

פיע גלושקינעס 74־יאָריקער פאָטער איז אוועק דער ערשטער. ער האָט געטראָגן אויף די הענט זײַן צווייאָריק אייניקל. יעווגעניע גלושקינא, דאָס ווײַב פונעם ברודער באָריס גלושקין, וועלכן די דײַטשן האָבן דערהארגעט נאָך אין אווגוסט 1941, האָט געפירט מיט זיך צוויי קינדער פון 12 און 7 יאָר. דאָס דריטע קינד, וואָס איז אלט געווען סאכאקל א יאָר, האָט זי איבערגעלאָזט אין וויגעלע. זי האָט געמיינט, עפשער וועלן די פאשיסטישע מערדער דאָס קינד ניט באמערקן. אָבער נאָך דעם, ווי די דײַטשן האָבן געענדיקט די שכיטע און זיך אומגעקערט אין געטאָ, האָבן זיי דערזען אין וויגעלע דאָס קינד, דאָס אייפעלע. איינער א דײַטש האָט ארויסגעשלעפט דאָס קינד אויף דער גאס און א זעץ געטאָן מיטן קעפל אין אײַז. דער אָנפירער פונעם אָטריאד האָט געהייסן צעהאקן דעם קינדס קערפערל אויף שטיקלעך און ארויסווארפן פאר הינט.

סאָפיע סעמיאָנאָווגע איז אוועק צו די פארטיזאנער. עס איז געווען שווער מיטן קינד. נאָר אין די שווערע באדינגונגען האָבן איר געהאָלפן

כאוורישקייַט, מענטשלעכע זאָרג פון די פּאַרטיזאַנער. זי איז געווען א פאַרבינדלערן. די פּאַרטיזאַנער האָבן זי באַזאָרגט מיט א פאַלשן, אויסווייַס „פּערסאָנא" אפן נאָמען פון פּעטראָווא. דאָס האָט געגעבן א מעגלעכקייַט אייַנאָרדענען זי פאַר א פּאַסטעך, וואָס עס איז געווען זייער נוצלעך פאַר די פּאַרטיזאַנער.

זי איז געווען דעם גאַנצן טאָג אין פעלד און האָט געהאַט א מעגלעכקייַט שפּירן נאָכן פאַרקער פונעם טראַנספּאָרט פון די דייַטשן און פּאָליצייַען. די ידיעות פלעג זי איבערגעבן די פּאַרטיזאַנער. ניט איין מאָל איז איר אויסגעקומען זיך באַגעגענען מיט די דייַטשן פון די שטראָף־אָטריאַדן. איר קינד, דער קליינער סאַשע, איז געווען צו אַלץ גרייט. זי פלעג אים וואָרענען, אַז אויב מע וועט זי פּאַקן און שלאָגן, זאָל ער שווייַגן. דאָס ייִנגעלע האָט זיך קיינמאָל ניט געקלאָגט. דאָס איז געווען אַן עמעס פּאַרטיזאַניש קינד.

סאָפיע סעמיאָנאָוונע איז געווען בא די פּאַרטיזאַנער ביז סעפּטעמבער 1943. נאָך דעם, ווי די סאָוועטישע אַרמיי האָט באַפרייַט איר שטאָט, האָט זי זיך אומגעקערט קיין קראַסנאָיע, ווו זי האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס אַגראָנאָם אין דער היגער מאַשין־טראַקטאָר־סטאַנציע.

סאָוועטישע אָפיצערן, וועלכע האָבן זיך דערוווּסט, אַז דאָ לעבט א ייִדישקע, וואָס האָט איבערגעלעבט די אָקופּאַציע און איז מיט א נעס לעבן געבליבן אינאיינעם מיטן זון, האָבן איר געצייעצט באַשרייַבן איר געשיכטע בייס דער אָקופּאַציע אין א בריוו צו איליאַ ערענבורגן. זי האָט געפאָלגט זייער אייצע, און אין רעזולטאַט האָט צווישן איר און איליאַ ערענבורגן זיך פאַרקניפּט א קאָרעספּאָנדענץ. עס האָבן זיך פאַרהיט זעקס בריוו.

מיר האָט ביז גאָר פאַרינטערעסירט די דאָזיקע קאָרעספּאָנדענץ, און איך האָב מיט גרויס אופמערקזאַמקייַט זיך באַקאַנט מיט די בריוו. איליאַ ערענבורג האָט זי געבעטן אים מיטיילן אַלץ, וואָס עס איז איר באַוווּסט וועגן דער מערדערישקייַט פון די דייַטשישע אָקופּאַנטן, און איז איר געווען דאַנקבאַר פאַר דער אינפאָרמאַציע. עס האָט זיך פאַרהיט א בראָשור מיט זייַן אויטאָגראַף, וואָס ער האָט איר געשענקט. אין איינעם פון די בריוו האָט ערענבורג געבעטן סאָפיע סעמיאָנאָוונען קומען צו אים צוגאַסט קיין מאָסקווע, אויב עס וועט זייַן אַזאַ מעגלעכקייַט. און אַזאַ מעגלעכקייַט האָט זיך פאָרגעשטעלט.

אין פרילינג 1946 איז פון רומעניע, ווו ער האָט געדינט, געקומען קיין איזשעווסק סאָפיע סעמיאָנאָוונעס מאַן, דער מאַיאָר מאַיסיי סאָוועליעוויטש טשערנוכין. אין איזשעווסק האָבן אין יענער צייַט געוווינט זייַן שוועסטער, דער פאַרדינסטפולער דאָקטער פון דער רעפּובליק פאַינע סאָוועליעוונע, און זייַן פרוי, סאָפיע סעמיאָנאָוונע, וועלכע האָט געאַרבעט אין אודמורטער מעלוכע־פּלאַן אַלס אָנפירער פונעם לאַנדווירטשאַפטלעכן אָפּטייל.

אויף צוריקוועגס פון איזשעווסק קיין קאָנסטאַנץ, ווו עס האָט געדינט דער מאַיאָר מ. ס. טשערנוכין, האָט זיך די גאַנצע מישפּאָכע אָפּגעשטעלט אין מאָסקווע און באַזוכט ערענבורגן.

איליאַ ערענבורג האָט זייער וואַרעם זיי אויפגענומען. זייער געשפּרעך האָט געדויערט לאַנג. ער האָט ווידעראַמאָל אויסגעפרעגט בא סאָפיע סעמיאָנאָוונען די פּראָטים פון אירע איבערלעבונגען און איר רעטונג בייס דער דייַטשישער אָקופּאַציע. איצט, אין העכער פערציק יאָר אַרום, דערמאָנט זיך מייַן פּאַציענט מאַיסיי סאָוועליעוויטש טשערנוכין, אַז איליאַ ערענבורג האָט געזאָגט, אַז ער קלייַבט מאַטעריאַל וועגן די רעציכעס פון די דייַטשישע פאַשיסטן מיטן ציל אָנשרייַבן וועגן דעם א בוך. דער שרייַבער האָט אַפילע דערציילט וועגן דעם אינהאַלט פונעם בוך. מייַן מיטשפּרעכער האָט פאַרגעדענקט צוויי עפּיזאָדן פון יענעם שמועס.

איליאַ גריגאָריעוויטש האָט דערציילט וועגן איינעם אַן אינזשעניער פון קורסק, וועלכער האָט אימיטירט א מעשוגענעם און האָט אַזוי־אַרום איבערגעלעבט די גאַנצע צייַט פון דער אָקופּאַציע, זייַענדיק אין שפּיטאָל. א צווייטער פאַל האָט פּאַסירט אין דאָנבאַס, אין א מישפּאָכע, ווו דאָס ווייַב איז געווען אַן אוקראַאינערין און דער מאַן א ייִד.

ווען דער קאַנט איז פאַרכאַפּט געוואָרן דורך די דייַטשן און די מישפּאָכע האָט ניט באַוויזן זיך עוואַקויִרן, האָט דאָס ווייַב, די אוקראַאינערין, באַהאַלטן דעם ייִדישן מאַן אין קעלער און האָט פאַרשפּרייט א ווערסיע, אַז דער מאַן איז אַוועק מיט דער רויטער אַרמיי. עס איז געווען שווער אים אויסבאַהאַלטן פון די קליינע צוויי קינדער, זיי זאָלן זיך ניט אַרויסכאַפּן פאַר קיינעם.

ווען דער פראָנט האָט זיך א רוק געטאָן צוריק, האָבן די דייַטשן אַרויסגעטריבן אַלע איינוווינער פון די הייַזער, זיי געטריבן אין די נאָענטסטע באַלקעס און וועלדער. ווען עס איז געקומען די באַפרייַונג און דאָס ווייַב האָט זיך אומגעקערט אין יישעוו, האָט זי דערזען, אַז איר שטוב איז פאַרברענט, און אינעם קעלער האָט זי געפונען דעם טויטן קערפּער פון איר מאַן, וועלכער איז דערשטיקט געוואָרן. צוויי יאָר האָט זי אויסבאַהאַלטן איר מאַן, און ער איז טראַגיש אומגעקומען אין טאָג פון דער באַפרייַונג.

צום באַדויערן, זייַנען די דאָזיקע פאַקטן און א סאַך ענלעכע פאַלן, וועלכע ערענבורג האָט אַקשאָנעסדיק געזאַמלט, ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרן. דער פּלאַנירטער בוך איז ניט אַרויסגעגעבן. ווייַזט אויס, אַז אין יענער צייַט האָט עמעצער ניט דערלויבט, מע זאָל שרייַבן וועגן דער טראַגעדיע פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט זיך געפונען אויף דער אָקופּירטער דורך די דייַטשן טעריטאָריע.

די קאָרעספּאָנדענץ צווישן איליא ערענבורגן און סאָפיע סעמיאָנאָוונען שטעלט, לויט מײַן מיינונג, מיט זיך פאָר א גרויסן אינטערעס אין אָט דעם פראט, ווײַל זי וועט צוגעבן נאָך איין שטריך צו דעם שרײַבערס גרויסמוטיקער און אומפשאָרעדיקער טעטיקײַט קעגן פאשיזם. איצט שרײַבט מען א סאך וועגן די „ווײַסע פלעקן" אין דער געשיכטע, ווען אייניקע פאקטן פון דער פארגאנגענהײַט זײַנען באוווּסטזיניק פארשוויגן געוואָרן.

מיר דורך זיך, אז צו די דאָזיקע „ווײַסע פלעקן" אין דער געשיכטע דארף מען פארעכענען דאָס פארשווײַגן דעם טראגישן גורל פונעם ייִדישן פאָלק אין די יאָרן פון דער דײַטשישער אָקופּאציע. אצינד, ווען פון די ארכיוון נעמט מען ארויס און עס ווערן פארעפנטלעכט א סאך מאטעריאלן, וועלכע זײַנען יאָרצענדליקער געווען ניט צוטריטלעכע, דארף מען א קלער טאָן וועגן א מעגלעכקײַט צו ארויסגעבן דעם „שווארצן בוך", וואָס עס האָט געזאמלט און געשריבן איליא גריגאָריעוויטש ערענבורג, דעם בוך, וועלכער איז געווידמעט דעם מאסן־מאָרד פון דער ייִדישער באפעלקערונג מיצאד די דײַטשישע פאשיסטן.

עס איז געקומען די צײַט אופצושטעלן דעם עמעס וועגן דער גוואלדיקער טראגעדיע פונעם ייִדישן פאָלק אין די יאָרן פון דער לעצטער וועלט־מילכאָמע, וועמענס הערלעכער אנאלן־שרײַבער איז געווען אונדזער גלענצנדיקער לאנדסמאן, דער גרויסער סאָוועטישער שרײַבער און פובליציסט איליא גריגאָריעוויטש ערענבורג.

**כאריטאָן בערמאן,**
דאָקטער־קארדיאָלאָג, וועטעראן פון דער גרויסער, פאָטערלענדישער מילכאָמע
(בעלאָצערקאָוו)

# כראָניק

## „שאָלעם אײַך" — א נײַע לענטע פון סאָוועטישע און דײַטשישע קינעמאטאָגראפיסטן

די מאָסקווער קינאָ־סטודיע אף גאָרקיס נאָמען אינײנעם מיט דער פירמע „כראָנאָס־פילם" (מײַרעוו־בערלין) פילמירן איצט א קינסטלעריש־פובליציסטיש קינאָבילד וועגן שאָלעם־אלייכעמען. דעם סצענארי פונעם פילם „שאָלעם אײַך" האָבן געשאפן דער קינאָ־רעזשיסער וו. דווינסקי און דער קיִעווער דראמאטורג, לאורעאט פון דער לענין־פרעמיע וו. קוזנעצאָוו.

די סאָוועטיש־דײַטשישע קינאָ־גרופע איז לעצטנס געווען אין ביראָבידזשאן. די אָביעקטן פון זייער ארבעט זײַנען דאָרט געווען דער געגנטלעכער קאנטקענטעניש־מוזיי, די געגנטלעכע פילהארמאָניע, דער ייִדישער פאָלקס־טעאטער, א לימעד פון ייִדיש אין דער אָרטיקער מיטלשול, די רעדאקציע פון דער צײַטונג „ביראָבידזשאנער שטערן" און אנדערע. פון ביראָבידזשאן פאָרן די קינעמאטאָגראפיסטן קיין ניו־יאָרק, ווו זיי וועלן זיך באגעגענען מיט שאָלעם־אלייכעמס אייניקל, דער באוווּסטער אמעריקאנער שרײַבערן בעל קאופמאן.

אין סענטיאבער 1989 פלאנירט די שעפערישע גרופע פארענדיקן די ארבעט און באווײַזן דעם קינאָפילם אײַנצײַטיק בא אונדז אין לאנד און אין מײַרעוו־דײַטשלאנד.

### אַן אויסשטעלונג אין ניו־יאָרק

דער ייִוואָ־אינסטיטוט אין ניו־יאָרק האָט אָרגאניזירט אַן אויסשטעלונג, ווו ס׳זײַנען פאָרגעשטעלט פילצאָליקע ייִדישע ביכער, זשורנאלן, צײַטונגען, פלוגבלעטלעך און פלאקאטן, אָפּגעדרוקטע אין רוסלאנד סײַ פאר דער רעוואָליוציע, סײַ אין די יאָרן פונעם סאָוועטישן פעריאָד, — אלטע ספאָרים, פארשיידנארטיקע אויסגאבעס פון די 20־ער — 80־ער יאָרן.

צווישן די עקספּאָנאטן זײַנען אויסגעשטעלט קינסטלערישע און וויסנשאפטלעכע ווערק, רעוואָליוציאָנערע פלאקאטן, אנטירעליגיִעזע בראָשורן פון די 20־ער יאָרן, דער נײַער ייִדישער אלעפבייס (1984 יאָר).

לויט דער דערקלערונג פון איינעם פון די אָרגאניזאטאָרן פון דער אויסשטעלונג, איז פאר פיל באזוכער אן אנטדעקונג צו דערוויסן זיך וועגן דער רײַכקײַט פון דער ייִדישער סאָוועטישער קולטור אין די 20־ער — 40־ער יאָרן און וועגן דער גרויסער ארבעט, וועלכע איז דורכגעפירט געוואָרן אין געביט פון מאָדערניזאציע און סטאנדארטיזאציע פון דער ייִדישער שפראך.

# דאָס געזאַנג פון איר געמיט

## (אדע סוועטלאָווע אין איר נײַער פּראָגראַם)

ווען מע הערט אויס אדע סוועטלאָוועס נײַע פּראָגראַם, קומט אױפן געדאַנק, אַז אַ ליד איז די טיפּסטע כאָכמע. די ייִדישע ליד איז געוואָרן דער זינגערנס באַרוף. מיט איר טרײַשאַפט דער פאָלקסליד פאַרדינט די אויספילערן פון ריגע אַ גרויסן קאָוועד. אדע סוועטלאָווע זינגט אין אַ ראַפינירטער אַקאַדעמישער מאַניר. זי קומט צו די פאָלקסלידער ווי אַ דערפאַרענער מײַסטער מיט אַן אַלגעמיינער וואָקאַלער אויסגעשולטקײַט, מיט אַן איידעלן מוזיקאַלישן געשמאַק. אַזאַ מאַניר אַנטשפּרעכט דעם געהער פונעם הײַנטצײַטיקן ליבהאָבער פון דער פאָלקס־מוזיק, וועלכער איז אַ מייוון אױף קאָלערליי מוזיק־סטילן און ריכטונגען. ס'איז אויך וויכטיק, אַז אַדאַנק דער נײַער אויספילונג־מאַניר פון פאָלקסלידער ווערן זיי צוטריטלעך צו די סאַמע שטרענגע מוזיק־קענער.

דאָס לעבן ענדערט זיך, און צוזאַמען מיטן לעבן בײַט זיך די נאַציאָנאַלע קונסט, פאַרהיטנדיק דערבײַ אירע אײגנטימלעכע מײַלעס. זי שאַפט אירע נײַע אויסדריקלעכע מיטלען און זוכט אויס אין אירע אייגענע טיפענישן דאָס אַלטע, וואָס ווערט פּלוצעם ווידער יונג. דער דאָזיקער קעסיידערדיקער גאַנג איז אַ באַווײַז פון לעבנספעיִקײַט. און אדע סוועטלאָוועס קונסט איז פון די דאָזיקע באַווײַזן — זי איז דעריבער הײַנטצײַטיק און פולבלוטיק.

אַזאַ צוגאַנג צום פאָלקלאָר איז שטענדיק געווען אייגנטימלעך פאַר דער קלאַסישער טראַדיציע, דעריין פאַר אדע סוועטלאָוועס שאַפונג. האַגאַם אין דער לעצטער פּראָגראַם זײַנען זיי געוואָרן נאָך בוילעטער. די נײַע פּראָגראַם שליסט אײַן אַן ערעך אָנדערהאַלבן צענדליק לידער. צווישן זיי — קינדער־לידער, וויגלידער, מאָדערנע שליאַגערס. דער זינגערנס רעפּערטואַר אַנטהאַלס אין זיך, ביכלאַל, לידער שיר ניט פון אַלע זשאַנרען פונעם פאָלקלאָר־געזאַנג. אין די פריערדיקע פּראָגראַמען האָט סוועטלאָווע געשאַפן עמעסע מוסטערן פון אויספילן לירישע און וויציקע לידער: „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען", „מאַרגאַריטקעס", „אַ כאָסידל" און אַנדערע. אויך דאָס מאָל האָבן וויל געקלונגען „דאָס גליק", „קוזינע", „לאָמיר זינגען, קינדערלעך". איצט האָט זיך דער זינגערנס טאַלאַנט אַנטפּלעקט אויך אין דער דראַמאַטישער און שטייגערישער ליד. דערפון איז אַן איידעס די אויספילונג פון „קויפט זשע פּאַפּיראָסן" און „מײַן שטעטעלע בעלץ". צוזאַמען מיט „באַ מיר ביסטו שיין", וואָס קלינגט באַ סוועטלאָווען אויסערגעוויינלעך איידל און ריין, זײַנען אָט די דרײַ לידער געוואָרן די זײַלן, אױף וועלכע עס האַלט זיך איר נײַע פּראָגראַם.

איר איצטיקע פּראָגראַם האָט מער אויסגענומען באַם אוילעם אַדאַנק דעם אָנטייל פונעם אַנסאַמבל „וויִא טערציִא" („אַ דריטער וועג"), מיט וועלכן עס פירט אָן דער באַגאַבטער מוזיקער שמועל כײַפעץ (קלאַרנעט און גאָבאָי). די אַנדערע אָנטיילנעמער פונעם אַנסאַמבל זײַנען: בירוטע ווייַוואָדע (פידל), יוריס גאַבראָווסקיס (אַלט) און יוריס לאַקוטיס (וויִאָלאָנטשעל), ווי אויך סוועטלאָוועס לאַנגיאָריקער קאָנצערט־מייסטער וולאַדימיר כאָכלאָוו (פּיאַנע). אין דער שפּיל פונעם אַנסאַמבל פילט זיך אַ פעסטער אַקאַדעמישער באָדן, אױף וועלכן עס שמעלצן זיך איבער דער ייִדישער פאָלקלאָר מיט די ריטמישע און אימפּראָוויזאַטאָרישע דזשאַז־עלעמענטן. „וויִא טערציִא" פילט אויס צוויי ייִדישע פאָלקס־ניגונים און עטלעכע מעלאָדיעס פון דזשערי באָקס באַרימטן מיוזיקל „דער פידלער אױפן דאַך", בעראָש מיט ש. כײַפעצן, וועלכער טראָגט אַרײַן אַ דינאַמישקײַט אין דער פּראָגראַם מיט זײַן געלונגענעם קאָנפעראַנס. ער דערציילט וועגן שאַגאַלן און דזשערי באָקן, וועגן דער געשיכטע פון די לידער, וועגן דעם טראַגישן גוירל פון די אסירים פון די ייִדישע געטאָס.

אדע סוועטלאָוועס נײַע קאָנצערט־פּראָגראַם ווערט געשלאָסן מיט דער ליד „איישעס־כאַיִל", וועלכע איז פול מיט „כאָכמע און כיין: ווער עס וועט הערן, דער וועט פאַרשטיין". איז הערט, און האָט האַנאָע!

טעוויע שקלאָווער

# מאזלטאָוו

עס קומט אונדז מאזלטאָוו! בעלצער און בעלצערנס, מאזלטאָוו!

— וואָס, איר האָט ניט געהערט?.. ייִנגלעך און מיידלעך, מענער און ווײַבער, באָבעס און זיידעס, — מאזלטאָוו!

— עס וועט שפּילן בא אונדז דער ייִדישער טעאַטער! א שיינע נײַס, א גרויסע סימכע. א פרייד.

בעקיצער, — מאזלטאָוו!

אין מעשעך פון גאנצע צען יאָר האָבן מיר, בעלצער, ניט געהאט קיין נאכעס צו זען א ייִדישן ספּעקטאקל, א ייִדישן קאָנצערט. שטעלט זיך פאָר — צען יאָר! עס האָט זיך געקאָנט דאכטן, אז ס׳וועט שוין ניט זײַן קיין צושויער.

פארקערט, צוויי וואָכן פאָרויס האָט מען ניט געקאָנט קריגן קיין איבעריקן בילעט. דרײַ טעג איז דער זאל געווען פול מיט אוילעם — רוסן, ייִדן, ציגײַנער, מאָלדאוואנער. בעעמעס, עכטע קונסט איז אינטערנאציאָנאל, זעקס ספּעקטאקלען — זעקס אנשלאגן! ערשטער ספּעקטאקל... ס׳ווערט פינצטער אינעם זאל... הייבט אָן צו קלינגען א ייִדיש פידעלע, און ס׳דאכט זיך, אז פון די טענער ווערט ליכטיק ניט בלויז אינעם זאל, נאָר אויך אין אונדזערע נעשאָמעס. אף דער בינע קלאפּט איין הארץ, אינעם זאל — דאָס אנדערע. וואָס פאר א קישעפמאכער האָט באצויבערט דעם אוילעם?

— די פאָלקס־קונסט.

מיט א כוידעש צוריק האָט א כאווער מיך געפרעגט, וויאַזוי איך מיין, — צי וועט נאָך לעבן דאָס ייִדישע וואָרט? כ׳האָב געענטפערט — ס׳וועט לעבן! הײַנט קאָן איך זאָגן, אז כ׳בין נאָך פעסטער געוואָרן אין מײַן מיינונג. דער פאָלקס־גײַסט איז אומשטערבלעך. איך וויל ניט באַרירן דאָ די פראגע וועגן מײַסטערשאפט פון דעם רעזשיסער, פון די שוישפּילער, פון דעם קאָמפּאָזיטאָר. יעדער טעאַטער האָט זײַן „טאם". נאָר וואָס וועט איר זאָגן וועגן טרערן אין די אויגן בא די, ווער עס האָט געזען די שרעקלעכע ליידן פון דער מילכאָמע, געזען און דעמלט ניט געוויינט?

אינעם שמועס מיט מיר האָט דער קינסטלערישער אָנפירער פונעם טעאַטער געזאָגט, אז ער און אלע שוישפּילער זײַנען געווען צופרידן צו ברענגען „מײַן שטעטעלע בעלץ" קיין בעלץ. און דער דערפאָלג פון די ספּעקטאקלען איז געווען אָפּהענגיק פון דעם לעבעדיקן קאָנטאקט, וועלכער ס׳האָט זיך אײַנגעשטעלט צווישן די שוישפּילער און די צושויער.

דרײַ טעג אין בעלץ איז געווען א גרויסער יאָמטעוו. דער זאל האָט געזונגען אינאיינעם מיט די שוישפּילער די באקאנטע ווערטער פון „מײַן שטעטעלע בעלץ", „לאָמיר אלע אינאיינעם".

לאָמיר זשע אלע צוזאמען אָפּהיטן דעם ריינעם קוואל פון דער פאָלקס־קונסט. מיר מוזן עס טאָן צוליב אונדזערע קינדער און אייניקלעך, צוליב דער סימכע, וואָס מאכט פולבלוטיק און גליקלעך דאָס לעבן.

מ י כ א ַ י ל פ ע ל ז ע נ ב א ו ם

# די ביבליאָטעק אַף דער פרונזע־גאַס

3־טע פרונזע־גאַס, הויז נומער 1. די ביבליאָטעק לויט דעם דאָזיקן אַדרעס איז דערווײַל נאָך ניט אַרײַנגעטראָגן געוואָרן אין קיין שום מאָסקווער „ספּראַוואָטשניק". געגרינדעט איז זי ניט לאַנג צוריק, אָבער וועגן איר ווייסן שוין פיל מאָסקווער טוישווים און געסט פון דער הויפּט־שטאָט, וועלכע ווילן זיך באַקאַנען מיט דער ייִדישער געשיכטע, ליטעראַטור, קונסט, דערוויסן זיך וועגן דעם אָנטייל פון די ייִדן אין דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, אין דער גרויסער פּאַטעריאָטישער מילכאָמע.

די ביבליאָטעק אַף דער 3־טער פרונזע־גאַס איז ניט אײַנגאַנצן קיין געוויינלעכע. זי אַרבעט אַף געזעלשאַפטלעכע יעסוידעס און איז אײַנגעאָרדנט אין דער דירע נומער 66, ווו עס וווינט דער פּאָלקאָווניק אין דעמיסיע יורי יאָסיפּאָוויטש סאָקאָל.

איך האָב פאַרפריִער זיך צונויפגערעדט מיט אים וועגן א באַגעגעניש. ס׳עפנט די טיר א מאָגערער, גראָווהאָריקער מאַנצבל פון א ספּאָרטיוון אויסזען.

יורי יאָסיפּאָוויטשעס דירע איז אַן אויסגעצייכנטע — אין איינעם פון די הײַזער, וועלכע די מאָסקווער רופן „גענעראַלישע", — הויכע סטעליעס, א געראַמער פּאָדערצימער. די ביבליאָטעק געפינט זיך אין א גרויסן צימער. אַף די פּאָליצעס — אַנדערהאַלבן טויזנט ביכער אַף ייִדיש, רוסיש, ענגליש, דײַטש, פּויליש, גרוזיניש און אַנדערע שפּראַכן.

גאַנץ ברייט איז פאָרגעשטעלט די ייִדישע קלאַסיק פון די פאַר־ און נאָך־רעוואָליוציאָנערע צײַטן: ווערק פון מענדעלע מויכער־ספאָרים, שאָלעם־אַלייכעם, פּערעץ מאַרקיש, דאָוויד בערגעלסאָן, איציק פעפער און אַנדערע.

ס׳ציט צו די אויפמערקזאַמקײַט די פילבענדיקע „ייִדישע ענציקלאָפּעדיע" אַף רוסיש, וואָס איז איצט א ביבליאָגראַפישע זעלטנהײַט, א בוך פונעם ייִדישן היסטאָריקער שימען דובנאָוו, רוסיש־ייִדישע און ייִדיש־רוסישע ווערטערביכער.

— נאַטירלעך, אַנדערהאַלבן טויזנט ביכער, — דאָס איז ניט קיין סאַך, — זאָגט סאָקאָל. — אָבער ס׳איז דאָך דער אָנהייב. פיל מענטשן ניט בלויז פון מאָסקווע, נאָר אויך פון אַנדערע שטעט פונעם לאַנד האָבן שוין אַרויסגעזאָגט גרייטקײַט צו שענקען אונדז ביכער. הייסט עס, אַז ס׳איז אַלץ פאָרויס...

— ווי־אַזוי איז בא אײַך געבוירן געוואָרן די אידיי צו שאַפן א געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעק?

— איך האָב אָנגענומען דעם דאָזיקן באַשלוס ערשט ניט לאַנג. מײַן לעבן איז דורכגעגאַנגען אין דער אַרמיי, איך בין אַלט 64 יאָר. די ייִדישע שפּראַך, צום באַדויערן, ווייס איך ניט. כ׳דערלערן זי. געלייענט א סאַך אין דער איבערזעצונג. שטענדיק זיך אינטערעסירט מיט דער געשיכטע, קולטור פון מײַן פאָלק. געקויפט ביכער, פיל האָט מען מיר געשענקט. עס האָט זיך פאַרוואָלט, אַז דאָס אַלץ זאָל דינען אויך אַנדערע מענטשן. איך ווייס אַליין — מעגלעכקײַטן זײַנען פאַראַן, האָב איך באַשלאָסן עפענען א געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעק — זאָלן מיט די ביכער זיך באַניצן וואָס מער לייענער.

בעשאַס אונדזער שמועס קלינגט דאָס גלעקל בא דער טיר, ס׳קומען לייענער.

— עס קומען געוויינלעך בערעך הונדערט מענטשן אין א וואָך, — זאָגט יורי יאָסיפּאָוויטש. — מע דערוויסט זיך וועגן דער ביבליאָטעק פון באַקאַנטע און פרײַנט. אַן אַנאָנס וועגן דער עפענונג פון דער ביבליאָטעק איז געווען אָנגעדרוקט אין דער מאָסקווער וואָכנשריפט „רעקלאַמאַ". קיינעם זאָג איך ניט אָפּ. עס זײַנען פאַראַן פרײַוויליקע ענטוזיאַסטן. זיי העלפן די לייענער אינעם צוקלײַבן ליטעראַטור, אין אויפראַמען דעם צימער.

די ביבליאָטעק האָט זיך געעפנט ניט לאַנג צוריק, אָבער ס׳זײַנען שוין געוואָרן טראַדיציאָנעל די לייענער־קאָנפערענצן, וואָס מיר פירן דורך. מיר באַהאַנדלען ווערק פון דער ייִדישער קלאַסיק, פון הײַנטצײַטיקע ליטעראַטן, וועלכע שרײַבן אַף ייִדיש.

באַנאַנד מיטן ביבליאָטעק־צימער געפינט זיך נאָך איינער, ווו ס׳איז אײַנגעאָרדנט א מוזיי. בא די ווענט — סטענדן, וואָס קערן אונדז אום צו דער שרעקלעכער צײַט פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, וואָס האָט צוגענומען לעבנס פון מיליאָנען מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, דערונטער 6 מיליאָן ייִדן. מײַן אויפמערקזאַמקײַט ציִען צו פאָטאָס פון פיר מענטשן — אַווראָם לעווין, יעפים בעלינסקי, יויסעף בומאַגין, טעוויע רײַז. ס׳איז באַקאַנט, אַז דעם העלדנטאַט פונעם גוואַרדייער אַלעקסאַנדער מאַטראָסאָוו, וועלכער האָט פאַרמאַכט מיט זײַן לײַב די אַמבראַזור פונעם פײַנטלעכן דזאָט, האָבן איבערגעכאַזערט בײַם דער גרויסער פּאַטעריאָטישער מילכאָמע העכער דרײַ הונדערט שלאַכטלײַט פון דער רויטער אַרמיי, פיר פון זיי — די אויבנדערמאָנטע ייִדן.

און אָט איז אַ פאָטאָ פון אַ יונגנמאַן אין אַ פילאָטקע אנטקעגן אַ האַלב־צעשטערט הויז. דאָס איז אי. כאַיט — איינער פון די פאַרטיידיקער פונעם לעגענדאַרן „פּאַוולאָוו־הויז" אין סטאַלינגראַד.

פונעם סטענד קוקט אַ שוואַרצהאָריק מיידל מיט אַ ברייטן שמייכל. דאָס איז די שרעקלאָזע קאָמיוגיסטקע טאַניע מאַרקוס — אַן אַקטיווע אָנטיילנעמערן אין קיִעווער אונטערערד. טאַניעס פאָטער יויסעף איז אומגעבראַכט געוואָרן אין באַבי יאַר, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז זיין טאָכטער ווערט קעמפן מוטיק מיטן סוינע, נעקאָמע נעמען אין די ראָצכים פאַרן בלוט און ליידן פון די סאָוועטישע מענטשן. אינעם יאָר 1943 איז טאַניע מאַרקוס אומגעקומען. די פאַשיסטן האָבן זי לאַנג געפּייניקט און, ניט דערשלאָגנדיק זיך פון איר קיין וואָרט, זי צעשאָסן.

מענטשלעכע גויראָלעס — גויראָלעס פון פעלקער... נאַטירלעך, אויף דער וועלט זיינען פאַראַן אַ סאַך געדענק־ערטער, געוועזענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. ווען מע באַזוכט זיי איצט, זעט מען מיט די אייגענע אויגן יענע גרויסע ראָע, וואָס רופט זיך פאַשיזם. אָבער אָט דער קליינער מוזיי, וואָס פאַרנעמט איין צימער אין דער דירע אויף דער 3־טער פרונזע־גאַס, לאָזט אויך ניט בלייבן גלייכגילטיק.

מיין באַזוך אין דער ביבליאָטעק און אינעם מוזיי גייט צום סאָף. איך דערלויב זיך פאַרגעבן אַ ניט באַשיידענע פראַגע:

— די דירע פאַרמאָגט דאָך בלויז צוויי צימערן, און ווּ וווינט איר, יורי יאָסיפאָוויטש?

— אין קיך, — ענטפערט ער. — איך בין אַ מיליטערמאַן, כ'בין געוווינט צו אַ ספּאַרטאַנישן אַרט לעבן. אַ טיש, אַ דיוואַן, בענקלעך און אַ גאַז־פּליטע — דאָס איז פאַר מיר גענוג.

יורי סאָקאָל דערציילט וועגן די ווייטערדיקע פּלענער:

— איצטער האָבן מיר אָנגעגעבן אַ מעלדונג אין מאָסקווער סאָוועט מיט אַ באַקאָשע צוטיילן פאַר אונדז אַן אָפיציעלן סטאַטוס.

אויפן אַנדערן טאָג האָב איך געהאַט אַ שמועס מיטן שטעלפאַרטרעטער פון דער קולטור־פאַרוואַלטונג פון מאָסקווער אויספּירקאָם וו. אָ. בעליקאָוו. דער געשפּרעך האָט געדויערט גאַנץ לאַנג. דער מיטשמועסער האָט דערמאָנט וועגן דעם, אַז איצטער, ווען אינעם לאַנד קומט פאָר אַ באַנייִונג פונעם גייסטיקן לעבן, דאַרף מען, פאַרשטייט זיך, אויף קאָלערליי אויפנים באַגריסן דאָס שאַפן נאַציאָנאַלע קולטור־געזעלשאַפטן. ער האָט אויך דערמאָנט וועגן דער ספּעציעלער רעזאָליוציע פון דער XIX אַלפאַרבאַנדישער פּאַרטיי־קאָנפערענץ „וועגן צווישנפאַציאָנאַלע באַציִונגען". אין איר איז, צווישן אַנדערס, געזאָגט געוואָרן: „עס איז נייטיק אַרויסצווייזן זאָרג, אַז די נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע וווינען אויסער די גרענעצן פון זייערע מעלוכיש־טעריטאָריעלע אויסבילדונגען, אָדער פאַרמאָגן זיי ניט, זאָלן באַקומען מער מעגלעכקייטן צו רעאַליזירן די נאַציאָנאַל־קולטורעלע באַדערפענישן, באַזונדערס אין דער ספערע פון בילדונג, קאָנטאַקטן, פאָלקסשאַפונג, ווי אויך שאַפן נעסטן פאַר נאַציאָנאַלער קולטור".

— פּרינציפּיעל זיינען מיר פאַר דער שאַפונג אין מאָסקווע פון אַ ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט, — זאָגט וו. בעליקאָוו. — אָבער מע דאַרף באַהאַנדלען די דאָזיקע פראַגע פון אַלע זייטן, ס'זיינען פאַראַן ניט ווייניק פּראָבלעמען, איינגעשלאָסן פינאַנסיעלע.

די דאָזיקע שורעס ווערן געשריבן אין דער מיט פון אויגוסט, און ס'איז מעגלעך, אַז ווען דער לייענער וועט באַקומען אָט דעם נומער פונעם זשורנאַל, וועט די פראַגע זיך אויסקלאָרן.

**ר ו ב ע ן  ש י ר י נ י א ן,**
קאָרעספּאָנדענט פון טאַסס (ספּעציעל פאַר „סאָוועטיש היימלאַנד"), מאָסקווע

אין לייענזאַל פון דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכער ביבליאָטעק



פּאָטאָ — **י ע. ש אַ ר נ ש ט י י ן**

## געשאַפן אַ נײַע קולטור־געזעלשאַפט

אַ געזעלשאַפט פון פרײַנט פון ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור אַף שאָלעם־אַלייכעמס נאָמען איז געשאַפן געוואָרן אין לוואָוו אונטער דער עגידע פון די געגנטלעכע אָפּטיילונגען פונעם קולטור־פאָנד און פון דעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון פּססר.

בלויז אַף די אַרכיוו־פאָטאָגראַפיעס און פאַרצײַטיקע גראַווירן האָבן זיך פאַרהיט די פּראַכטפולע געבײַען פון סינאַגאָגעס, רײַכע ביבליאָטעקן און מוזיי־קאָלעקציעס פון די ווערק פון דער אייגנאַרטיקער ייִדישער קולטור, וועלכע זײַנען אין דער פאַרמילכאָמע־צײַט געווען ניט ווייניק אין די מײַרעוו־אוקראַיִנישע קאַנטן.

די היטלעראָווצעס האָבן צעראַבעוועט אָט די אַלע אוצרעס, און די מערהײַט אוניקאַלע געבײַען זײַנען רויִנירט געוואָרן. די דאָזיקע טראַגישע געשעענישן האָבן באַקומען אַן אָפּשפּיגלונג אין די מאָלערישע לײַוונטן פון מיכאַיִל לישטשינער און אין דער גראַפיק פון שימען גרוזבערג. זיי זײַנען פאָרגעשטעלט געוואָרן אַף דער אויסשטעלונג, וואָס האָט זיך געעפנט אין דער געבײַדע פונעם מוזיי „אַרסענאַל" אין צוזאַמענהאַנג מיטן אָרגאַניזירן די געזעלשאַפט. די אויסשטעלונג איז אויך אָנגעשלאָסן אין דער ייִדישער קולטור־פּראָגראַם אַפן יאָמטעוו פון דער שטאָט („טאָג פון לוואָוו־88").

— פאַר דער לעצטער צײַט, — דערציילט דער ייִדישער שרײַבער אַ. ליזען, — האָט מערקבאַר זיך געהעכערט דער אינטערעס צו דער ייִדישער קולטור ניט נאָר מיצאַד די ייִדן, נאָר אויך פון פאָרשטייער פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע לעבן אין שטאָט. צום בײַשפּיל, דער אוקראַיִנער יאַ. פּאָלאָטניוק, אַ מיזרעך־קענער לויט דער ספּעציאַליטעט, פירט אָן מיט דער סעקציע פון אָפּהיטן דענקמעלער.

אַ היפּשע צאָל מישפּאָכעס האָבן אַרויסגעוויזן אַ פאַרלאַנג, אַז זייערע קינדער זאָלן דערלערנען אין די שולן די ייִדישע שפּראַך און ליטעראַטור.

ק. טשאַוואַגאַ,
קאָר. פון טאַסס.
לוואָוו

## אין דער הויפּטשטאָט פון דער באַשקירישער אווטאָנאָמער רעפּובליק

אין אופאַ, וווּ די ייִדישע באַפעלקערונג ציילט אָן אַן ערעך צוויי טויזנט מענטשן, איז באַם קולטור־פּאַלאַץ „יובילייני" געשאַפן געוואָרן אַ קלוב פאַר ליבהאָבער פון דער ייִדישער קולטור. דער קלוב שטאַט אויס אַ ביבליאָטעק פון ייִדישער ליטעראַטור, פירט דורך לימודים אַף צו דערלערנען ייִדיש. עס איז טעטיק אַ גרופּע פון קינסטלערישער זעלבסטטעטיקײַט.

אַלס גרונט־פאָרם פון דער קלוב־אַרבעט וועלן פּראַקטיקירט ווערן טעמאַטישע אָוונטן, געווידמעט פאַרשיידענע פראַגן פון דער ייִדישער קולטור. אַף ווײַטער איז פאַרפּלאַנירט צו פאַרברייטערן די ספערע פון דער טעטיקײַט, שטעלנדיק אַפן טאָג־סיידער אויך אייניקע פראַגן פונעם סאָציאַלן לעבן פון דער היגער ייִדישער באַפעלקערונג. ס'איז, לעמאָשל, אָנגעמערקט צו עפענען באַם קלוב אַ קאַפע פון ייִדישע מײַכאָלים.

## טעוויע רעדט אַף גרוזיניש

בײַס די גאַסטראָלן אין קעשענעוו האָט דער טביליסער מעלוכישער מוזיקאַלישער טעאַטער אַף װ. אַבאַשידזעס נאָמען געוויזן דעם ספּעקטאַקל „דער פידלער אַפן דאַך" לויט שאָלעם־אַלייכעמס גרעסערער דערציילונג „טעוויע דער מילכיקער". דער אָנפירער פונעם ספּעקטאַקל איז דער באַוווסטער גרוזינישער רעזשיסער, פאָלקס־אַרטיסט פון פּססר ג. לאָרדקיפּאַנידזע.

---

## הערש אינגער



אילוסטראַציע צו
שאָלעם־אַליכעמס ראָמאַן
„סטעמפעניו"



פּאָרטרעט פון אַלבערט איינשטיינען



איליוסטראַציע צו שאָלעם-אַלייכעמס
דערציילונג „גאָלדשפּינערס"



איליוסטראַציע צו י.-ל. פּערעצעס
דערציילונג „רייזע-פאַרצייכענונגען"

# מע דארף זיך אָפּזאָגן פון שעדלעכע סטערעאָטיפּן!

דעם 22־טן יון 1988 האָט די ווילנער צײַטונג «Вечерние новости» („אָוונט־נײַס״ — גייט ארויס אין ליטוויש און אין רוסיש) פארעפנטלעכט אן ארטיקל, געווידמעט דעם 47־טן יאָרטאָג פונעם היטלעריסטישן אָנפאל אף דעם סאָוועטנפארבאנד. צווישן אנדערע פאקטן איז דאָ דערמאָנט געוואָרן, אז 12 קריגסלײַט פון דער 16־טער ליטווישער שיסער־דיוויזיע זײַנען באערט געוואָרן מיט דער העכסטער באלוינונג — מיטן טיטל העלד פונעם סאָוועטנפארבאנד. עס זײַנען איבערגערעכנט געוואָרן די העלדן, אָבער ניט 12, נאָר גאָר 10 פאמיליענעמען. עס זײַנען ניט אָנגערופן געוואָרן די העלדן פונעם סאָוועטנפארבאנד וואָלף ווילענסקיס און קאלמאן שוראס — צוויי ייִדישע קריגסלײַט, וועלכע האָבן אין די גרויזאמע טעג פונעם גרויסן פאָטערלענדישן קריג בעמעס זיך אויסגעצייכנט אפן פראָנט מיט מוטיקײַט אין קאמף קעגן פאשיזם.

אף אָט דעם ווידערשפרוך אינעם ארטיקל האָט אופמערקזאם געמאכט דער רעדאקציע פון דער צײַטונג דער ווילנער זשורנאליסט יאקאָוו ראדיס — זײַן בריוו איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער זעלבער צײַטונג דעם 1 יול 1988.

ניט לאנג צוריק האָב איך באזוכט אין ווילנע דעם רעוואָליוציע־מוזיי פון דער ליטווישער ססר און זיך איבערצײַגט, אז פון די עקספּאָזיציע־סטענדן זײַנען באזײַטיקט געוואָרן וו. ווילענסקיס און ק. שוראסעס פאָטאָגראפיעס. אין דעם היסטאָריש־עטנאָגראפישן מוזיי האָט געפעלט נאָר ווילענסקיס פאָטאָגראפיע. מאכמעס א „פארזען״ איז שוראסעס פאָטאָגראפיע געבליבן אפן סטענד ניט אָנגערירט.

אין צוזאמענהאנג מיט דעם מוז מען זאָגן, אז סײַ פון ווילענסקיסן, סײַ פון שוראסן האָט קיינער ניט אָפּגענומען דעם ערנטיטל העלד פונעם סאָוועטנפארבאנד.

די גאנצע סיבע, צוליב וועלכער די ביידע העלדן ווערן דיסקרימינירט, איז א גאנץ פּאָשעטע: זיי האָבן אין שײַכעס מיט פאמיליען־אומשטאנדן עמיגרירט קיין ייִסראָעל. אין דעם פאל פון אזא דיסקרימינאציע האָבן מיר צו טאָן מיט א שעדלעכער פראקטיק פון סטאלינס צײַטן און פונעם סטאגנאציע־פעריאָד, ווען יעדערער, וואָס פארלאָזט דעם סאָוועטנפארבאנד, ווערט גלײַך, אָן קיין שום דערווײַזונגען, פראָקלאמירט אלס סוינע מיט אלע אנטשפּרעכיקע קאָנסעקווענצן.

אָבער הײַנט, אין דער צײַט פון איבערבויונג און עפנטלעכקײַט, ווען מיר קוקן איבער אונדזערע שטעלונגען בענעגייע פיל געוווינשאפטלעכע באגריפן, זעען מיר שוין גאנץ אָפט גאָר אן אנדער צוגאנג. צום בײַשפּיל, דער באוווסטער רעזשיסער יו. ליובימאָוו, וועלכער האָט עמיגרירט פונעם סאָוועטנפארבאנד און וועמענס נאָמען מע האָט נאָך גאָר ניט לאנג ניט געטאָרט דערמאָנען אין דער פרעסע, איז אף א געוויסער צײַט צוריקגעקומען קיין מאָסקווע און אף דער בינע פון טעאטער אף טאגאנקע געשטעלט די דראמע „באָריס גאָדונאָוו״. אין די קינאָ־טעאטערס ווערן ווידער דעמאָנסטרירט פילמען, וועלכע ס׳האָט געשאפן דער קינאָ־רעזשיסער א. טארקאָווסקי. ער האָט אויך אין זײַנערצײַט געהאט פארלאָזט זײַן היימלאנד. אין אונדזערע זשורנאלן לייענען מיר שוין די לידער פון אן אנדער עמיגראנט — י. בראָדסקי. דעם 10 יון 1988 איז אין דער ליטווישער שטאָט קאונאס פײַערלעך געעפנט געוואָרן א בילדער־אויסשטעלונג פון ייִדישע קינסטלער פון ליטע, אף וועלכער עס זײַנען עקספּאָנירט געוואָרן אויך קונסטווערק פון געוועזענע סאָוועטישע בירגער, עמיגראנטן ס. ראָזין, ר. כוואָלעס, נ. אלפערט, ל. מערגאשילסקי, ר. קרוקײַטע און אנדערע. אזעלכע בײַשפּילן זײַנען פאראן הײַנטצוטאָג זייער פיל.

איך צווייפל ניט, אז עס וועלן מיט מיר זײַן מאסקים די וועטעראנען פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע, אז מע טאָר ניט אויסמעקן פון זיקאָרן וו. ווילענסקיס און ק. שוראסעס העלדנטאטן. זייערע פאָטאָגראפיעס מוזן ווידער פארנעמען א בעקאָוועדיק אָרט אין די עקספּאָזיציעס פון מוזייען, און זייערע נעמען — אין פובליקאציעס.

ס׳איז געקומען די צײַט קאטעגאָריש זיך אָפּזאָגן פון פארעלטערטע שעדלעכע סטערעאָטיפּן און אומקערן דער געזעלשאפט די נעמען פון העלדן, פון וועלכע מע האָט זיך אָן קיין גרונט אָפּגעזאָגט. אזא שריט וועט פולשטענדיק אנשפּרעכן דעם היסטאָרישן עמעס, צו וועלכן מיר שטרעבן הײַנט מיט אזא גרויס אקשאָנעס.

יעווסיי יאצאָווסקיס,
קאנדידאט פון היסטאָרישע וויסנשאפטן,
פארדינסטפולער יוריסט פון דער ליטווישער ססר



# אין שטעטל אושאטשי

וועגן די געשעענישן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע זײַנען אָנגעשריבן א סאך ביכער, סײַ קינסטלערישע, סײַ דאָקומענטאלע. אָבער מיר, פונעם יונגן דאָר, וועלכע זײַנען אויסגעוואקסן אין די גרויסע הײַנטצײַטיקע שטעט, קאָנען ניט צומאָל, לייענענדיק די ביכער, דערפילן דעם גאנצן טראגיזם פון יענע יאָרן. ס'איז נייטיק באזוכן די ערטער פון שלאכטן און מענטשן־עקזעקוציעס, אויסהערן דערציילונגען פון די לעבעדיק געבליבענע, קעדיי דערפילן די דירעקטע גײַסטיקע פארבינדונג מיט דעם, וואָס איז שוין געוואָרן געשיכטע...

פאָריקן זומער האָב איך באזוכט דעם יישעוו אושאטשי, וויטעבסקער געגנט. ביז דער מילכאָמע איז אושאטשי געווען א יידיש שטעטל. דאָס הייסט אָבער ניט, אז דאָרט האָבן געלעבט בלויז יידן, זיי האָבן אָבער צוגעגעבן דעם יישעוו אַן אייגנארטיקן קאָלאָריט. איצט זײַנען דאָרט קיין יידן פראקטיש ניט געבליבן — סאכאקל 5 מענטשן פון דרײַ טויזנט.

אושאטשי האָט אויפגעהערט צו זײַן א יידיש שטעטל אין מעשעך פון איין טאָג — דעם 14־טן יאנוואר 1942. אין אָט דעם טאָג האָבן די פאשיסטן ארויסגעפירט די גאנצע באפעלקערונג פון דער געטאָ, וועלכע איז באשטאנען פון אכט הײַזער אפן ראנד פונעם יישעוו, מע האָט זיי דורכגעפירט איבער דער פארשנייטער גאס און צעשאָסן הינטער דעם רוסישן בעסוילעם.

עמעצער פון די פארורטיילטע אסירים פון דער געטאָ האָט, פאָרויסזעענדיק זײַן גוירל, אָנגעשריבן אף דער וואנט פון א הויז: „קינדער, מיר ליגן אין דער ערד, ווען איר וועט קומען — נעמט נעקאָמע פאר אונדז!". ער האָט געהאָפט, אז די קינדער, וואָס זײַנען אוועק אפן פראָנט, וועלן דורכלייענען דעם אויפשריפט. די רויטע ארמיי איז אָבער געווען נאָך ווײַט. די ערשטע מענטשן, וועלכע האָבן דורכגעלייענט דעם אויפשריפט, זײַנען געווען די יידן פונעם שטעטל קובליטשי (מע האָט זיי געבראכט צו פירן קיין אושאטשי אין עטלעכע טעג ארום). זיי האָבן געענטפערט אפן רוף פון די שוין אומגעקומענע אף זייער אייגענעם אויפן — ערעוו דעם טאָג פון דער צעשיסונג האָבן זיי אונטערגעצונדן די געטאָ. פון די קובליטשער יידן האָט זיך געראטעוועט נאָר איינער.

קימאט קיינער פון די אושאטשער יידן, וועלכע זײַנען געווען אפן פראָנט אָדער אין עוואקואציע, האָט זיך ניט אומגעקערט אף די כורוועס. דאָס אלטע יידישע אושאטשי איז איצט צעוואָרפן איבערן גאנצן לאנד. אָבער דער יישעוו אושאטשי האָט פאר זײַנע געוועזענע אײַנוווינער אָפּגעהיט די צוציִונגס־קראפט — דאָס איז דאָך זייער ערד, די ערד פון זייערע אָוועס, דאָס אָרט, ווו זייערע אָוועס זײַנען געבראכט געוואָרן צו קווורע.

מיכאיל סעמיאָנאָוויטש ווערנאָוו (א פענסיאָנער, וווינט איצט אין פּאָלאָצק) איז געווען דער ערשטער ייד, וועלכער איז געקומען קיין אושאטשי נאָך דער באפרײַונג אין 1944. קעדיי פעסטשטעלן גענוי, ווו עס זײַנען באגראָבן זײַנע לאנדסלײַט און אייגענע, איז ער אף די קני געקראָכן איבערן אָרט פון דער צעשיסונג און אויסגעשמעקט דעם באָדן. און ער האָט די גרוב געפונען — לויטן רייעך, וואָס איז געגאנגען פונעם באָדן. איצט שטייט דאָרט א דענקמאָל.

און אָט בין איך אין אושאטשי צווישן די געוועזענע אײַנוווינער פונעם יישעוו. פיל מענטשן זײַנען געקומען פון פּאָלאָצק, מינסק, לענינגראד, קאָוונע, טאשקענט, עטלעכע — מיט זייערע קינדער און אייניקלעך. עס האָבן זיך פארזאמלט א מענטשן פערציק. מיר זײַנען געגאנגען צום ברידער־קייווער איבער דעם זעלבן וועג, איבער וועלכן עס זײַנען געגאנגען די אסירים פון דער געטאָ אין 1942. מיר האָבן געבראכט אין אָרדענונג דעם דענקמאָל און די בלומען־בייט. א באשיידענער טרויעריקער מיטינג. עס זײַנען געזאָגט געוואָרן געהעריקע פאר אזא מאָמענט ווערטער. אַן עלטערער ייד פון פּאָלאָצק האָט דורכגעלייענט קאדיש. ער האָט געלייענט די טפילע פון א קלייניק סידערל און געוויינט. א סאך פון די בײַוועזנדיקע האָבן אויך געוויינט...

אף די פאָטאָגראפיעס זעט מען די טרויעריקע צערעמאָניע אין אושאטשי, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 2 אווגוסט 1987. מיר פירן דורך קייוועראָוועס יעדן יאָר אינעם ערשטן זונטיק פון אווגוסט.

אלעקסאנדער פרענקעל
(לענינגראד)



באם ברידער־קייווער אין אושאטשי



פאָטאָס — פונעם אווטאָר

אין משך פון א וואָך צײַט, פונעם 10־טן ביזן 18־טן סעפּטעמבער, זײַנען יעדן טאָג אין די פּאַוויליאָנען פון דער ווד נ כ (Вы-ставка достижений народного хозяйства — אויסשטעלונג פון די דער־גרייכונגען פון דער פאָלקסווירטשאַפט) פון פּסר פאָרגעקומען מאַסן־באַגעגענישן מיט די רעדאַקציעס און רעדקאָלעגיעס פון די צענט־ראַלע פּעריאָדישע אויסגאַבעס. די אײַנגעאָרדנ־טע מיצאַד דעם מעלוכישן פאַרלעגערישן קאָ־מיטעט יאָמטעווודיקע באַגעגענישן מיט די כאַ־שעווסטע, אמערסטן פּאָפּולערע זשורנאַלן „נאָווי מיר", „אָגאָניאָק", „זנאַמיאַ", „יונאָסט", „אָק־טיאַבר" אאַ. האָבן צוגעצויגן גרויסע אאַודיטאָ־ריעס לייענער און טוער פון דער ליטעראַטור און קונסט.

לויט דער פּראָגראַם איז דער טאָג פאַר „סאָוועטיש היימלאַנד" אָנגעמערקט געוואָרן דעם 16־טן סעפּטעמבער. אין ראַכוועסדיקן קאָנ־פערענץ־זאַל, ווו דער שמועס האָט געדאַרפט פאָרקומען, האָבן זיך לאַנג פאַרן אָנהייב צו־נויפגענומען היפּשע רעדלעך מענטשן, וועלכע האָבן לעבהאַפט געשמועסט צווישן זיך, באַ־קוקנדיק דעם רײַכן סטענד פון אונדזער זשור־נאַל. אַנדערע, וואָס האָבן נאָך ניט באַוויזן אויסשרײַבן „סאָוועטיש היימלאַנד" אויפן קומענ־דיקן 1989 יאָר, האָבן זיך באַניצט מיט דער געלעגנהייט און טאַקע דאָ באַם טיש מיט דער זשורנאַל־רעקלאַמע זיך אָבאָנירט.

שוין אין אָנהייב פון דער באַגעגעניש האָט זיך אײַנגעשטעלט א גוטמוטיקע, נאַטירלעכע באַהעפטונג צווישן דעם פאַרזאַמלטן עולעם מיט די שעפער און פאַרלעגער פון „סאָוועטיש היימלאַנד". נאָך א קורצן אַרײַנפיר־וואָרט פונעם פאַראַנטוואָרטלעכן סעקרעטאַר פון דער רעדאַק־ציע יוסף שוסטער וועגן דער טעטיקײַט פון דער פּאָפּולערסטער באַ אונדז און אין אויסלאַנד יידישער ליטעראַרישער צײַטשריפט, אַרום וועל־כער עס האָט זיך פאַר העכער א פערטל יאָרהונ־דערט פון איר עקזיסטענץ קאָנסאָלידירט א פילצאָליקער אַקטיוו שרײַבער, קולטור־טוער, ליבהאָבער פונעם יידישן געדרוקטן וואָרט, האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט אַן אינטערעסאַנטער מיינונגס־אויסטויש.

דער רעדקאָלעגיע־מיטגליד פון „סאָוועטיש היימלאַנד" הערשל פּאָליאַנקער האָט גע־רעדט וועגן דעם מאַצעוו פון דער הײַנטצײַטי־קער סאָוועטישער ליטעראַטור און וועגן די שווערע פאַרלוסטן, וואָס זי האָט געליטן בעשאַס דעם סטאַלין־קולט. ער האָט אויך מיטגעטיילט וועגן דער אויפלעבונג פון דער יידישער קול־טור אין קיִעוו, באַזונדערס וועגן דער אַנט־שטייונג אין דער הויפּט־שטאָט פון אוקראַיִנע פון צוויי יידישע עסטראַדע־קאָלעקטיוון.

א נײַעם מאָטיוו האָט אַרײַנגעבראַכט אינעם שמועס דער מיטגליד פון דער רעדקאָלעגיע און רעדאַקטאָר פונעם יאָרבוך אין רוסיש „גאָד זא גאָדאָם" אַלעקסאַנדער טווערסקאָי. דער עולעם האָט אויסגעהערט אַן איבערזיכט וועגן די שוין דערשינענע ביז אהער דרײַ נומערן, ווי אויך וועגן דעם פערטן באַנד, וואָס ווערט אינגיכן אַרויס פון דרוק. דער רעדנער האָט מיטגעטיילט די בײַוויזנדע דעם פאַרלויפיקן אינהאַלט פונעם יאָרבוך „גאָד זא גאָדאָם" נומ. 5, 1989, אין וועלכן עס וועלן אַרײַנגיין די רו־סישע איבערזעצונגען פון שאָלעם־אַלייכעמס ראָמאַן „דער בלוטיקער שפּאַס", פון יוסף ראַבינס ראָמאַן „אין יענעם יאָר", פון דערציי־לונגען פון די יונגע יידישע פּראָזאיקער גע־נאַדי עסטרײַך און מיכאַיל פעלזענבאַום. ס'וועט אויך געגעבן אַן איבערבליק פון יידישע, רוסישע, אוקראַיִנישע הײַנטצײַטיקע דיכטער (יעווגעני יעווטושענקאָ, באָריס סלוצקי, מיכאַיל לוואָוו, אַרן ווערגעליס, דמיטראָ פּאַווליטשקאָ). אייניקע זייערע לידער האָט אַלעקסאַנדער טווערסקאָי פאַרגעלייענט צום שלוס פון זײַן אַרויסטרעטונג, צווישן זיי יע. יעווטושענקאָס „באַבי יאַר".

אויף דער באַגעגעניש זײַנען אַרויסגעטראָטן די פאַרוואַלטערס פון אָפּטיילן אין זשורנאַל, דער דיכטער באָריס מאַגילנער, דער יונגער פּראָזאיקער גענאַדי עסטרײַך, ווי אויך די אַק־טיווע אַוטאָרן — דער ליטעראַטור־פאָרשער, דאָקטאָר פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן אוראַן גוראַלניק, דער פּראָזאיקער יוסף בורג.

אין גאַנג פונעם שמועס זײַנען פאָרגעבן געוואָרן פילצאָליקע פראַגן וועגן די צילן און אויפגאַבן פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" אין שײַכעס מיט די פּראָבלעמען, וואָס ווערן אַרויסגערוקט אין דער באַנײַונגס־צײַט פון דער פּערעסטראָיקע און גלאַסנאָסט.

די באַגעגעניש פון „סאָוועטיש היימלאַנד" מיט די מאָסקווער לייענער האָט זיך פאַרענדיקט מיט א קאָנצערט פון דער סאָליסטקע פונעם מאָסקאָנצערט מאַרינע בוכינא אין דער מוזיקאַ־לער באַגלייטונג פונעם פּיאַניסט־קאָנצערטמייס־טער דאַוויד אשקענאַזי. עס איז אויך אַרויסגע־טראָטן א גרופּע יונגע אויספילער פון יידישער מוזיק און יידישע פאָלקסלידער אונטער דער אָנפירונג פון פאָלינע בעליאַווסקאַיאַ.

י. פײַווּסאָויטש



עס טרעט ארויס דער מיטגליד פון דער רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" אַלעקסאַנדער טווערסקאָי

דאָ קאָן מען זיך אבאָנירן אפן זשורנאַל



אינעם צושויער־זאַל






•

Єврейський театр-студія «НИГУНЫМ» кооперативу «Пегас» оголошує набір у вокальну, танцювальну, оркестрову (кларнети) та групу по вивченню єврейської мови. Довідки по тел. 418-03-74 (з 18 до 21 год.).

•

Комплексний кооператив «ПЕГАС» оголошує набір у групу по вивченню єврейської мови. Курс навчаня три місяці. Початок занять — з 1-го жовтня. Довідки по тел. 558-83-75, 550-72-09 (з 10 до 20 год.).

■




•

**Кишиневский городской отдел народного образования** организует курсы по обучению еврейского языка (идиш) для взрослого населения и учащейся молодежи.

Занятия для взрослых проводятся два раза в неделю в вечернее время, для учащихся — в дневное (свободное от учебы) время.

Обучение бесплатное.

Запись на курсы ежедневно (кроме выходных) с 15.00 до 20.00 по 25 августа в помещении средней школы № 56 (ул. Горького, 53).

Справки по телефону: 22-96-83 (звонить в вечернее время).

**РИЖСКАЯ РЕКЛАМА**



**КАК ИЗУЧИТЬ ЯЗЫК БЫСТРО!**
**Для этого следует обратиться в**

**КООПЕРАТИВ «ВЕРНИСАЖ»**

**ПРЕДЛАГАЕТ ИЗУЧЕНИЕ ЛАТЫШСКОГО, АНГЛИЙСКОГО, ЕВРЕЙСКОГО языков ЭКСПРЕСС-МЕТОДОМ.**

**Обращаться: ул. Вейденбаума, 1/3.**

Латвийское рекламное агентство

---

מעלדונגען אין די ריגער, קיִעווער און
קעשענעווער צײַטונגען וועגן דערלערנען
די ייִדישע שפּראַך

# Самоучитель еврейского (идиш) языка

## זעלבסטלערער פון יִידיש

## Урок VIII — לימעד אכט

**Грамматика.** Вопросительные предложения.

Вопросительные слова.

**Словообразование.** Значение приставочных слов (продолжение)

### Вопросительные предложения

### ГРАММАТИКА

Вопросительные предложения могут выражать общие вопросы и специальные вопросы.

Общими вопросами называются такие, на которые можно ответить «да!» или «нет». Например:

— דער צוג פאָרט באלד אָפּ? — יאָ, (ער פאָרט ׳אָפּ)

— ניין, (ער פאָרט נאָך ניט ׳אָפּ)

По своему построению (порядку слов) общие вопросы не отличаются от соответствующих повествовательных предложений. Значение вопроса передается в устной речи вопросительной интонацией, а на письме — вопросительным знаком. Сравните, например, повествовательное и вопросительное предложения:

«Ты идешь домой.» — דו גייסט אה׳יים.

«Ты идешь домой?» — דו גייסט אה׳יים?

Общие вопросы могут начинаться вопросительными частицами [ци] — «ли», [нит шойн же] — «неужели», вводным словом [э́фшэр] — «быть может», «авось».

1) Умеет ли он уже читать? — 1) צי קען ער שוין ל׳ייענען?

2) Неужели он этого не понимает? — 2) ניט שוין זשע פארשט׳ייט ער דאָס ניט?

3) Быть может, ты сегодня зайдешь ко мне? — 3) ׳עפשער ק׳ומסטו הײַנט צו מיר?

Специальные вопросы имеют целью выяснение какого-либо факта или обстоятельства. Они относятся не ко всему предложению, а к одному из его членов и начинаются с какого-либо вопросительного слова, после которого стоит глагол.

— ווען פ׳אָרסטו קיין מ׳אָסקווע? (— הײַנט...)

— ווער פאָרט מיט דאר? (— כ׳אִים, ס׳אָניע...)

Запишите и запомните наиболее употребительные вопросительные слова.

| | |
|---|---|
| кто? | ווער? |
| что? | וואָס? |
| 1. Кого? 2. Кому? | וו׳עמען? |
| чей? чья? чьё? чьи? | וו׳עמענס? |
| где? | ווּ? |
| куда? | ווּה׳ין? |
| откуда? | פונוו׳אנען? |
| когда? | ווען? |
| с каких пор? | פון ווען ׳אָן? |
| до каких пор? | ביז ווען? ביזוו׳אנען? |
| как долго? | ווי לאנג? |
| как часто? | ווי אָפט? |
| как? | ווי? |
| каким образом? | ווּ׳אז׳וי? |
| почему? | פארוו׳אָס? |
| ради чего? | צול׳יב וואָס? |
| зачем? | צו וואָס? |
| сколько? | וויפל? |
| который (*по порядку*) | דער וו׳יפלטער? |
| который? которая? которое? (*из многих других*) что за? (*к существительному единственного числа*) | וו׳עלכער? וו׳עלכער? וו׳עלכ(ע)ס? |

| | |
|---|---|
| (что за книгу читаешь?) что за? (*к существительным множественного числа*) | וו′אָסער? (וו′אָסער בוך ל′ייענסטו?) |
| (Что за книги читаешь?) что за? (*к существительным любого числа*) | וו′אָסערע (וו′אָסערע ב′יכער ל′ייענסטו?) וו′אָס פאַר א |

Вопросительный оборот может состоять из сочетания предлога с местоимениями «кто?» или «что?» («с кем?», «с чем?», «от кого?», «к кому?» и т. п.)

Сочетанию «предлог + кто?» соответствует в еврейском языке «предлог + [вэ́мэн]» (дательный падеж от [вэр]).

| | |
|---|---|
| С кем ты идешь? — С братом... | — מיט וו′עמען ג′ייסטו? — מיטן בר′ודער... |
| От кого идешь? — От брата... | — פון וו′עמען ג′ייסטו? — פונעם בר′ודער... |
| К кому идешь? — К брату... | — צו וו′עמען ג′ייסטו? — צום בר′עדער... |

Сочетанию «предлог + что?» соответствует в идише «предлог + [вос]» ([вос] не склоняется!)

| | |
|---|---|
| О чем вы говорите? | וועגן וואָס רעדט איר? |
| Из чего это состоит? | פון וואָס באשט′ייט דאָס? |
| С чем играют дети? | מיט וואָס שפּילן די ק′ינדער? |
| ( — С игрушками...) | (— מיט שפּ′ילכלעך...) |

**Задание 1.** Переведите на русский язык

1) פאַרוו′אָס ′ענטפערסטו ניט אף מײַן בריוו? 2) פון ווען אָן ל′ערנסטו י′ידיש? 3) ווי לאַנג ′אַרבעט־סטו אפן זאווו′אָד? 4) ווי:אַז′י לערנט זיך דײַן זון? 5) ווי אָפט ק′ומסטו קיין לענינגר′אַד? 6) ווען שט′ייסטו ′אוף? 7) ווה′ין ג′ייסטו הײַנט אין אָוונט? 8) וואָס פאַר א זשורנ′אַלן ל′ייענסטו? 9) אין וו′עלכער שול לערנט דײַן ט′אָכטער? 10) פונוו′אַנען ג′ייסטו? 11) צו וואָס פּ′אָרסטו קיין לענינגר′אַד? 12) מיט וואָס פּ′אָרסטו צו דער ′אַרבעט? 13) וו′עמענס בוך איז דאָס? 14) ווו וווינט דײַן בר′ודער? 15) ווער איז דײַן ל′ערער?

**Задание 2*.** Поставьте вопросы к подчеркнутым словам.

1) ער פּאָרט קיין ק:יעוו. 2) איך פאָר מיט כ′אַ:מען. 3) אין כאַב′אַראָווסק לעבן מיר פון 1975. 4) איך שטיי א′וף פרי. 5) ער שרײַבט שוין ר′יכטיק. 6) איך גיי קויפן ביל′עטן. 7) מיר ל′ייענען די צ′ײַטונג „פּר′אַוודאַ“. 8) איך ′אַרבעט פון 8־30 ביז 16־30. 9) מיר לעבן אין י′אַלטע. 10) מיר בלײַבן דאָ נאָך צוויי כאַד′אָשים. 11) דער כ′אוווער קומט פון ק:יעוו. 12) איך פאָר אה′יים מיטן מעטר′אָ. 13) דער ל′ערנבוך באשט′ייט פון לימ′ודים. 14) ער איז א ל′ערער.

**Ключ к заданию 2.**

1) ווה′ין פּאָרט ער? 2) מיט וו′עמען פאָר איך? 3) ווו לעבן מיר? פון ווען ′אָן לעבן מיר אין כאַב′אַראָווסק? 4) ווען שטיי איך ′אוף? 5) ווי:אַזוי שרײַבט ער? 6) צו וואָס גיי איך? 6) וו′עלכע צ′ײַטונג ל′ייענען מיר? 8) פון ווען אָן און ביזוו′אַנען (ווי לאַנג) ′אַרבעט איך? 9) ווו לעבן מיר? 10) ווי לאַנג בלײַבן מיר נאָך דאָ? 11) פונוו′אַנען קומט דער כ′אוווער? 12) מיט וואָס פאָר איך? 13) פון וואָס באשט′ייט דער ל′ערנבוך? 14) וואָס (ווער) איז ער?

**Задание 3.** Выучите вопросительные слова. Учтите! Необходимо очень прочно усвоить вопросительные слова, т. к. они употребляются в роли относительных местоимений, союзных слов и служат исходным материалом для образования целого ряда других слов и оборотов, например,

| | |
|---|---|
| кто-нибудь | ווער־ס′איז־ניט־א′יז |
| кое-где, местами | וו′ו־ניט־ווו |
| иногда, временами | וו′ען־ניט־וו′ען |
| Что бы я ни (*сделал и т. п.*) | וואָס איך זאָל ניט (טאָן...) |
| Когда бы ты ни (*пришел и т. п.*) | ווען דו זאָלסט ניט (ק′ומען...) |

דאָצענט — ש. סאנדלער

